III

# אין געפענגעניש

---

א.

ניט אומזיסט האָט אונזער חבר פּיני געוואָרפען איין אום־חן אויף „עלים אײלאַנד״, גרייט געוועז מאַכען דערויף אַ ליעד און צעקריעגט זיך מיט מיין ברודער אליהו. דעם כעס האָט ער אָבער געהאַלטען אין זיך. פּיני האָט ניט געוואָלט, אַז דער הייסינער שניידער זאָל וויסען, אַז ער, פּיני, איז ניט צופריעדען מיט אַמעריקע. האָט ער זיך געמאַכט הארץ. נאָר אינוועניג האָט דאָס איהם געברענט מיט סכנות. „סטייטש־סטייטש, מע זאָל נעמען מענטשען און איינשפּאַרען זיי, ווי סקאָט, ווי אַרעסטאַנטען, ווי געפאַנגענע!״ — אַזוי האָט ער גע׳טענה׳ט שטילערהייד מיט אליהו׳ן נאָכדעם, ווי מע האָט אונז געבראַכט צו פיהרען אויף „עלים אײלאַנד״. קומט־אויס, אַז דער הייסינער שניידער איז געוועז גערעכט. ער האָט פריהער נביאות געזאָגט, אַז ס׳וועט אַזוי זיין. נישמעהר, ער האָט אַביסעל איבערגעהאַפּט די מאָס. ער האָט געזאָגט, אַז מע וועט אונז איינשפּאַרען אין אַ שטאַהל. צום סוף האָט מען אונז אַריינגעפיהרט אין אַ גרויסער ליכטיגער שטוב און מע האָט אונז געגעבען עסען און טרינקען און אַלסדינג אומזיסט, אָהן געלט. גוטע ליעבע מענטשען! נאָר וואָס דען? איידער מיר האָבען דערלעבט צו קומען צו דער דאָזיגער שטוב —

טאטע־פאטער! דורך א לאנגער בריק מיט טירעלעך ביי די זייטען זענען מיר דורכגעגאנגען איינציגווייז. אויף יעדען טריט האט אונז אפגעשטעלט איין אנדער אנשיקעניש מיט א קנעפעל, באַ־קוקט, באטראכט, באזוכט, באטאפט. פריהער פון אלסדינג האט מען מיט א ווייס פאפיערעל אונז איבערגעקעהרט די ברעמען אויף דער לינקער זייט, באטראכט די אויגען. דערנאך די איבעריגע אברים. און יעדער באזונדער שטעלט־אוועק אויף אייך א צייכען מיט עפים א קריידעל און טהוט אייך א ווייז מיט דער האנט, וואוהין איהר זאלט געהן — רעכטס אדער לינקס. דערנאך זענען מיר ערשט אריינגעקומען אין יענער גרויסער שטוב, וואס איך זאג אייך. און ערשט דארט האבען מיר זיך אפגעזוכט איינס דאס אנדערע. ביז דעמאלט זענען מיר געווען צעטומעלט און נישט געקאנט געפינען זיך. און צעשראקען זענען מיר געווען, ווי די קעלבער, ווען מע פיהרט זיי צו דער שחיטה.

## ב.

וואס האבען מיר, מיינט איהר, מורא געהאט? די גאנצע מורא אונזערע איז געווען — דער מאמע'ס אויגען: וואס וועט זיין מיט איהרע רויטע פארוויינטע אויגען? לאזט זיך אויס, אז איהר האט מען וויינציגער פון אלעמען געקוקט אין די אויגען אריין.

— דאס האט ער זיך געמיהט, דער טאטע אייערער, א ליכ־טיגען גן־עדן זאל ער האבען!... — אזוי האט געזאגט די מאמע און האט אונז אלעמען ארומגענומען און צעוויינט זיך אזש פאר פרייד. זי האט גאר ניט געוואוסט וואס צו טהון פאר וואוילטאג. און אויך מיין ברודער אליהו איז געווארען גאר איין אנדער מענטש. אזוי האט ער א טבע, אז בעת מע לויפט, מע פאהרט, מען איז צעטראגען, לאזט ער אויס זיין גאנץ ביטער הארץ צו מיר. עס פליהען פעטש, ווי האליז. און ברכה העלפט איהם אונטער מיט א קללה. איצט איז אויף איהם א נייע הויט געווארען. ער האט

ארויסגעשלעפט פון קעשענע און געשענקט מיר איין אראנדזש. דאס הייסט, א מאראנץ. פארבליבען ביי איהם פונ׳ם שיף. אויפ׳ן „פרינץ אלבערט" האט מען אונז געטיילט אלע טאג מאראנצען. אראנדזשעס רופט מען עס דארט. ווער עס האט געוואלט, דער האט געגעסען. ווער ניט — דער האט זיין מאראנץ באהאלטען, אז קיינער זאל ניט זעהען, ווייט אין קעשענע. איך האב מיינע ניט באהאלטען. ווי אזוי קאן מען זעהען אזא פרי און ניט אויפ־עסען? — נאר העכער פון אלע האט אויסגעדריקט זיין גדולה אונ־זער חבר פיני. ער האט געזאגט צו אונז אלע:

— נו? ווער איז קלוג? איך, צי איהר? האב איך ניט געזאגט, אז דאס האבען שונאים אויסגעטראכט אויף אמעריקע, אז מע לאזט ניט אריין א מענטשען, וואס האט פארוויינטע אויגען? מענטשען לעדיגגעהערס, ליגנערס, בארעדערס, לשון־הרע׳ניקעס, בייזע צינגער, לײדאקעס, פארכעס! זיי וועלען שוין באלד אויס־טראכטען אויף אמעריקע, אז מע טרייבט צו דער שמד. וואו איז ערגיץ דער הייסינער שנייַדער, א רוח אין זיין טאטענ׳ס ביינער אריין?...

האט זיך, הייסט דאס, אונזער פיני וויעדער איבערגעבעטען מיט אמעריקע.

ג.

פון גרוים אימפעט האבען מיר זיך אין דער בהלה גאר ניט ארומגעקוקט, אז פון אונזער קאמפאניע פעהלט איינער. דאס איז געווען מיין חבר מענדעל. די ערשטע האט זיך ארומגעזעהן דוקא ברכה. זי האט זיך א חאפ געטהאן און א פלעסק געגעבען מיט די הענט: „וועה איז מיר — וואו איז דער לאשאק?" „א דונער האט מיך דערשלאגען!" — זאגט די מאמע, און מיר האבען זיך אלע א ווארף געגעבען זוכען מענדלען. און מענדעל איז ניטא. פארפאלען, ווי אין וואסער אריין.

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז שולדיג איז ער אַליין. טאַקי מענדעל, מיין איך. ביי'ם פאַרהער האָט ער זיך שטאַרק פאַרפּלאָנטעט. קודם האָט ער זיך פאַרשטעלט, ווי דעמאָלט אין דייטשלאַנד, פאַר אַ שטומען. דערנאָך האָט ער מיט אַ מאָל אָנ־געהויבען צו רעדען מורא'דיגע נאַרישקייטען. אָט האָט ער גע־זאָגט, אַז ער איז ערשט אַלט צעהן יאָהר, און אָט איז איהם אויס־געקומען צו זאָגען, אַז ער איז שוין בר־מצוה און אַז ער לעגט שוין תפילין. און צום סוף האָט ער זיך מודה געווען און אויסדער־צעהלט פאַר די קנעפּלעך דעם גאַנצען אמת: אַז ער איז אַ פאַר־לוירענער. דאָס הייסט, אַז ביי'ם אַריבערחאַפּען זיך איבער דער גרעניץ האָבען טאַטע־מאַמע איהם ערגיץ אין דייטשלאַנד פאַר־לוירען, און אַז מיר האָבען איהם פּרילאָנטשעט. און אַז ער קאָן נישט אָנרופען דעם ריכטיגען אָרט און אַדרעס פון זיינע עלטערען, ווייל ער ווייסט אַליין נישט. ער זאָל וויסען, זאָגט ער, וואו זיי זענען, דאַרף ער נישט קיינעמ'ס לאַסקע. ער וואָלט אַליין, זאָגט ער, צו זיי געטראָפען. האָט מען איהם דעריבער איינגעשפּאַרט, מיט נאָך אַזעלכע ווי ער, אין אַ באַזונדער חדר. מע וועט זיי שפּעטער אַלע אינאיינעם צוריקשיקען.

ד.

דערהערט אַזאַ מעשה, האָבען מיר זיך אַרויסגעשטעלט אַלע פאַר דעם אומגליקליכען מענדלען. די מאַמע האָט געמאַכט אַ גוואַלד. זי וועט דאַרפען אָפּגעבען דין־וחשבון פאַר אַ לעבעדיגען יתום. טאָמער באַגעגענט זי זיך אַמאָל דאָ מיט זיינע טאַטע־מאַמע — וואָס וועט זי זיי זאָגען?

— וואָרט־אויס אַ קאַפּעטשקעלע — איהר זענט נאָך מיט זיך אַליין אויך ניט פאַרטיג... — אַזוי זאָגט צו איהר דער הייסינער שניידער. „ויבוא המן!" — זאָגט פּיני און קוקט בייז אויפ'ן שניידער. ער איז גרייט איהם אָנחאַפּען פאַר'ן גאָרגעל. דער

שניידער מאַכט זיך ניט וויסענדיג. ער טהוט און דרש'ענט, גלייך ווי עמיצער פרעגט ביי איהם. ער לעגט אונז שטיינער אויפ'ן הארצען. ער רעכענט־אויס א גאַנץ צעטעל פון צרות, יסורים און לייד, וואָס מיר האָבען נאָך אויסצושטעהן. מע וועט ביי אונז, זאָגט ער, פריהער נעמען די אַדרייסים פון אונזערע פריינד אָדער באַקאַנטע. דערנאָך וועט מען ביי אונז נעמען, זאָגט ער, געלט אויף צו קלאָפּען אַ דעפּעש צו אונזערע באַקאַנטע און וואַרטען, ביז עמיצער וועט אַמאָל קומען. און ערשט דעמאָלט, זאָגט ער, ווען יענער וועט זאָגען, אַז ער קען אונז און ווייסט אונז און איז ערב פאַר אונז, אַז מיר וועלען דאָ זיין גוט און פרום צו גאָט און צו לייטען, וועט מען אונז, זאָגט ער, אַרויסלאָזען פון געפענגעניש.

פאַרשטעהט זיך, אַז אונזער חבר פיני צינדט זיך אָן, ווי אַ שוועבעלע. ער קוקט אויף מיין ברודער אליהו און רעדט צום שניידער. ער פרעגט ביי איהם נאָר איין זאַך: פון וואַנען איז ער דאָס אַזוי געניט אין די זאַקאָנעס פון „עלים איילאַנד"? ענט־פערט איהם דער שניידער, אַז ער האָט זיך באַקענט דאָ אויפ'ן שיף מיט איינעם איין עמיגראַנט, וועלכער איז שוין געפאָהרען קיין אַמעריקע דריי מאָל הין און צוריק. דאָס מיינט ער, אַפּנים, די „גערויכערטע ליולקע". פון איהם איז ער דאָס געוואויר גע־וואָרען אַלע דינים און מנהגים. און ניט נאָר דאָס אַליין. ער האָט פון דער „גערויכערטער ליולקע" געכאַפּט נאָך אַ סך, אַ סך זאַכען, וואָס זענען שייך צו אַמעריקע. אַזוי, אַז ער פאָהרט אַהין שוין אַ פאַרטיגער, איין אַמעריקאַנער. ער ווייסט שוין אפילו, ווי אַזוי צו רעדען אויף אַמעריקאַנער לשון. צום ביישפּיעל: „טשיקען", „קיטשען", „שוגער", „מיסטער", „בוטשער", „בריטש". וואָס דאָס באַדייט — וויל ער ניט זאָגען. אַז מיר'ן זיין אויפ'ן אָרט, זאָגט ער, וועלען מיר שוין אַליין געוואוירע ווערען וואָס דאָס איז. פיני טהוט אַ מאַך מיט דער האַנט און טרעט־אָפּ אויף אַ זייט, ווי איינער רעדט: „עלעהיי אַ הונט בילט"...

## ח.

מיינט איהר, אז עס איז ניט געווען אלסדינג אקוראט, ווי דער הייסינער שניידער האט אונז פירגעזאגט? — נישט גע־מינערט א האר! אז מיר זענען דורכגעגאנגען די שבעה מדורי גיהנם פון די דאקטוירים, האט מען אונז א פרעג געגעבען, וועמען האבען מיר אין אמעריקע? שטעלט זיך ארויסעט פריהער די מאמע: „פרעגט בעסער, וועמען האבען מיר דא ניט?" און זי איז גרייט שוין אויסצורעכענען ביי די נעמען אלע אונזערע פריינד און באקאנטע. א חיות א קוק צו טהון אויף מיין מאמע אצינד, נאך דעם, וואס מע האט זי דורכגעלאזט מיט איהרע פארוויינטע אויגען. מיין מאמע איז שוין ניט קיין יונגעטשקע, נאר זי איז נאך מלא חן. איך האב שוין לאנג ניט געזעהען, די מאמע זאל אזוי שיינען, ווי זי שיינט אצינד. לאזט זי אבער מיין ברודער אליהו ניט רעדען. די אדרייסים זענען, זאגט ער, ביי איהם פאר־שריבען אויף א שטיקעל פאפיער. ווייסט ער בעסער. מישט זיך אריין פיני און זאגט, אז מע פרעגט נעמען, ניט קיין אדרייסים. האקט איהם אפעט ברכה און זאגט, אז בסך־הכל האט ער, פיני הייסט עס, קיינעם ניט אין אמעריקע. די אלע פריינד און באַ־קאנטע זענען אונזערע פריינד. ווערד פיני אנגעצונדען און פרעגט ביי איהר א קשיא: „מיט וואס, למשל, איז פעסי די גראבע, אדער איהר מאן משה דער איינבינדער, אונז מעהר שמעלקע, ווי איהם?" ענטפערט איהם ברכה, אז פעסי'ן האט זי אין דער ערד. אז זי זאגט קרובים, מיינט זי דאס איהר טאטע יונה דעם בעקער. לאזט זיך אויס, אז געדעכט איז אליהו. זיי פרעגען נישט אויף באקאנטע. זיי פרעגען אויף אדרייסים. און עס הויבט זיך אן א חתונה מיט אדרייסים.

## ו.

אויף אדרייסים לייענען איז, פארשטעהט זיך, פיני מעהר בריה פון אונז אלעמען. נעמט ער צו ביי אליהו'ן דאָס פּאַפּיערעל, טראָגט דאָס צו צום שפּיץ נאָז און לייענט די אדרייסים מיט דעם ניגון, ווי מע לייענט תנאים אויף אַ קנס־מאָל. פארשטעהט מען אָבער ניט וואָס ער זאָגט. עס קומט־אוים ביי איהם יעדעס וואָרט קאַפּויר. רייסט־ארוים ביי איהם אליהו דאָס פּאַפּיערעל מיט די אדרייסים און ניט עס איבער דעם „קנעפּעל". זאָגט דאָס „קנע־פּעל" צוויי ווערטער: „אָל־רייט. ווייסען מיר ניט וואָס דאָס באַדייט. זאָגט אונז דער הייסינער שניידער, אַז ער ווייסט. די ווערטער „אָל" און „רייט" איז, זאָגט ער, אַלץ איינס, ווי, למשל, ביי אונז די ווערטער: „מילא בקיצור". אָדער „מהכתיתי". אָדער „נו־נו". דאָס הייסט, עס וועט שוין זיין ווי געוואונשען.

דערנאָך האָט מען גענומען ביי אונז קליינגעלט און מע האָט אוועקגעקלאָפּט צוויי דעפּעשען. איין דעפּעש צו משה דעם איינ־בינדער מיט זיין ווייב פּעסי די גראָבע. די אַנדערע — צו יונה דעם בעקער. און אַליין האָבען מיר זיך דערווייל מכבד געווען מיט אַ גוטען אָנבייסען. דער אָנבייסען איז געווען ניט אַזוי פויגעלדיג. דאָס ביסעל טיי, וואָס מע האָט דערלאַנגט, האָט ברכה געזאָגט, אַז מע קאָן עס שניידען מיט אַ מעסער. דערפאַר האָט אונז דער אָנבייסען ניט געקאָסט גאָרנישט ניט. אויף „עלים איילאַנד" באַקומט מען, ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַלץ אומזיסט. איבערגעהאַפּט דעם הונגער, האָבען מיר גענומען וואַר־טען אויף אונזערע פריינד און באַקאַנטע.

## ז.

ניט אַזוי גיך טהוט זיך עס אָבער, ווי עס רעדט זיך. עס זענען אונז גוט די אויגען אַרויס, ביז מיר האָבען דערלעבט צו זעהען אַ באַקאַנטען. די ערשטע איז געקומען אונזער שכנה פּעסי די גראָבע

מיט איהר מאַן משה דעם אײנבינדער. דאָס הײסט, געזעהען האָבען מיר זײ ניט — מיר זיצען דאָך אײנגעשפּאַרט. נאָר מע האָט אונז געלאָזט װיסען, אַז ס'איז געקומען צו אונז אַ דיקע פּרוי מיט איהר מאַן. האָבען מיר שױן פאַרשטאַנען, אַז דאָס דאַרף זײן פּעסי מיט איהר משה'ן. מע לאָזט זײ ניט צו צו אונז. מע האַלט זײ דאָרט אױפ'ן פאַרהער. קרענקט דאָס אונז זעהר. גיט מען אונז אײן עצה, מיר זאָלען אונטערשמירען די שומרים, װאָס בײ דער טיר, װעט מען אפשר זײ יאָ צולאָזען. לאָז זײן חאָטש פון דער װײטען. זאָגט אָבער אונזער חבר פּיני, אַז אַמעריקע איז ניט „ריסענלאַנד". אין אַמעריקע שמירט מען ניט. זאָגט דער הײסינער שנײדער (אומעדום איז ער דאָ), אַז די גאַנצע װעלט איז אײן שטאָדט. „כסף וזהב מטהר ממזרים"... פּיני בלײבט אָהן לשון.

### ח.

אודאי איז דער הײסינער שנײדער געװען גערעכט. עס האָט אונז געקאָסט אַ קװאָדער (אַזאַ מטבע פון אַ פערטעל טאָלער), און מיר האָבען געזעהען דורך די גראַטעס אונזער שכנה פּעסי. דאָס רױטע פּנים איהרס מיט דעם פעטען גױדער האָבען געשװיצט. געשמײכעלט צו אונז פון דער װײטען. די מאַמע האָט צו איהר געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, און בײדע האָבען געװײנט מיט טרערען. הינטער איהרע ברײטע פּלײצעס האָט אַרױסגעקוקט איהר מאַן, משה דעם אײנבינדער. שױן ניט אין אַ קאַשקעט, װי אין דער הײם, נאָר אין אַ קאַפּעליש גאָר. אין אַ מינוט אַרום האָט זיך באַװיזען אױך יונה דער בעקער מיט די בײזע אױגען. יונה האָט זיך װינציג־װאָס פאַרענדערט. נאָר די באָרד — אױ־װעה! די באָרד!... זײן װײב פון דער רעטאָגדע איז אױך געקומען. מע װיל זיך אָפּגעבען שלום־עליכם, מע װיל זיך אַרומנעמען, האַלזען זיך, קושען זיך. מע װיל זיך צעפרעגען אײנס בײ דאָס אַנדערע,

וואָס מע מאַכט? און וואָס הערט זיך אויף דער וועלט? און ווי אַזוי לעבט זיך עס אָט דאָ, אין אַמעריקע? איך, למשל, געה־אויס וויסען, וואו איז ושתי? וואָס טהוט מיין שוועגערינ'ס שוועס־טערעל אַלטע? (מע האָט זי מיר גערעדט אַמאָל, אויב איהר געדענקט, פאַר אַ כלה). און די גאַנצע חאַליאַסטרע וואָס מאַכט? נאָר געה שריי חי וקיים, אַז מע קאָן ניט אַ ריהר טהון זיך. מע האַלט אונז פאַרשפּאַרט. זעהען — זעהען מיר זיך דורך די גראַ־טעס, אַזוי ווי אַרעסטאַנטען, אַזוי ווי געפאַנגענע, אָדער אַזוי ווי חיות...

## ט.

אַ רחמנות נעבאך אויף אונזער חבר פיני. ער קאָן אונז ניט קוקען גלייך אין די אויגען אריין. ס'איז איהם אַ בזיון פאַר אַמעריקע. איהר וואָלט געמעגט שווערען, אַז ס'איז זיין אַמעריקע, און ער דאַרף אָפּגעבען דערפאַר דין־וחשבון. אָט פון דעמאָלט אָן האָט ער געוואָרפען איין אום־חן אויף „עלים איילאַנד" און האָט צוגעטראַכט דעם גראַם, אַז „דאָס שטיקעל לאַנד געהערט צו איינעם אלי, וואָס איז אַ נאַר ביז דער סטעלי"... און דעריבער פאַרדריסט עס מיין ברודער אליהו, מחמת ער הייסט דאָך אויך אלי. צע־אַמפּערט מען זיך און מען הויבט אָן צו קריעגען זיך. מישט זיך אַריין ברכה, און דוקא פון פיני'ס צד, און זאָגט מיט אַ משל, ווי איהר שטייגער איז, אַז „פאַר אַ געשלאָגענעם הונט ווייזט מען ניט קיין שטעקען"... וואָס מיינט זי דערמיט?

IV

# אַ ים פון טרערען

## א.

טאַמער איז קאַרג די אייגענע צרות, יסורים און פּיין, האָט אונז גאָט באַשערט פרעמדע צרות אויף עלים איילאַנד. טאַמער איז קאַרג געווען די טרערען, וואָס מיין מאַמע האָט פאַרגאָסען פון זינט מיין טאַטע איז געשטאָרבען און פון זינט מיר שלעפען זיך אַרום איבער דער וועלט ביז צו היינטיגען טאָג, באַדאַרף זי איצטער וויינען און טרערען גיסען אויף די אומגליקען, וואָס מיר זעהען זיך אָן אָט־אָ־דאָ, אויף עלים איילאַנד. אַלע מינוט שיקט איהר גאָט צו אַ נייעם חורבן. די מאַמע נעמט זיך יעדע זאַך צום הארצען. זי ברעכט די הענט. זי באַהאַלט דאָס פּנים און וויינט זיך אוים שטילערהייד.

— דו זינדיגסט, מאַמע! — זאָגט צו איהר מיין ברודער אליהו, און מיר דאַכט זיך, אַז ער איז גערעכט. וואָס האָט זי צו וויינען? מיר שלעפען זיך שוין מעהר ניט איבער דער וועלט, ווי מיר האָבען זיך געשלעפּט ביז אַהער. די נסיעה אויפ'ן ים זענען מיר, דאַנקען גאָט, אויך איבערגעקומען. מיר זענען שוין כמעט אין אַמעריקע. נאָך אַ שעה, נאָך צוויי שעה — און מיר זענען

פריי. נאָר ווי אזוי זאָל מען ניט וויינען, אז מע זעהט פאַר זיך אזוי פיעל אומגליקען? אזוי פיעל טרערען? א ים פון טרערען?

איבערדערצעהלען אייך אלע אומגליקען, וואָס מיר האָבען זיך אָנגעזעהען אויף עלים איילאנד, באדארף איך אוועקזיצען מיט אייך א טאָג מיט א נאכט און דערצעהלען, דערצעהלען און דערצעהלען.

ב.

אשטייגער, וואָס וועט איהר זאָגען אויף אזא מעשה? טאַטע־מאַמע און פיער קינדער זענען פארהאַלטען געוואָרען, ניט אהער, ניט אהין. וואָס איז די מעשה? ביי'ם פארהער האָט זיך ארויס־געוויזען, אז זייערס א קינד, א מיידעל פון א יאָהר צוועלף, קאָן ניט צעהלען אויף צוריק. מע פרעגט זי: „וויפיעל ביזט דו אלט?” זאָגט זי: „צוועלף יאָהר”. פרעגט מען זי ווידער: „וויפיעל ביזט דו אלט געוועזען פאראיאָהרען אין דער צייט?” ווייסט זי ניט. זאָגט מען איהר: „צעהל פון איינס ביז צוועלף”. צעהלט זי. זאָגט מען איהר: „צעהל פון צוועלף צוריק ביז איינס”. קאָן זי ניט. ווען מע פרעגט ביי מיר אזא זאַך: צעהל, — צעהל איך דאָך ווי א וואסער: צוועלף, עלף, צעהן, נייען, אכט, זיעבען, זעכס, פינף, פיער, דריי, צוויי, איינס. א טייערע מציאה! איז גע־בליבען, אז מע קאָן דאָס מיידעל קיין אמעריקע ניט ארייגלאָזען.

פרעגט זיך: וואָס וועט זיין מיט איהר טאַטע־מאַמע און מיט די איבעריגע קינדער? — צו־זעהען דעם צער פון פאָטער און מוטער און דעם רחמנות פון דעם קינד — דארף מען זיין פון שטיין, מע זאָל ניט צעגאנגען ווערען. וויינט די מאַמע אויף זיי קוקענדיג, און מיין שוועגעריןברכה און אונזער פיני'ם ווייב טייבעל ווישען אויך די אויגען.

## ג.

צי, אשטייגער, ווי געפעלט אייך אזא געשיכטע? מיט אונז פאהרט א אידינע, הייסט זי צביה. איז זי איין עגונה. דער מאן האט זי אוועקגעווארפען שוין לאנג. האט זי צעשיקט בריעף איבער אלע עקען פון דער וועלט. איז איהר אנגעקומען א ידיעה, אז איהר מאן איז ערגיץ אין צינצינאטע, א שטאדט אזעלכע אין אמעריקע. פאהרט זי דאס אהין איהם צו פאקען. האט מען איהר געגעבען איין עצה נאך אויפ'ן שיף, אז זי זאל ארויסרופען גלאט א אידען פון ניו־יארק, וואס זאל זאגען, אז ער איז דאס איהר מאן, וועט מען זי ארונטערנעמען. די דאזיגע עצה שטאמט פון דער „גערויכערטער ליולקע", וואס איך האב אייך שוין דערצעהלט וועגען איהם. דער הייסינער שניידער האט אויך א סך מיטגע־האלפען. די „גערויכערטע ליולקע" האט זיך אונטערגענומען צו שיקען איינעם א גאהענטען פריינד, אז ער זאל זיך ארויסגעבען פאר איהר מאן... ס'איז געקומען צום שפיץ, ביי'ם פארהער, האט זיך ארויסבאוויזען, אז די גאנצע מעשה איז א שווינדעל. דער איד איז א באווייבטער און קעהרט זיך אזוי אן מיט דער עגונה, ווי איהר קעהרט מיר אן א פעטער. וועה־וועה, וואס עס האט זיך אפגעטהאן! גאנץ עלים איילאנד איז געגאנגען חאדאראם. אונ־זער חבר פיני האט דערלעבט א נקמה אין דעם הייסינער שניידער. און חאטש אין הארצען איז פיני גזלן אויף עלים איילאנד, למאי מע האט אונז פארהאלטען, נאר ארויסבאוויזען דאס פאר'ן הייסי־נער שניידער — א מכה! אדרבה, ער האט זיך נאך גערייצט מיט איהם:

— נו, פאני חייט? האב איך ניט געזאגט פריהער, אז אמעריקע איז ניט ריסעגלאנד? אין אמעריקע געהט ניט אן קיין שווינדעל, קיין חכמות און קיין דריידלעך? קאלומבוס, לעבען זאלסט דו!

האָט ער אָבער געחאַפּט אַ מיאוס׳ען פּסק פון מיין מאַמע. און נאָך מעהר — פון מיין ברודער אליהו׳ס ווייב ברכה. און זיין אייגען ווייב טייבעל האָט אויך צוגעלעגט אַ קנייטעל. די ווייבער האָבען איהם שיער די אויגען ניט אויסגעדראַפּעט, למאי ער לאַכט אָפּ פון מענטשען, וואָס עס גיסט זיך בלוט פון זיי. און ווי אויף צו־להכעיס, האָט די מאַמע זיך באַפריינדעט מיט דער עגונה, געוואָרען מיט איהר, ווי שוועסטער. איצט שיקט מען די עגונה אָפּ צוריק, און דער איד, וואָס האָט זיך אַרויסגעשטעלט פאַר איהר מאַן, וועט אויך קיין האָניג ניט לעקען. דערווייל האָט מען זיי ביידען פאַרהאַלטען, און מיין מאַמע איז דערפון אויס מענטש.

## ד.

אַ יונג ווייבעל, בלוט און מילך, פאָהרט קיין באָסטאָן צו איהר מאַן. האָט זי אַ קינד, אַ מיידעלע מיט געגרייזעלטע הערע־לעך, אַ בילד. הייסט עס קעצעלע. דער אמת׳ער נאָמען איהרער איז קיילע, נאָך איהר באַבע. נאָר מע האָט זי פאַרצויגען „קע־צעלע״. קעצעלע איז נאָך דריי יאָהר ניט אַלט. נאָר עס לויפט אַרום און רעדט און זינגט און טאַנצט. „פּרינץ אַלבערט״ איז פול מיט דעם קינד. קעצעלען האָבען אַלע ליעב. מע האַלזט דאָס און מע קושט דאָס און מע נעמט דאָס איבער פון האַנט צו האַנט. קעצעלע! קעצעלע! מיט אונז איז דאָס דאָזיגע ווייבעל געוואָרען גאָר נפש אחת. זי איז ניט אָפּגעטראָטען פון דער מאַמע אויף אַ מינוט. זי האָט איהר אויסדערצעהלט אינגאַנצען איהר האַרץ. איבערגעלייענט אונז אַלע בריוולעך, וואָס איהר מאַן שרייבט צו איהר. העכער דריי יאָהר אַז זיי האָבען זיך ניט געזעהען. ער קען אפילו ניט דאָס קינד. ער האָט דאָס נאָך קיינמאָל ניט גע־זעהען. ער חלומ׳ט פון דעם טאָג ווי נאַכט. ער קאָן זיך גאָר ניט פאָרשטעלען, ווי אַזוי ער וועט מיט אַ מאָל דערזעהען זיין קינד,

זיין קעצעלע. דערביי גיסט זי שוין מיט טרערען, און מיין מאמע ווישט די אויגען. לאך איך פון זיי ביידען — וואס דארף מען וויינען? און איך נעם קעצעלען אויף די הענט. און איך האדעווע זי מיט שטיקלעך עפעל און מיט אראנדזשעס, מאראנצען הייסט עס, גלייך אין מויל אריין. קעצעלע קוקט מיר אין די אויגען, לאכט צו מיר און גלעט מיך מיט איהר קליין סאמעטען הענטעל. און איך קוש איהר די קליינע ווארעמע פינגערלעך. א שאד, וואס איך האב ניט קיין קעסטעלע מיט פארב. איך וואלט אויסגע־מאהלט קעצעלען אויף פאפיער מיט איהרע געגרייזעלטע זיידענע הערעלעך, מיט איהרע בלויע שענע אויגעלעך און מיט איהר פנים'על פון א מלאך. מיין חבר מענדעל לאכט פון מיר, וואס איך האב צו טהון מיט א קוקלע. ביי איהם איז זי א „קוקלע"!

איז זיך מיישב קעצעלע שוין נאהענט צו אמעריקא און ווערד קראנק און... עס געהט מיר איבער א פראסט איבער'ן לייב, אז איך דערמאן זיך אין יענער צייט. א שטיק פון מיין לעבען האט אוועקגענומען ביי מיר אט דאס קינד. איך קאן גאר וועגען דעם ניט רעדען, ניט טראכטען אפילו. שלעפט מיך ניט פאר דער צונג, איך זאל אייך זאגען, וואס מע האט געטהאן מיט קעצעלען... איך וועל אייך נאר דערצעהלען דעם רחמנות פון דער יונגער מוטער, בעת מיר זענען אנגעקומען אויף עלים איילאנד. זי האט ניט געוויינט. אויף אלעמען האט זי געקוקט מיט גלעזערנע פאר־גליווערטע אויגען. וואס מע האט זי געפרעגט, האט זי ניט גע־ענטפערט. מע האט מורא, אז דאס ווייבעל איז געריהרט... מע וועט זי צוריקשיקען. מיין מאמע לעגט איין די וועלט. מיין ברודער אליהו איז אויסער זיך. ער קאן שוין ניט אריבערטראגען דער מאמע'ס טרערען. און פיני באהאלט זיך עפים. מע זעהט איהם ניט...

## ה.

איהר מיינט, אז נאָר אידען האָבען צרות אויף עלים איילאנד? גויים ווערען אויך ניט ווינציג אויסגעריסען. עס פאָהרט מיט אונז א גאנצע חאָפּטע איטאליענער. אלע אין סאמעטענע הויזען און מיט הילצערנע שיך אויף די פיס. אז זיי געהען, קלאָפּען זיי, ווי די פערד מיט די קאָפּיטעס. וואוילע גויים. אויסגעצייכענטע מענטשען. נאָך מיר זענען זיי גאָר די כפּרה. זיי רופען מיך מיט א מאָדנעם נאָמען: „פּיקאָלאָ באמבינאָ". זיי זענען מיך מכבד מיט ניסלעך און מיט ראָזינקעס פון די סאמעטענע הויזען־קעשענעס. און איך האָב דאָס דוקא ניט פיינט. רעדען קאָן איך ניט מיט זיי. מחמת זיי פארשטעהען ניט מיין לשון, איך פארשטעה ניט זייער לשון. נאָר מיר געפעלט, ווי זיי רעדען צווישען זיך. הארט קומט אויס ביי זיי די ריש: „באָנא סעררא!" „מיאָ־קאררא!" „פררעגאָ סיניאָררע!"...

דארף זיך טרעפען איין אומגליק. סאמע צום רעכטען שפּיץ, אז ס'איז געקומען צום פארהער, האָט זיך איינער פון דער חאָפּטע ארויסגעחאפּט מיט א ווארט. ער האָט דערצעהלט דעם אמת, אז זיי האָט ארויסגערופען א פּאָדריאטשיק אויף דער ארבייט פון לאָנדאָן דורך א קאָנטראקט ביי עפּיס א בריק. און דאָס, זאָגט מען, טאָר מען ניט אין אמעריקע. וויל מען זיי אָפּשיקען צוריק. רעדען זיי אלע אינאיינעם, מאכען מיט די הענט און קוועטשען די ריש: „סאקררראמענטאָ!"... העלפט אָבער נישט קיין זאך. דער רחמנות אויף זיי איז זעהר גרויס. ביי עטליכע פון זיי האָב איך געזעהען טרערען אויף די אויגען.

## ו.

מזל־טוב! מיר האָבען א חתונה אויף עלים איילאנד. פון וואנען האָט זיך גענומען א חתונה? וועט איהר הערען. א מיידעל

פון טשודנאָוו — אַ יתומה, לאה איז איהר נאָמען. אַ שוואַרץ־חנ'עוודיגע און אַ צוגעלאָזטע. דעם גאַנצען וועג, וואָס מיר זענען אויפ'ן שיף, איז זי מיט אונזערע ווייבער, מיט ברכה'ן און מיט טייבלען, איין זעל, איין נשמה. דורך זיי ווערען מיר געוואוירע, אַז לאה איז איין עלענדע, האָט קיינעם ניט אין לאַנד. פון קליינ־ווייז־אויף אַרבייט זי. זי האָט זיך צונויפגעשלאָגען אַביסעל געלט און פאָהרט עם קיין אַמעריקע. זי קאָן ניט זיין מעהר אין טשודנאָוו. מע האָט דאָרטען גע'הרג'עט איהר טאַטען אין פאָגראָם. איהר מאַמע איז פאַר צרות געשטאָרבען. זי איז געבליבען, ווי אויפ'ן וואַסער. גוטע מענטשען האָבען זיך אויף איהר דערבאַרעמט, אויסגעלעהרענט אַרבייטען. זי נייהט און שטעפּט און שטיקט און פּרעסט — „גאָלדענע הענט", זאָגט אויף איהר די מאַמע. אַלע זענען זיכער, אַז אין אַמעריקע וועט מען לאה'ן אָפּגילטען פאַר איהר אַרבייט. און אַ חתן וועט זי דאָרט קריגען — דעם בעסטען. לאה לאָזט אַראָפּ די אויגען און ווערד רויט, ווי פייער... די צרה איז — זי האָט ניט קיינעם אין אַמעריקע, ווער ס'זאָל זי אַרונטערנעמען. האָט זיך געפונען אויף „פּרינץ אַל־בערט" אַ בחור. לייזער באַך. ער איז אַ סטאָליר און פאָהרט צו זיינעם אַ פעטער אין שיקאַגאָ. לייזער איז מגושם. ער איז אַ געלער און האָט גראָבע צווייענדיגע ליפּען, נאָר איך האָב איהם ליעב פאַר זיינע ליעדער. ער זינגט אויסגעצייכענט אידישע ליעדער. איז געבליבען: אַזוי ווי לייזער האָט ווער סע זאָל איהם אַרונטערנעמען און לאה האָט קיינעם ניט, זאָל ער, לייזער באַך, זאָגען, אַז לאה קעהר איהם אָן אַ כלה... פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס שמד־שטיק וואַכסט פון יענעם אידען, וואָס מיר רופען „די געראויבערטע ליולקע". און אַזוי איז דאָס טאַקי געוועזען. ביי'ם פאַרהער איז ער — דער חתן, זי — די כלה. דאַכט זיך, גוט? לאָזט זיך אויס, אַז אויף עלים איילאַנד געהען ניט אָן אַזעלכע שטיקלעך. וויבאַלד אַז חתן־כלה, באַדאַרף זיין אַ חופּה. ווײַנט לאה מיט סכנות. רעדט מען איהר אוים דאָס האַרץ: „וואָס אַהרט דיר,

נאַרעלע? וועסט קומען אין שטאָדט, וועט ער דיר געבען גט, ביזט דו צוריק די לאה ווי געוועזען"... האָט זי מורא, טאָמער ניין?... נאָר ווערען אָפּגעשיקט צוריק איז בעסער? בקצור, ס'איז א חופּה. א טרויעריגע חופּה. אָהן כלי־זמר. נאָר מיט א רב, מיט א שמש און מיט טרערען, טרערען אָהן א שיעור. א ים פון טרערען.

ז.

גוט איז נאָר איין מענטשען. ווייסט איהר, ועמען? — דעם הייסינער שניידער. ער האָט דערלעבט א נקמה אין אונזער חבר פיני. ווער איז צו איהם גלייך? זאָגען זאָגט ער גאָרנישט ניט. נאָר ער שפּאַנט אַרום פאַרביי אונז, גלעט זיך דאָס בערדעל, קוקט אויף פיני'ן דורך זיינע שאַרפע ברילען. פיני איז אָבער קליגער פון איהם. ער האָט אריינגעשטעקט זיין שפּיץ נאָז עפּיס אין א ביכעל, זעהט כלומרשט ניט דעם שניידער. ער האָט איהם אין דער לינקער פּאה!

ח.

אביסעל אייגענע צרות, אביסעל פרעמדע יסורים פארשטעה־רען אונז די שמחה, וואָס מיר זענען אין אַמעריקע. מיר האָבען זיך אזוי פיעל אָנגעזעהען דאָ אויף דעם עלים איילאַנד און אָנגע־הערט, אז מיר זענען מיעד געוואָרען און האָבען זיך צונויפגע־שלאָגען אונזער גאַנצע משפּחה קאָפּ אויף קאָפּ און געקוקט אַהין, אין דער גרויסער ראַשיגער שטאָדט אריין, וואָס ליגט נאָך ווייט פון אונז. ווייסט איהר, ווי אזוי מיר האָבען אויסגעזעהען? מיר האָבען געחאַפּט דעם אָנבליק פון א סטאַדע שעפּעלעך, וואָס שטעהען צונויפגעפּרעסט אין פעלד אין א הייסען זומער־טאָג, ניט ווייט פון די רעלסען פון א באַהן, און קוקען פאַרוואונדערט, ווי די וואַגאָנעס לויפען מיט א רעש פאַרביי און ווערען פאַרשוואונדען.

איין עבירה, וואָס איך האָב ניט קיין בלייַשטיפט און קיין שטיקל פּאַפּיער אויף אָפּצומאָלן אונזער צונויפגעפּרעסטע משפחה, און אויך די אַלע איבעריגע איינגעשפּאַרטע עמיגראַנטען אויף עליס איילאַנד, ווי זיי זיצען יעדער אויף זיין פּעקל. מע זיפצט און מע דערצעהלט זיך אוים איינם פאַר דאָם אַנדערע דאָס ביטערע הארץ. אַנדערע שווייגען שטיל. און אַנדערע וויינען, באָדען זיך אין טרערען. אין אַ ים פון טרערען.

V

# מיט ביידע פיס אויף דער ערד

## א.

אויב איהר זענט קיינמאָל ניט געפאָהרען אויפ׳ן ים, אויב איהר זענט קיינמאָל ניט געוועזען צעהן טעג מיט צעדן נעכט אויפ׳ן וואסער, אויב איהר זענט קיינמאָל ניט געוועזען געפאַנגען אויף „עלים איילאַנד" און האָט ניט אנגעזעהען זיך און ניט אָנגעהערט זיך מיט צרות, יסורים און פיין, און ניט געבאָדען זיך אינ׳ם ים פון טרערען, און ניט ארויסגעקוקט, מע זאָל אייך קומען אויס־לעזען, — אויב איהר האָט דאָס אַלסדינג אַליין נישט פארזוכט אויף אייערע אייגענע פּלייצעס, וועט איהר ניט פיהלען דעם טעם, וואָס הייסט שטעהן מיט ביידע פיס אויף דער ערד. ווען איך זאָל ניט מורא האָבען פאַר מיין ברודער אליהו און ניט שעמען זיך פאַר לייטען, וואָלט איך אַנידערגעפאַלען אויף דער ערד און וואָלט זיך איבערגעקוליעט דריי מאָל מיט׳ן קאָפּ אראָפּ און מיט די פיס ארויף. אזוי גוט און ליכטיג און פריילעך אויפ׳ן הארצען איז מיר געוואָרען, אז איך האָב דערפיהלט, אז איך שטעה מיט ביידע פיס אויף דער טריקעניש. איהר קאָנט פארשטעהן, אז אפילו אזא מרה־שחורה׳ניק, ווי מיין ברודער אליהו, האָט שוין אויך באַקומען

איין אנדער פנים. ער האָט געריבען א האַנט אָן א האַנט און א זאָג געגעבען צו אונז אַלעמען: „זענען מיר, הייסט עס, אין אמע־ריקע?" — „מיט'ן אויבערשטענס הילף, געלויבט זאָל זיין דער נאָמען זיינער!" — זאָגט דערויף די מאַמע און טהוט א קוק ארויף אויפ'ן הימעל. דערנאָך לעגט זי צו מיט א טיעפען זיפץ: „ווער עס לעבט, דער קומט. קומען קומט ניט נאָר דער, וואָס ליגט אין דער ערד"...

דאָס מיינט זי שוין דעם טאַטען. קיינמאָל און ערגיץ ניט פארגעסט זי ניט דעם טאַטען, איהר זאָלט זאָגען — אויף א מינוט.

## ב.

נאָר מעהר פון אַלץ און שטאַרקער פון אַלע באַווייזט־ארויס זיין פרייד אונזער חבר פיני. דער איז — איך האָב מורא צו זאָגען — גאָר משוגע געוואָרען, פשוט אראָפּ פון זינען. ער האָט זיך אוועקגעשטעלט מיט'ן פּנים צום ים און, אויפגעהויבען די רעכטע האַנט אין א קולאַק, האָט ער אוועקגעלעגט א גאַנצען מענה־לשון:

— הערט צו, איהר חמורים, רשעים, שכורים, חוליגאַנעס, פּאָגראָמשטשיקעס! דאָס האָבען מיר אייך צו פאַרדאַנקען, וואָס מיר געפינען זיך אצינד אין אַזא פרייער, גליקליכער מדינה! ווען ניט איהר מיט אייערע גזירות, רדיפות און פּאָגראָמען, וואָל־טען מיר ניט געוואוסט פון קאָלומבוסען און קאָלומבוס וואָלט ניט געוואוסט פון אונז! איהר וועט דאַרטען לאַנג וואַרטען, ביז מיר וועלען קומען צו אייך צוריק! אַזוי ווי איהר זעהט ניט אייערע אויהערען, אַזוי וועט איהר שוין ניט זעהען אונז, ווייל איהר וועט לעבען! איהר וועט זיך אמאָל ארומקוקען, אַז איהר האָט געהאַט א פאָלק ישראל און ניט געוואוסט, ווי צו שאַנעווען דאָס דאָזיגע פאָלק! איהר וועט האָבען א וויסטען סוף, אַזוי ווי שפּאַניען האָט געהאַט. איהר וועט וויינען, ווי די קלויסטער־הינט. איהר

װעט זיך אמאל פארבענקען נאך אונז! עס װעט זײן בײ אײך א רענדעל א איד. איהר װעט אונז רופען צוריק. נאר א מכה װעלען מיר צו אײך פאהרען!....

װער װײסט, ביז װי לאנג נאך אונזער פיני װאלט זיך אזוי געקיהלט דאס האריץ, װען יונה דער בעקער זאל ניט ארויפלעגען די האנט אויף זײנע פלײצעס און א זאג געבען צו איהם:

— פיני! גאט איז מיט דיר! צו װעמען רעדסט דו? צו די שטײנער? קום! מיר װעלען פארשפעטיגען די פעררי! צי דו װילסט דא בלײבען נעכטיגען אויף עלים אײלאנד?

מיר נעמען זיך צו די פעקלעך און לאזען זיך געהן צו דער פעררי.

ג.

עס רעדט זיך אבער נאר אזוי. ניט אזוי גיך זעצען מיר זיך פאהרען. איהר האט פארגעסען, אז מיר האבען אויף זיך א פעקעל — מײן חבר מענדעל. מע לאזט דאך איהם ניט ארויס. און אהן איהם קאנען מיר זיך ניט ריהרען. די מאמע זאגט, אז זי װעט ניט קאנען רוהיג זײן אין אמעריקע, אויב חלילה מע שיקט דעם יתום אפ צוריק, גאט װײסט װאוהין. א גליק, װאס מיר האבען זיך אויף עלים אײלאנד דערשלאגען צו אזא חברה, װאס הײסט „הכנסת אורחים". די חברה האט אויף עלים אײלאנד איהרען א מענטשען. זעהר א גוטער מענטש און א צונגלאזטער. צו דעם דאזיגען מענטשען האט מען אונז אנגעװיזען. פאר איהם האבען מיר דערצעהלט דעם גאנצען אמת, װאס מיט דעם בחור איז געשעהען. פארשטעהט זיך, אז גערעדט האבען אלע אינ־אײנעם. האט אונז דער מענטש אפגעהאקט אין מיטען און פאר־נעלעגט, אז מיר זאלען צװישען זיך אויסקלויבען אײנעם א רעדנער. נאך א היבש שטיקעל צײט אין שפּארעניש איז געבליבען, אז רעדען זאל דוקא ברכה, מײן ברודער אליהו'ס װײב. פאר װאס

עפּים ברכה? ווייל די מאַנסבילען, אליהו און פּיני, קאָנען ניט זעהען איינער דעם אַנדערען רעדען און ניט אריינפּאָהרען איהם אין מיטען. און די מאַמע רעדט דוקא גוט, נאָר אביסעל צופיעל. דאָס הייסט, אַז זי הויבט אָן צו רעדען, מוז זי אָנהויבען פון מה־טובו: ווי אַזוי מיר האָבען געהאַט אַ טאַטען, האָט ער געהייסען פּייסי. און אַז ער איז געווען אַ חזן. דערנאָך, ווי אַזוי ער איז, ניט דאָ געדאַכט, קראַנק געוואָרען. און אַזוי ווייטער און ווייטער. וויל יענער ניט אויסהערען ביז'ן סוף. און מיין שוועגערין ברכה מאַכט דאָס בקיצור. אַ וואָרט און צוויי און אַ מאָהריטש, ווי משה דער איינבינדער זאָגט.

ערשט דעמאָלט, אַז ברכה האָט אין קורצע ווערטער איבער־געגעבען מענדעל'ס געשיכטע, האָט דער מענטש פון דער חברה „הכנסת־אורחים" זיך אַ נעם געגעבען צו דער אַרבייט. ער איז ערגיץ אוועקגעלאָפען, געקומען צוריק און ווידער אוועקגעלאָפען. קוים מיט צרות, מיט לייד — מע האָט געבראַכט דעם בחור.

## ד.

און אַז מע האָט געבראַכט דעם בחור, מענדלען הייסט עס, האָט דער מענטש פון דער חברה „הכנסת־אורחים" איהם אָנגע־נומען פאַר איין אויהער און האָט איהם אריינגעזאָגט אַ גאַנצע דרשה: „געדענק, בחור'על, אַז מיר זענען ערב פאַר דיר, אַז דו וועסט זיך גוט אויפפיהרען. צוויי יאָהר דורכאיינאַנד ביזט דו אין אונזער רשות... מיר'ן אויף דיר אַכטונג געבען. טאָמער פיהרסט דו זיך ניט אויף, ווי עס געהער צו זיין, שיקט מען דיך ארויס צוריק פון וואַנען דו ביזט געקומען!"... דערנאָך האָט דער מענטש פאַרשריבען זיין נאָמען און אונזערע אַלעמענ'ס נעמען און די נעמען פון אונזערע פריינד און באַקאַנטע און זייערע אַדרייסים. און מיר זענען פריי. מיר קאָנען געהן, וואוהין מיר ווילען און טהון וואָס מיר ווילען.

מיינט איהר אפשר, אז מענדלען האט דאס געריה'ט? עס הויבט זיך גאר ניט אן. מיין חבר מענדעל איז אזא נפש, וואס ווערד ניט נתפעל פון קיין זאך. און דערפאר האב איך איהם ליעב. דערמאן איך מיך אן מיין חבר מענדעל, וואס ער איז געוועזן און וואס עס איז פון איהם געווארען שפעטער, העט־העט, אין א צייט ארום — איז טאקי גאט'ס נסים. נאר אזא לאנד, ווי אמע־ריקע, קאן מאכען פון קליין גרויס, פון נידעריג הויך, כמעט פון טוידט לעבעדיג... נאר מיר האלטען נאך דערוויילע פון פארענט, ביי דער פעררי.

## ח.

די פעררי — דאס איז אזא מין שיף, אדער א פאראם אזעל־כער, וואס מע קאן אריבערפאהרען אויף איהם מיט פערד און וואגען און מיט האק און פאק. די פעררי איז גענוג ברייט און לאנג, אז איך און מיין חבר מענדעל זאלען קאנען זיך נעמען פאר די הענט און שפאציערען אין דער לענג און אין דער ברייט. די ערשטע מינוט איז די מאמע געוועזן פארטראגען מיט אונזערע מחותנים און מיט אונזערע באקאנטע. אלע האבען גערעדט, זיך אויסגעפרעגט איינס ביי דאס אנדערע וואס סע הערט זיך. שפע־טער אביסעל האט זי זיך געכאפט, אז מיר זענען ניטא — ניט איך, ניט מיין חבר מענדעל. אודאי האט זי געמאכט א גוואלד. זי האט אנדערש ניט גערעכענט, נאר אז מיר זענען אריינגעפאלען אין וואסער אריין און דערטרונקען געווארען. צום סוף לאזט זיך אויס, אז מיר האבען דערזעהען טרעפ, זענען מיר ארויף אויפ'ן צווייטען שטאק פון דער פעררי, און פון דארטען האבען מיר דער־זעהען א מורא'דיג הויכע גרויסע אייזערנע פיגור פון עפיס א נקבה, וואס זעהט אוים ווי איין אם... מיר האבען קיין צייט ניט געהאט אפילו רעכט צו באקוקען די דאזיגע פיגור, האבען מיר דערהערט

דער מאַמע׳ס קולות און דערזעהען פאַר זיך אליהו׳ן. ער איז געווען אויף אונז מלא גזלן פאַר׳ן דערשרעק, וואָס מיר האָבען אָנגעוואָרפען אויף זיי אַלעמען מיט אונזער פאַרפאַלען ווערען. מיר וואָלטען זיך ניט געגאַרט פון איהם. מיין ברודער אליהו וואָלט אונז פאַר אזא זאַך רעכט באַצאָהלט, האָט זיך געטראָפען א גליק — מיין שוועגערין ברכה האָט זיך דערפיהלט ניט גוט און האָט ארויסגעלאָזט אַ קוויטש ניט מיט איהר קול: „אוי, שוועגער, ס׳איז מיר שלעכט!"... און זי וויל שוין אָנהויבען איהרע שטיק, אזוי ווי אויפ׳ן ים. לאַנג לעבען זאָל דער הייסינער שניידער (ער וויל גאָר פון אונז ניט אָפּשטעהן אויף א ווײַלע!). ער פאַלט־אָן אויף ברכה׳ן און זאָגט איהר מוסר: „אזא אָסאָבע, ווי איהר, קיין עין־הרע, זאָל ניט ויסען דעם חילוק פון א ים ביז א קליין טייכעל — פע, שעמען מעגט איהר זיך!"...

פאַרענטפערט זיך ברכה. זי האָט ניט געוואוסט, אז ס׳איז א טייך. זי האָט געמיינט, אז מיר זענען שוין וויעדער אויפ׳ן ים. וואָס קומט איהר דערפאַר?... זאָגט פיני, אז איהם דאַכט זיך, אז נאָכ׳ן ריח אַליין קאָן מען דערקענען, וועלכעס איז ים און וועלכעס איז א טייך. א ים, זאָגט ער, שמעקט מיט פיש, און אין א טייך זענען קיין פיש ניטאָ. פרעגט איהם דער הייסינער שניידער: פון וואַנען איז געדרונגען? ענטפערט איהם פיני, אז ער רעדט גאָר ניט צו איהם, און אז ער האָט בכלל פיינט אריינלאָזען זיך אין וכוחים מיט א שניידער. מישט זיך שוין אריין משה דער איינ־בינדער, פעסי׳ס מאַן. ער מאַכט פיני׳ן איין אויסרעד, אז ער איז איצט אין אמעריקע, ניט אין „ריסענלאַנד". אמעריקע, זאָגט ער, איז א לאַנד פון שניידערס. דאָ אין אמעריקע, זאָגט ער, איז א שניידער אזא מיוחס, ווי ביי אונז דער שענסטער בעל־הבית, און אפשר נאָך מעהר. אין אמעריקע, זאָגט ער, האָבען שניידערס א „יוניע". א „יוניע" איז כמעט דאָס, וואָס ביי אונז א „צעך". נאָר די היגע „יוניע", זאָגט ער, איז גאָר נישט דאָס, וואָס אונזער צעך...

— און מיר, בעקערס, האָבען זיך אונזער „יוניע". — לעגט צו יונה דער בעקער. — אונזער בעקער־יוניע איז אפשר אזוי גרויס, ווי די שניידער־יוניע.

— זאָגט חאָטש להבדיל! — שלאָגט איהם איבער משה דער איינבינדער. און עס געהט אוועק א חתונה, וועלכע „יוניע" איז גרעסער.

— נאָך עטליכע מינוט, און מיר זענען אין „נעוועיאָרק". — זאָגט פיני צו אליהו'ן, בכדי איבערצורייסען דעם שמועס פון די „יוניעס", וואָס האָט זיך אונז אלעמען שוין צוגעגעסען... מיר קוקען זיך איין אין דער שטאָדט, וואָס וואַכסט פאַר אונזערע אויגען און באווייזט זיך אלע ווײלע נעהענטער. אך! וואָס פאַר א שטאָדט! אך! וואָסערע הויכע הייזער! קלויסטערס, ניט קיין הייזער! און פענסטער! טויזענד פענסטער!... ווען איך האָב ביי זיך איצט א בליישטיפט מיט א בויגען פאַפיער!

ו.

טררראַך־טאַררערעראַך — טאַך־טאַך־טאַך! טאַך! דזין־דזין־דזין־גלין־גלאָן! הו־האַ! הו־האַ! הו־האַ! דו־דו־דו־דו־דו! פי־יו! איי־איי־איי־איי־איי־איי! און ווידער א מאָל — טראַך־טאַררערעראַך־טאַך־טאַך־טאַך! און אין מיטען הערט זיך א הייזע־ריגער קוויטש פון א פאַרטשעפּעטען חזיר: חרו! חרו! חרו! חרו!... — אָט דאָס זענען געווען די קולות מיט די גוואַלדען, וואָס מיר האָבען דערהערט אין דער ערשטער מינוט, אז מיר זענען אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק. ביז אהער, כל זמן מיר זענען געווען אויפ'ן וואַסער, זענען מיר געווען רוהיג. נאָר דאָ, ווי באַלד מיר האָבען דער־פיהלט, אז מיר שטעהען טאַקי מיט ביידע פיס אויף דער ערד, אין דעם רעכטען אמעריקע, אזוי איז אויף אונז אָנגעפאַלען א שרעק, א טומעל מיט א בהלה...

די ערשטע האָט זיך פאַרלוירען די מאַמע. ווי אַ סםאַלאַשע־טע הוהן אַ קוואַטשקע, וואָס ציטערט איבער איהרע היהנדעלעך, צעשפרייט זי די פליגעל, פיקט און קוואָקעט און הויבט אויף אַ געפּילדער, פּונקט אַזוי האָט אויסגעזעהען די מאַמע מיינע. זי האָט צענומען ביידע הענט און געמאַכט אַ גוואלד: „מאָטעל! מענדעל! אליהו! ברכה! פּיני! טייבעל! וואו זענט איהר? אהער געהט!"...

— גאָט איז מיט אייך, שוויגער! וואָס שרייט איהר? — זאָגט צו איהר ברכה, און מיין ברודער אליהו לעגט צו: „דער סוף וועט זיין, אַז איבער דיין געשריי מיט דיין געפּילדער וועט מען אונז אַרויסשיקען צוריק פון אַמעריקע!"...

— פּורים נאָכ'ן קאַלטען קוגעל! — חאַפּט איהם אונטער אונזער חבר פּיני און לעגט־אַריין ביידע הענט אין די קעשענעס, און דאָס קאַפּעלישעל אַרויפגערוקט אַרויף. — אַזוי לאַנג קרענקט פּאָני־גנב, ווי לאַנג מע וועט אונז שוין פון דאַנען פּטור ווערען! דו האָסט פאַרגעסען, אַז אַמעריקע איז באַשאַפען געוואָרען פון גאָט אויף שוץ און באַהעלטעניש פאַר די אַלע, וואָס ווערען געיאָגט און געפּלאָגט, געשטויסען און געטריבען פון אַלע עקען פון דער וועלט?...

דער געדראַנג פון מענטשען איז געווען זעהר גרויס. אונזער חבר פּיני האָט שיער ניט געחאַפּט דעם זעלבען פּסק, וואָס אַנומעל־טען אין לאָנדאָן, ביי אונזער אַריינפאָהרען אין יענער שטאָדט אַריין. דאָס הייסט, נאָך אַ מינוט און ער וואָלט געלעגען אַ צע־קנייטשטער, אַ צעטראָטענער אויף דער גאַס. איצטיגס מאָל איז ער אָפּגעקומען נאָר מיט אַ סטוסאַק אין זייט אַריין. גאָר אַזוי שטאַרק איז געווען דער קלאַפּ, אַז דאָס קאַפּעלישעל האָט זיך אַראָפּגעגליטשט ביי איהם פון קאָפּ און, אונטערגעחאַפּט פונ'ם ווינט, איז דאָס אַוועקגעפלויגען אַ ביסעלע אָן אַ זייט. דאָס האָט צוגענומען ביי אונז אומזיסט עטליכע מינוט איבעריגע צייט. מיר האָבען דעריבער פאַרשפּעטיגט די קאַר. דאָס הייסט, דעם טראַמ־

ווײ. בײ אונז הײסט דאָס טראַמוויי, בײ זײ — קאַר. פּיני'ן איז דאָס וואָרט „קאַר" בעסער געפֿעלן, ווי טראַמוויי. וואָרום ס'איז קירצער. מיר האָבן אָבער לאַנג נישט באַהאַרפֿט וואַרטן. עס איז באַלד אָנגעקומען נאָך אַ קאַר, און מיר אַלע האָבן זיך אַרויפֿגעקאַראַצקעט מיט די פּעקלעך אויף דער קאַר, פֿאַרכאַפּט אַלע לעדיגע ערטער. און מיר פֿאָהרען אין שטאָדט אַרײַן.

— דאַנקען השם יתברך — פּטור געוואָרען פֿון אַ פּריטשעפּע, פֿון דעם הײסינער שנײַדער! — פֿרעהט זיך אונזער חבר פּיני, און מײַן ברודער אליהו זאָגט צו איהם: „וואַרט־אויס, פֿרעה זיך נאָך ניט! אז מיר װעלען װערטה זײַן בײ גאָט, װעלען מיר זיך מיט איהם נאָך באַגעגענען ניט איין מאָל אין ניו־יאָרק"...

VI

# אין ניו־יאָרק אויף דער סטריט

א.

דער אריינפאָהר אין שטאָדט ניו־יאָרק איז שרעקליך. דאָס פאָהרען אליין איז נאָך ניט אזוי גוואלדיג, ווי דאָס איבערזעצען זיך פון איין וואגאָן אינ'ם אנדערען. איהר האָט זיך נאָר־וואָס אריינגעזעצט — אהא! איהר פליהט שוין, ווי די אָדלערס, אין דער הויך, איבער א לאנגער שמאָלער בריק אויף צו דער'הרג'עט ווערען. ווערד דאָס אָנגערופען ביי זיי „עליוויייטער". מיינט איהר, אז איהר זענט שוין פארטיג? האָט צייט אביסעל. איהר קריכט ארויסעט פונ'ם „עליוויייטער" און איהר זעצט זיך איבער אין איין אנדער וואגאָן און איהר לאָזט זיך אראָפּ דורך טרעפּ, ווי אין א קעלער אריין, און איהר לויפט אונטער דער ערד מיט אזא אימפּעט, אז עס שווינדעלט אייך אין די אויגען. דאָס ווערד שוין אָנגערופען ביי זיי „צאָבוויי". פאר וואָס הייסט דאָס „עלי־וויייטער" און דאָס „צאָבוויי"? — זאָגט מיין ברודער אליהו, אז „עליוויייטער" נעמט זיך פונ'ם וואָרט „לייטער". און „צאָבוויי" זאָגט מען ביי אונז אויך, אז מע טרייבט אָן א פאָר אָכסען. לאכט פון איהם אונזער חבר פיני מיט סכנות. ער זאָגט: „ס'א משל

אקעגען א טאַרבע פלעקער! אַכסען, זאָגט ער, קוים וואָס זיי קריכען, און דאָס פליהט!" ענטפערט איהם דערויף אליהו: „דערויף איז דאָס אמעריקע, ס'זאָל פליהען"... מישט זיך אריין מיין שוועגערין ברכה און זאָגט, אז דאָס אייגענע אמעריקע וואָלט געווען א סך בעסער, ווען מע זאָל דאָ ניט אזוי פליהען, ווי מע פליהט. זי שווערט זיך, אז מעהר פאָהרט זי שוין ניט, איין עק! ניט מיט'ן „עליווייטער" און ניט מיט'ן „צאָבהיי" — זי זאָל וויסען גליקליך ווערען. זי וועט שוין, זאָגט זי, בעסער געהן צו־פוס, איידער אזוי משוגענערווייז פליהען העגדום־פעגדום איבער דער המארע, אָדער לויפען אונטער דער ערד. דערביי האָט זי געזאָגט א ווערטעל: „הויב מיך ניט און וואַרף מיך ניט"... א מאָדנע אידינע מיין שוועגערין. ביי מיר וואָלט איהר, פאַרקעהרט, גע־פועל'ט, איך זאָל ארומפאָהרען מיט'ן „עליווייטער" און מיט'ן „צאָבהיי" א גאנצען טאָג מיט א גאנצער נאכט. מיין חבר מענדעל אויך דאָס איינענע.

## ב.

דאכט זיך, מיר זענען שוין אויסגעווען א וועלט. דאכט זיך, מיר האָבען זיך שוין געגנוג אָנגעזעהען מיט די טראמווייען אין לעמבערג, אין קראָקע, אין וויען, אין אנטווערפען און אין לאָנדאָן. נאָר אזא ענגשאפט מיט אזא שטופען זיך און אזא דערשטיקעניש, ווי אָט דאָ, אין דעם גיהנום, האָבען מיר אין ערגיץ ניט געזעהען! קאָפּ אויף קאָפּ. איינער ארויס, צוויי אריין. זיצען איז ניטאָ וואו. דאַרף מען שטעהן. פאַלט מען אום. מוז מען זיך אָנהאַלטען ביי'ם רינג. הייסט עס דאָ „הענגען אויפ'ן סטראָפּ". ווערד מען פאַרקליאַקנעט. העלפט גאָט, עס ווערד ריין איין אָרט, איז פאַרהאַן דערויף א סך בעלנים. קוים מיט צרות פאַרחאַפּט איין אָרט. איהר קוקט זיך אַרום, זיצט איהר צווישען צוויי גויים.ביידע שוואַרצע. א ניגער מיט א ניגערטע. מגושמ'דיגע ברואים. מורא־

דיג גראָבע ליפּען. גרויסע ווייסע צייהן און ווייסע נעגעל. זיי זיצען און קייען עפּיס, מעלה־גרה׳ן, אזוי ווי אָכסען. ערשט דער־נאָכדעם בין איך געוואוירע געוואָרען, אז דאָס וואָס זיי קייען ווערד אָנגערופען ביי זיי „טשאָינגאָם". דאָס איז אזא מין קאָנ־פעקט פון גומילאַסטיק. מע האַלט דאָס אין מויל און מע קייעט דאָס. אראָפּשלינגען טאָר מען דאָס ניט. יונגע באָיעס, דאָס הייסט קליינע יונגלעך, אַלטע לייט און קאַליקעס מאַכען דערפון א לעבען. אונזער חבר פּיני, אויב איהר געדענקט, איך האָב אייך אַמאָל דערצעהלט, איז בטבע א גרויסער נאַשער. ער האָט ליעב זיסע זאַכען. האָט ער זיך צוגעחאַפּט צו די דאָזיגע קאָנפעקטלעך און האָט פּאוואָלינקע איינגעשלונגען א גאַנץ שאַכטעל. דער סוף איז געווען — ער האָט זיך אָנגעמאַכט א חתונה אין מאָגען, שיער ניט אָפּגע׳סמ׳ט זיך. דאָקטוירים האָבען אויסגעפּאָמפּעט ביי איהם דורכ׳ן האַלז די טשאָינגאָם. מע האָט איהם געראַטעוועט דאָס לעבען. נאָר איך פּאַרלויף אויף צו פריהער. מיר קעהרען זיך אום צוריק צו אונזער ערשטען אריינפאָהר אין דער שטאָדט ניו־יאָרק.

ג.

דעם גאַנצען וועג, וואָס מיר זענען געפאָהרען אויפ׳ן „עלי־ווייטער" און אויפ׳ן „צאָבהיי", האָבען אונזערע לייט, די מאַנס־בילען מיט די ווייבער, געהאַלטען אין איין רעדען. איך זאָג רעדען, אָבער ס׳איז ניט אמת. ווער קאָן דאָס רעדען אויפ׳ן „עליווייטער"? אָדער אויפ׳ן „צאָבהיי"? אז דער רעש, מיט׳ן געפּילדער, מיט׳ן גראַגערען פון די רעדער, מיט׳ן גרילצען פון די רעלסען, מיט׳ן קלינגען פון די פענסטער מאַכען אייך טויב. איהר אַליין הערט ניט אייער קול. איהר מוזט שרייען איינס צום אנ־דערען, ווי בעת איהר רעדט צו א טויבען. אונזערע לייט זענען אזש הייזעריג געוואָרען שרייענדיג. די מאַמע האָט עטליכע מאָל געבעטען זיך ביי פּעסי׳ן:

— פעסיניו, נשמה׳ניו, הארצעניו, ליובעניו! לאָזט דאָס איבער אויף שפּעטער!...

מע ווערד אנשוויגען אויף אַ מינוט און מע הויבט אָבער באַלד אָן ווידער אַ מאָל צו שרייען אויף קולי־קולות. וואָרום מען איז דאָך לעבעדיגע מענטשען, גוטע פריינד, געוועזענע שכנים. ווי אזוי קאָן מען זיך איינהאַלטען און ניט אויסרעדען זיך די הערצער? מע האָט זיך אזא צייט ניט געזעהען. און צו רעדען איז דאָ אַזוי פיעל! אַזוי פיעל!

ד.

אָנגערעדט זיך און אָנגעשריען זיך וועגען זייטיגע זאַכען, איז מען ארויף אויף אַ שמועס וועגען וואוהין צו פאַרפאָהרען און ביי וועמען אָפּצושטעלען זיך. נאָך אַ סך וכוחים און שפּאַרענישען איז געבליבען, אַז די מאַמע און איך און אונזער חבר פיני מיט זיין טייבלען זאָלען מיר זיך אָפּשטעלען ביי אונזער שכנה פּעסי די גראָבע. און אליהו מיט זיין ווייב ברכה זאָלען פאַרפאָהרען צו זייערע שוועהר און שוויגער, יונה דעם בעקער און ריוועלע די בעקערין. נו, און מענדעל? זאָגט פעסי, אַז מענדלען נעמט זי צו זיך. זאָגט ריוועלע די בעקערין — ניין. ביי פעסי׳ן, זאָגט זי, זענען, קיין עין־הרע, פאַרהאַן אָהן איהם אויך אַ היבש ביסעל עסערס. פאַרדריסט דאָס פעסי׳ן. זי זאָגט, אַז ס׳איז ניטאָ קיין איבעריגע צייהן אין מויל און קיין איבעריגע קינדער ביי אַ מוטער.

— שאַט! ווייסט איהר וואָס? לאָמיר פרעגען דעם בעל־דבר אַליין. — אַזוי זאָגט משה דער איינבינדער, פעסי׳ס מאַן, און ער טהוט אַ פרעג ביי מענדלען: וואוהין וויל ער בעסער — צו איהם אָדער צום בעקער? ענטפערט איהם מענדעל, אַז ער וויל זיין דאָרטען, וואו זיין חבר מאָטעל. איך אַליין האָב אויך גאָר אַנדערש ניט געטראַכט, אַז אַזוי באַדאַרף מענדעל זאָגען.

## ה.

— אַט דאָ באַלד, נאָך איין סטיישען, סטאָפּען מיר! — רופט זיך אָן יונה דער בעקער שוין אויף אַמעריקאַנער לשון. מיר פאַר־שטעהען ניט, וואָס הייסט „סטיישען" און וואָס הייסט „סטאָפּען"? פּאַרטייטשט ער אונז, אַז סטיישען הייסט אַ סטאַנציע און סטאָפּען מיינט מען אָפּשטעלען זיך, אַרויסקריכען.

— מחותן! פון ווען אָן האָט איהר עס אָנגעהויבען רעדען אויפ'ן היגען לשון? — פרעגט איהם די מאַמע, און ריוועלע די בעקערין ענטפערט פאַר איהר מאַן:

— איך בין אייך ערב, מחותנת'טע, אַז אין אַ וואָך אַרום וועט איהר אויך אָנהויבען רעדען אויפ'ן היגען לשון. וואָרום אַז איהר'ט אַרויסקומען אין סטריט און פרעגען: וואו איז דאָ דער קצב? וועט איהר מעגען קצב'ען פון היינט ביז איבערמאָרגען, וועט אייך קיינער ניט ענטפערען.

פרעגט זי די מאַמע:

— ווי אַזוי זשע דען זאָל איך זאָגען?

ענטפערט שוין פּעסי די גראָבע:

— איהר'ט מוזען זאָגען „דער בוטשער".

— אַזוי לאַנג קרענקען זיי! — מישט זיך אריין מיין שווע־גערין ברכה. — זיי זאָלען אפילו אויפלויפען, וועל איך זיי זאָגען קצב, קצב און קצב!

## ו.

מיט אַ מאָל האָט מען זיך אָפּגעשטעלט. אונזער מחותן יונה דער בעקער האָט געכאַפּט די מחותנת'טע ריוועלע די בעקערין מיט מיין ברודער אליהו מיט מיין שווענערין ברכה און האָבען זיך גע־געבען אַ לאָז צום אַרויסגאַנג. האָט זיך די מאַמע אויך אויפגע־הויבען. זי האָט געוואָלט געהן באַגלייטען איהרע קינדער, זיך

געזעגנגענען מיט זיי. אויך פיני פון זיין זייט האט זיך אויפגעהויבען, געגאנגען געזעגענען זיך מיט זיין חבר אליהו און טאקי אין איינוועגס אפרעדען מיט איהם, וואו און ווען מע זאל זיך זעהען. נאר ווער? וואס? ווען? איידער מע קוקט זיך ארום איז שוין יונה דער בעקער מיט דער בעקערין מיט מיין ברודער אליהו און מיט זיין ווייב ברכה אויף יענער זייט. דער קאנדוקטאר האט שוין פארהאקט די טיר. דער וואגאן האט זיך געגעבען א ריס. אונזער פיני, ווי ער איז געשטאנען פארטראכט און צעטומעלט, אזוי האט עס איהם געגעבען א שליידער פון די פיס. אין א ווײלע ארום איז ער שוין געלעגען ביי א שווארצער גויע (א ניגערטע) אויפ'ן שויס. האט איהם די ניגערטע געגעבען א ווארף פון זיך מיט ביידע הענט, אזוי, אז ער איז אוועקגעפלויגען אויף דער צווייטער זייט באנק און דאס קאפעלישעל צו דער טיר. און טאמער איז קארג, איז נאך געווארען א געלעכטער אויך. דער גאנצער וואגאן האט געלאכט. איך און מיין חבר מענדעל האבען אויך געלאכט. האבען מיר געהאפט א פסק פון דער מאמע און פון פיני'ס ווייב טייבעל, למאי מיר לאכען. געהט, זייט א בריה, אדרבה, און לאכט ניט!

ז.

אלסדינג אויף דער וועלט האט איין עק. געקומען א סוף צו אונזער ארייגפאהר אין ניו־יארק. מיר זענען שוין אויף דער גאס. דא הייסט עס „סטריט". ווען איך זאל ניט וויסען, אז מיר זענען אין אמעריקע, וואלט איך זיכער געמיינט, אז מיר זענען אין בראד, אדער אין לעמבערג. די אייגענע אידען, די אייגענע ווייבער, די אייגענע געוואלדען, דאס אייגענע מיסט, וואס דארטען. נישט מעהר, דער טומעל מיט'ן הארמידער איז דא א סך גרעסער. און דער רעש איז שטארקער, הילכיגער. אויך די מויערען זענען העכער. א סך העכער. זעכס עטאזשען איז א געלעכטער. פארהאן

הייזער פון צוועלף עטאַזשען. און פון צוואַנציג. און פון דרייסיג. און פון פערציג. און נאָך העכער. נאָר וועגען דעם שפּעטער. דערווייל זענען מיר מיט אונזערע פּעקלעך אויף דער סטריט. מיר האָבען נאָך אַ שטיק וועג צו געהן צופוס. דאָ הייסט עס — „וואָקען". און מיר וואָקען. פריהער וואָקט משה דער אייגבינדער מיט זיינע קורצע פיס. נאָך איהם וואָקט זיין ווייב פּעסי די גראָבע. קוים וואָס די פיס טראָגען זי. אַזוי פעט און שווער איז זי. נאָך פּעסי'ן וואָקען פיני מיט זיין טייבעל. פון פיני'ס וואָקען קאָן מען בלייבען אָהן אַ בויך לאַכענדיג. פיני, אַז ער וואָקט, טאַנצט ער אונטער מיט זיינע דינע לאַנגע פיס, וואָס פּאַרטשעפּען זיך איינער אין דעם אַנדערען. איין הויז אַראָפּ, דער אַנדערער אַרויף. דאָס קאַפּעלישעל אַרויפגערוקט. דאָס האַלזטיכעל אין פּצון־זייט. אַ מאָדנע פיגור, בעט זיך אויף פּאַפּיער. איך און מיין חבר מענדעל וואָקען פון הינטען, שפּעטער פון אַלעמען. מיר שטעלען זיך אָפּ כמעט ביי יעדען פענסטער. אונז איז געפעלען, וואָס די אויפשריפטען זענען אויף אידיש, און וואָס עס שטעהען אַרויסגעשטעלט אַלע אידישע זאַכען: סדורים, טלית־קטנם, יאַר־מעלקעס, מזוזות, מצות — אין מיטען דערינען, סאַמע אין אָנהויב ווינטער, מצות! משמעות, אַ אידישע שטאָדט. לאָזט מען אונז אָבער לאַנג ניט שטעהן. די מאַמע רופט אונז: „אהער געהט!" — מוז מען געהן.

## ח.

ווער עס האָט ניט געזעהען די ניו־יאָרקער סטריט — דער האָט גאָר קיין שענס ניט געזעהען. וואָס געפינט איהר ניט אויף דער סטריט? אידען האַנדלען. ווייבער זיצען און שמועסען. קינדער אין די וועגעלעך שלאָפען. „קערעדזשעס" הייסען דאָ די וועגעלעך. אַלע קערעדזשעס האָבען איין פּנים. דאָ, אויף דער

סטריט, האָדעוועט מען די קליינע עופה'לעך מיט מילך פון קליינע פלעשעלעך. גרעסערע קינדער שפּיעלען זיך. און שפּיעלען שפּיעלט מען זיך מיט טויזענדערליי שפּילערייען: מיט קנעפּלעך, מיט רעדעלעך, אין באָל, אין וועגעלעך, אין שליטעלעך און אין „סקייטס". דאָס איז אַ מין זאַך אויף פיער רעדלעך, צוגעבונדען צו די פיס, און אויף דעם רעדעלט מען. מע קאָן טויב ווערען פון דעם געפּילדער, וואָס די קינדער הויבען־אויף אויף דער סטריט. די סטריט געהערט צו די קינדער. קיינער וועט ניט וואַגען זיי פון דאַנען צו פאַרטרייבען. און בכלל איז אַמעריקע אַ לאַנד, וואָס איז באַשאַפען געוואָרען פון די קינדערס וועגען. און דערפאַר האָב איך ליעב דאָס לאַנד. אנו, לאָז עמיצער פּרובען אָנריהרען אַ קינד מיט אַ פינגער! מיין ברודער אליהו האָט דאָס פאַרזוכט אויף זיין אייגענער הויט. ער וועט שוין פאַרזאָגען אַ צעהנטען. אַזוי איז געווען די מעשה:

איינמאָל בין איך מיט מענדלען געווען אויף דער סטריט און געשפּיעלט אין „טשעקעס". דאָס איז אַ שפּיעל מיט קיילעכיגע הילצערנע קנעפּלעך, וואָס מע שיסט מיט זיי. איז אָנגעקומען סאַמע אין רעכטען שפּיעל מיין ברודער אליהו. והאָט ער מיך, נאָך דער אַלטער מאָדע, אָנגעחאַפּט ביי'ם אויהער מיט איין האַנט און מיט דער אַנדערער געוועז גרייט מיר שענקען אַ פּאָר פיינע פּעטש. וואַכסט אויס אַ באָי, אַ „ווערגעלעץ", ווי פון אונטער דער ערד. ער לויפט־צו צו מיין ברודער און רייסט מיך אַרויס פון זיינע הענט. דערנאָך פאַרקאַטשעט ער די אַרבעל און זאָגט עפּיס צו אליהו'ן אויף אַמעריקאַנער לשון. נאָר אַזוי ווי מיין ברודער פאַרשטעהט ניט קיין איינגעלש, נעמט דער ווערגעלעץ און טראָגט איהם אונטער אַ צוגעמאַכטען קולאַק גלייך אונטער דער נאָז. קלויבט זיך באַלד צונויף אַ רעדעל מיט מענטשען. און מיין ברודער פאַרענטפערט זיך פאַר זיי אויף אידיש, אַז ער קעהר מיך אָן אַ ברודער, מעג ער דעריבער מיט מיר לערנען דרך־ארץ. זאָגען אָבער די צונויפגעלאָפענע, אַז אין אַמעריקע געהען נישט אָן די זאַכען. אַ

ברודער, נישט א ברודער, — שלאָגען א קלענערען פון זיך טאָר מען ניט...

נו, געהט האָט ניט ליעב אזא לאנד!

ט.

דערוויילע האָב איך מיך פאררעדט און גאָר פארגעסען, אז מיר זענען שוין געקומען אהינצוצו, וואו מיר דארפען זיך אָפּ־שטעלען. דאָס הייסט, ביי אונזער שכנה פּעסי די גראָבע און ביי איהר מאַן משה דעם איינבינדער. ארייננגעקומען צו זיי אין שטוב, האָבען מיר נישט געטראָפען קיינעם פון דער חאליאסטרע. איך קוק זיך ארום אויף אלע זייטען. איך זוך מיט די אויגען מיין אמאָליגען חבר „ושתי". ניטאָ ניט ושתי, ניט קיינער. וואו זענען זיי אהינגעקומען אלע? וועט איהר הערען א שענס.

VII

# די חאַליאַסטרע אויף דער אַרבייט

א.

איך האָב אייך געהאַט דערצעהלט, אַז מיר זענען אַריינגע־קומען צו אונזער שכנה פּעסי די גראָבע און צו איהר מאַן משה דעם איינבינדער אין ניו־יאָרק, האָבען מיר פון זייער גאַנצער חאַליאַסטרע קיינעם ניט געטראָפען אין דער היים. וואָס איז די מעשה? — די חאַליאַסטרע איז אויף דער אַרבייט. נאָר איידער איך וועל אייך געהן דערצעהלען, וואָס פאַר איין אַרבייט יעדער פון זיי האָט, באַדאַרף מען אייך פריהער באַשרייבען, ווי אַזוי אַ איד איין איינבינדער פאַרגינט זיך צו זיצען אין אַמעריקע. ער־שטענס, די שטוב. ביי אונז אין שטעדטעל וואָלט פּעסי די גראָבע גאָר מורא געהאַט אַרויפצוקלעטערען אַזוי הויך. מע געהט און מע געהט און מע געהט אפשר אויף הונדערט טרעפּ, ביז מע קומט אַריין אין אַ דירה־מלוכה. חדרים און חדרים׳לעך אָהן אַ שיעור. דאָ הייסט עס „רומס". אין יעדען רום — בעטלעך מיט קאָלדרעס, מיט פאָרהענגלעך אויף די פענסטער, און איין רום, וואָס מע רופט דאָס „קיטשען". ביי אונז הייסט עס קיך. נאָר קיין אויווען איז ניטאָ. איין אייזערנע פּליטע מיט לעבער אויף צו קאָכען, און

וואסער צאפט זיך דא פון דער וואנט. קאלט וואסער און הייס וואסער — וויפיעל איהר ווילט! איהר דארפט נאר געבען א דרעה מיט'ן קראן — און פארטיג.

ב.

שפעטער, אז מיין ברודער אליהו און זיין ווייב ברכה זענען געקומען צו אונז געוואוירע ווערען, וואס מיר מאכען, האט איהם אונזער חבר פיני אנגענומען פאר א האנט, אריינגעפיהרט אין קיטשען, באוויזען די צוויי קראנען מיט וואסער און איז ארוים מיט לשון, ווי פיני קאן. ער האט געזאגט:

— וואס זאגסט דו עפּיס, אליהו, אויף קאלומבוסען? מעג ניט זיין פאני די כפרה פאר זיין מינדסטען נאגעל, וואס א חוץ בראנפען און א חוץ פאגראמען ווייסט ער ניט ווער עס האט איהם געשלייערט?...

וועט איהם דען מיין ברודער אליהו אפשווייגען? רופט ער זיך אן צו איהם, צו פיני'ן הייסט עס: „איצטער ביזט דו שוין אינגאנצען פאר קאלומבוסען. וואס האסט דו אבער געזאגט פריהער אביסעל, אויף עליס איילאנד?" פארענטפערט זיך פיני און זאגט, אז עליס איילאנד געהער ניט צו אמעריקע. עליס איילאנד, זאגט ער, ליגט אויף דער גרעניץ צווישען אמעריקע און צווישען אויס־לאנד. זאגט אבער מיין ברודער אליהו, אז עס הויבט זיך גארניט אן. צעקריעגט מען זיך, ווי דער שטייגער איז ביי די צוויי חברים. ביז עס מישט זיך אריין ברכה און מאכט צווישען זיי א שלום. זי זאגט, אז זיי ווייסען ביידע מעהר פון א טוידטען, און אז דעריבער איז זייער קריעגען זיך ניט ווערטה איין אפגעריבענער גראשען. נאר איך האב אייך אנגעהויבען צו דערצעהלען פון משה דעם איינבינדער'ס שטוב און בין ארויף גאר אויף אנדערע זאכען. האט קיין פאראיבעל ניט — מיר קעהרען זיך אום צוריק צו אונזער שכנה פעסי די גראבע און צו איהרע קינדער, צו דער חאליאסטרע.

ג.

אודאי האָט זיך אונזער משה'ן און אונזער פעסי'ן קיינמאָל ניט גע'חלומ'ט אַזאַ גוטס, אַז זיי וועלען זיצען אין אַזאַ שטוב און האָבען רומס. אויף אַלסדינג אַ רום. אויף צו שלאָפען אַ רום, הייסט עס „בעד־רום". און אויף צו עסען האָבען זיי אַ באַזונדער רום, וואָס מע רופט דאָס „דיינינג־רום". פאַר וואָס עפּיס דיינינג־רום? ברעכען זיך אליהו און פּיני די קעפּ און קאָנען ניט פאַרשטעהן. מילא בעד־רום — ווייל דאָרטען שטעהען בעטען. אָבער דיינינג־רום — וואָס איז די טייטש „דיינינג"? פאַר וואָס ניט „עס־רום"? מישט זיך אריין משה דער איינבינדער און זאָגט צו זיי:

— צו וואָס זאָלט איהר זיך ברעכען אומזיסט דעם מח? אַבי איך בין אַ בעל־הבית אין ניו־יאָרק, גאָט צו דאַנקען, און מיינע קינדער אַרבייטען אַלע מיט גאָט'ס הילף, און מע מאַכט אַ לעבען אין אַמעריקע...

איך באַקוק אָט דעם משה דעם איינבינדער און טראַכט מיר: רבונו של עולם! ווי אַ מענטש בייט זיך איבער! אין דער היים האָט מען איהם גאָר ניט געהערט רעדען אפילו. אומעטום און אַלע מאָל איז געווען פעסי. ער האָט נאָר געוואוסט מאַכען פּאַפּ און קלעפּען ספרים. און דאָ איז ער געוואָרען מיט אַ קאָפּ העכער. אַ קליינינקייט — אַ מענטש האָט ניט קיין שום דאגות! אַלע קינדער אַרבייטען און ברענגען געלט. איך וועל אייך אויסרעכענען איטליכען ביי די נעמען, וואָס פאַר איין אַרבייט ער טהוט און וויפיעל ער פאַרדיענט. די מאַמע איז מקנא אונזער שכנה פעסי, וואָס גאָט האָט איהר געשענקט אַזוי פיעל קינדער, קיין עין־הרע.

ד.

דער עלטערער בחור, קלעצעל האָט ער געהייסען אין דער היים. דאָ הייסט ער סעם. פאַר וואָס עפּיס סעם? — ווייס

איך ניט. איך ווייס נאָר, אַז ער פאַרדיענט שוין געלט. ער איז איינגעשטעלט אין אַ „פּייפּער־באָקס־פעקטאָרי". איהר ווייסט דאָך אָבער ניט מיט וואָס מען עסט דאָס, באַדאַרף מען אייך פאַר־טייטשען. דאָס איז אַ פאַבריק, וואו מע מאַכט שאַכטלען פון קאַרטאָן־פּאַפּיער. מיינט ניט, אַז דאָס איז אַזאַ שווערער דזשאָב (דזשאָב הייסט אַ מלאָכה). ער אַליין בסך־הכל מאַכט נאָך ניט קיין שאַכטלען. ער צעטראָגט זיי נאָר. הייסט עס דאָ אויף זייער לשון: ער „דעליווערט" זיי. דאָס הייסט, ער נעמט אין יעדער האַנט אַ באַנדעל שאַכטלען פון אַ צעהן טוץ און לויפט מיט זיי איבער די ענגע סטריטען, צווישען קאַרס און אויטאָמאָבילס. מע דאַרף אַכטונג געבען, זיי זאָלען חלילה ניט צעקוועטשט ווערען. ער באַקומט דערפאַר דריטהאַלבען טאָלער אַ וואָך און האָפט אויף אַ „רעיז", דאָס הייסט, אויף אַ הוספה. ס'איז מעגליך, אַז מיט דער צייט זאָל ער נעמען דריי טאָלער אַ וואָך. דאָס איז דערוויילע. שפּעטער אַביסעל, זאָגט איהם צו דער באָס (אַ בעל־הבית הייסט דאָ „באָס"), אַז ער וועט איהם אויסלערנען די אַרבייט, ווי אַזוי צו מאַכען די שאַכטלען. ער זאָגט צו איהם: „דו זיי נאָר אַ גוד באָי, וועסט דו זיין אָללרייט". אויף אונזער לשון הייסט עס: „זיי אַ מענטש, וועסט דו עסען אין סוכה".

## ה.

דאָס צווייטע בחור'על, וואָס מע האָט איהם אַמאָל גערופען וועלוועל קאָטער, און הייגט הייסט ער שוין ווילי, איז אויך אַ דעליווער־באָי, דאָס הייסט, אַ יונגעל, וואָס מע שיקט איהם. ער איז אין אַ „גראָסערי־סטאָר". ביי אונז הייסט עס אַ „באַקאַליינע קלייט". דאָס איז שוין אַביסעל אַ שווערערער דזשאָב. מע דאַרף זיך פעדערען גאַנץ פריה, אַז גאָט אַליין שלאָפט נאָך. מע דאַרף קודם אויססאָרטירען און אויספּאַקען אַלע אָרדערס. דערנאָך צע־טראָגען די באַנדעלס צו די קונים. דאָ הייסען זיי „קאַסטאָמערס".

אין די באַנדעלס געפינען זיך זעמעלעך, פּוטער, קעז, אייער, צוקער, מילך, קרים — סמעטענע הייסט עס. מע דאַרף זיך מיט דעם דראַפּען אויף צוויי הונדערט טרעפּ אויף דעם „טאָפּ־פלאָר", דאָס הייסט, גאַנץ אויבען אונטער'ן דאַך. און דאָס באַדאַרף אָפּגע־טהאָן ווערען גיך, אין איין אָטהעם, וואָרום ער דאַרף נאָך קומען צוריק אין סטאָר צוקעהרען דאָס מיסט, אויפראַמען און טהון נאָך עפּיס איין אַרבייט ביז האַלבען טאָג. נאָך האַלבען טאָג איז ער פריי. באַקומען באַקומט ער נִיט קיין סך. אינגאַנצען פופצעהן סענט אַ טאָג, אַ חוץ פרייטאָג. פרייטאָג באַקומט ער אַ גאַנצען קוואָדער מיט אַ חלה אויף שבת.

ז.

דאָס, וואָס איך האָב אייך דערצעהלט אויבען, קעהר זיך אָן מיט די גרעסערע בחורים. די קלענערע לאָזט מען דאָ נִיט אַר־בייטען אין דער פריה. מחמת דאָ, אין אַמעריקע, מוזען קליינע קינדער לערנען, געהן אין סקוהל. דאָס הייסט, אין חדר אַריין. אַניט — טהוט זיך חושך. און לערנען לערענט מען אומזיסט. און מען גיט אייך נאָך צו ביכער אויך. אונזער חבר פּיני, אַז ער האָט דאָס דערהערט, איז ער געוואָרען אויסער זיך. ער האָט זיך דערמאַנט, אַז ביי אונז, אין דער היים, לאָזט מען גאָר אידישע קינדער נִיט אַריין אין גימנאַזיע. און דאָ, אין אַמעריקע, שלעפּט מען אייך מיט גוואַלד. אַניט — וועט איהר צאָהלען שטראָף. „צוליעב דעם אַליין, זאָגט פּיני, וואָלט זיך פאַני געמעגט באַגראָבען אַ לעבעדיגער אין דער ערד אַריין!"...

נאָר אַזוי ווי אין סקוהל געהט מען נאָר אַ האַלבען טאָג, קאָן מען דעם אַנדערען האַלבען טאָג עפּיס טהון און פאַרדיענען אַ פּאָר טאָלער. טהוען זיי טאַקי אַזוי, פּעסי'ס קלענערע קינדער. איינער, אָט דער וואָס מע רופט איהם טשערנאָהוז, אַרבייט אין איין אַפּ־טייק. דאָ הייסט עס אַ „דראָג־סטאָר". ער וואַשט פלעשלעך, געהט

אין פּאָסט־אָפיס נאָך מארקעס. דאָ הייסט עס „סטעמפּס“ און עס פּארקויפט זיך אין דער אַפּטייק. ער באַקומט פאר זיין ארבייט, נאָר פאר א האַלבען טאָג, א טאָלער מיט א קוואָדער א וואָך. „עס געהט ניט צו־פוס“ — זאָגט משה דער איינבינדער און נעמט־צו ביי איהם דאָס געלט.

## ז.

פּיטעל פּעטעלעלע, דאָ הייסט ער שוין פּיליפּ, געהט אויך א האַלבען טאָג אין סקוהל, און דעם אַנדערען האַלבען טאָג פּעדעלט ער מיט אידישע גאַזעטען. דאָ הייסט עס „פּייפּערס“. ער לויפט אַרום אויף איסט־בראָדוויי — אַזאַ סטריט — און שרייט: „פּייפּערס, פּייפּערס!“ און רופט דערביי אויס דעם נאָמען פון יעדען פּייפּער. ער מאַכט דערפון פון פערציג ביז פופציג סענט א טאָג, און א מאָל מעהר אויך. פארשטעהט זיך, אז דאָס געהט אויך אַוועק צום פאָטער אין טאָפּ אריין. אַלע פאַרדיענען, און דער איינבינדער האַלט זיי אַלעמען אויס.

## ח.

אַלע פאַרדיענען. אַפילו מיין חבר הערשעל, דער וואָס מיט דער גולקע און וואָס מע רופט איהם דערפאַר „ושתי“. דאָ הייסט ער שוין ניט ושתי און ניט הערשעל, נאָר הערריי, און לערענט אין סקוהל. דעם אַנדערען האַלבען טאָג נאָך דער סקוהל שטעהט ער ביי א סטענד אין ריווינגטאָן סטריט ביי א באַקאַנטער אידינע, טאַקי פון אונזער שטעדטעל, און העלפט איהר פארקויפען רייז, גרויפּען, הירזש, אַרבעס, בעבלעך, ניס, ראָזינקעס, מאַנדלען, פייגען, טייטלען, באָקסערען, און זויערע אוגערקעס אויך. קיין סך ארבייט דערביי האָט ער ניט. ער דאַרף נאָר אַכטונג געבען, מע זאָל ניט צעשלעפּען. וואָרום א אידינע, אז זי געהט־צו פרעגען אויף גרוי־

פען, האָפט זי אריין דערוויי̆ל א ראָזינקע, אָדער א מאַנדעל, אָדער א טייטעל אין מויל אריין. דערפאַר האָפט ער אָבער אליין אָפטליך אריין פון די זיסע זאַכען. ושתי אָדער הערדי וועט מיר ניט פאַרלייקענען. ער האָט זיך מיר מודה געווען, אז ער האָט זיך איינמאָל אזוי צוגעהאָפט צו די ראָזינקעס, אז עס האָט איהם נאָכ־דעם דריי טאָג וועה געטהאָן דער בויך. באַקומען באַקומט ער פאַר זיין ארבייט גאָרניט. בלתי נאָר דאָס, וואָס עס פאַלט איהם אריין פאַר העלפען אָפטראָגען א קאָסטאָמער. קריגט ער דערפאַר א פעני אָדער צוויי. און אמאָל א ניקעל — פינף סענט. ביי אונז הייסט עס „נאַ טשאַי". דאָ הייסט עס א „טיפ". דאָס ברענגט איהם אריין ביז א טאָלער א וואָך. אין דער היים האָט ושתי קיין קאָפּיקע קיינמאָל נישט געזעהען אין חלום אפילו. סיידען פורים ביי שלח־מנות פאַנאַנדערטראָגען. איז אָבער פורים נאָר איין מאָל אין יאָהר. און דאָ איז ביי איהם פורים אלע טאָג. אלע טאָג פאַרדיענט ער געלט.

— קאָלומבוס! ביזט ווערטה, מע זאָל דיך אָפּגילטען! — האָט געזאָגט אונזער חבר פיני, ווען ער איז דורכגעגאַנגען פאַרביי ריווינגטאָן סטריט און דערזעהען ושתי'ן ביי'ם סטענד. ער האָט איהם געגעבען צו לעזען דריי סענט פאַר באָקסערען און איין סענט ושתי'ן „נאַ טשאַיאָק", אָדער א „טיפ", ווי עס הייסט דאָ, אין אמעריקע.

## ט.

און משה דער איינבינדער אליין זיצט אויך ניט לעדיג. ער פאַרנעמט זיך ניט מיט איינבינדעריי, ווי אין דער היים. מחמת דאָ, אין אמעריקע, זאָגט ער, דאַרף מען צו דער מלאכה האָבען א מטמון מיט געלט אויף צו דינגען א סטאָר, קויפען אינסטרומענטען און האָבען באַקאַנטשאַפט. און ווייעדער, זאָגט ער, זיין א „האַנט" ביי יענעם, דאָס הייסט געהן דיענען — איז שוין ניט די יאָהרען.

האָט מען איהם געגעבען איין עצה — צווישען אידען ווערד מען ניט פארפאלען, — אז ער זאָל זיך איינפּיקסען א סטענד פון ספרים, ביכער און ביכלעך אויף עסעקס סטריט, וועט ער מאַכען א לעבען. אונזער חבר פּיני'ן איז דאָס אזוי געפעלען, אז ער זאָגט, ער וואָלט אויך א בעלן געווען האָבען אזא פּרנסה. און געפעלען איז דאָס איהם, זאָגט ער, דערפאר, ווייל ארום דעם וואָס מע געהט שמירט מען זיך. פּיני האָט ליעב ספרים און ביכער, ווי א פיש האָט ליעב וואסער. ער, אז ער חאַפּט זיך צו צו א בוך און שטעקט אריין דעם שפּיץ נאָז, וועט איהר איהם ניט אָפּרייסען.

## י.

און אפילו אונזער מחותן, יונה דער בעקער, פארנעמט זיך אויך ניט מיט זיין פריהעריגער מלאָכה, דאָס הייסט, מיט בעקעריי. פאר וואָס? אלץ די אייגענע מעשה. אויף צו עפענען א בעקעריי באדארף מען, זאָגט ער, דאָ האָבען רויטשילד'ס פארמעגען. און אויסער דעם, באדארף מען, זאָגט ער, באלאנגען צו דער „יוניע". און ער איז דערויף, זאָגט ער, שוין צו אלט. און געהן ארבייטען ביי יענעם ניט אין א „יוניע" האָט ער מורא, אז טאָמער מאַכט זיך א סטרייק — און דאָס איז אין אמעריקע אלע טאָג, — קאָן ער קריגען א צעשפּאָלטענעם קאָפּ. וואָס־זשע טהוט מען? איז דאָך שלעכט. האָט מען איהם געגעבען איין עצה, אז קיין ברויט און קיין חלה זאָל ער טאַקי ניט באַקען. נאָר וואָס דען? — קנישעס! היימישע קנישעס. מילכיגע מיט קעז, אָדער פארעווע מיט קרויט. און וואָס זאָלט איהר קלעהרען — אונזער מחותן מאַכט ניט שלעכט. גאָרניט שלעכט! זיינע קנישעס האָבען א שם אויף דער איסט־סייד. אז איהר'ט געהן אויף עסעקס סטריט, וועט איהר דערזעהען אָנגעשריבען אויף א פענסטער מיט גרויסע אותיות אויף אידיש: בכאן פאַרקויפט מען היימישע קנישעס — זאָלט איהר וויסען, אז דאָס איז אונזער מחותן, מיין ברודער אליהו'ס

שוועד, יונה דער בעקער. און טאָמער וועט איהר זעהען טאַקי אויף דער אייגענער סטריט, אַקוראַט אַקעגען, אויך אַ אידישען אויפשריפט און אויך מיט גרויסע אותיות: בכאן פּאַרקויפט מען היימישע קנישעס — זאָלט איהר וויסען, אַז דאָס איז שוין ניט אונזער מחותן יונה דער בעקער. דאָס האָט מען שוין געמאַכט איהם אַ קאָנקורענציע. זאָלט איהר אַהינצו ניט געהן. געהן זאָלט איהר בעסער צו אונזער מחותן, צו מיין ברודער אליהו'ס שוועד. אַ סימן וועט איהר האָבען, אַז איהר וועט אַריינקומען, וועט איהר באַלד דערקענען אונזער מחותן — ער איז אַ בייזער. און אויב איהר וועט ניט דערקענען איהם, וועט איהר דערקענען זי, אונזער מחותנת'טע, ריוועלע די בעקערין. זי איז מיט אַ גוידער און טראָגט קאַרעלען. און מיין שוועגערין ברכה וועט איהר דאָך געוויס דערקענען. זי האָט גרויסע פּיס. און איהר קליין שוועסטערעל, אַ ראַבעטיני מיידעל מיט אַ צעפּעל, דרעהט זיך דאָרט אַרום. זי הייסט אַלטע, און מע האָט זי מיר אַמאָל געהאַט גערעדט פאַר אַ כלה. נאָר פון איהר וועלען מיר שמועסען איין אַנדערש מאָל.

VIII

# מיר זוכען אַ דזשאָב

## א.

מע קאָן ניט באַקלאָגען זיך. מיר זענען זעהר אָנגעלעגטע געסט ביי אונזער שכנה פעסי די גראָבע און ביי איהר מאַן משה דער איינבינדער. און עס איז אונז דאָרט גאָר ניט שלעכט. און פרייליך איז אויך גענוג. ווער שמועסט זונטאָג, דער טאָג, וואָס די חאַליאַסטרע איז פריי, — דעמאָלט איז אַ לעבען. מיר נעמען זיך צונויף אַלע, גאַנץ קליינוואַרג — און מיין חבר מענדעל אויך מיט אונז — און מיר געהען אַוועק אין טהעאַטער אַריין. איך מיין דאָס די „מואווינג־פּיקטשורס". עס קאָסט אַ ניקעל אַ פּאַר־שוין, און איהר זעהט זיך אָן אַזעלכע וואונדירים, אַז דער קאָפּ דרעהט זיך אַזש! איך זאָל זיין דעם קייזער'ס אַ זוהן, אָדער דזשייקאָב שיפ'ס איין אייניקעל, וואָלט איך גאַנצע טעג מיט גאַנצע נעכט געלעגען אין די מואווינג־פּיקטשורס. איך וואָלט גאָר קיינמאָל ניט אַרויסגעקראָכען פון דאָרטען. מיין חבר מענדעל אויך דאָס אייגענע. און ושתי, דער וואָס הייסט שוין היינט העררי, אויך אַזוי. געהט זשע אָבער רעדט מיט מיין ברודער אליהו, זאָגט ער, אַז ס'איז אַ שטות'עריי. ס'איז גאָרניט, זאָגט ער. ס'איז

פאר קינדער. פרעגט זיך א קשיא: ווי באלד אז פאר קינדער, פאר וואס זשע רייסט זיך אהין אונזער חבר פיני? און זיין ווייב טייבעל? און מיין שוועגערין ברכה? האט מיין ברודער אויף אלסדינג א תירוץ. די ווייבער, זאגט ער, האבען אזוי פיעל שכל, וויפיעל די קינדער. און פיני, זאגט ער, רייסט זיך אהין נאר איהם, אליהו'ן, אויף צו להכעיס. דער שפיץ איז געווען, אז אליהו האט אזוי לאנג גערעדט, ביז ער איז איינמאל אין א זונטאג אויך מיטגעגאנגען מיט אונז. פון דעמאלט אן לאזט ער ניט דורך קיין איין זונטאג און געהט אין די מואווינג־פיקטשורס. מיר געהען אלע. יונג און אלט. קליין און גרויס. אפילו פעסי און משה און אונזערע מחותנים — אלע, אלע. נאר די מאמע געהט ניט. „איהר מאן, זאגט זי, וועט ליגען אין דער ערד, און זי וועט געהן אין טרעיאטער — ניט דערלעבען וועלען דאס, זאגט זי, איהרע שונאים!"...

## ב.

עס איז ניט שלעכט ביי אונזערע שכנים. טאקי גאר־גאר ניט שלעכט. עס איז אבער ניט קיין תכלית כסדר זיין ביי יענעם א גאסט. מע באדארף עפיס זעהען א טהועכץ, „טרייען א דזשאב". אין אמעריקע באדארף יעדער „מאכען א לעבען". אזוי זאגט מיין ברודער אליהו. ער געהט־ארום פארזארגט מעהר פון אלע־מען. ער קומט אלע טאג צו אונז פון זיין שוועהר יונה דעם בעקער און זעצט זיך אוועק מיט דער מאמע רעדען וועגען תכלית. ברכה זיצט אויך דערביי. און אונזער חבר פיני איז אויך דא. ער, פיני, האט פלאנען און פראיעקטען אהן א שיעור. נאר אלע זיינע פלאנען טויגען אויף כפרות. דאס הייסט, טויגען טויגען זיי, נאר זיי געפעלען ניט מיין ברודער אליהו. און טאמער גע־פעלט עס אליהו'ן, געפעלט דאס ניט ברכה'ן. למשל, פיני'ן איז געקומען א געדאנק, אז ער און אליהו און ברכה און טייבעל זאלען

אלע פיער געהן ארבייטען אין שאפ און ווערען שניידערס. דאס הייסט, נייהען אויף דער מאשין. דא רופט מען דאס „אפרייטערס”. זאגט אבער ברכה, אז ס'איז ניט כדאי געווען צוליעב דער שענער מלאכה אוועקוואהפען די היים, זיך איינשטעלען דאס לעבען איבער'ן ים און ווערען שניידערס אויף דער עלטער. ענטפערט איהר דערויף אליהו, אז ער ווייסט ניט וואס איז שענער — פארקויפען קנישעס אויף עסעקס סטריט, אדער ארבייטען ביי דער מאשין? ווערד ברכה אנגעצונדען, למאי אליהו ווארפט איהר אוים קנישעס. זי גיט איהם אנצוהערעניש, אז ווען ניט איהר טאטענ'ס קנישעס אויף עסעקס סטרט, וואלטען זיי אלע געשוואלען פאר הונגער...

## ג.

אונזער חבר פיני'ן האב איך ליעב נאר פאר זיין רעדען. ער, אז ער צעהיצט זיך, איז א חיות צו הערען. אויסגעהערט אלעמענ'ס טענות, האפט ער זיך אויף, מאכט מיט ביידע הענט און לעגט־אוועק א מענה־לשון. איך געדענק איטליכס ווארט. אט ווי אזוי פיני האט גערעדט:

— א! איהר פינסטערע, ווילדע מענטשען וואס איהר זענט! אין אייך ליגט טיעף איינגעווארצעלט דער גלות פון יענעם וויסטען לאנד פון פאני, ימח שמו וזכרו! אמעריקע איז אבער ניט חזיר־לאנד! אלע מיליאנערען און מיליארדערען אין אמעריקע האבען יונגערהייד געארבייט שווער און ביטער. ווער אין א שאפ, און ווער אויף דער סטריט. פרעגט ביי ראקענפעלער, קארנעגי, מארגען, וואנדערבילד, וואס זענען זיי געווען אמאל? צי האבען זיי ניט געקעהרט די סטריט? צי האבען זיי ניט ארומגעטראגען קיין פייפערס אויף צו פארקויפען? צי האבען זיי ניט געפוצט פרעמדע שיך פאר א ניקעל? צי נעמט, למשל, דעם קעניג פון אויטאמאבילען, מיסטער פארד — פרעגט איהם, צי איז ער ניט געווען

אמאָל א שאָפער, איין אָנטרייבער? אָדער נעמט גאָר די גרויסע מענטשען, אשטייגער, א וואשינגטאָן, א לינקאָלן, א רוזוועלט — זענען זיי דען געבוירען געוואָרען גרויסע מענטשען, פּרעזידענטען? צי אפילו איצטיגער פּרעזידענט ווילסאָן, זאָל ער מיר מוחל זיין, איז ניט געוועז קיין מלמד?...

ד.

דאָס קאָן שוין מיין ברודער אליהו ניט פאַרטראָגען. ער האקט איבער אונזער חבר פיני'ן סאַמע אין מיטען:

— ע, פיני, דו רעדסט שוין על ה' ועל משיחו און אויף „נגתקה”! דו פאַרגעס נאָר נישט, אז דערווייל איז ווילסאָן מלך...

נאָר פיני, אז ער צעהיצט זיך, איז געפעהרליך. ער לאַכט זיך אויס פון מיין ברודער אליהו:

— חא־חא! מלך? וואָס מיר מלך? ווער מיר מלך? ניטאָ קיין מלך אין אמעריקע! א פרייע מדינה! א דעמאָקראַטיטשע־סקע!...

— בקיצור, איז ניט קיין מלך, איז ער פּרעזידענט, וואָס איז די נפקא־מינה? — פּרובט זיך אליהו. און פיני האקט איהם אָפּ:

— ס'א גרויסע נפקא־מינה! פון מלך ביז פּרעזידענט איז אזא חילוק, ווי פון „יכבה” ביז „יבבה”! א מלך איז א מלך, און א פּרעזידענט איז א פּרעזידענט! א מלך איז בירושה, און א פּרעז־דענט קלויבט מען אויס. ווילען מיר — איז ווילסאָן פּרעזידענט אויף נאָך פיער יאָהר, ווילען מיר ניט — איז ער צוריק א מלמד. און דאָס ווייסט דו, אז אין עטליכע יאָהר ארום קאָן איך אויך זיין א פּרעזידענט?

— דו? א פּרעזידענט?...

— איך — א פּרעזידענט!...

ה.

זינט איך קען מיין ברודער אליהו האָב איך איהם נאָך קיינ־מאָל ניט געזעהען אזוי לאַכענדיג, ווי איצט. מיין ברודער אליהו, ווייסט איהר דאָך, איז בכלל אַ מענטש אַ פאַרזאָרגטער, אַ מרה־שחורה'ניק. זעלטען ווען איהר זעהט איהם, ער זאָל לאַכען. און אפילו אז ער לאַכט, איז אויך נאָר מיט אַ האַלבען מויל. איצטיגס מאָל איז עפּיס אָנגעפאַלען אויף איהם אזא געלעכטער, אז מיין מאמע האָט זיך אזש איבערגעשראָקען פאַר איהם. עס איז אָבער טאַקי געווען פון וואָס צו לאַכען. מע האָט באַדאַרפט נאָר אַ קוק טהון אויף אונזער חבר פּיני'ן, ווי אזוי ער האַלט די הענט אין די קעשענעס פון זיינע שמאָלע הויזען, וואָס קוים זיי האַפען אַרום די נייע גרויסע אמעריקאַנער שיך, אויפ'ן האַלז־טיכעל, וואָס טייבעל מאַכט איהם אַלע מאָל צו־רעכט, ס'זאָל ליגען גלייך, און עס פאָלגט ניט, האָטש געב דעם אַ קרענק, און אויף זיין האַרט קליין אמעריקאַנער קאַפּעלישעל, וואָס וויל ניט זיצען אויף איין אָרט, און דער עיקר — אויף זיינע קורצזיכטיגע אויגען מיט זיין שפּיצעכיגער נאָז, וואָס קוקט־אַראָפּ אין מויל אריין.

— רבונו של עולם! אָט דאָס וועט זיין אמאָל אַ פּרעזי־דענט?... זייט אַ בריה און לאַכט ניט!

ו.

גוט אָנגעלאַכט זיך, רופט זיך אָן מיין ברודער אליהו צו דער מאמע אזוי:

— מילא, אונז האָט שוין אונזער פּיני באַוואָהרענט. מיר געהען אַלע אין שאַפּ און וועלען נייהען קליידלעך אויף דער מאַשין. און פּיני אַליין איז דאָך אודאי שוין אַ באַוואָהרענטער מענטש — ער וועט דאָך זיין, אם ירצה השם, אַ פּרעזידענט... וואָס טהוט מען אָבער מיט אונזער קליינוואַרג?

דאָס מיינט ער מיך און מיין חבר מענדעל. ער קאָן ניט ליידען, וואָס מיר געהען אַרום בטל. ער איז אין כעס סכנות, למאי מיר דרעהען זיך אַרום איבער דער סטריט און שפּיעלען אין „באָל“ אָדער אין „טשעקעס“ (ביי אונז הייסט עס „מיאַטש“ און „קנעפּלעך“). ער האָט זיך אַ פּרוּף געטהאָן מיך אָנצונעמען ביי'ם אויהער, געדענקט איהר דאָך, וואָס פאַר אַ מיאוס'ען פּסק ער האָט געחאַפּט פון אַ „ווערגעלעץ“, וואָס האָט איהם צוגעשטעלט אַ קולאַק גלייך אין נאָז אַריין — ער זאָל וויסען, אַז אין אַמעריקע קאָן מען זיך „פייטען“, דאָס הייסט שלאָגען, נאָר מיט אַ גלייכען.

— וואָלט איהר שוין געהאַט אַזאַ דאגה מיט זיך, ווי איהר האָט אַ דאגה מיט די קינדער!... — רופט זיך אָן משה דער איינבינדער און דערמיט גיט ער אונז אָנצוהערעניש, אַז מיר זענען טאַקי זעהר וואוילע געסט, נאָר ס'איז שוין צייט, מיר זאָלען עפּיס טהון, עפּיס אַליין פאַרדיענען אונזער שטיקעל ברויט...

ז.

הייגט אונז, מיינט איהר, איז דאָס איינגענעמען צו זיצען ביי יענעם אויף לאַסקאַווע ברויט? מיין מאַמע העלפט־אויס פּעסי'ן אין קיטשען. זי באַקט און קאָכט און וואַשט און רוימט. אונזער חבר פּיני'ס ווייב טייבעל פאַרבעט די בעטען און קעהרט־אויס די רומס. פּיני אַליין העלפט משה דעם איינבינדער אויפ'ן סטענד ביי די ספרים. חאָטש דעם אמת זאָגען, איז פון פּיני'ס הילף נישטאָ אַ סך צו וואַרטען. וואָרום פּיני, אַז ער דערזעהט ספרים, איז איהם ניט אָפּצורייסען. שטעקט ער אַריין די נאָז אין אַ בוך — איז אַ גוטען טאָג! דאָס אַליין וואָלט נאָך אויך ניט אויסגעמאַכט. האָט ער אַ טבע — ער דראַקעט. גאָט האָט איהם צוגעשיקט אַ פאָנטאָן־פּעז, וואָס די טינט געהט ניט אויס אייביג אויף אייביג. פּאַפּיער איז דאָ וואָלוועל, וועלוועלער פון באָרשטש, — זיצט ער און דראַקעט.

— דו לערענסט זיך שרייבען? — פרעגט איהם אליהו. נאָר פיני ענטפערט איהם נים. ער לעגט־צונויף דאָס אָנגעשריבענע און באהאלט עס ווייט־ווייט אין די זייט־קעשענעס פון פידזשאַק פון ביידע זייטען, און ער זעהט אוים ווי געשוואָלען.

## ח.

מיר, איך און מיין חבר מענדעל, זיצען אויך ניט לעדיג. ביז מיר וועלען אמאָל קריגען אַ דזשאַב, העלפען מיר אוים דער מאַ־ליאַסטרע ווי ווייט מעגליך. איך העלף דעם עלטערען באַי קלעצעל, וואָס מע רופט איהם איצטער „סעם", ביי׳ם צעטראָגען די פעקלעך פון די פייפער־באַקסעס. און מיין חבר מענדעל רייבט זיך אמאָל ארום וועלווען, וואָס היינט הייסט ער „ווילי", אין דער באקאַ־ליינע סטאָר, און אמאָל ארום פייטלען, וואָס מע רופט איהם היינט „פיליפ", דער וואָס פעדעלט מיט אידישע „פייפערס". פאַר אונ־זער ארבייט באַקומען מיר פון זיי גיט קיין שום געצאָהלט, אַ חוץ נאָר, וואָס זיי נעמען אונז זונטאָג אויף זייערע הוצאות אין טהעאַ־טער, איך מיין, אין די מואווינג־פיקטשורס. און אז מיר געהען־ארוים פון די מואווינג־פיקטשורס, זענען זיי אונז מכבד מיט „מאַראַזשענע". דאָ הייסט עס „אייז־קרים", און מע עסט דאָס אָדער מיט צוויי שטיקלעך ביסקוויט, וואָס זעהט אוים ווי אַ פורים׳־דיג פלעדעל, אָדער מע טרינקט עס מיט סאָדע־וואַסער. דערנאָך „נעמען מיר אַ וואָק", אַ שפּאַציער הייסט עס, אין פּאַרק. און פּאַרקען זענען דאָ אין ניו־יאָרק אַ סך, און אומעטום לאָזט מען אייך אריין אומזיסט, אָהן געלט. אמעריקע איז שוין איין מאָל אַ לאַנד! וואוהין איך וויל — אהין געה איך, און וואָס איך וויל — דאָס טהו איך.

## ט.

האָב איך צייט, כאַפּ איך זיך אַראָפּ צו מיין אַמאָליגען חבר
ושתי (היינט הייסט ער שוין הערדי). איז אָבער זיין באָסיכע
(בעל־הבית'טע) פונ'ם סטענד ניט צופריעדען. זי האָט באַמערקט,
אַז ושתי רוקט מיר אונטער אַמאָל אַ באָקסער און אַמאָל אַ פּאָר
ראָזינקעס מיט מאַנדלען. „צוויי נאַשערס, זאָגט זי, קאָן איהר
סטענד ניט פאַרטראָגען"... געה איך שוין מעהר ניט צו ושתי'ן,
צו הערדי'ן הייסט דאָס. איך וואַרט ביז ער קומט אויף דער נאַכט
אַהיים, ברענגט ער מיר אַלע מאָל צו טראָגען עפּיס אין קעשענע
אויף צו נעמען אין מויל אַריין. דערזעהט ברכה, אַז איך קיי,
שטעלט זי מיר צו אַ בענקעלע פאַר מיין ברודער אליהו. פרעגט
מיך אליהו, וואָס איך קיי? זאָג איך: „טשאָינגאָם". אָט דאָס,
וואָס אַלע קייען אין אַמעריקע. זאָגט ברכה, אַז עס קעהרט זיך
איהר איבער די גאַל פון דעם קייען, וואָס מע קייעט דאָ. זאָגט
איהר אליהו: „עלעהיי, לאָז זיך דיר דאַכטען, אַז בהמות מעלה־
גרה'ן"... קאָן דאָס פּיני ניט ליידען, למאי אליהו פאַרגלייכט די
אַמעריקאַנער צו בהמות. ער זאָגט:

— דו נעמסט אַ פאָלק, דאָס ערשטע, דאָס גרעסטע, דאָס
קלינסטע און דאָס פרייסטע פאָלק אין דער וועלט, און פאַרגלייכסט
זיי צו, להבדיל, בהמות?!... איך וואָלט אַ בעלן געווען, זאָלסט
מיר זאָגען נאָר איין זאַך — וואָס וואָלט פון אונז געווען, ווען
קאָלומבוס זאָל חלילה ניט געווען אַנטדעקען אַמעריקע?

— וואָלט עס איין אַנדערער אַנטדעקט! — ענטפערט איהם
אָפּ מיין ברודער אליהו גאָר פראָסט און דווקא ניט לאַנג געטראַכט.

## י.

דאַנקען השם יתברך, איך קאָן אייך אָנזאָגען אַ בשורה —
מיר האָבען שוין אַ דזשאָב. מיר'ן שוין ניט דאַרפען מעהר אַרומ־
געהן לעדיג. מיר'ן שוין ניט דאַרפען אָנקומען צו לאַסקאָווע

ברויט. מיר אַרבייטען שוין אין שאַפּ. דאָס הייסט, ניט איך און ניט מיין חבר מענדעל. אונז נעמט מען ניט. מיר זענען נאָך צו יונג. אין שאַפּ געהען אַרבייטען דערוויל צוויי פון אונזער משפּחה: מיין ברודער אליהו און אונזער חבר פּיני. וואָס הייסט אַרבייטען אין שאַפּ, און ווי אַזוי אַרבייט מען דאָרט? — דאָס געה איך אייך דערצעהלען.

IX

# מיר אַרבייטען אין שאַפּ

## א.

ווי אזוי מע ארבייט אין שאַפּ — קאָן איך אייך אקוראַט ניט זאָגען. וואָרום איך וויים אַליין ניט. מע לאָזט מיך נאָך אהינצו ניט אריין. וואָרום איך בין נאָך ניט בר־מצוה. איך וויים נאָר דאָס, וואָס איך הער פון מיין ברודער אליהו און פון אונזער חבר פּיני. אַלע אויפדערנאַכט, אַז זיי קומען אהיים פון שאַפּ, דער־צעהלען זיי אונז חדושים ונפלאות. זיי קומען אַלע מאָל אויס־געמאַטערט און הונגעריג. און מיר זעצען זיך עסען וועטשערע. דאָ הייסט עס „סאַפּער". ברכה האָט פיינט אָט דאָס וואָרט, אזוי ווי איין עהרליכער איד האָט פיינט חזיר. נאָך א וואָרט איז פאַר־האַן, וואָס מיין שוועגערין קאָן ניט אריבערטראָגען. דאָס איז א „ווינדע". א ווינדע הייסט דאָ א פענסטער. זאָגט ברכה דערויף: „ווינד און וועה זאָל זיין צו זיי"... היינט קאָן זי ניט הערען, אַז מע זאָגט „סטאַקינגס". איהר וועט קיינמאָל ניט פאַלען דערויף, אַז סטאַקינגס זענען זאָקען. אָדער, אשטייגער, וואָס וועט איהר זאָגען אויפ'ן וואָרט „דישעס"? דאַכט זיך, אַז „פּאָסודע", זאָגט ברכה, איז א סך שענער? אָדער וואָס קאָן זיין פּשוט'ער

פון א „לעפעל״? ניין. לוינט זיי ניט. ביי זיי קומט אויס, אז א לעפעל איז א „ספון״. ניט אומזיסט זאָגט ברכה א ווערטעל (זי האָט זיך איהרע אייגענע ווערטלעך): „אמעריקע איז א לאַנד, סטייק איז א מאכל, פּאַרק איז א גאַפּעל און איינגעלש איז א שפּראַך״...

## ב.

מיין ברודער אליהו און אונזער חבר פּיני ארבייטען אין צוויי באזונדערע שעפּער. איינער איז איין „אָפּרייטער״. דאָס הייסט, מחילה, א שניידער. דער אַנדערער איז א „פּרעסער״. איין אָפּ־רייטער דאַרף ניט נייהען מיט די הענט. ער שטעפּט ביי דער מאשין. דאָס דאַרף מען אָבער אויך קאָנען. עס שטעפּט זיך ניט אליין. ווי זשע קומט דאָס צו מיין ברודער אליהו, אז אונזער טאַטע, און אונזער טאַטענ׳ס טאַטע, און אונזער טאַטענ׳ס טאַטענ׳ס טאַטע איז קיינמאָל קיין שניידער ניט געווען און א מאשין קיינמאָל אין די אויגען ניט געזעהען? מיר שטאַמען, זאָגט די מאַמע, פון לויטער חזנים, רבנים און שמשים. איז דאָך שלעכט! איז דאָס אָבער אמעריקע. אין אמעריקע איז ניטאָ א זאַך, וואָס א מענטש זאָל ניט קאָנען. אין אמעריקע לערענט מען זיך אויס. א סימן האָט איהר — למאי א רב? זיין א רב דאַרף מען דאָך אודאי קאָנען. א רב מוז חאָטש קאָנען פּסק׳ענען שאלות. פון דעסט־וועגען זענען פאַרהאַן אין אמעריקע רבנים, דאָ הייסען זיי „רעוור־רענטען״, וואָס אין דער היים זענען זיי געווען קצבים. מיין ברודער אליהו האָט זיך דאָ באַקענט מיט א מוהל, מיט א רעוורענט, וואָס מע נעמט איהם אויף ברית׳ען. אין דער היים איז ער געווען א שניידער, און נאָך א דאַמסקי דערצו!

פרעגט איהם אליהו: „היתכן?״...

ענטפערט ער איהם: „אמעריקע!״...

ג.

ווי אַזוי האָט זיך מיין ברודער אליהו אויסגעלערענט שטעפּען? — למאי ווי אַזוי איז דער דאַמסקי שניידער געוואָרען אַ מוהל? איז אליהו נעבאך טאַקי גוט אויסגעריסען געוואָרען. מע האָט איהם געגעבען איבערגעבליבענע שטיקלעך, ער זאָל זיי איבערגעהן מיט דער מאַשין. איז ער דורכגעגאַנגען עטליכע מאָל הין און צוריק און איז געוואָרען אָל־רייט. אויף מאָרגען האָט ער שוין געשטעפּט. מאָהלט אייך, אַז אָך און וועה איז געוועזן צום שטעפּען. נאָר גוט איז דאָס. למאי פּיני האָט דאָס אויך ניט געקאָנט באַווייזען? ניט מחמת ער האָט זיך געפוילט אַרבייטען. חס וחלילה! פּיני וועט אייך געהן אַרבייטען טאַטשקע־אַרבייט — אַבי מאַכען אַ לעבען אין אַמעריקע. איז די צרה, וואָס ער האָט אַ נידעריגע ראיה און טהוט אַלסדינג האַפּענדיג. מע האָט איהם אויך אָװעקגעזעצט ביי דער מאַשין, ווי מיין ברודער אליהו. מע האָט איהם אויך געגעבען איבערגעבליבענע שטיקלעך, ער זאָל זיי איבערגעהן הין און צוריק מיט דער מאַשין. האָט זיך געטראָפען מיט איהם איין אומגליק. דאָ ווערד דאָס אָנגערופען: „איין עקסידענט". אונזער חבר פּיני האָט אין איילעניש פּאַרטשעפּעט דעם פינדזשאַק און האָט צוגעשטעפּט דעם לינקען אַרבעל צו דער מאַשין. אַ גליק האָטש, וואָס ניט די האַנט. וועה־וועה, וואָס מע האָט זיך אָנגעלאַכט פון איהם! חברה שניידערס האָבען אויפגעהויבען אַ הורראַ! „גרינהאָרן" האָבען זיי איהם אַ נאָמען געגעבען. גרינהאָרן איז די טייטש אַ גרינער. און אַ גרינער הייסט אַזעלכער, וואָס איז נאָר־וואָס אַראָפּגעקומען פון דער היים און ווייסט ניט, וואו אַ טיר עפענט זיך. גרינהאָרן איז אַ בזיון. ערגער פון אַ גנב... נאָר דאָס וואָלט נאָך געוועזן, ווי זאָגט ברכה, אַ האַלבע צרה. דאַרף זיך טרעפען — אָט וועט איהר הערען וואָס.

## ד.

פונקט אין דעם שאַפּ, וואו מיין ברודער אליהו האָט געאַרבייט ביי דער מאַשין און אונזער חבר פיני איז אויך געקומען לערנען די אַרבייט, האָט זיך געפונען אונזערער איין אַלטער באַקאַנטער און פיני'ס אַ שונא — דער הייסינער שניידער. אויב איהר האַלט קאָפּ, זענען מיר מיט'ן הייסינער שניידער געפאָהרען אינ־איינעם אויף איין שיף, אויפ'ן „פּרינץ אַלבערט". איהר דאַרפט געדענקען מסתמא דאָס אויך, אַז מיט אונזער חבר איז דער הייסינער שניידער געווען אויף מעסערשטעך. באַדאַרף נאָט פיהרען אַזוי, אַז פיני זאָל זיך מיט איהם באַגעגענען אין איין שאַפּ. און נאָך ווי אַזוי באַגעגענען! אין דעם דאָזיגען שאַפּ איז דער הייסינער שניידער אַ גאַנצער מאַכער. ער איז ניט קיין אָפּרייטער ביי דער מאַשין, נאָר אַ „קאַטער". דאָס הייסט, ער איז אַ צו־שניידער. ער שניידט־צו, און די אָפּרייטערס נייהען. איז איהם נאָך ווינציג. ער זאָגט, אַז ער וועט לאַנג ניט זיין אין די ביזנעס. ער האָפט גאָר אין גיכען ווערען אַ „דעזיינער". דאָס איז שוין גאָר אַ גרויס שטריימעל. אַ דעזיינער הייסט אַזעלכער, וואָס מאַכט פאַסאָנען. אַ דעזיינער פאַרדיענט פופציג טאָלער אַ וואָך, און פינף און זיבעציג טאָלער אַ וואָך, און הונדערט אויך! אַז עס באַגליקט אַ מענטשען, ווייסט ער ניט פון וואַנען! ווי זאָגט ברכה: „איינעם ניט גאָט גאָר, דעם אַנדערען גאָרניט"...

## ה.

אַז פיני איז אַריינגעקומען אין שאַפּ, קומט איהם דער הייסי־נער שניידער אַקעגען. ער שטעלט אַוועק אויף איהם די שאַרפע ברילען, ציהט־אויס פיני'ן אַ יד און מאַכט צו איהם: „העללאָו, לאַנדסמאַן! האַו דו יו דו?"... דאָס הייסט: „שלום־עליכם, וואָס מאַכט איהר, רב קרוב?"... קוקט אויף איהם אונזער חבר פיני

מיט זיינע קורצזיכטיגע אויגען. ווער איז דער לץ? ער האָט איהם גאָרניט דערקענט. ערשט, אז יענער האָט איהם אָנגערופען דעם נאָמען פונ'ם שיף „פרינץ אַלבערט", האָט זיך פיני דערמאָנט ווער דאָס איז. און ס'איז איהם געוואָרען, זאָגט ער, דריי לעבער אין הארצען! דאכט זיך, וואָס האָט איהם דער הייסינער שניידער געטהאָן? ער קאָן אָבער, זאָגט פיני, זיין פנים ניט אָנקוקען. ער זאָל וויסען, זאָגט ער, פארדיענען טויזענד טאָלער א שעה, וועט ער אין דעם דאָזיגען שאָפּ ניט זיין קיין מינוט אפילו! און דערצו נאָך דער עקסידענץ מיט'ן צוגעשטעפּטען ארבעל...

ו.

בקיצור — פיני שוין ניט זיין קיין אָפּרייטער. ער געהט אוועק אין איין אנדער שאָפּ און באשטעלט זיך דאָרט פאר א פּרעסער. א אונטערפּרעסער דערווייל. אז ער וועט זיך אויס־לערנען די ארבייט, וועט ער געהן העכער און העכער. ביז וואוהין?

— מע קאָן ניט וויסען. — זאָגט פיני. — קיינער ווייסט ניט ווען ס'מ'ען אָרגען ס'איז. ניט קארנעגי, זאָגט ער, ניט וואנ־דערבילד, ניט ראָקענפעלער האָבען געוואוסט, אז זיי וועלען אמאָל זיין דאָס, וואָס זיי זענען...

דערווייל ווערד נאָך פיני גוט פארשווארצט. און אַלץ איבער זיין טבע, וואָס ער האָט ליעב אַלסדינג טהון חאפּענדיג. און דערצו נאָך זיין נידעריגע ראיה. ער קומט אַלע טאָג אהיים א צעבריהטער.

איינמאָל איז ער געקומען מיט א סקאַליטשעטער נאָז. וואָס איז די מעשה? ער האָט זיך ביי'ם פּרעסען אָפּגעבריהט די נאָז. ווי קומט דאָס פּרעסעל צו זיין נאָז? זאָגט פיני, אז זיין נאָז האָט ניט געוואַרט, ביז דאָס פּרעסעל וועט זיך מטריח זיין צו זיין נאָז. ער קאָן באשטעהן, זאָגט ער, אז זיין נאָז זאָל געהן צום פּרעסעל. ווי קומט זי, די נאָז, צום פּרעסעל? לאָזט זיך אויס, אז פיני האָט

נאָר געזוכט אַ שטיקעל אַרבייט, און ווייל ער האָט אַ נידעריגע ראיה, האָט ער זיך דעריבער אָנגעבויגען הארט צום טיש און האָט געטראָפען מיט'ן שפּיץ נאָז גלייך אויפ'ן אָנגעגליהטען פּרעסעל.

— אַ שלים־מזל אז ער פאַלט אין שניי, טרעפט ער אויך אויף אַ שטיין...

איך מיין, אז איך וועל אייך ניט דערצעהלען, ווער דאָס האָט געזאָגט, וועט איהר אויך טרעפען, אז דאָס האָט געזאָגט ברכה. מיין שוועגערין קאָן אריינזאָגען...

### ז.

ברכה איז ניט צופריעדען. מיין מאַמע אויך ניט. טייבעל אויך ניט. איהר האָט אַמאָל געזעהען, אז ווייבער זאָלען זיין צופריעדען? זיי באַוויינען אונז, מאַנסבילען, וואָס מיר דאַרפען אַזוי האָרעווען אין אַמעריקע, בכדי צו מאַכען אַ לעבען. אַ קלייניגקייט — אַרבייטען אין שאָפּ! אז האַלב נאָך זיעבען אין דער פריה מוז מען שוין זיין אויף דער אַרבייט. אַ שעה נעמט־צו דאָס פאָהרען אַהין. עפּיס איבערהאַפּען דאַרף מען. דאַוונען דאַרף מען דאָך אודאי. הייַנט רעכענט־אויס, ווען מיר דאַרפען אויפשטעהן? און פאַרשפּעטיגען טאָר מען ניט קיין מינוט אפילו. וואָרום טאָמער פאַרשפּעטיגט איהר, רעכענט מען אייך אראָפּ פאַר יעדע פינף מינוט אַ האַלבען טאָג אַרבייט. ווי אַזוי ווייסט מען דאָס, צי איהר האָט פאַרשפּעטיגט, אָדער ניין? דערויף איז דאָס אַמעריקע. אין אַמעריקע האָט יעדער שאָפּ אַזאַ מין זייגער. אַז איהר קומט אין שאָפּ, געהט איהר צו צום אַלעם ערשטען און טהוט אַ קוועטש דעם זייגער. ווערד דאָס אָנגערופען אויף זייער לשון: „פּאָנטשען די קלאָק". „קלאָק" איז אַ זייגער און נעמט זיך, זאָגט מיין ברודער אליהו, פון גלאָק. אַ גלאָק קלינגט און אַ זייגער, זאָגט ער, קלינגט אויך. אָבער נאָר אַ וואַנט־זייגער. אַ

סימן האָט איהר: אַ קעשענע־זייגערעל קלינגט ניט, הייסט עס „וואַטש". פרעג איך ביי אליהו'ן: „פאַר וואָס עפּים וואַטש?" זאָגט ער: „ווי דען זאָל עס הייסען?" זאָג איך: „וואַטשעל". פרעגט מיך אליהו: „פאַר וואָס עפּים „וואַטשעל"?" זאָג איך: „אַז אַ זייגער איז אַ זייגערעל, דאַרף זיין וואַטש אַ וואַטשעל. עלעהיי, זאָג איך, אַ „באָי" איז אַ יונג, איז אַ יונגעל „באָיטשיק", און אַ קליין יונגעלע — אַ „באָיטשיקעל"... ווערד אליהו אין כעס און זאָגט מיר, אַז איך האָב זיך אויסגעלערענט פון אונזער חבר פיני זאָגען אַלסדינג פאַרקעהרט. אַ גליק, וואָס פיני איז ניטאָ דערביי. פיני זאָל זיין, וואָלטען זיי זיך שוין צעאַמפּערט איבער'ן וואָרט „וואַטש", אַזוי ווי זיי האָבען זיך געאַמפּערט און שיער ניט צעשלאָגען זיך איבער'ן וואָרט „ברעקפיש" — אָנבייסען. דערפאַר, זאָגט אליהו, איז איין אָנבייסען ברעקפיש, ווייל צום אָנבייסען עסט מען פיש, אָדער הערינג. זאָגט פיני: „ווי באַלד אַז הערינג, פאַר וואָס זשע זאָגט מען ניט: „ברעקהערינג"?" זאָגט איהם אליהו: „בהמה וואָס דו ביזט! און וואָס איז אַ הערינג — ניט קיין פיש?" פיהלט זיך פיני, אַז ער איז געשלאָגען, זאָגט ער: „ווייסט דו וואָס? לאָמיר פרעגען ביי איין אַמעריקאַנער אידען!" און מע פוילט זיך ניט און מע שטעלט־אָפּ אַ געגאָלטען אידען אין מיטען גאַס (שבת איז דאָס געוועזען) און מע טהוט איהם אַ פרעג אויף אַ טשיקאַוועסט: „פעטער! איהר זענט שוין לאַנג אין אַמעריקע?" זאָגט ער: „דרייסיג יאָהר. וואָס איז דען?"... זאָגען זיי: „מיר ווילען אייך עפּים פרעגען. ניט אונז צו פאַרשטעהן, פאַר וואָס זאָגט מען ביי אייך אויף איין אָנבייסען ברעקפיש?" קוקט זיי אָן דער איד און זאָגט צו זיי: „ווער האָט דאָס אייך געזאָגט, אַז אויף איין אָנבייסען זאָגט מען ביי אונז ברעקפיש?" „ווי אַזוי זשע דען זאָגט מען?"

— ברעקפעסט! ברעקפעסט! ברעקפעסט! — שרייט זיי אוים דריי מאָל דער איד גלייך אין פּנים אריין און איז זיי מכבד מיט'ן נאָמען „גרינע חיות"...

## ח.

איך האָב מורא, אַז מיר וועלען זיך מיט'ן שאַפּ ניט עלטערען. מיין ברודער אליהו זאָגט, אַז די אַרבייטער האָבען צרות פונ'ם „פאָרמאַן". יעדער שאַפּ האָט אַ פאָרמאַן — איין עלטסטען, איין אויפזעהער. און ניט נאָר איין פאָרמאַן, יעדער שטאָק האָט זיך זיין פאָרמאַן. אויף דעם שטאָק, וואו אליהו אַרבייט, איז דער פאָרמאַן אַ המן, אַ רשע מרושע. ער איז אַליין אַמאָל געווען איין אָפּרייטער. נאָר ער האָט זיך אַרויפגעאַרבייט און איז געוואָרען אַ פאָרמאַן. די אַרבייטער זאָגען, אַז ער איז ערגער פונ'ם „באָס". באָס איז אַ לשון־קודש־וואָרט און שטאַמט פונ'ם וואָרט „בעל־הבית". אַזוי זאָגט אליהו, און פּיני מוז אָפּשווייגען. וואָרום אויף לשון־קודש איז אליהו בעל־מצרא. פאָרט אַ חזנ'ס אַ זוהן... נאָר מיר קעהרען זיך אום צום פאָרמאַן. מע האָט אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג אין שאַפּ, אַז דער פאָרמאַן רוקט דעם זייגער. אַזוי, אַז ווען איהר זאָלט ניט קומען, וועט איהר פאַרשפּעטיגען — וואָס זאָגט איהר אויף אַזאַ ממזר?... און אונזער חבר פּיני דערצעהלט פון זיין שאַפּ נאָך שענערע מעשיות. זייער פאָרמאַן, זאָגט ער, לאָזט ניט דעם אַרבייטער אַ קוק טהון אין אַ פּייפּער אַריין. לייענען אַ צייטונג ביי דער אַרבייט — חיות ניט זיכער! רוייכערען שמועסט מען ניט. אַ וואָרט טאָר מען ניט אויסרעדען צווישען זיך. ס'איז אַזוי שטיל, זאָגט ער, אַז מע קאָן הערען אַ פליעג! אויסער דעם טראַסק מיט'ן גראַגערען פון די מאַשינען. נאָך אַ מעלה האָט זיין שאַפּ. דאָרט ווערען די פּרעסלעך אָנגעוואָרעמט מיט גאַז. דאָ זאָגט מען ניט גאַז, נאָר „געז". דאָס הייסט, שטינקען שטינקט עס אַזוי ווי ביי אונז גאַז. נאָר מע טאָר ניט זאָגען גאַז. מע דאַרף זאָגען געז. אַקוראַט פאַרקעהרט. סע זאָל ביי אונז אין דער היים הייסען געז, וואָלט מען דאָ מסתמא געזאָגט גאַז.

## ט.

הקיצור, די געז פון די פרעסלעך פארהאקט אזוי דעם קאפ, אז די ארבייטער אין שאפ פאלען חלשות און מוזען סטאפען די אר־בייט. רעכענט מען זיי אפ פון דער „פיידע”. דאס הייסט, אז עס קומט צום אפנעמען פאר דער וואך, וואס מע האט פארדיענט, ווערד א לאך. דא האט איהר פארשפעטיגט פינף מינוט — אראפ א האלבער טאג. דא זענט איהר צו־פריה אוועקגעגאנגען — אראפ א האלבען טאג. דא זענט איהר געפאלען חלשות — פארפאלען א טאג.

ניין. מע קאן שוין מעהר ניט אריבערטראגען. מע וועט מוזען ארוים אין א סטרייק.

# X

# מיר סטרייקען!

## א.

מיר דאכט, אז ס'איז גאר ניטא קיין בעסערע זאך אויף דער וועלט, ווי אז מע סטרייקט. דאס האט אזא פנים, ווי אז איהר לערענט ביי א רבי'ן, וואס שלאגט זיך צו שטארק, נעמט מען אפ ביי איהם די קינדער און מע זוכט איין אנדער מלמד. דערוויילערט איהר אויף צו געהן אין חדר. מיין ברודער אליהו און אונזער חבר פיני האבען אויפגעהערט צו געהן אין שאפ. אונזער שטוב האט שוין גאר איין אנדער פנים, זינט זיי זענען אין דער היים. אזוי האבען מיר זיי אנגעקוקט איין מאל אין וואך — זונטאג. ווארום, ווי איך האב אייך שוין דערצעהלט, אז מע ארבייט אין שאפ, מוז מען אויפשטעהן כאור, בכדי מע זאל חלילה ניט פארשפעטיגען. און אז זיי זענען געקומען אהיים, פלעג איך שוין שלאפען. פאר וואס? דערפאר, וואס זיי האבען געארבייט „אווערטיים". דאס הייסט, אז אלע אנדערע ארבייטער זענען געגאנגען אהיים, זענען אונזערע לייט נאך געזעסען אין שאפ ביי דער ארבייט. ניט דערפאר, וואס מע האט זיי נענויט פון קהל. זיי האבען געארבייט אווערטיים, בכדי זיי זאלען מעהר פארדיענען. אי, אז ס'איז געקומען צום צאהלען, האט מען ביי זיי

אפגעריסען טעג — וואָס זענען זיי שולדיג? „עלעהיי, גזלנים זענען אונז באַפאַלען"... אַזוי האָט געזאָגט מיין ברודער אליהו.

— עלעהיי, דו ביזט אַ לעקיש! — זאָגט צו איהם מיין שוועגערין ברכה. ווען זי, זאָגט זי, זאָל ארבייטען אין אַ שאַפּ, וואָלט זי זיך ניט געלאָזט שפּייען אין דער קאַשע. זי זאָגט, אַז אַלע פאַרלייט מיט אַלע באָסעס וואָלטען ביי איהר געקייעט די ערד. און איהר מעגט איהר גלויבען. ברכה קאָן!

ב.

דערפאַר האָט זי זיך געקיהלט דאָס הארץ, אַז אַלע שעפּער האָבען ערקלעהרט אַ סטרייק. דאָס הייסט, אַלע שניידערס, ווי־פּיעל ס'איז פאַרהאַן אין ניו־יאָרק, האָבען אַוועקגעלעגט שער און אייזען און — גוד באַי. וועה־וועה, וואָס סע האָט זיך אָפּגע־טהאָן! אין דער היים, און אויף דער סטריט, און אין די האָלס! אַ „האָל" — איז אַ זאַל, אָדער אַ טהעאַטער. מע קלויבט זיך צונויף אהינצוצו אַלע שניידערס פון גאַנץ ניו־יאָרק אויף אַ מיטינג, און מע רעדט און מע רעדט און מע רעדט. איהר הערט זיך דאָרט אָן אַזעלכע ווערטער, וואָס איהר האָט זיי קיינמאָל ניט געהערט: „דזשענעראַל סטרייק"... „יוניאָן"... „אָרגאַניזירט"... „אַכט און פערציג שטונדען"... „העכערע ווידזשעס"... „בעסערע באַהאַנד־לונג"... „סקעבס"... „סטרייק־ברעכערס"... „פּיקעטס"... און נאָך בדומה אַזעלכע ווערטער, וואָס איהר פאַרשטעהט זיי ניט. מיין חבר מענדעל זאָגט, אַז ער פאַרשטעהט זיי יאָ. נאָר געבען מיר צו פאַרשטעהן קאָן ער ניט. „וועסט עלטער ווערען, זאָגט ער מיר, וועסט דו אַליין פאַרשטעהן". עס קאָן זיין. דערווייל קוק איך זיך צו, ווי דער עולם היצט זיך, און עס בייסען זיך מיר די הענט. עס גלוסט זיך מיר זיי אַלע אראָפּכאַפּען אויף פּאַפּיער. אויסמאָהלען איטליכען באַזונדער, ווי ער זעהט אויס, וואָס ער טהוט, ווי אַזוי ער שטעהט און ווי אַזוי ער רעדט.

### ג.

למשל, נעמט מיין ברודער אליהו. ער אליין רעדט ניט קיין וואָרט. ער געהט נאָר צו צו איטליכם רעדעל און שטעקט אריין די נאָז. אָדער ער לעגט־צו איין אויהער. בעת מעשה בייסט ער די נענעל און איז שטארק אויפגערעגט. א פארגעניגען צו זעהען מיין ברודער, ווי ער שאָקעלט־צו מיט'ן קאָפּ יעדען איינציגען, וואס ער רעדט. ער איז מיט אלעמען מרוצה, וואס יענער זאָל ניט זאָגען. אָט איז צוגעקומען צו איהם א שניידער מיט א גולקע אויף איין זייט קאָפּ — פון דער לינקער זייט. דער שניידער האָט איהם אָנגענומען ביי א לאַץ און טרייסעלט איהם און רעדט איין איהם אריין, אז ס'איז ארויסגעוואָרפען דער גאנצער טארעראם. די שניידערס וועלען מיט זייער סטרייק גאָר גישט אויספיהרען. מחמת די „אסאָסיאיישאָן" פון די „מאנופעקטשורערס" איז צו שטארק פאר אונז! שאָקעלט איהם מיין ברודער צו מיט'ן קאָפּ. און איך האָב זעהר מורא, אז מיין ברודער אליהו ווייסט אזוי, וואס באדייט „אססאָיאיישאָן" און „מאנופעקטשורערס", ווי איך... ווארום אָט איז צוגעגאנגען צו אליהו'ן איין אנדער שניידער מיט א פנים פון א קאטשקע. אז ער רעדט, פאטשט ער מיט די ליפען. דער שניידער האָט אָנגענומען מיין ברודער פאר א קנעפּעל און האָט לאנג איבער איהם גערעדט, געפּאטשט מיט די ליפען. ער האָט אלע מינוט אויסגערופען: „ניין! מיר מוזען קעמפען, אויס־קעמפען ביז'ן סוף!"... האָט איהם מיין ברודער אויך אויסגע־הערט און אויך צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. איין עבירה, וואס מיין שוועגערין איז דאָ ניטאָ. זי וואָלט איהם שוין עפּיס אריינגע־זאָגט...

### ד.

גאנץ אנדערש האָט אויסגעזעהען אונזער חבר פיני. ווער עס האָט איהם ניט געזעהען און ווער עס האָט איהם ניט געהערט רעדען אויף א מיטינג, — דער האָט גאָר קיין שעגם ניט געזעהען

אויף זיין לעבען. אונזער פיני'ס פיגור דארף אייך זיין באקאנט נאך פון מיינע פריהעריגע מעשיות. זיינע קורצזיכטיגע אויגען מיט זיין לאנגער שפיצעביגער נאז, וואס קוקט אראפ אין מויל אריין, געדענקט איהר מסתמא. זיינע לאנגע שמאלע הויזען, איין הויז אראפ, איין הויז ארויף, און זיין שניפס אויף דער צעשפילע־טער מאנישקע — האט איהר אודאי אויך ניט פארגעסען. היינט זיין רעדען, זיין פינען מיט דער נשמה און זיין שיטען פונ'ם ארבעל מיט הויכע שענע ווערטער און מיט קלינגענדיגע נעמען פון גרויסע לייט? אצינד שטעלט אייך פאר, אז פיני צעהיצט זיך און רעדט פאר איין עולם פון טויזענדער מענטשען, וואס ווילען איהם דוקא ניט הערען. אנגעהויבען האט ער אזש פון קאלומבוסען, ווי אזוי ער האט אנטדעקט אמעריקע, און איז באלד ארויף אויף די פאראייניגטע שטאטען, און האט זיך פארמאסטען צו רעדען און צו רעדען. האט מען איהם ניט געלאזט.

— ווער איז דער ספיקער? — פרעגט איין שניידער ביי'ם אנדערען.

— א גרינהארן! — ענטפערט איהם יענער.

— וואס וויל ער?

— וואס באדערט ער?

— וואס האקט ער א טשייניק?

— שאראפ! — שרייט אוים איינער, און א סך אנדערע חאפען איהם אונטער:

— שאראפ!...

## ה.

„שאראפ" איז אפילו א מיאוס ווארט. די טייטש פונ'ם ווארט איז „אראפ פונ'ם מארק!" נאר אונזער חבר פיני שרעקט זיך ניט פאר קיין ווערטער. פיני, אז ער צערעדט זיך, איז ווי א פאס וואסער, וואס מע האט אפגעשטעקט און פארוואָרפען דעם

צאַפּען. איהר קאָנט צוהאַלטען מיט דער האַנט, פאַרשטאָפּען מיט אַ שמאַטע — עס וועט אייך קיין זאַך ניט העלפען. ביז דאָס וואַסער וועט ניט אַרויסגעהן ביז'ן לעצטען טראָפּען, איז איין עבירה אייער טרחה. פּיני מוז אָפּרעדען זיינס. סיידען מע זאָל איהם אַראָפּשלעפּען פון דער ביהנע. דאָ הייסט עס ניט ביהנע. דאָ הייסט עס „סטיידזש". איצטיגס מאָל האָט מען איהם טאַקי געמוזט אַזוי טהון. צוויי שניידער־יונגען, פּרעסערס, האָבען איהם גענומען פאַר ביידע הענט און מע האָט איהם מיט כבוד אַראָפּ־געפיהרט פונ'ם סטיידזש. דאָס האָט איהם אָבער גאָרניט גע־שטעהרט אויסצופיהרען דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט אויספיהרען. ער האָט דאָס איבעריגע דערזעדט, שוין געהענדיג מיט אונז אַהיים. און אַז מיר זענען געקומען אַהיים, האָט ער נאָך לאַנג גערעדט פאַר מיין מאַמען און פאַר מיין שוועגערין ברכה און פאַר זיין ווייב טייבעל. איך און מיין חבר מענדעל זענען אויך געווען צווישען די צוהערער. און מיר דאַכט, אַז ווערליג פּיני האָט גע'טענה'ט, איז ער גערעכט. נאָר געהט רעדט מיט ווייבער. אַז פּיני האָט זיך גוט אָנגערעדט, רופט זיך אָן מיין שוועגערין ברכה מיט אַ משל, ווי איהר שטייגער איז:

— וואָס איז דעם אינדיק פאַר אַ חילוק, צי מע קוילעט איהם פּורים צו דער סעודה, צי פסח צום סדר?...

טאָמער ווייסט איהר, וואָס מיינט דערמיט ברכה?...

## ז.

דערווייל געהט אַוועק אַ טאָג און אַ טאָג. דער סטרייק איז אַ סטרייק. די אַרבייטער זענען שטאַהל און אייזען. מיטינגען מאַכט מען אַלע טאָג. און אַלע מאָל אויף אַ נייעם פּלאַץ. די מאַנופעקטשורערס, הער איך זאָגען, האַלטען זיך אויך שטאַרק. זיי ווילען ניט נאָכגעבען. זיי וועלען אָבער מוזען נאָכגעבען. אַזוי זאָגען אַלע. ניטאָ אַ זאַך, וואָס די אַרבייטער זאָלען ניט אויס־

פיהרען. ס'איז אמעריקע! עס האלט שוין ביי'ם לעצטען מיטעל. אז דאס וועט ניט העלפען, איז עק וועלט! אזוי זאגען אונזערע לייט. וואס איז דאס פאר א מיטעל? מיר וועלען זיך צונויפ־זאמלען אלע סטרייקער פון גאנץ ניו־יארק און מיר וועלען דורכ־געהן איבער די סטריטען מיט א מארטש. דאס הייסט, טויזענדער און טויזענדער שניידערס וועלען זיך דורכשפאציערען מיט די פאהנען איבער דער שטאדט. מיר און מיין חבר מענדעל איז דאס דוקא געפעלען. מיר וועלען זיין די ערשטע. רעדט זשע אבער מיט אזא אידינע, ווי מיין שוועגערין ברכה, זאגט זי, אז ביי איהר זעהט דאס אויס, ווי קינדער שפיעלען זיך אין סאל־דאטלעך... זי זאגט: „איין עבירה אייערע שיך"... האט איהר באדארפט אנקוקען אונזער פיני'ן און הערען, וואס ער האט איהר געזאגט דערויף!

ז.

מיר האבען שוין געהאלטען מיט'ן סטרייק גאנץ ווייט. איך און מיין חבר מענדעל האבען זיך שוין צוגעגרייט, ווי מע גרייט זיך צו צו דעם פערטען דזשולאי. דעמאלט איז א יום טוב אין אמעריקע. מע שיסט אויף דער סטריט מיט די פייער־קרעקערס און עס טרעפט זיך, זאגט מען, אז מע דער'הרג'עט א מענטשען. א קלייניגקייט — דער פערטער דזשולאי? דאס איז דאך דער טאג, וואס די פאראייניגטע שטאטען האבען זיך באפרייט פון די שונאים...

איך און מענדעל זענען שוין געווען יום־טוב'דיג. איז אונז פארשטעהרט געווארען די שמחה. אויף קאנעל סטריט האט מען גע'הרג'עט א מענטשען. די ידיעה האט אונז געבראכט פיני. ער איז געווען אויפ'ן ארט און האט געזעהען דעם גע'הרג'עטען. ער זאגט, אז דער מענטש האט פארדיענט דעם טוידט. ער איז גע־ווען, זאגט ער, א גענגסטער. פרעגט איהם די מאמע: „וואס הייסט א גענגסטער? א גנב?" זאגט פיני: „ערגער פון א גנב!"

פרעגט איהם די מאמע: „א גזלן?" זאגט פיני: „ערגער פון א גזלן!" פרעגט די מאמע: „וואס קאן זיין ערגער פון א גזלן?" זאגט פיני: „א געננסטער איז ערגער פון א גזלן. ווארום א גזלן איז א גזלן, און א געננסטער איז א געדונגענער גזלן. דעם מענ־טשען האט מען געדונגען, ער זאל שלאגען די סטרייקערס. איז ער באפאלען א מיידעל א סטרייקערין און האט זיך פארמאסטען זי צו שלאגען. האט זי געמאכט א גוואלד, זענען זיך צונויפגע־לאפען מענטשען און ס'איז ארוים א געשלעג... מעהר האט מען פון פיני'ן ניט געקאנט ארויסבאקומען גארניט. ער האט ארומ־געשפאנט מיט זיינע לאנגע פיס הין און צוריק. ער האט געפינקעט מיט דער נשמה. ער האט געשפריצט מיט פייער. ער האט זיך געריסען ביי די האר און געשאטען מיט ווערטער און מיט נעמען:

— אי־אי, קאלומבוס! אי־אי, וואשינגטאן! אי־אי, לינקאלן!

דער סוף איז געווען — פיני האט זיך אויפגעהויבען און איז אנטלאפען!

## ח.

ביז עפיס וואס, דערווייל האט דאס אונז געטראפען. מיך און מיין חבר מענדעל. די מאמע האט זיך געשווארען ביי איהר געזונט און ביי איהר לעבען, אז זי וועט אונז ניט ארויסלאזען אויף דער סטריט פאר קיין געלט אין דער וועלט! ניט מיך, ניט מענדלען, ניט אליהו'ן, ניט ברכה'ן און ניט טייבלען. ווארום ווי־באלד אז עס האלט שוין, זאגט זי, אזוי ווייט, אז מע הרג'עט מענטשען אין סטריט — איז שוין עק וועלט! זי האט אנגעווארפען אויף אונז אלעמען אזא פחד, אז טייבעל האט זיך צעוויינט, ווי א קליין קינד. גאט ווייסט, וואו איהר פיני איז אצינד!... האט די מאמע שוין פארגעסען אן אונז און האט גענומען אויסרעדען דאס הארץ נעבאך טייבלען: אז מיר האבען א שטארקען גאט. און אז עס וועט איהר פיני'ן גאר ניט געשעהן. און אז ער וועט מיט

גאָט'ס הילף קומען בשלום אהיים. און אז ער וועט זיין א מאַן צו זיין ווייב און א טאַטע צו זיינע קינדערלעך, וואָס ווען'לען, אם ירצה שם, אמאָל זיין. וואָרום דערווייל האָט נאָך טייבעל קיין קינד און קיין רינד. זי דאָקטערט זיך און האָפט, אז זי וועט נאָך אמאָל האָבען קינדער.

— און א סך קינדער! — זאָגט די מאַמע.

— אָמן הלואי! — זאָג איך און חאַפּ א פּאַטש פון מיין ברודער אליהו, איך זאָל ניט זיין קיין שייגעץ און זאָל ניט שטופּען די צונג אהין, וואו מע דאַרף ניט...

## ט.

געליבט איז גאָט — געקומען פּיני. און געקומען איז ער מיט א שמחה, א גדולה: דער מענטש דער גענגסטער, וואָס מע האָט איהם גע'הרגעט, לעבט און וועט לעבען. נאָר א קאַליקע וועט ער שוין בלייבען אויף אייביג. מע האָט איהם ניט דער־הרג'עט אויף טוידט. מע האָט איהם נאָר אזוי גוט אָנגע'הרג'עט. מע האָט איהם אויסגעזעצט איין אויג און איבערגעבראָכען א האַנט. „א מצוה — לאָז ער ניט זיין קיין גענגסטער!" האָט אָבער די מאַמע אויף איהם רחמנות: „לאָז ער זיך זיין, זאָגט זי, וואָס ער איז. פאַרהאַן א גאָט אין הימעל, לאָז ער זיך, זאָגט זי, מיט איהם רעכענען. פאַר וואָס, זאָגט זי, קומט איהם, מע זאָל איהם איבער־ברעכען א האַנט און אויסזעצען איין אויג? וואָס זענען שולדיג זיין ווייב און קינדער נעבאַך, זיי זאָלען האָבען א טאַטען א קאַליקע?"...

## י.

דער סטרייק האָט זיך פאַרצויגען, און מיר געהען אַרום אָהן א שטיקל אַרבייט. מיין ברודער אליהו איז אויס מענטש. די מאַמע רעדט איהם אויס דאָס האַרץ. זי זאָגט, אז דער גאָט, וואָס

האָט אונז געבראַכט קיין אַמעריקע, וועט אונז מסתמא ניט פאַר־לאָזען. אונזער מחותן יונה דער בעקער און אונזערע גוטע פריינד פּעסי די גראָבע און איהר מאַן משה דער איינבינדער און די איבע־ריגע פריינד און גוטע פריינד קומען אַלע טאָג און טרייסטען אונז מיט גוטע ווערטער. זיי זאָגען, אַז דער הימעל איז צו דער ערד ניט געפאַלען. וואו שטעהט דאָס געשריבען, אַז מע מוז לעבען אין אַמעריקע נאָר פון שניידערייַ? מע קאָן מאַכען אַ לעבען אָהן שניידערייַ אויך. והראיה? אָט וועל איך אייך דערצעהלען, ווי אַזוי מיר מאַכען אַ לעבען אין אַמעריקע.

XI

# כתרילעווקע אין ניו־יאָרק

## א.

איידער איך געה אייך דערצעהלען, ווי אזוי מיר מאַכען א לעבען אין דעם נייעם לאַנד, מוז איך אייך פריהער אויסרעכענען ביי די נעמען, ווער איז דאָ אין אַמעריקע פון אונזערע פריינד און באַקאַנטע, ווייל נאָר זיי צו דאַנקען האָבען מיר זיך ביסלעכווייז ארויפגעאַרבייט און אָנגעהויבען צו מאַכען א לעבען. לאָזט זיך אויס, אז מיר האָבען דאָ פריינד און באַקאַנטע — קיין עין־הרע, קיין בייז אויג! גאַנץ כתרילעווקע האָט זיך אריבערגעפעקעלט אַהער, קיין אַמעריקע. נאָך אונזער אוועקפאָהרען פון דער היים איז געוואָרען, זאָגען זיי, דאָרטען א בהלה, א מהומה, א לויפעניש. עס האָט אויסגעבראָכען, זאָגען זיי, א מורא'דיגער פּאָגראָם, א שחיטה און א שרפה — גאַנץ שטאָדט איז אוועק מיט'ן פייער! ווער האָט אונז געבראַכט די נייעס — די מאַמע. וואו ערגיץ א צרה, וועהד פריהער פון אַלע געוואוירע די מאַמע. פון וואַנען? פון בית־המדרש. פון דער כתרילעווקער שוהל. ס'איז פאַרהאַן אזא שוהל אין ניו־יאָרק.

## ב.

די ערשטע וואָך, אַז מיר זענען געקומען אין שטאָדט אריין, האָט די מאַמע קודם־כל זיך צעפּרעגט אויף אַ שוהל, וואוהין צו געהן שבת דאַוונען. זענען אין ניו־יאָרק, ברוך השם, פאַרהאַן שוהלען כמעט אויף יעדער סטריט. האָט אונז אונזער שכנה פּעסי אָפּגעפיהרט דעם ערשטען שבת אין שוהל אריין. די שוהל איז טאַקי אונזער שוהל. דאָס הייסט, די אידען, וואָס דאַוונען דאָרטען, זענען אַלע פון אונזער שטעדטעל. זי הייסט מיט'ן נאָמען „כ ל י ש ר א ל א נ ש י כ ת ר י ל ע ו ו ק ע". אָדער „ד י כ ת ר י ל ע ו ו ק ע ר ש ו ה ל". האָבען מיר זיך דאָרט דערזעהען מיט אַ סך באַקאַנטע פון אונזער שטאָדט. טרעפט, וועמען האָבען מיר געזעהען? אַז איהר וועט זיין מיט אַכצעהן קעפּ, וועט איהר אויך ניט טרעפען. ערשטענס — דעם חזן. אונזער הערש־בער דעם חזן מיט דער גרויסער באָרד. אָט דער, וואָס איך בין ביי איהם געוועזען אַמאָל אַ זינגערעל, אויב איהר געדענקט, און האָב זיך ארומגעטראָגען מיט זיין דאָבצי'ן. אַ קינד אַ קאַליקע. דאָס קינד איז געשטאָרבען נאָך דאָרטען, אין דער היים, בשעת פּאָגראָם. און הערש־בער דער חזן מיט דער חזנ'טע מיט די עלטערע קינדער זענען אַלע דאָ אין אַמעריקע און מאַכען אַ לעבען. הערש־בער איז דאָ אַ חזן און אַ מוהל און אַ מלמד אויך. דאָ הייסט דאָס ניט מלמד. דאָ הייסט דאָס „טיטשער". פאַר וואָס טיטשער? ווייל ער טיטשט די קינדער. דאָס הייסט, ער קנייפּט זיי שטילערהייד, קיינער זאָל ניט זעהען. מחמת שלאָגען אַ קינד טאָר מען דאָ ניט, ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט. הערש־בער האָט, זאָגט מען, דאָ גאַנץ פיין פּרנסה. נאָר ער האָט זיך שטאַרק איבערגעאַנדערשט. דאָס הייסט, איזען איז ער דער אייגענער, וואָס געווען, נאָר ער געהט אַנדערש אָנגעטהאָן. אין דער היים ווען ער טהוט אָן אַזאַ קאַפּעליש ווי דאָ, וואָלט מען איהם נאָכגעלאָפען. די קאַפּאָטע איז ביי איהם אויך פאַרקירצט.

און די פאות אונטערגעהאַקט. נאָר די באָרד טשעפּעט ער ניט. טשעפּען איהם אָבער אַנדערע די באָרד. דאָ, אין אַמעריקע, האָט מען פיינט אַ באָרד. ערגער ווי אַיין עהרליכער איד האָט פיינט חזיר. אַנומעלטען האָבען איהם דערטאַפּט אין מיטען סטריט שקצים׳לעך — „לויפערס” הייסען זיי דאָ — און האָבען איהם נאָר געוואָלט אָפּשערען די באָרד. אַ גליק, וואָס אידען זענען אָנגעקומען און האָבען איהם אַרויסגעראַטעוועט פון די „לויפערס” הענט. פון דעמאָלט אָן, אַז ער געהט אין סטריט, באַהאַלט ער די באָרד אינ׳ם אויבערראָק.

ג.

בערע דער שוסטער איז אויך דאָ. דאָס איז דער בערע, וואָס מיין ברודער אליהו האָט זיך געהאַט אונטערגענומען אַמאָל אַרויס־צוטרייבען ביי איהם די מייז. אויב איהר געדענקט, האָט בערע דער שוסטער ליעב צו דערצעהלען גוזמאות. אויסטראַכטען זאַכען, וואָס ניט געשטויגען, ניט געפלויגען. דאָס הייסט, ער איז אַ איד אַ ליגנער. דאָ ווערד עס אָנגערופען אַ „בלאָפער”. ער איז דאָ אויך דערזעלבער שוסטער, וואָס אין דער היים. ער דערצעהלט פון זיין שוסטעריי אַזעלכע גליקען, אַז ווען ס׳זאָל זיין תּאָטש אַ דריטעל אמת, וואָלט אויך געווען גוט. ער זאָגט, אַז ער איז דאָ דער גרעסטער שוסטער אין אַמעריקע. מיט זיינע שטיוועל, זאָגט ער, טראָגט מען זיך אַרום איבער׳ן גאַנצען לאַנד. ער שווערט מיט אַזעלכע שבועות, וואָס מע מעג גלויבען אַ משומד, אַז דער פרעזידענט אַליין האָט זיך באַשטעלט ביי איהם אַ פּאָר שטיוועל. זאָגט מיין ברודער אליהו, אַז די מעשה מיט׳ן פרעזידענט׳ס שטי־וועל איז פונקט אַזוי אמת, ווי די מעשה, וואָס בערע דער שוסטער האָט אונז אַמאָל געהאַט דערצעהלט, ווי אַזוי די מייז האָבען ביי איהם אויפגעגעסען אַ קאַץ... דאָ, אַז עמיצער דערצעהלט אַזעלכע מעשיות, זאָגט מען אויף איהם, אַז ער „האַקט אַ טשייניק”, אָדער

אז ער „בלאָפט״. מיר געפּעלט בעסער די ווערטער „ער האקט א טשייניק״. עס איז מיר אזוי שטארק געפעלען, אז איך האָב עס ארויפגעכאפּט אויף פּאפּיער. דאָס הייסט, איך האָב אויסגע־מאָהלט בערע דעם שוסטער, ווי ער האלט א האמער. אויפ׳ן טיש שטעהט א גרויסער טשייניק, און ער האקט איהם... אלע די, וואָס האָבען געזעהען דאָס בילד, האָבער זיך געקאטשעט פאר געלעכטער. אפילו מיין ברודער אליהו האָט אויך געשענקט א האלבען שמייכעל. ער שלאָגט מיך שוין מעהר ניט דערפאר, וואָס איך מאך מענ־טשעלעך. ער בורטשעט נאָר און זאָגט: „אז ס׳איז ניטאָ וואָס צו טהון, איז דאָס אויך איין עסק״...

## ד.

וואָס דארפט איהר מעהר? רב יאָסי דער נגיד, וואָס אלע האָבען זיך געוואונשען ביי אונז, חוץ זיין שאָדען, האָטש א דריט־חלק, — איז ער אויך דאָ, אין אמעריקע. ער איז שוין אָבער אוים נגיד. וואָס איז די מעשה? איהם האָט אוועקגע׳הרג׳עט דער פּאָגראָם. דאָס הייסט, פונ׳ם פּאָגראָם גופא האָט ער אליין ניט אזוי שטארק געליטען. דאָס הייסט, געראַבירט האָט מען איהם. דאָס מעבעל צעבראָכען. דאָס בעטגעוואנט צעריסען. די סחורה פון קלייט צענומען. נאָר געשלאָגען האָט מען זיי ניט. מחמת זיי זענען געלעגען אלע אין א קעלער דריי טעג מיט דריי נעכט. שיער ניט אויסגעגאנגען פון הונגער. דאָס אלסדינג וואָלט געווען א האלבע צרה. דאָס אומגליק איז געווען דאָס, וואָס אלע זיינע בעלי־חובות האָבען איהם אָנגעזעצט. האָט ער אויך געמוזט אָנ־זעצען. ווער וואָלט זיך גערעכט, אשטייגער, אז אזא איש בטוח, ווי רב יאָסי, זאָל דארפען אָנזעצען און אנטלויפען פון כתרילעווקע? אין מיטען ביינאכט איז ער אנטלאָפען. וואוהין — קיין אמעריקע. זיין זוהנדעל העניך מיט׳ן אויגעל, געדענקט איהר, ווי אזוי ער האָט געלאכט פון מיר, וואָס איך פאָהר קיין אמעריקע? איצט

שלעפּט ער זיך אַרום דאָ איבער די סטריטען. אַז ער דערזעהט מיך, אַנטלויפט ער. עס שטעהט איהם נאָך היינט אויך ניט אָן צו רעדען מיט מיר. המנ'ס גדלות! מיין חבר מענדעל זאָגט, אַז ער מוז איהם מאַכען בלוי דאָס אַנדערע אויגעל. מענדעל האָט פיינט, אַז מע נעמט זיך איבער, אָדער אַז מע בלאָזט פון זיך.

## ה.

שענער פון אַלץ איז, וואָס מנשה דער רופא און מנשה'כע די רופא'טע זענען אויך דאָ. איהר געדענקט דאָך מן הסתם זייער גאָרטען מיט זייערע פערשקעס, מיט זייערע ווייכשעל, מיט זייערע עפּעל און מיט זייערע בארען? איז דאָס אַלסדינג אַוועק מיט'ן רויך און מיט'ן פייער. מע האָט זיי פאַרברענט זייער שטוב מיט זייער גאָרטען, געמאַכט פון אַלסדינג אַש. איהר זאָלט זיי אַנקוקען, וואָלט איהר זיי ניט דערקענט. ביידע זענען זיי געוואָרען גרוי און אַלט. ער שטופּט אַ פּושקאַרט מיט עפּעל און מיט אָראַנדזשעס, און זי פּעדעלט מיט וויסאָצקי'ס טיי. „אַז אָך און וועה — זאָגט די מאַמע מיינע מיט טרערען אויף די אויגען — אויף וואָס זיי זענען איבערגעקומען"...

— אַ שענע ריינע כפּרה! — זאָגט מיין ברודער אליהו, און איך האַלט מיט איהם. אַ מצוה אויף מנשה'כע די רופא'טע. זי איז געווען אַ רשע'טע. געזשאַלעוועט איין אָרעמאַן אַ פאַרפוילטען עפּעל, וואָס איז אַראָפּגעפאַלען פונ'ם בוים. זי מיינט, אַז איך האָב שוין פאַרגעסען די מעשה, ווי אַזוי מע האָט מיך אַמאָל גע־פּאַקט ביי איהר אין גאָרטען... איך וועל עס געדענקען ווייל איך וועל לעבען!

## ו.

אין דער צייט, וואָס מיר האָבען זיך אַרומגעשלעפּט איבער אויסלאַנד, האָט מען דאָרט אין דער היים געפּאָגראָמעוועט אונזערע כתרילעווקער אידען, געראַבירט די קלייטען און געברענט די הייזער.

אַ סברה, אַז אונזער האַלבע שטוב, וואָס מיר האָבען פאַרקויפט צו זילי דעם שניידער, איז אויך אָפּגעברענט געוואָרען, און זילי דער שניידער איז איצטערט היע. ער איז אַ שניידער ווי געוועזן. דער חילוק איז, וואָס דאָרט, אין דער היים, איז ער געוועזן אַ בעל־הבית פאַר זיך, און דאָ, אין אַמעריקע, ארבייט ער ביי יענעם. אַמאָל איז ער אַ „אונטערפּרעסער" ביי הויזען, און אַמאָל איז ער איין „אָפּרייטער" ביי דער מאַשין. ער פאַרדיענט, זאָגט ער, זיינע זיעבען־אַכט טאָלער אַ וואָך. עס וואָלט איהם געוועזן, זאָגט ער, וויניציגליך אויף צו מאַכען אַ לעבען, ברענגען איהם אריין זיינע קינדער — דריי קינדער האָט ער, און אַלע מיידלעך — דריי מאָל אַזוי פיעל. זיי ארבייטען ביי „שווירטס". העמדער הייסען דאָ „שווירטס". פרעג איך ביי מיין ברודער אליהו, פאַר וואָס הייסען העמדער „שווירטס"? זאָגט מיין ברודער אליהו, אַז ער ווייסט ניט, פון וואָסער אַ שורש עס נעמט זיך דאָס וואָרט „שווירטס". זאָגט צו איהם אונזער חבר פיני, למאי ער ווייסט ניט דעם שורש פון נאָך אַ סך אַנדערע ווערטער? זאָגט אליהו, אַז פון אַנדערע ווערטער ווייסט ער יאָ דעם שורש. פרעגט איהם פיני: „פון וואַנען זשע נעמט זיך דאָס וואָרט „בוטשער", און פאַר וואָס איז בוטשער אַ קצב?" זאָגט איהם אליהו: „דערפאַר, וואָס אַ קצב צעבוטשערט דאָס פלייש אויף שטיקלעך"... פרעגט איהם פיני: „פון וואַנען זשע נעמט זיך עס, וואָס אַ שניידער הייסט דאָ „אָפּ־רייטער"?" זאָגט אליהו: „דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס... וואָס... וואָס האָסט דו זיך צוגעטשעפּעט צו מיר? וואָס בין איך מחויב דיר צו פאַרטייטשען אַלע ווערטער, וואָס מע זאָגט דאָ אין אַמע־ריקע?"

— ששאַ! שריי ניט! מע ווערד פון דיר ניט גליקליך! —
זאָגט פיני און דרעהט זיך אויס צו מיר מיט'ן פּנים. — קום נאָר אהער, קטנתי. אַז דו ווילסט וויסען עפּיס אַ זאַך, זאָלסט דו קיינמאָל ניט פרעגען ביי דיין ברודער אליהו, וואָרום ער ווייסט ניט.

— איהר ווייסט ביידע מעהר פון א טוידטען! — מישט זיך אריין מיין שווענגערין ברכה און שטעלט זיך איין פאר איהר מאן.

## ז.

דערווייל האָב איך מיך פאררעדט פון זייטיגע זאכען און האָב פארגעסען, אז איך האָב גענומען אויסרעכענען, ווער פון אונזערע באקאנטע זענען דאָ, אין אמעריקע. א חוץ אונזער חבר פיני'ס משפחה, איז גאנץ כתרילעווקע אצינד אין אמעריקע. און ס'איז א סברה, אז פיני'ס משפחה קלויבט זיך אויף אהערצוצו. פיני'ס פאָטער, הערש־לייב מעכאניק, און זיין פעטער שניאור דער זייגער־מאכער שרייבען צו פיני'ן, אז זיי וואָלטען שוין לאנג ארויסגע־פאָהרען, האָבען זיי ניט מיט וואָס. בעטען זיי, מע זאָל זיי ארויס־שיקען שיפסקארטען. קלויבען מיר איצטער א פעני צו א פעני. אז מיר וועלען צונויפקלויבען די ערשטע עטליכע טאָלער אויף איינצוצאָהלען איין אויפגאָב, וועלען מיר זיי ארויסשיקען שיפס־קארטען אויף אויסצוצאָהלען. און זיי וועלען מיט גאָט'ס הילף געווים אויסצאָהלען. וואָרום זיי קומען אהער ניט מיט לעדיגע הענט. הערש־לייב דער מעכאניק שרייבט, אז ער האָט צוגעטראכט א נייעם איינוועז. אזא מין אויוועז, וואָס מע דארף צו איהם האָבען זעהר ווינציג האָלץ. כמעט גאָלע גאָר ניט. ווי אזוי? דאָס איז זיין סוד... און שניאור דער זייגערמאכער האָט אויסגעקלעהרט א זייגער, וואָס גאנץ אמעריקע וועט לויפען קוקען אויף חדושים. וואָס זשע איז דאָס פאר א מין זייגער? וועט איהר הערען, וואָס מע שרייבט צו פיני'ן פון דער היים.

## ח.

דער זייגער אליין איז א געוועהנליכער וואנט־זייגער מיט א געוועהנליכען ציפערבלאַט. נאָר וואָס דען? אז איהר קוקט זיך גוט צו צום ציפערבלאַט, דערזעהט איהר אויסגעמאָהלט די זון

מיט דער לבנה מיט אלע צוועלף שטערען. בייטאג זעהט מען מעהר ארויס די זון. און ביינאכט — די לבנה מיט די שטערען. זענט איהר פארטיג? האט צייט! אלע מאל, ווען דער זייגער שלאגט־אויס צוועלף, עפענט זיך אויף פאר אייערע אויגען א קליין טירעלע און עס קומט ארויס פריהער איין אפיציער מיט א שפאגע. דערנאך צוועלף סאלדאטען־מוזיקאנטען. דער אפיציער טהוט א מאך מיט דער שפאגע, און די צוועלף סאלדאטען שפיעלען אפ א מארש און געהען אוועק. מאכט זיך צו דאס טירעלע — און שוין! ווי מיינט איהר, קאן מען מיט אזא זייגער פארדיענען געלט אין אמעריקע? אויף דעם זייגער האט פיני'ס פעטער פארבראכט היבשע עטליכע יאהר. ער איז שוין נעוועזען ביי איהם כמעט איינגאנצען פארטיג. האט מען איהם בעת פאגראם צעריבען אויף שטיקלעך. נאר עס מאכט ניט אויס. אבי דער שכל פונ'ם זייגער איז געבליבען ביי איהם. לאז ער נאר קומען קיין אמעריקע, וועט שוין זיין, ווי מע זאגט דא, אלל־רייט.

ט.

און ווי אזוי מיר מאכען א לעבען — האב איך אייך נאך אלץ ניט געזאגט. נאר דאס לאז שוין זיין אויף מארגען.

XII

# מיר מאַכען אַ לעבען

---

## א.

דער ערשטער האָט זיך ארויפגעשלאָגען אויף אַ וועג און גע־נומען מאַכען אַ לעבען מיין ברודער אליהו. און וועמען האָט ער צו פאַרדאַנקען? דער מאַמען. זי געהט אַלע שבת דאַווגען אין כתרילעווקער בית־המדרש, באַגעגענט זי זיך מיט מענטשען. האָט זי זיך באַקענט מיט דער פּרעזידענטיכע, דאָס מיינט מיט דער גבאי׳טע פון שוהל. וואָרום אַ גבאי אין אַ שוהל הייסט דאָ „פּרע־זידענט”. די פּרעזידענטיכע איז אַ וואוילע אידינע און האַלט פון מיין מאַמע. דערפאַר, וואָס מיין מאַמע ווייסט אַלע מאָל, וואו דער חזן האַלט און וואָס דער חזן זאָגט. און די היגע ווייבער ווייסען ניט ווער עס האָט זיי געשלייערט. אזוי זאָגט מיין ברודער אליהו׳ס ווייב ברכה. מיין שוועגערין ברכה זאָגט, אז די היגע ווייבער געהען אין שוהל אריין נאָר צו באַווייזען זייערע באַרליאַנ־טען. דאָ הייסט דאָס „דיימאָנטס”. און אז זיי זענען מחילה גרויסע בהמות. אזוי זאָגט ברכה. און אז זיי ווייסען ניט קיין צלם פאַר קיין אלף. און אז זיי קאָנען נאָר גוט פרעסען און רעדען לשון־הרע... האַקט איהר איבער די מאַמע און זאָגט, אז „אַט דאָס

אליין, טאַכטער לעבען, איז דאָך אויך לשון־הרע"... פאַרענטפּערט זיך ברכה, אַז זי מעג, וואָרום זי זאָגט דאָס פאַר אייגענע, ניט פאַר פרעמדע... נאָר מיר קעהרען זיך אום צוריק צו דער פּרעזידענ־טיכע און צו איהר מאַן, דעם פּרעזידענט פון דער כתרילעווקער שוהל.

ב.

האָט איהר ווען געהערט פון דער „היברו ניישאָנאַל ווואורשט קאָמפּאַניע"? דאָרט פאַרקויפט מען אידישע כשר'ע קאָלבאַסעס. דאַרע קישקע, געבראָטענע צונגען און גערויכערטע פליישען. אין אַלע עקען שטאָדט האָבען זיי „סטאָרס", וואו איהר קומט אריין קויפען כשר וואורשט. אויב איהר זענט הונגעריג און האָט צייט, הייסט איהר אייך דערלאַנגען הייסע קישקעלעך, נאָר־וואָס פון דער זאָד, און איהר עסט דאָס מיט חריין, אָדער מיט זענעפט. ווי אַזוי איהר ווילט. אויב איהר זענט ניט קורץ אין געלט, קאָנט איהר זיך הייסען דערלאַנגען נאָך אַ פּאָרציע. איך און מיין חבר מענדעל האָבען אַמאָל אריינגעשטעלט דריי פּאָרציעס און האָבען געפיהלט, אַז מיר וואָלטען ביינעקומען נאָך צוויי פּאָרציעס — איז ביי אונז אָבער אויסגעגאַנגען פּאָדעס... נאָר ניט דאָס האָב איך אייך געוואָלט דערצעהלען.

ג.

וואָס איך האָב אייך געוואָלט דערצעהלען איז אָט וואָס. דער פּרעזידענט פון אונזער שוהל איז איינער פון די בעלי־בתים אין דער „היברו ניישאָנאַל וואורשט קאָמפּאַניע". האָט די מאַמע דורך דער פּרעזידענטיכע גע'פועל'ט ביי'ם פּרעזידענט, אַז מע זאָל אריינגעמען מיין ברודער אליהו אין דער „היברו ניישאָנאַל וואורשט קאָמפּאַניע" פאַר אַ מענטשען. דאָ הייסט עס אַ סיילעסמאַן, אַ

פאַרקויפער. און ניט נאָר אַ פאַרקויפער אַליין, נאָר טאַקי אַ „ווייטער" אויך. דאָס הייסט, אַז איינער קומט אַריין און הייסט זיך דערלאַנגען הייסע קישקעלעך — דאַרף מען זיך ניט שעמען און דערלאַנגען. האָט זיך אַפילו מיין ברודער די ערשטע צייט געבּרעקעלט: „סטייטש, אַ יונגערמאַן מיט אַ בערדעל, פּייסי דעם חזנ'ס אַ זוהן און יונה דעם בעקער'ס איין אײדעם, זאָל זיין אַ משרת!"... האָט איהם אונזער חבר פּיני אָוועקגעגעבען אַ גאַב. „וואָס מיינסט דו? — האָט איהם פּיני געריבען די ביינער. — דו מיינסט, אַז דו ביזט אינ'ם פאַרשאָלטענעם כתרילעווקע? דו ביזט אין אַמעריקע ביזט דו! אין אַמעריקע האָבען אַזעלכע פיינע מענ־טשען ווי דו, למשל, אַ קאַרנעגי, אַ ראָקענפעלער, אַ וואַנדערבילד, געפּעדעלט מיט גאַזעטען, אַרומגעטראָגען שוועבעלעך (דאָ הייסט עס „מעטשעס") און געפּוצט שטיוועל אויף דער סטריט! לייען די געשיכטע פון אַ דזשאָרדזש וואַשינגטאָן, פון אַ אייבּראַם לינקאָלן, אָדער פון אַנדערע גרויסע לייט, וועסט דו זעהען, אַז פּייסי דעם חזנ'ס זוהן מעג אָנשטעהן פאַרקויפען קישקעלעך"...

ד.

דאָ האָט אָבער אונזער חבר פּיני געחאַפּט אַ מיאוסען פּסק פון מיין מאַמע. וואָרום כל זמן פּיני האָט געשאָטען מיט נעמען: קאַרנעגי, ראָקענפעלער, וואַנדערבילד, — האָט איהר ניט געאַהרט. נאָר אַז ער האָט דערמאַנט דזשאָרדזש וואַשינגטאָן און אייבּראַם לינקאָלן אינאיינעם מיט מיין טאַטען פּייסי דעם חזן — האָט דאָס איהר פאַרדראָסען. זי האָט געזאָגט, אַז זי קען ניט וואַשינגטאָנען און ווייס ניט ווער אברהם לינקאָלן איז געווען. עס קאָן זעהר זיין, אַז דאָס זענען געווען גאַנץ לייטישע מענטשען און גאַנץ שענע אידען. נאָר זי וויל ניט, מע זאָל איהר מאַנ'ס נאָמען באַציהען אַהער קיין אַמעריקע. לאָז ער זיך זיין, זאָגט זי, דאָרטען אין גן־עדן אַ גוטער מליץ פאַר איהר און פאַר אייך און פאַר כל ישראל.

— אָמן! — זאָג איך, און האָב אַ פּאַטש פון מיין ברודער אליהו — איך זאָל ניט זיין קיין עזות־פּנים.

ח.

בקיצור — מיין ברודער אליהו האָט אַ דזשאָב און מאַכט אַ לעבען. ער פאַרקויפט קישקעלעך און דערלאַנגט צום טיש און באַקומט דערפאַר, ערשטענס. פינף טאָלער אַ וואָך, און אַ חוץ לזה, צוויי מאָל אין טאָג עסען — איז אויך עפּיס ווערטה. היינט וואָס איז ווערטה דאָס. וואָס עס קומען אריין אין „סטאָר” קויבען פלייש אַ וועלט מיט מענטשען? אַלע טאָג מאַכט ער נייע באַקאַנטשאַפטען מיט די פיינסטע לייט פון ניו־יאָרק. עס איז דאָ אַ האָפענונג, אַז מיין ברודער זאָל געהן העכער און העכער. מחמת ער איז באַליעבט פון די בעלי־בתים און זעהר בכבוד'יג ביי די קאָסטאָמערס. אַ קאָסטאָמער האָט הנאה, אַז איהם באַדיענט אַ טאַטעג'ס אַ קינד, ניט קיין געבוירענער משרת... איין שטיקעלע חסרון האָט מיין ברודער — דאָס וואָס עס וואַכסט איהם, ניט פאַר אייך גערעכט, אַ באָרד. ער זאָל ניט האָבען קיין באָרד, וואָלט ער געווען גאָר־גאָר אָלל־רייט. איז אָבער, ווי אויף צו־להכעיס, האָט זיך זיין באָרד אין אַמעריקע ביי איהם צעוואַכסען אין דער ברייט און אין דער לענג. דאָס הייסט, מעהר אין דער ברייט ווי אין דער לענג. זאָגט איהם פּיני, אַז ער וואָלט געמעגט דאָס בערדעל, אויף אַמעריקאַנער לשון גערעדט, אַביסעל „צופּיקסען”. אַזוי ווי ער, פּיני, האָט געטהאָן. ער האָט זיך אריינגעכאַפּט צו אַ שערער (דאָ הייסט עס אַ „באַרבער־שאָפּ”) און האָט זיך אָוועקגעזעצט, זאָגט ער, אויפ'ן „טשער” (אַזאַ שטוהל) און פאַרוואָרפען דעם קאָפּ און ניט געזאָגט קיין וואָרט. מחמת ער האָט נאָך דעמאָלט ניט געקאָנט רעדען קיין איינגעלש. איז צוגעגאַנגען דער שערער, דער „באַרבער” הייסט עס, און האָט אידם, זאָגט ער, אַנגענומען ביי דער נאָז — אַזוי זאָגט פּיני — און האָט נישט געטהאָן גאָר־

ניט. ער האָט איהם, זאָגט ער, נאָר אָנגעזייפט גוט דאָס גאַנצע פּנים און איז זיך דורכגעגאַנגען מיט אַ גאָל־מעסער מעהר ניט אַז צוויי מאָל, און האָט איהם געהייסען אויפשטעהן. און אַז ער איז אויפגעשטאַנען, אַזוי דערצעהלט פיני, און האָט געגעבען אַ קוק אין שפּיגעל, האָט ער זיך אַליין ניט דערקענט. אויף זיין פּנים איז ניט געבליבען, איהר זאָלט זאָגען, אַ סימן פון אַ באָרד, אָדער פון וואָנסעס. גלאַט, ווי אַ לאָקשענברעט. עס האָט זיך איהם, זאָגט ער, אויסגעוויזען, אַז ער שמייכעלט... וועהוועה, וואָס ער האָט געהאַט פון זיין ווייב טייבעל! זי האָט טעבאַך גע'חלש'ט צוויי מאָל און איז אַזש קראַנק געוואָרען פון צרות און פאַר בזיון. דאָס איז אָבער נאָר געווען די ערשטע צייט. איצט האָט זי זיך שוין צוגעוואָהנט. איהר פיני גאָלט זיך אַלע וואָך דאָס גאַנצע פּנים און זעהט־אויס, ווי איין ערטער אַמעריקאַנער. ער רעדט שוין גאָר איינגעליש און קייעט שוין בסדר „טשואינגגאָם”. ער שלינגט דאָס שוין אָבער מעהר ניט אַראָפּ... דערצו, ווען ער זאָל נאָך וועלען אַכטונג געבען, די מאַגישקע זאָל זיך ביי איהם ניט צעשפּילען, דאָס האַלזטיכעל זאָל זיין אויף איין אָרט, אוןביידע הויזען זאָלען זיין גלייך, ניט איינער אַראָפּ, דער אַנדערער אַרויף, — וואָלט ער שוין געווען אַ גאַנצער דזשענטעלמען, אַ ספּאָרט.

ד.

פיני זאָל ניט האָבען אויף זיך קיין דרעהקאָפּ (ער שטאַמט דאָך פון אַ משפּחה פון „קעפּמענשען”), און דער קאָפּ זיינער זאָל איהם ניט טראָגען אין די גרויסע געשעפטען, וואָס דאָ הייסט עס „ביזנעס”, וואָלט ער געקאָנט מאַכען אַ לעבען. ער מאַכט אַזוי אויך אַ לעבען. נאָר דער חסרון איז, וואָס ער וואַרפט זיך אַלע מאָל אויף איין אַנדער דזשאָב. דערפאַר האָט ער אַ מעלה, וואָס ער שעמט זיך ניט מיט קיין אַרבייט אין דער וועלט. ער

וועט אייך טהון וואס איהר וועט איהם הייסען, אבי מאכען א טאלער. קעהרען די סטריט — איז קעהרען די סטריט. שארען קויהלען — איז שארען קויהלען. פעדלען מיט גאזעטען — איז אודאי גוט. אמעריקע, זאגט ער, איז א פרייע מדינה און א בזיון איז, זאגט ער, נאר גנבה'נען. דערפאר, זאגט ער, ארבייטען דא אלע און קיינער גנבה'ט ניט. גנבה'נען, זאגט ער, גנבה'נען דא נאר די איטאליענער. א געבארענער איין אמעריקאנער, זאגט ער, וועט ניט גנבה'נען, עס מעג ליגען גאלד. איין אמעריקאנער וועט אייך קיינמאל ניט אפנארען. און קיין ליגען וועט אייך קיינמאל איין אמעריקאנער ניט זאגען. אזוי דרינגט פיני. ער האט שוין אפילו געמאכט א ליעד אויף אמעריקע. דאס גאנצע ליעד געדענק איך ניט. עטליכע שורות פון דעם קאן איך אייך זאגען אויף אויסווענינ. אט אזוי הויבט זיך עס אן ביי איהם:

„קאלומבוס'עס מדינה
איז א לאנד פאר גרינע.
דאס איינציגע געבליבען,
וואס א איד מאכט דא א לעבען...
דאס לאנד איז גרויס
גאר אהן א סוף.
דא האקט מען ניט קיין טשייניק,
דא וויסט מען ניט פון בלאף..."

הערנאך זינגט זיך ביי איהם ווייטער און ווייטער, און לאזען לאזט ער אוים מיט אזא מין גראם:

„אמעריקע איז דאס לאנד פון יושר,
האט א פרעזידענט און ניט קיין קייסער"...

לאכט פון איהם מיין ברודער אליהו. ער זאגט, אז „יושר" גראמט זיך עפים ניט אזוי גוט מיט „קייסער". ענטפערט איהם פיני מיט א משל: „אז דער מאן הייסט מענדעל, מעג מען עסען

פון זיין פענדעל. און אז דער מאַן הייסט לייזער, איז אַ רוח איהם אין טאַטען... פרעגט די וועלט אַ קשיא: וואו איז דאָ דער גראָם? איז דער תירוץ: אַ רוח איהם אין טאַטען אָהן אַ גראַם"...

ז.

איהר מיינט, אַז אונזערע ווייבער מאַכען ניט קיין לעבען? איך מיין דאָס מיין ברודער אליהו'ס ווייב ברכה און אונזער חבה פיני'ס ווייבעל טייבעל. זיי אַרבייטען ביי „נעק־טיים" (מענערשע שניפּסען). און ווען האָבען זיי צו פאַרדאַנקען? ווידער אַ מאָל מיין מאַמען, און ווידער אַ מאָל צוליעב דעם, וואָס זי געהט אַלע שבת אין שוהל אריין. דאָרט האָט זי זיך באַקענט מיט איין אַלרייטניטשקע, אַ נגידית הייסט עס (אַ נגיד הייסט דאָ איין „אָל־רייטניק"). די דאָזיגע אָלרייטניטשקע איז אַמאָל געווען, ניט אויסגערעדט זאָל זיין, אַ דיענסטמיידעל ביי אונז אין כתרילעווקע, טאַקי ביי רב יאָסי דעם נגיד. איהר נאָמען איז קריינדעל. מיט דער קריינדלען איז אַ גאַנצע געשיכטע, וואָס קאָן דערצעהלט ווערען אין קורצען.

ח.

ביי אונז, אין כתרילעווקע, איז אַמאָל געווען אַ קצב מיט'ן נאָמען מלך. מלך דער קצב. האָט דער מלך געהאַט אַ יונג מיט'ן נאָמען נחמיה. האָט ער זיך פאַרליעבט, אָט דער נחמיה הייסט עס, אין דער מויד, אין קריינדלען, און געוואָלט מיט איהר חתונה האָבען. האָט ער ניט געהאַט מיט וואָס. האָט ער זיך מיישב געווען איינמאָל, — מלך דער קצב האָט איהם געגעבען געלט, ער זאָל פאָהרען אויפ'ן יריד קויפען אַ בהמה, — האָט ער גענומען דאָס געלט, נחמיה הייסט עס, און איז אַוועק מיט דער מויד, מיט קריינדלען הייסט עס, קיין אַמעריקע. האָט דאָס איהם באַגליקט

און ער איז געוואָרען איין אָלרייטניק, און קריינדעל איז געוואָרען איין אָלרייטניטשקע. איצט האָבען זיי אַ פאַבריק, דאָ הייסט עס אַ פעקטאָרי, פון נעקטייס, דאָס הייסט פון האַלזטיכלעך. האָט זיך געטראָפען אַ מעשה, די אָלרייטניטשקע, קריינדעל הייסט דאָס, האָט געהאַט יאָהרצייט נאָך איהר מאַמע. איז זי געקומען אין שוהל און האָט זיך צערעדט מיט דער מאַמע און זיך געלאָזט דער־קענען. דערהערט פון דער מאַמע, אַז מיין טאַטע איז געווען פייסי דער חזן, האָט זי זיך נאָך מעהר צוגעלאָזט צו מיין מאַמע און צוגע־זאָגט אונז באַהילפיג זיין מיט וואָס נאָר מעגליך. האָט איהר די מאַמע געזאָגט, אַז קיין הילף וויל זי ניט. זי פאַרלאַנגט נאָר אַר־בייט פאַר איהרע קינדער. אַ וואָרט און אַ וואָרט — די אָלרייט־ניטשקע האָט אויסגע'פועל'ט ביי איהר מאַן דעם אָלרייטניק, ער זאָל געבען איין אָרט ביי זיך אין דער פעקטאָרי פאַר מיין שווע־גערין ברכה און פאַר אונזער פיני'ס ווייבעל טייבעל. זענען זיי אַ פאָר וואָכען געגאַנגען אויף בראָדווייי ארבייטען אין דער פעק־טאָרי. און דערנאָך האָט די מאַמע גע'פועל'ט, מע זאָל זיי געבען ארבייט אהיים, ניט זיצען אַ גאַנצען טאָג אין שאָפּ.

ט.

עס האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטען: כל זמן דער „סיזען" האָט זיך געהאַלטען, איז מען געווען „ביזי", דאָס הייסט, מע האָט געהאַט ארבייט. שפּעטער, אַז ס'איז געוואָרען „סלעקטיים", דאָס הייסט, ס'איז קיין ארבייט ניט געווען, זענען אונזערע ווייבער גע־בליבען אָהן ארבייט. מיר האָבען זיך אָבער שטאַרק ניט גענומען צום הארצען. וואָרום „גאָט איז אַ פאָטער — מיט איין האַנט שטראָפט ער, מיט דער אַנדערער היילט ער". אַזוי זאָגט די מאַמע. איך פאַרשטעה דאָס ניט מיט'ן שכל: צו וואָס דאַרף גאָט שטראָפען און דערנאָך היילען? אַמעהר, לאָז ער ניט שטראָפען, וועט ער פאַרשפּאָרען היילען... און ווידער זאָגט די מאַמע, „אַז גאָט שיקט צו די רפואה פאַר דער מכה"...

ט.

אַקעגען וואָס זאָגט זי דאָס? — וועט איהר באַלד הערען. נאָר לאָמיר זיך אַביסעל אָפּרוהען, כדי איך זאָל כח האָבען דער־צעהלען ווייטער.

# XIII

# די רפואה פאר דער מכה

---

## א.

איך האָב אייך צוגעזאָגט דערצעהלען, וואָס מיין מאמע האָט געמיינט מיט דעם, וואָס זי זאָגט, אז „גאָט שיקט צו די רפואה פאר דער מכה”? אזוי איז געווען די מעשה:

מיין ברודער אליהו׳ן איז נמאס געוואָרען צו דיענען אין דער „אידישער ניישאָנאַל וואורשט קאָמפּאניע”. ס׳איז ניט פאר איהם קיין דזשאָב. פארגעסט ניט, אז מיין ברודער אליהו איז פּייסי דעם חזנ׳ס א זוהן. ער איז א יונגערמאַן איין איידעלער. ער האָט א קול־נגינה. קאָן גאנץ פיין דאַווענען פאר׳ן עמוד. ווי פּאסט דאָס פאר אזא יונגענמאַן צו דערלאַנגען קישקעלעך צום טיש? דאָס דערלאַנגען אליין וואָלט נאָך אפשר ניט אויסגעמאַכט, זענען אָבער פאַרהאַן אלערליי מענטשען. פאַרהאַן מענטשען איי־דעלע. איין איידעלמאַן, א טאַטענ׳ס א קינד, קומט־אריין און הייסט זיך דערלאַנגען א פּאָרציע וואורשטלעך און זעצט זיך אוועק, עסט־אויף די וואורשטלעך, באַצאָהלט און גוד באַי.

## ב.

פארהאן אָבער אזעלכער, וואָס איז ניט קיין איידעלמאַן. עס מאַכט זיך אַמאָל אַ גראָבער נפש. קאָכט ער אויס דאָס וואַסער. דאָס זענען איהם די קישקעלעך ניט געגוג הייס. דאָס פעהלט איהם זענעפט. און אז ער רעדט, זאָגט ער ניט, ווי אַ מענטש: „זייט־זשע מוחל, גיט מיר נאָך אַ פּאָרציע". נאָר ער טהוט אַ פּייף, אָדער אַ קנאַק מיט די פינגער און אַ הוק: „סעי, וועיטער! גיוו מי נאָך אַ פּאָרציע!" און מיין ברודער אליהו איז ניט געוואוינט געוואָרען, מע זאָל צו איהם אזוי רעדען. ווערד ער אָנגעצונדען. ער ענטפערט ניט אזא גראָביאַן. ווערד דער גראָביאַן אין כעס און שרייט נאָך העכער: „סעי, פּראָפעסאָר! קאַם היער!" ענט־פערט איהם דעמאָלט אליהו: „וואָס פאַר אַ פּראָפעסאָר בין איך אייך?"... ווערד יענער נאָך מעהר אין כעס און צעשרייט זיך. דערהערט דער בעל־הבית. קומט ער צו צו מיין ברודער און פרעגט איהם: „וואָס איז די מערדער וויט יו?" דאָס הייסט: וואָס טהוט זיך עס מיט דיר?... ענטפערט איהם ניט אליהו. פרעגט איהם העך בעל־הבית: „פאַר וואָס ענטפערסט דו ניט, אז מע פרעגט דיך?" זאָגט איהם אליהו: „פרעגט מיך ווי אַ מענטש, וועל איך אייך ענטפערען". פרעגט איהם דער בעל־הבית: „וועלכס הייסט ווי אַ מענטש?" ענטפערט איהם אליהו: „אַ מענטש רעדט אויף אידיש"... פרעגט איהם וויעדער דער באָס: „און אז איך רעד אויף איינגעלש, בין איך אַ פּיפערנאָטער?"... ענטפערט איהם אליהו: „עס קאָן זיין"...

— אויב אזוי, — זאָגט צו איהם דער באָס — קריגסט דו די סעק. דאָס הייסט, דו קאָנסט מאָרגען זיצען אין דער היים...

## ג.

„דעם דריטען טאָג אַ שטיקעל ברויט, אבי ניט פּארקויפען קיין קישקעלעך". אזוי זאָגט מיין ברודער אליהו. אונזער חבר

פיני שטימט מיט איהם ניט איין. פיני געהט מיט דעם גאַנג, אַז אמעריקע איז אַ פרייע מדינה. אַז אין אמעריקע באַדאַרף אַלסדינג אָנשטעהן. און טאָמער ווילט איהר איהם איבערשפאַרען, הויבט ער באַלד אָן מיט זיינע מיליאָנערען: „קארנעגי... וואַנדערבילד... ראָקענפעלער... פרעגט איהם אליהו:

— פון וואַנען קענסט דו זיך מיט די דאָזיגע לייט?

ענטפערט איהם פיני אָפּ:

— למאי פון וואַנען ווייס איך, וואָס אין דעם רוסישען „הויף" טהוט זיך?

פרעגט איהם ווייטער אליהו:

— נו־יאָ, פון וואַנען ווייסט דו דאָס?

ענטפערט איהם פיני אָפּ:

— זאָלסט לייענען אַזוי פיעל ראָמאַנען, ווי איך, וואָלסט דו אפשר אויך געוואוסט...

ד.

דאָס מיינט פיני די ביכער, וואָס ער לייענט ביי אונזער משה דעם איינבינדער. זיי זענען געדרוקט אויף פּראָסט אידיש. און גראָב זענען זיי. און שווער. שווערער פון דער מאַמע'ס טייטש־חומש. משה דער איינבינדער גיט זיי אויף איבערלייענען. ער מאַכט דערפון אַ לעבען. וואָרום איין בוך לייענען אפשר הונדערט מענטשען. צום מיינסטען, ווייבער. ווייבער האָבען ליעב ראָמאַנען. מיין שוועגערין ברכה לייענט זיי אַלע שבת בייטאָג, ווי אַ וואַסער. מיין מאַמע און פיני'ס ווייב טייבעל האָבען ליעב צו הערען, ווי ברכה לייענט. די מאַמע ווערד באַלד אַנשלאָפען. נאָר טייבעל הערט און זיפצט. אַמאָל ווײנט זי. זי האָט אַ ווייך הארץ. ס'זאָל ניט זיין שבת און מע זאָל מעגען, וואָלט איך אויס־געמאָהלט מיט אַ פּענסעל אויף פּאַפּיער, ווי אַזוי ברכה לייענט, און ווי אַזוי די מאַמע שלאָפט, און ווי אַזוי טייבעל וויינט...

נאָר מיר האָבען זיך א ביסעל פאַררעדט, און מיר ווייסען נאָך אַלץ ניט, ווי אזוי גאָט שיקט צו די רפואה פאַר דער מכה.

## ה.

פריהער — וועגען דער מכה. געוויס איז דאָס א מכה, אז א יונגערמאַן, ווי מיין ברודער אליהו, געהט־ארום אָהן א שטאָך אר־בייט. ער קאָן ניט טהון דאָס, וואָס אונזער חבר פיני טהוט. פיני'ן, למשל, שטעהט אָן נעמען א לאָפּעטע ווינטער און רייניגען דעם שניי פון דער סטריט. אליהו זאָגט, אז ער וואָלט אויך גע־גאַנגען רייניגען דעם שניי, נאָר ניט אין סטריט. זאָגט צו איהם פיני: „וואָס דען האָסט דו געוואָלט? מע זאָל דיר אריינטראָגען דיין פּאַרציע שניי אין שטוב אריין?" ברענט דאָס אליהו'ן, וואָס פיני איז אויפגעלעגט.

— אפנים, ס'איז דיר גוט, וואָס דו זאָגסט ווערטלעך? — טהוט איהם אליהו א זאָג און באַקומט פון איהם איין ענטפער:

— שור איז מיר גוט, אז איך דערמאָן זיך, אז איך בין אין אמעריקע, ניט אין פּאָגראָמענלאַנד.

— א גדולה אויף דיין באָבען! — זאָגט אליהו, און פאַר הארצוועהטיג געהט ער אוועק גאָר אין שוהל אריין, אין כתרילעוור־קער בית־המדרש. און דאָ, אין כתרילעווקער בית־המדרש, קומט די רפואה צו דער מכה. ווי אזוי? וועט איהר הערען א שענס.

## ו.

מיר דאַכט, איך האָב אייך שוין אמאָל דערצעהלט, אז אין דעם זומער, וואָס מיר האָבען זיך ארומגעשלעפּט איבער'ן לאָנדאָנער ווהייטשעפּעל, איז דערווייל אין דער אלטער היים, אין אונזער ליעבען כתרילעווקע, אויסגעבראָכען א כפול־שמונה'דיגער פּאָגראָם מיט א שרפה א צוגאָב. וואָס מע האָט געקאָנט ראַבעווען, האָט מען געראַבעוועט. וואָס מע האָט געקאָנט צעברעכען, האָט מען

צעבראָכען. דאָס איבעריגע האָט מען אונטערגעצונדען און פאַר־
ברענט. מילא, פון אָרעמע לייט שמועסט מען ניט. אחוץ די
עטליכע קישעלעך. האָבען זיי ניט געהאט וואָס צו פאַרלירען. זיי
האָבען געדאנקט גאָט, וואָס זיי זענען האָטש ארויס מיט'ן לעבען.
וואָרום עס זענען געווען אזעלכע, וואָס האָבען געכאַפּט קלעפּ, און
אזעלכע, וואָס זענען פון די קלעפּ געשטאָרבען. אָרעמע עופה'לעך
נעבאך זענען א טייל צעריסען געוואָרען פון די חוליגאַנעס און א
טייל זענען אויסגעגאַנגען פון הונגער. נאָר פון די רעדט מען ניט.
רעדען רעדט מען פון יענע, וואָס ערשט נעכטען זענען זיי געווען
נגידים, גבירים, אדירים, און היינט זענען זיי געבליבען קבצנים,
דלפנים, עניים ואביונים, אָהן א העמד אויפ'ן לייב און אָהן א
שטיקעל ברויט. אָט פון די דאָזיגע געפאַלענע, אז מע טהוט א
טראַכט, — אזוי זאָגען אונזערע לייט — געהט איבער א פראָסט
איבער'ן לייב! פאר וואָס געהט ניט איבער קיין פראָסט איבער'ן
לייב, אז מע טהוט א טראַכט וועגען די אָרעמע לייט און וועגען
זייערע אָרעמע עופה'לעך, וואָס זענען צעריסען געוואָרען פון די
חוליגאַנעס און וואָס זענען אויסגעגאַנגען פאר הונגער? — דאָס
קאָן איך ניט פאַרשטהן. מיין חבר מענדעל אויך ניט. ער זאָגט,
אז די כתרילעווקער אידען האָבען שוין אזא טבע: איין אָרעמאַן,
אז ער געהט אוים פון הונגער, איז ביי זיי גאָר ניט. און א נגיד,
אז ער ווערד א קבצן — חאַפּט זיי אוועק דער רוח!...

ז.

בקיצור — צווישען אונזערע כתרילעווקער נגידים, גבירים,
אדירים איז געווען איינער מיט'ן נאָמען משה־נח. אחוץ וואָס
ער האָט געהאט איין אייגענע שטוב מיט א הויף, מיט א גאָרטען,
איז ער גלאַט געווען א גביר. א סימן: זומער פלעגט ער ארומ־
געהן אין די גאַטקעס. דאָס הייסט, אין די אונטערהויזען. און
אויף די אונטערהויזען — א חאַלאַט. א איד איין אָרעמאַן וועט

נים וואַגען באַווייזען זיך אין די אונטערהויזען. מסתמא, דאַרף מען רעכענען, איז ער תקיף, אַ איד אַ גביר — וועמען הערט ער?... היינט ווייסט די גאַנצע וועלט, אַז פון זיין מאַמע איז איהם גע־בליבען בירושה דריי קלייטען אין מיטען מאַרק. און אַ בהמה האָט ער געהאַט אַלע מאָל אַ מעלקעדיגע. די דריי קלייטען האָבען איהם געגעבען אַ פּאַרנסה אונטערגעשטעלט, זעהר שלעכט. פון ... איהם גענוג אַרייננעטראָגען צום לעבען. נאָך איבער גענוג. פון רעסטוועגען האָט זיין ווייב נחמה־מירעל (מע האָט זי גערופען „דחמה־בירעל", דערפאַר וואָס זי האָט אַ פאַרלעגטע נאָז) גע־שלעפּט פון דער מעלקעדיגער בהמה כמעט די גאַנצע הוצאה פון דער שטוב. און בכדי מע זאָל איהר ניט געבען קיין עין־הרע, האָט „דחבה־בירעל" ליעב געהאַט זיך קלאָגען, אַז איהר „בהבה" האָט זיך אויפגעהערט צו „בעלקען" און זי גיט ניט קיין „בילך"... נאָר כתרילעווקע נאַרט מען ניט אָפּ. אַלע האָבען געוואוסט, אַז ס'אַ ליגען — די בהמה האָט זיך ניט אויפגעהערט צו מעלקען און זי גיט מילך... הייני שטעלט אייך פאָר, אַז אַזאַ איד, ווי משה־נח, אַנטלויפט קיין אַמעריקע, אַ נאַקעטער, אַ באָרוויסער, ווי די מאַמע האָט איהם געהאַט, — זאָל מען אויף איהם ניט האָבען קיין רחמנות? נאָר וואָס קאָן טהון משה־נח אין אַמעריקע? ער וועט דאָך ניט געהן אַרבייטען אין אַ שאָפּ. זיינע קינדער אויך ניט. האָבען זיך די חברה „אַנשי כתרילעווקע" אויף איהם אַרומגעקוקט און האָבען איהם געמאַכט פאַר אַ שמש אין'ם כתרילעווקער בית־המדרש.

### ח.

אין אַמעריקע אַ שמש זאָלט איהר ניט אָוועקמאַכען מיט דער האַנט. אין אַמעריקע אַ שמש לעבט שענער ווי אין כתרילעווקע אַ בעל־הבית. פון יאָהרצייטען אַליין קאָן מען דאָ נתעשר ווערען. מע האַלט דאָ זעהר שטאַרק פון יאָהרצייטען. אַ גאַנץ יאָהר דאַ־ווענט מען דאָ ניט. מע האָט קיין צייט ניט. „טיים איז מאָני" —

צייט איז געלט. אזוי געהט דא דאס לשון. נאר אז איינער האט יאהרצייט — ווארפט ער אוועק אלע ביזנעס און לויפט אין שוהל אריין. און פון שוהל לויפט ער אוועק אין א אידישען רעסטאָ־ראנט און הייסט זיך געבען א כשר'ען אנבייסען, ווארום ער האט יאהרצייט. און וויבאלד ער האט יאהרצייט, לעקט אפ דער שמש א ביינדעל. און ווער שמועסט א בר־מצוה — דעמאלט פאלט שוין אריין דעם שמש גאר א גראבס. ביי אונז, אין דער אלטער היים, אז א יונגעל ווערד בר־מצוה, טהוט מען איהם אן תפילין און ער מוז שוין געהן אלע טאג דאווגען. דא, אין אמעריקא, א בר־מצוה — איז א יום־טוב. מע טהוט אן דעם בחור'על א טלית'על. מע רופט איהם אויף, ווי א חתן, צו דער תורה. ער קוויטשעט־אויס, ווי א יונג האהנעבעל, די הפטורה. דערנאך הויבט ער אויף די הענטלעך און בעלעבעטשעט עפיס א דרשה, אויסגע'חזר'ט אויף אויסוועניג, און דוקא אויף איינגעלש. חס־וחלילה ניט אויף אידיש. דערנאך געהט־צו דער ראבינער (דא הייסט ער „ראביי"), און געהט געגאלט דאס גאנצע פנים, און זעהט־אויס ווי ביי אונז א פוילישער קסיאנדז). ער לעגט ארויף די ברייטע ארבעל אויפ'ן בר־מצוה און בענטשט איהם „יברכך"...

ט.

קורץ, משה־נח האט א גוטען דזשאב. איין זאך נאר, וואס ער מוז נעבאך אליין געהן צו די בעלי־בתים קאלעקטען. דאס הייסט, איינמאהנען די „בעבור־שנדרס" מיט די דיוס. דאס הייסט, דאס חודש־געלד פון די בעלי־בתים. נו, פאסט דאס פאר א אידען, וואס איז ערשט ניט לאנג געוועזען א נגיד, — זאל געהן קאלעקטען? זיין ווייב „רחבה־בירעל" האט אזש געוויינט פאר מיין מאמען, אויסגעגאסען איהר גאנץ ביטער הארץ פאר איהר. זי האט גע־זאגט: „איהר בעגט ביר גלויבען בדאבדות, אז איטליכס באל, וואס בייד באד דארף געהד באהדעד בעבור־שהדרס, זעהט ער זיך ביט'ד

בל־זך־הבות..." איך האָב מורא, אַז קיינער פון אייך וועט ניט פאַרשטעהן אזא לשון. עפּיס קומט דאָס אויס תרגום. מוז מען אייך איבערזעצען: „איהר מעגט מיר גלויבען בנאמנות, אַז איט־ליכס מאָל, וואָס מיין מאַן געהט מאַהנען בעבור־שנדרס, זעהט ער זיך מיט'ן מלאך־המות"... אויסגעהערט פון נחמה־מירלען איהר ביטער הארץ, גיט איהר מיין מאַמע א גלייכע עצה, אַז איהר משה־נח זאָל נעמען מיין ברודער אליהו פאַר א קאָלעקטאָר. איהם וועט דאָס זיין א הילף, און מיין ברודער וועט מאכען א לעבען... פאַר־שטעהט זיך, אַז משה־נח האָט זיך אָנגעחאַפּט אין דעם פּלאַן מיט בייִדע הענט. מיין ברודער אליהו האָט זיך אפילו צום אָנהויב א ביסעל געקווינקעלט. ס'איז איהם נאָך געווען א ביסעל פריקרע. איז אונזער חבר פּיני איהם געקומען צו־הילף. ער האָט זיך צע־לאָזט מיט זיין לשון, ווי ער קאָן. ער האָט אוועקגעגעבען אליהו'ן א רעכטע פּאַרציע:

— איך פאַרשטעה ניט, וואָס איז מיט דיר די גרויסקייט? מיט וואָס ביזט דו מעהר מיוחס פון קארנעגי, ראָקענפעלער, וואַנ־דערבילד?... און — פּאַשאָל!

פּיני, אַז ער וויל, קאָן ער!

י.

ווער וואָלט זיך עס, אשטייגער, געריכט, אַז פון אזא קליינעם דזשאב, ווי זיין א קאָלעקטאָר ביי א שמש פון א שוהל, זאָל זיך אויספּיקען מיט דער צייט א סך א גרעסערער דזשאב? און ניט איין דזשאב, נאָר צוויי דזשאבען. איין דזשאב אלס קאָלעקטאָר פון א פוירניטשור־ביזנעס פאַר מיין ברודער אליהו. און דער אַנ־דערער דזשאב אלס קאָלעקטאָר פון א אינשורענס קאָמפּאַניע — פאַר אונזער חבר פּיני. נאָר איך זעה נאָך אייערע פּנים'ער, אַז איהר הויבט ניט אָן צו פאַרשטעהן, וואָס איז אזעלכס „פוירני־טשור" און וואָס איז „אינשורענס". וואַרט מיר צו א ווײַלע — איך וועל אייך אַלסדינג דערקלערען.

XIV

# מיר קאָלעקטען

---

## א.

דערפאַר איז גוט אין אמעריקע, וואָס אַלסדינג טראָגט מען אריין אין שטוב אריין. און אַלסדינג גיט מען אייך דאָ אויף אויסצאָהלען. פאַר איין טאָלער א וואָך קאָנט איהר אייך אויס־מעבלירען אייער שטוב, ווי א גראַף. דאָ זאָגט מען ניט „אויס־מעבלירען". דאָ זאָגט מען: „אויספוירנישען". וואָרום מעבעל הייסט דאָ „פוירניטשור". פון וואַנען שטאַמט דאָס וואָרט „פוירניטשור" — ווייס איך ניט. מיין ברודער אליהו דענקט, אז דאָס דאַרף וואַכסען פון צוויי ווערטער: „פאָרניט" — פון פאָרינט, און „טשער" — א בענקעל, א שטוהל. זאָגט אָבער אונזער חבר פיני, אז עס הויבט זיך גאָר ניט אָן. ערשטענס, וואָס עפּיס פון פאָרינט, פאַר וואָס ניט פון הינטען? און פאַר וואָס עפּיס גראָד א שטוהל, פאַר וואָס ניט קיין שפּיעגעל? און צווייטענס, זאָגט מען דען פאָרניטשער? מע זאָגט דאָך גאָר „פוירניטשער". און דריטענס, מע זאָגט ניט „פוירניטשער", נאָר „פוירניטשיר" — מיט א חיריק. זאָגט איהם אליהו, אז נאָר א משוגענער וועט זאָגען פוירניטשיר, מיט א חיריק. א קלאָרער מענטש וועט אלע

מאָל זאָגען מיט אַ סגול — „פוירניטשער". אזוי לאנג האָבען זיי זיך געשפּאַרט און געאַמפּערט, עס האָט שוין כמעט געהאַלטען ביי פּעטש. אַ גליק, וואָס ברכה איז דערביי געווען, האָט זי ניט דערלאָזט. ביז ס'איז געבליבען, מע זאָל אַ פרעג טהון ביי איין אמת'ען אמעריקאַנער. דאָס הייסט, טאַקי ביי אַ אידען, נאָר ביי אַזאַ אידען, וואָס איז ניט קיין גרינער. דאָס הייסט, אַזעלכער, וואָס איז שוין דאָ אין לאַנד האָטש אַ יאָהר עטליכע און צוואַנציג. לאָזט זיך אויס, אַז דאָס וואָרט פוירניטשער לעגט זיך ניט אויס ניט מיט אַ חיריק און ניט מיט אַ סגול, נאָר מיט אַ מלופים. דאָס הייסט, מע דאַרף נאָר זאָגען „פוירניטשור". הייגט געהט זייט אַ חכם!

ב.

קיינער קויפט דאָ ניט אַ זאַך פאַר מזומן געלט. סיידען אַזאַ איד, ווי דזשייקאָב שיף. ער איז דער רייכסטער מענטש, זאָגט מען, אין אמעריקע. רייכער פון איהם איז שוין ניטאָ. אזוי זאָגט מיין ברודער אליהו. און אונזער חבר פּיני דרינגט, אַז ניין. ער זאָגט, אַז קאַרנעגי איז אַ סך רייכער. וואַנדערבילד — אודאי. און ראָקענפעלער — אודאי און אודאי! זאָגט אָבער אֶליהו: לא מיט אַ ספּאָדיק! יענע זענען אפשר רייכער אין ערד, אין אימע־ניעס. אָבער אין מזומן געלד — בלאָטע! — איז שיף רייכער פון זיי אַלע. הויבט שוין פּיני אָן ארויס פון די כלים און צעשרייט זיך אויף מיין ברודער אליהו'ן, אַז ער ווייסט ניט וואָס ער רעדט. וואָס ראָקענפעלער צעשענקט אַ יאָהר נדבות נאָר, פאַרמאָגט דאָס אפשר ניט שיף אויף זיין מאַיאָנטעק. וועהד שוין מיין ברודער אליהו איי כעס און זאָגט אויף פּיני'ן, אַז ער איז אַ שונא־ישראל, איין אנטיסעמיט, וואָרום אפילו ס'זאָל זיין אמת, אַז ראָקענפעלער זאָל זיין רייכער פון שיפ'ען, דאַרף ער אויך זאָגען, אַז שיף איז רייכער. וואָרום ראָקענפעלער איז אַ גוי, און שיף איז אַ איד. צעלאָזט זיך פּיני און זאָגט:

— און אז שיף זאָל זיין דריי מאָל א איד, דעריבער זאָל איך זאָגען א ליגען? דו פארגעסט זיך, אליהו, צו אָפּט, אז מיר זענען אין אמעריקע, און אז אמעריקע האָט פיינט בלאָף!

— אזוי פיעל מכות זאָל זיך זעצען אונזערע שונאים אויף אזא איין אָרט, וואו איך וויים, און אזוי פיעל גוטע יאָהר זאָלען מיר אלע האָבען, וויפיעל ליגינים עס ווערד אויסגערעדט א טאָג נאָר אין ניו־יאָרק אליין, א חוץ ברוקלין און א חוץ בראָנזוויל און א חוץ די בראָנקס!

אזוי זאָגט מיין שוועגערין ברכה, און זייער שפּארען זיך נעמט א סוף.

## ג.

וויבאלד, אז מע ניט פּוירניטשור (געדענקט זשע, אז מע דאַרף זאָגען „פּוירניטשור") אויף אויסצאָהלען צו טאָלער א וואָך, דאַרף מען דאָך האָבען מענטשען, וואָס זאָלען ארומגעהן פון שטוב צו שטוב איינמאָהנען די טאָלערס. איז דערויף געשטעלט געוואָרען קאָלעקטאָרס, וואָס געהען ארום קאָלעקטען די טאָלערס. קאָלעקטאָרס זענען דאָ א סך. יעדער קאָלעקטאָר האָט זיך זיין „ראוט", זיינע הייזער, וואו ער נעהט־ארום קאָלעקטען. זיין ארבייט איז אָנקלאָפּען אין דער טיר. דערנאָך קומט ער אריין און זאָגט: „גוד מאָרנינג!" — דאָס הייסט: א גוט מאָרגען. דערנאָך זאָגט ער: „וועדי נייס דעי" — דאָס הייסט: זעהר א שענער טאָג!... דערנאָך גיט ער אייך ארויס א קוויטאַנציע, נעמט אָפּ דעם טאָלער און זאָגט: „גוד באַי". מעהר דאַרף ער ניט רעדען. און דאָס היטעל אראָפּנעמען איז אויך ניט נויטיג. דאָ איז עס ניט קיין מאָדע. איהר קאָנט אריינגעהן אינ'ם רייכסטען הויז אין א היטעל, און מיט די קאַלאָשען אויף די שטיוועל, און איהר קאָנט אייך בעת מעשה פּיפּקען א סיגאַרעט, אָדער פייפען א ניגון, אָדער קייען אייער טשואינגגאָם. קיינער וועט אייך ניט זאָגען קיין קרום וואָרט. ס'איז אמעריקע.

## ד.

מיין ברודער אליהו איז גאַנץ צופֿריעדען פֿונ'ם דזשאָב. אַ סך שענער, ווי שטעהן אין דער „קאַלבאַסנע" און פֿאַרקויפֿען קישקעלעך. און פֿאַרדיענען פֿאַרדיענט ער אויך אַ סך מעהר. ווי וואָסער אַ וואָך. אַמאָל מאַכט ער אַכט טאָלער אַ וואָך. אַמאָל צעהן. און אַמאָל צוועלף. עס ווענדט זיך אין דער „פּאַגאָדע", אינ'ם וועטער הייסט דאָס. ביי אַ גוטען וועטער קאָן מען געהן צו־פֿוס. ביי אַ שלעכטען וועטער — מוז מען אונטערפֿאָהרען מיט דער קאַר. קאָסט דאָס אַ ניקעל. נאָר אַזעלכע ניקעלס געהען ניט אוועק ביי מיין ברודער קיין סך. וואָרום בטבע איז אליהו אַ מענטש אַיין איינגעהאַלטענער. גאָרניט דאָס, וואָס פּיני. אונזער פּיני האָט שוין אַ סך אַ ברייטערע האַנט. זעלטען ווען ער געהט צו־פֿוס. ער מוז, זאָגט ער, פֿאָהרען, וואָרום ער האָט אַ נידעריגע ראיה. איהם קאָן מען גרינג איבערפֿאָהרען. ניט אַזוי נאָך צוליעב זיין קורצזיכטיגקייט, ווי צוליעב דעם, וואָס ער איז אַ פֿאַרטראַכטע בריאה. דער קאָפּ טראָגט איהם. און דערצו קאָן ער ניט באַגעהן זיך אַ מינוט אָהן דעם, ער זאָל ניט אַריינקוקען אין אַ בוך, אָדער אין אַ „פּייפּער". און אַמאָל מאַכט זיך, אַז ער האַלט סאַמע אין מיטען שרייבען. דאָס הייסט, ער געהט־אַרום און טראַכט און טראַכט — ער הערט גאָרניט, וואָס מע רעדט צו איהם. דערנאָך חאַפּט ער אַ פּענסיל אָדער אַ טינט־און־פּען און הויבט אָן שרייבען, קאָן ער אייך באַשרייבען אפשר צעהן בויגען פּאַפּיער פֿון אַלע זייטען. וואָס ער האָט דאָרטען אָנגעשריבען און וואָס טהוט ער מיט'ן אָנגעשריבענעם — דאָס ווייסט קיינער ניט. אפילו זיין ווייב טייבעל אויך ניט. אַז מיין ברודער אליהו פֿרעגט איהם, וואָס ער האָט אָנגעשריבען, ענטפֿערט ער איהם:

— מיר'ן עלטער ווערען, וועלען מיר וויסען...

מיר זענען שוין אַ היבש ביסעל עלטער געוואָרען, און מיר ווייסען נאָך אַלץ גאָר נישט.

ה.

פון דעסטוועגען שאַדט דאָס ניט אונזער חבר פּיני'ן, ער זאָל מאַכען אַ לעבען. און נאָך ווי מאַכען אַ לעבען! אונזער פּיני איז אויך אַ קאָלעקטאָר. נישט ביי פוירניטשור, נאָר ביי „אינ־שורענס". ביי אונז ווערד דאָס אָנגערופען „סעקוראַנץ", אָדער „פאַרזיכערען זיך פונ'ם טוידט". דאָ פאַרזיכערען זיך אַלע. יונג און אַלט, ווייבער און קינדער, טאַטעס און מאַמעס, שוועסטער און ברידער, זיידעס און באַבעס. און אויך נישט פאַר מזומן, נאָר אויף אויסצאָהלען. פון אַ ניקעל ביז אַ טאָלער אַ וואָך. וואָס די סומע פון די אינשורענס איז גרעסער, דאַרפט איהר אַלץ מעהר צאָהלען. פאַרהאַן הייזער אַזעלכע, וואו אַלע מענטשען, פונ'ם עלטערזיידען ביז'ן אוראייניקעל, זענען אַלע פאַרזיכערט פונ'ם טוידט. און טאָמער זענען נאָך ניט אַלע פאַרזיכערט, דאַרף דער קאָלעקטאָר זעהען דעם ניט־פאַרזיכערטען צו פאַרזיכערען. וואָס הייסט דאָס „פאַרזיכערען" און ווי אַזוי פאַרזיכערט מען אַ מענ־טשען פונ'ם טוידט — ווייס איך ניט אַקוראַט. איך ווייס נאָר, אַז מיין ברודער אליהו האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם דזשאָב. ער האָט בעסער אויסגעקליבען דעם דזשאָב פון פוירניטשור. פאַר וואָס? ווייל ביי פוירניטשור קאָלעקטען דאַרף מען נאָר באַנוצען, ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, די ווערטער: „גוד מאָרנינג" און „גוד באַי". און ביי אינשורענס דאַרף מען רעדען, צורעדען, פאַר־רעדען און איבעררעדען. דערויף איז מסוגל נאָר אונזער חבר פּיני. ער קאָן איבעררעדען אַ וואַנט. ער קאָן מאַכען רעדענדיג אַ טוידטען.

ו.

ביי אונזער חבר פּיני מאַכט ניט אויס, ווער איהר זענט און וואָס איהר זענט. פון וואָס איהר זאָלט ניט רעדען — ער מוז אַרויף אויף זיינעם. זענט איהר אַ פאַרזיכערטער — מעגט איהר

דאָך רעדען פון פאַרזיכערונג. זענט איהר נאָך ניט פאַרזיכערט — דאַרפט איהר דאָך אודאי רעדען פון פאַרזיכערונג. און קוים לאָזט איהר זיך רעדען, וועט איהר זיך שוין פון פיני׳ס הענט ניט ארויס־דרעהען. ער וועט אייך שוין פאַרזיכערען. און אויב ניט אייך — איז אייער ווייב. אייער קינד. אייער זיידען. אייער שוויגער. אייער קאָזין. אייער שכן (דאָ זאָגט מען ניט „שכן”. דאָ זאָגט מען „נעכסטדאָריגער”). דאָס הייסט, איהר פאַרזיכערט זיך, אז טאָמער שטאַרבט אייער נעכסטדאָריגער פריהער פון אייך, באַקומט איהר פון דער קאָמפּאַניע א שענע פּאָר הונדערט טאָלער. און דער נעכסטדאָריגער פון זיין זייט פאַרזיכערט זיך אויך. דאָס הייסט, באם חלילה איהר שטאַרבט אוועק פריהער פון איהם, באַ־קומט ער פון דער קאָמפּאַניע א פּאָר הונדערט טאָלער. צאָהלען צאָהלט איהר ביידע דער קאָמפּאַניע צו קוואָדער א וואָך. איהר זענט ניט מחויב צו געהן אין דער קאָמפּאַניע. די קאָמפּאַניע טרעפט שוין צו אייך. ניט אליין — דורך איהר קאָלעקטאָר. פיני קומט צו אייך און קאָלעקטעט־איין אייערע קוואָדערס. ער קריגט דערפון פופצעהן פּראָצענט קאָמישאָן.

**ז.**

דאָס איז פאַר׳ן קאָלעקטען. און אויב ער פאַרזיכערט אייך איבעראַניים, דאָס הייסט, אויב ער „שרייבט אייך א נייע פּאַ־ליסי” (אזוי גערהט דאָ די שפּראַך), באַקומט פיני דער איידזשענט פופצעהן מאָל אזוי פיעל. דאָס וועט הייסען, אז טאָמער צאָהלט איהר א קוואָדער פּרעמיע, באַקומט דער איידזשענט פון דער קאָמפּאַניע אין איין קלאַפּ פופצעהן קוואָדערס! אנו, רעכענט אוים, זייט מוחל, וויפיעל דאָס מאַכט?! היינט שטעלט אייך פאָר, אז טאָמער געראָט דאָס אונזער חבר פיני׳ן צו שרייבען צוויי, אָדער דריי, אָדער מעהר פּאָליסים א טאָג, און אלע צו קוואָדערס! דאָס איז דאָך א גאַנצער מאַיאָנטעק!...

— וועה איז מיר! איהר וועט דאָך אָנשיטען אָט די שטוב מיט גאָלד! — אַזוי זאָגט צו איהם מיין שווענערין ברכה, און טייבעל ווערד אַזש רויט, קוקענדיג אויף איהר פיני'ן, ווי ער שלעפּט די קוואָדערס מיט די ניקעלס פון אַלע קעשענעס.

— וואָס דען מיינט איהר? — ענטפערט איהר פיני און לעגט־צונויף די קוואָדערס באַזונדער און די ניקעלס באַזונדער. — איהר מיינט, אַז קאַרנעגי, וואַנדערבילד און ראָקענפעלער זענען געבוירען געוואָרען מיט זייערע מיליאָנען?...

ח.

וואו נעם איך איצט אַ וויסען בוינען פּאַפּיער? איך וואָלט מיט אַ שוואַרצער קויהל אָנגעוואָרפען אַזאַ מין בילד: אַ טיש. אויבען־אָן זיצט די מאַמע, צונויפגעלעגט די הענט. נעבען איהר, פון איין זייט, שטעהט ברכה. אַ הויכע, אַ לאַנגע, מיט גרויסע פיס. פון דער אַנדערער זייט — טייבעל. אַ קליינינקע, אַ דאַרינקע, אַ פערטעל עוף. ביידע אַרבייטען זיי. איינע נייהט, די אַנדערע שטרייפט. ביי איין עק טיש שטעהט מיין ברודער אליהו, אַ באַוואַכסענער מיט אַ באָרד. האַלט אַ באָנטש קאַרט־לעך אין איין האַנט און אַ פּעקעל פּאַפּיערענע טאָלערס אין דער צווייטער האַנט. דאָס האָט ער אָנגעקאָלעקטעט דורכ'ן טאָג. און ביי'ם אַנדערען עק טיש שטעהט איינגעבויגען אונזער חבר פיני, אַ געגאָלטער, איין עכטער אַמעריקאַנער. ער שלעפּט פון ביידע קעשענעס די קוואָדערס מיט די ניקעלס. און מחמת ער האָט אַ נידעריגע ראיה, טראָגט ער צו יעדען קוואָדער מיט יעדען ניקעל גלייך צו דער נאָז. אויפ'ן טיש שטעהען שוין צוויי הויכע קופּ־קעלעך. איין קופּקעלע איז פון סאַמע קוואָדערס, דאָס אַנדערע קופּקעלע איז פון לויטער ניקעלס. און פיני איז נאָך ניט פאַרטיג. ער האָט נאָך און נאָך. דאָס קאָן מען אַרויסזעהען דורך די הויזען־

קעשענעס, וואָס זענען פול. זענען געשוואָלען. זיי ווערען אזש צעשפּארט...

## ט.

נישטאָ קיין אייביגע זאַך אויף דער וועלט, און אַ מענטש איז קיינמאָל ניט צופריעדען מיט דעם, וואָס ער האָט. עס איז אונז נמאס געוואָרען דאָס ארומגעהן קאָלעקטען די פרעמדע טאָלערס מיט די פרעמדע קוואָדערס און ניקעלס. בעסער קליינע בולקעלעך אייגענע, איידער גרויסע קוילעטשען פרעמדע. אזוי זאָגט מיין שוועגערין ברכה. פריהער האָט געוואָרפען איין אום־חן אויף'ן קאָלעקטען מיין ברודער אליהו. עס האָבען זיך איהם צוגענעסען די ביזנעס. און ניט אזוי די ביזנעס, ווי די קאָסטאָמערס. אנדערע קאָסטאָמערס האָבען אויפגעהערט צאָהלען. זיי האָבען געזאָגט: „נעמט אייך צו אייער פוירניטשור, מיר דארפען עס אויף כפּרות"... אנדערע האָבען געהאַט אַ טענה, למאי די בעט סקריפּעט? למאי דער שפּיעגעל באַווייזט צוויי פּנים'ער? למאי די קאָמאָדע וויל זיך ניט עפענען און ניט פארמאכען? און למאי יעדעס בענקעל וועגט דריי פונט? און אז מע זעצט זיך אוועק, איז ווי אויף צוויעבעס!... און אנדערע ווידער זענען זיך מיישב און מופען גאָר ארויס. דאָס הייסט, זיי קלויבען זיך איבער אויף איין אַנ־דער סטריט — און געה זוך זיי! נאָר ערגער פון אַלץ איז אָט וואָס: פארהאַן אזעלכע, וואָס האָבען זיך אונטערגענומען צאָהלען וואָך־געלט. אז זיי האָבען געקאָנט צאָהלען, האָבען זיי געצאָהלט. איצט קאָנען זיי שוין מעהר ניט צאָהלען. איבער וואָס? דער ברוינ־געבער איז קראַנק געוואָרען. אָדער עס איז קיין ארבייט נישטאָ. אָדער עס האָט אויסגעבראָכען אַ סטרייק. עס ווילט זיך ניט אָנווערען אַ קאָסטאָמער. וואָס טהוט מען? לענט־אוים אליהו דערוייל פון זיין פּאָקעט. וואָס זאָלט איהר קלעהרען? ס'איז צרות מיט צרות!...

## י.

מיינט איהר, אז אונזער חבר פיני איז צופריעדען מיט זיין דזשאב? אויך ניט. ביז מע קעטשט א קאָסטאָמער, זאָגט ער, קומט אָן כקריעת ים־סוף. מע רעדט איבער איהם, זאָגט ער, דריי טעג מיט דריי נעכט. מע גיט איהם צו פארשטעהן, אזא חאמולע, דעם שכל פון אינשורענס, קוים גע׳פועל׳ט ביי איהם איין „אפּלי־קיישאָן". לאָזט זיך אויס, אז ער האָט אויפ׳ן צווייטען טאָג חרטה געקראָגען, אָדער דער דאָקטאָר האָט איהם „רעדזשעקטעט", דאָס הייסט, ער האָט אָנגעשריבען אויף איהם המנ׳ס מסירות. דער קאָסטאָמער איז איהם ניט געפעלען אין שלייער נאקעטערהייד... נאָר דאָס גרעסטע פון אלע אומגליקען און די ערגסטע פון אלע צרות ביי אינשורענס־איידזשענטס איז די „לעפּס". „לעפּס" הייסט, אז א קאָסטאָמער הערט אויף צו צאָהלען. דעמאָלט רעכענט מען אָפּ דעם איידזשענט פּופּצעהן מאָל אזוי פיעל, וויפיעל דעם קאָסטאָמער׳ס פּרעמיע האָט באטראָפען. פיני זאָגט, אז ווען ניט די „לעפּסעס", וואָלט ער אָנגעשיט אָט די שטוב מיט גאָלד! און אויף זיין שלים־מזל האָבען עטליכע קאָסטאָמערס מיט א מאָל, גלייך ווי מע האָט זיך אויפגערעדט, אויפגעהערט צו צאָהלען.

— לאָזען זיי ברענען אויפ׳ן פייער, טאַקי די קאָסטאָמערס, מיט די אינשורענס, מיט די אגענטען, מיט די „לעפּסעס" און מיט די קאָמפּאַניעס! — אזוי זאָגט פיני. ער וועט שוין בעסער געהן, זאָגט ער, מיט מיין ברודער אליהו אין אייגענע ביזנעס. א פּאָר טאָלער האָבען זיי ביידע מיט גאָט׳ס הילף אָפּגעשפּאָרט. זיי קאָנען שוין טהון ביזנעס.

און ס׳איז געבליבען, אז מיר געהען אין ביזנעס.

XV

# מיר געהען אין ביזנעס

---

### א.

וואס אייער הארץ גלוסט — דאס געפינט איהר דא אין די פייפערס, אין די גאזעטען הייסט דאס. פון פויגעלמילך. זוכט איהר ארבייט — געפינט איהר דאס אין פייפער. זוכט איהר „הענט", דאס הייסט ארבייטער, — געפינט איהר זיי אין פייפער. זוכט איהר א חתן אדער א כלה — געפינט איהר עס אין פייפער. זוכט איהר א ביזנעס — געפינט איהר עס אין פייפער. מיר האבען געזוכט ביזנעס, דעריבער האבען מיר גענומען ארייננקוקען אין פייפער אריין טאג אויף טאג, און מיר האבען זיך אפגעשטעלט אויף אזא מין אדווערטייזמענט: „סיגארס־סטיישיאנערי־קענדי־סאדע־וואסער־סטענד צו פארקויפען. אקעגען איבער א סקוהל. אורזאכע פאמיליען טראבעל. גאראנטירט גוטע ביזנעס. קומט שנעל!"...

אויב איהר זענט נאך א גרינער, דאס הייסט, איהר זענט ניט לאנג אין לאנד, באדארף מען אייך פארטייטשען וואס דאס מיינט: דאס איז א טישעל, וואס מע פארקויפט דערויף סיגארעטלעך, שרייבגעצייג און צוקערקעס און סאדע־וואסער, און א בלאט־צייטונג

אויך. דאָס טישעל איז אַקעגען אַ שקאַלע. און פאַרקויפען פאַר־קויפט זיך עס איבער דעם, וואָס אַ מאַן דאַרף זיך גט׳ען מיט אַ ווייב, אָדער איבער איין אַנדער סיבה אין דער פאַמיליע...

## ב.

האָט זיך אפילו מיין ברודער אליהו׳ס ווייב ברכה אוועק־געשטעלט אַקעגען מיט איהרע טענות: ערשטענס, פון וואַנען ווייסט מען, אַז דאָס איז אמת? און צווייטענס, צו וואָס זאָלען מיר קריכען מיט אַ געזונטען קאָפּ אין אַ קראַנקען בעט אַריין? אַז מאַן און ווייב ווילען זיך גט׳ען — וואָס דאַרפען מיר זיין אין מיטען?... מיינט איהר, אַז נאָר דאָ האָט אונזער ברכה געפונען אַ טענה? ביי הונדערט אַנדערע ביזנעס האָט זי אויסגעזוכט אומעטום איין אַנדער חסרון. מיין ברודער אליהו האָט שוין לאַנג אַ מאַך געגעבען אויף איהר מיט דער האַנט. האָט ער אָבער ניט גוט אָפּגעשניטען פון איהר. זי האָט איהם געגעבען צו וויסען, אַז ער זאָל גאָר ניט זיין ביי זיך אַזוי גדול׳דיג. אַז ער זאָל ניט מיינען, אַז דאָס, וואָס ער האָט אַראָפּגעהאַפּט דריי חלקים פון זיין באָרד, גיט איהם דאָס רעכט צו בלאָזען פון זיך... דערויף האָט איהר אליהו געענטפערט, לׄמאי איהר טאַטע יונה דער בעקער האָט אַראָפּ־גענומען די גאַנצע באָרד?... מישט זיך אַריין אונזער חבר פּיני און זאָגט: „ווייסט איהר וואָס? איך געה מיט אייך אין געוועט צוויי קעגען איינס, אַז אויב איהר וועט געפינען צווישען די הונ־דערט מיליאָן אַמעריקאַנער אַ האַלב טוץ מענטשען מיט בערד, זאָלט איהר מיך אָנרופען בלאָפער!" — „ס׳אַ משל! — רופט זיך אָן די מאַמע. — דערימאַך געהען קאַטשקעס באָרוויס... רעדט שוין בעסער פון אַנדערע זאַכען"...

מיין מאַמע האָט פיינט, אַז מע רעדט פון בערד. ס׳איז געגוג פאַר איהר, זאָגט זי, אַז זי האָט דערלעבט צו זעהען, אַז פּייסי דעם חזנ׳ס זוהן האָט געמאַכט אַ מחק פון זיין באָרד, אַז אַך און וועה איז צו איהרע שונאים!...

ג.

די ביזנעס, וואָס מיר זענען אין זיי געגאַנגען, האָבען געהאַט אַ סך מעלות. די ערשטע מעלה איז געווען, וואָס מיין ברודער אליהו איז, אויב איהר געדענקט, נאָך פון דערהיים אַ מייסטער אויף צו מאַכען (דאָ הייסט עס מאַנופעקטשורען) אַלערליי געטראַנקען. דעריבער האָט זיך אונז געלוינט צו מאַנופעקטשורען סאָדעוואַסער און פאַרקויפען אַ גרויסע גלאָז פאַר אַ סענט. מיט סיראָפּ — צוויי סענט. דעם סיראָפּ האָבען מיר אויך אַליין געמאַכט. נאָך אַ מעלה — וואָס מיר האָבען געהאַט די ביליגסטע קענדיס (קאָנפעקטען). אַ פולע זשמעני האָבען מיר געגעבען פאַר איין סענט. און אַליין האָבען מיר אויך געקאָנט סמאָצקען קענדיס. אַז איך זאָג „מיר", מיין איך דאָס מיך און מיין חבר מענדעל און פּיני'ן. מיר אַלע דריי האָבען געהאַלפען שטעהן ביי אונזער סטענד און געבען אַ נאַש, אַז קיינער זאָל ניט זעהען. סיידען אַז ברכה איז געווען דערביי, האָט מען ניט געקאָנט נאַשען. און ווי אויף צו־להכעיס, איז ברכה געווען כמעט גאַנצע טעג ביי'ם סטענד, געהאָלפען טהון ביזנעס. אַלע האָבען מיר געהאָלפען טהון ביזנעס. אפילו טייבעל, און אפילו די מאַמע. אַ קונה, אַז ער איז צוגעגאַנגען צו אונזער סטענד, האָט ער זיך אַזש דערשראָקען, דערזעהענדיג אַזאַ משפחה מיט אַזוי פיעל ביזנעסלייט. דאָס איז אָבער דוקא געווען זעהר גוט. אַ קונה האָט ליעב קריכען אַהין, וואו ס'איז ענג.

ד.

די בעסטע צייט פאַר אונזערע ביזנעס איז זומער, אין די הייסע טעג. זומער איז אין ניו־יאָרק איין אמת'ער גיהנום. דער עולם קוויקט זיך דעם גאַנצען טאָג מיט מאַראָזשענע. „אייז־קרים" הייסט עס דאָ. אויפ'ן סענדוויטש פאַרקויפט זיך עס. דאָס הייסט,

צוויי ביסקוויטלעך און אין מיטען אביסעל אייז־קרים. און דאָס קאָסט אַ פּעני. פאַרדיענען מיר דערביי האלב אויף האלב. נאָר ניט דאָ שטעקט אונזער פאַרדיענסט. דער גאַנצער מזל־ברכה ליגט נאָר ערגיץ אַנדערש. אין אַזאַ מין קאַלטען געטראַנק, וואָס מע רופט דאָס „סיידער". דאָס איז אַ מין זויער־זיסליכער, אָדער זיסליך־זויערער קוואַס מיט אַ שוים און סע שטשיפּעט ביי דער צונג. די, וואָס האָבען אַמאָל פאַרזוכט שאַמפּאַניער־ווייַן, זאָגען, אַז ס'האָט אַ טעם פון אמת'ען שאַמפּאַניער. און האָטש „סיידער" איז איין אַמעריקאַנער געטראַנק, פון דעסטוועגען ווער מאַנופעקטשורט איהם? — מיין ברודער אליהו. וואָס קאָן דען אליהו ניט? קוקט ניט דערויף, וואָס פּיני מאַכט איהם אויסצודרעהען. אונזער חבר פּיני האָט שוין עטליכע מאָל פּירגעהאַלטען מיין ברודער אליהו, אַז זיין שאַמפּאַניער האָט נאָר איין מעלה — ער איז קאַלט. ווייטער טויג ער אויף כפּרות. קיין קאָפּ זיסקייט! ענטפערט איהם מיין ברודער אָפּ מיט אַ ווערטעראַנאַנד: ווי באַלד אַז דער שאַמפּאַניער טויג ניט, היינט וואָס זשליאָקעט ער איהם גאַנצע טעג? זאָגט איהם פּיני: „וואָס אהרט דיך, אַז איך זשליאָקע? און וויפיעל קאָן אַ מענטש אָנזשליאָקען? איך זאָל זשליאָקען פון גאַנץ פריה ביז אויף דער נאַכט, ווייס איך ניט, אויב איך וועל אָנזשליאָקען אויף אַ ניקעל"... מישט זיך אריין ברכה און זאָגט, אַז אַ ניקעל געהט אויך ניט צו־פוס. שטעלט זיך איין טייבעל פּאַר איהר מאַן און זאָגט, אַז איהר פּיני איז אַ גלייכער שותף צו די ביזנעס, ווי אליהו, און אַ שותף מעג זיך, דאַכט זיך, פאַרגינען אויסצוגעבען אַמאָל אַ ניקעל? אַ גליק, וואָס די מאַמע איז דערביי. זאָגט זי, מע זאָל זי גילטען, וואָלט זי פאַר איהרע זינד ניט געוואָלט זיך צוריהרען צו אָט דער אַמעריקאַנער משקה, וואָס האָט אַ פּנים פון סאָראָוועץ און אַ טעם פון חלשות!... ווערד אַ געלעכטער, און דערווייל הערט מען אויף צו זאָגען זיך שטעכווערטלעך.

## ה.

שפּעטער, העט־העט, אין ווייטען זומער, אז עס קומען־אויף די קאָוועגעס (דאָ הייסט עס „וואָטער־מעלאָן”), מאַכען מיר נאָך מעהר ביזנעס. מיר צעשניידען דעם קאָוועז אויף אַ סך שטיקלעך און פאַרקויפען צו סענט אַ שטיקעל. אז גאָט העלפט אַ געראָטע־נעם קאָוועז, מאַכט מען פון איהם גאָלד. און עס בלייבט נאָך איבער אַ פּאָר שטיקלעך אויפ׳ן סטענד. האָבען מיר אַ גוטע וועטשערע. וואָרום אָנגעשניטענע קאָוועגע טאָר מען ניט לאָזען אויף מאָרגען. ס׳וועט פון דעם ווערען דרילים. בעטען מיר גאָט, דאָס הייסט, איך און מיין חבר מענדעל און פּיני, ס׳זאָל בלייבען וואָס מעהר שטיקלעך פונ׳ם טאָג...

## ו.

דאָס איז אָבער אַלץ אַזעלכע זאַכען, וואָס האָבען אויף זיך אַ צייט, אַ סיזען. געהט אוועק דער זומער — איז אויס שאַמפּאַ־ניער, אויס וואָטער־מעלאָן! דערפאַר איז סיגאַרעטלעך אַ סחורה, וואָס ווייסט ניט פון קיין סיזען. סיגאַרעטלעך געהען אַ גאַנץ קיילעכיגען יאָהר. און מיר מאַכען מיט דעם גאַנץ גוטע ביזנעס. פאַרהאַן אַלערליי סיגאַרעטען. פאַרהאַן צו סענט אַ שטיק. און פאַרהאַן צוויי שטיק פאַר אַ סענט. סיגאַרעטען איז אויך אַזאַ אַרטיקעל, וואָס מע קאָן אַמאָל אַ נאַש טהון, פאַררויכערען אַ סיגאַרעטעל בסוד, קיינער זאָל ניט זעהען. דאָ זאָגט מען ניט רויכערען. דאָ זאָגט מען „סמוקען”. באַדאַרף זיך טרעפען אַ מעשה — איך האָב איינמאָל אוועקגעשלעפּט אַ סיגאַרעטעל, און מיר האָבען דאָס פאַררויכערט. איך און מיין חבר מענדעל. איך אַ ציה, ער אַ ציה. און עס וואָלט אָפּגעלאָפען גלאַט. איז דאָך אָבער דאָ אַ ברכה אויף דער וועלט. האָט זי באַדאַרפט דער־שמעקען, אז מיר סמוקען אַ סיגאַרעטעל. געהט זי און דערצעהלט

דאָס אליהו'ן. האָט מיר מיין ברודער געגעבען א סיגארעטעל — אז איך וועל דאָס געדענקען! איהם האָט שוין ניט אזוי געאהרט דאָס סיגארעטעל, ווי דאָס, וואָס ס'איז געווען שבת. פּייסי דעם חזנ'ס יונגעל זאָל רויכערען אום שבת — באדארף מען איהם הרג'ענען! פאר אזא זאך האָט שוין אפילו די מאמע צוגעגעבען, אז דער הונט איז ווערטה דעם שטעקען... פון דעמאָלט אָן סמוקען מיר שוין ניט קיין סיגארעטען. איך קאָן שוין גאָר אפילו דעם ריח ניט פארטראָגען...

ז.

אויסער סיגארעטען האָבען מיר אויף אונזער סטענד פּייפּערס צו פארקויפען. אידישע גאזעטען און זשורנאַלען. קיין גרויסע ביזנעס מאכען מיר ניט מיט זיי. דערפאר האָט אָבער אונזער חבר פּיני וואָס צו לייענען. ער לאָזט ניט דורך איין פּייפּער. שטעקט ער אריין די נאָז, איז איהם שווער אָפּצורייסען. עס ציהט איהם, זאָגט ער, צו די פּייפּערס, ווי א מאגנעט. ער האָט שטארק חשק אליין עפּיס אריינשרייבען אין די פּייפּערס. ער איז שוין געווען אויף איסט־בראָדוויי, דאָרט וואו די פּייפּערס דרוקען זיך, עטליכע מאָל. וואָס ער האָט דאָרטען געטהאָן — זאָגט ער ניט. איך האָב מורא, אז ער האָט געבראַכט צו טראָגען אהינצוצו א פּאָר פון זיינע ליעדלעך. מחמת אז מע ברענגט דעם באָנטש מיט פּייפּערס, חאפּט זיך צו דעם פריהער פון אלעמען אונזער חבר פּיני. ער זוכט און נישטערט אין אלע ווינקעלעך. די הענט ציטערען איהם אזש. דערנאָך חאפּט ער זיך אויף און לאָזט זיך לויפען אויף איסט־בראָדוויי. פרעגט איהם מיין ברודער אליהו: וואָס האָט ער צו טהון אויף איסט־בראָדוויי? זאָגט איהם פּיני, אז ער זוכט א ביזנעס. פרעגט איהם אליהו: מיר טהוען דען ניט קיין ביזנעס? ענטפערט איהם פּיני: אָט דאָס הייסט אויך א ביזנעס? א גאנצע משפּחה פון זיעבען עסערס אויף איין שטיקעל

סטענד — אויך מיר א ביזנעס!... פרעגט איהם אליהו: וואסערע זיעבען עסערס? רעכענט איהם פיני אויס אויף די פינגער: ער און זיין טייבעל איז ניט צוויי. אליהו און זיין ברכה איז ניט פיער. די מאמע איז ניט פינף. אוןביידע קטנתים — איז ניט זיעבען. די „קטנתים" — דאס מיינט ער מיך און מיין חבר מענדעל.

ח.

פארדריסט עס מיין מאמען. זי שטעלט זיך איין פאר מיר און פאר מיין חבר מענדעל. זי זאגט, אז מיר פארדיענען אונזער שטיקעל ברויט גאנץ כשר. ווארום פארטאג, איידער דער סטענד ווערד געעפענט, צעטראגען מיר שוין דעם מארגען־פייפער צו אונ־זערע קאסטאמערס. דערנאך געהען מיר אין סקוהל (יא, מיר געהען שוין אין סקוהל). און אז מיר קומען פון סקוהל, העלפען מיר אטענדען די ביזנעס. אזוי, טאקי מיט דעם לשון, זאגט די מאמע. זי רעדט שוין אויך העכער האלב אויפ'ן היגען לשון. א „קיך" און א „הוהן" זאגט זי שוין ניט. זי זאגט שוין א „טשיקען" און א „קיטשען". נאר וואס דען? ביי איהר קומט נאך אויס פארקעהרט: א „קיך" איז ביי איהר א „טשיקען". און א „הוהן" איז ביי איהר א „קיטשען". „איך געה, זאגט זי, אין טשיקען אויסזאלצען די קיטשען"... לאכט מען פון איהר. לאכט זי אויך. „א דאגה — זאגט זי — יאק ריידעלע טא ריידעלע, אבי דאברע מיינעלע"... אנו, זייט א בריה און זעצט דאס איבער אויף איינ־געלש!...

XVI

# העללאָ, לאַנדסמאַן!

---

### א.

לויפען מיר איינמאָל פאַרטאָג, איך און מיין חבר מענדעל, מיט די פרישינקע פייפערס צו אונזערע קאָסטאָמערס. פּלוצים דערפיהל איך א זעץ פון הינטען אין פּלייצע און איך הער עמיצער רופט אויס:

— העללאָ, לאַנדסמאַן!

דרעה איך מיך אום און טהו א קוק — ס'איז מאָטעל! „מאָטעל דער גרויסער". דאָס איז דער מאָטעל, וואָס האָט זיך ארומגעשלעפּט מיט אונז אמאָל איבער דער וועלט. אין קראָקע מיט לעמבעריג, אין וויען און אין אַנטווערפּען. אויב איהר געדענקט, האָט ער מיך אויסגעלעהרענט שטעלען א גובערנאטאָר אין זייט אריין און איז געווען א בויכרעדער. ער איז אַוועק מיט דער חאַליאַסטרע אַ סך פריהער פון אונז. אז מיר האָבען זיך נאָך ארומגעבלאָנקעט איבער'ן לאָנדאָנער ווהייטשעפּעל, איז ער שוין געווען דאָ אין אמעריקע אָללרייט. דאָס הייסט, ער האָט שוין געהאַט א דזשאָב אין א קלינינג-סטאָר, און ער האַלט נאָך איצט אויך אָן דעם דזשאָב. פרעג איך איהם: „וואָס איז דאָס פאַר א דזשאָב?"

דערקלערט ער מיר, געהענדיג, אז דאָס איז א מין קלינינג־פעקטאָרי, וואו מען רייניגט מלבושים. דהיינו, ווי אזוי? מע נעמט אריין, זאָגט ער, א פּאָר צעקנייטשטע תחתונים אין אזא מאשין צווישען צוויי פּרעספּליגלען. דורך א באזונדער אויוועלע ווערען די פּרעס־פּליגלען גוט אָנגעווארעמט. א מענטש טהוט א דרעה — אויסגע־פּרעסט א פּאָר הויזען!

## ב.

— און וואָס איז אייער דזשאב? — פרעגט מאָטעל דער גרויסער ביי מיר און מיין חבר מענדעל.

— מיר דעליווערען, זאָג איך, ניוס־פּייפּערס. מיר צעטראָגען, זאָג איך, צייטונגען צו אונזערע קאָסטאָמערס, איידער מיר געהען אין סקוהל. און אז מיר קומען, זאָג איך, פון סקוהל, העלפען מיר אטענדען די ביזנעס. מיר האלטען, זאָג איך, א סטענד אויפ׳ן קאָרנער, און מיר מאכען א לעבען...

— אָהאָ! — זאָגט מאָטעל דער גרויסער. — דו רעדסט שוין נישקשה׳דיג איינגעלש. וויפיעל מאכט איהר, זאָגט ער, א וואָך, אזעלכע צוויי ביזנעסלייט, ווי איהר?

— אין דורכשניט, ארום און ארום, — זאָג איך — קאָנען מיר אויסשלאָגען א טאָלער א וואָך. און אמאָל א טאָלער און א קוואָדער...

— און דאטס אָלל? — רופט זיך אָן מאָטעל דער גרויסער מיט גדלות. — איך פארדיען אליין דריי טאָלער א וואָך... וואָס איז די נייעס פון דעם דאָזיגען דזשענטעלמאן? — מאכט מאָטעל און ווייזט אָן אויף מיין חבר. זאָג איך, אז ער הייסט מענדעל. צעלאכט זיך מאָטעל און זאָגט, אז מענדעל איז פע! וואָס פאר א נאָמען מענדעל? „ווי אזוי זשע דען, פרעג איך איהם, זאָל ער הייסען?"... פארטראכט זיך מאָטעל אויף א ווײלע און זאָגט, אז ער וואָלט באדארפט בעסער הייסען מייק, ניט מענדעל. מייק איז

שענער. זאָג איך: „ווי אַזוי זשע רופט מען דיך?" זאָגט ער: „מעקס". זאָג איך: „וויבאַלד אַזוי, דאַרף איך דאָך אויך הייסען מעקס. איך הייס דאָך אויך מאָטעל". זאָגט ער: „שור הייסט דו מעקס". און ער געזעגענט זיך אָפּ מיט אונז:

— גוד באַי, מעקס! גוד באַי, מייק!

און מיר רעדען־אָפּ, אַז נעכסטען זונטאָג זעהען מיר זיך אין מואווינג־פּיקטשורס. מיר געבען זיך איינס דאָס אַנדערע די אַדרייסים און מיר צעגעהען זיך איטליכער אין זיין וועג אַריין.

ג.

זונטאָג נאָך דינער געהען מיר, איך און מיין חבר מייק, וואָס האָט ניט לאַנג געהייסען מענדעל, אין מואווינג־פּיקטשורס זעהען דעם גרויסען מואווינג־סטאַר טשאַרלי טשאַפּלין. מיין ברודער אליהו און אונזער חבר פּיני געהען אויך מיט אונז. דעם גאַנצען וועג רעדען זיי וועגען טשאַרלי טשאַפּלין. וואָס פאַר אַ גרויסער מענטש ער איז, וויפיעל ער קריגט באַצאָהלט, און אַז ער איז אַ איד. נאָר אַזוי ווי די צוויי קאָנען זיך קיינמאָל ניט אויסגלייכען מיט די מיינונגען, וואָס איינער זאָגט, דרינגט דער אַנדערער קאַפּויר, פרעגט מיין ברודער אליהו: מיט וואָס איז טשאַרלי טשאַפּלין אַזוי גרויס? ענטפערט איהם פּיני, אַז טויזענד טאָלער אַ וואָך צאָהלט מען ניט גלאַט אַזוי אַבי וועמען... פרעגט איהם אליהו: פון וואַנען ווייסט ער? ער האָט געצעהלט זיין געלט? זאָגט איהם פּיני, אַז ער האָט געלייענט אין די פּייפּערס. און פון וואַנען ווייסט מען, אַז טשאַרלי טשאַפּלין איז אַ איד? זאָגט איהם פּיני, אַז סע שטעהט אַזוי אין די פּייפּערס. פרעגט איהם ווידער אליהו: פון וואַנען ווייסען דאָס די פּייפּערס? זיי זענען געווען אויף זיין ברית? זאָגט איהם פּיני: די פּייפּערס ווייסען אַלץ. למאי פון וואַנען ווייסט מען, אַז טשאַרלי טשאַפּלין איז אַ שטומער פון גע־בוירען? און אַז ער קאָן ניט שרייבען, ניט לייענען? און אַז זיין

טאטע איז געווען א שיכור? און אז אליין איז ער געווען א קלאָון אין א צירק? הערט איהם אוים אליהו און זאָגט מיט א קאַלטען לונג־און־לעבער: „און אפשר איז די גאנצע מעשה א ליגען?"... ווערד פיני אָנגעצונדען און זאָגט אויף מיין ברודער, אז ער איז א איד א נודניק... און איך האַלט מיט פיני'ן. חאָטש אליהו קעהר מיר אָן א לייבליבער ברודער, נאָר א נודניק איז ער. וואָס אמת איז אמת...

## ד.

מיר זענען נאָר־וואָס צוגעגאנגען צו דער קאסע קויפען טיקעטס, דערהערען מיר א קול:

— האַו דו יו דו, מעקס? האַו אר יו, מייק?

דאָס איז געווען מאָטעל דער גרויסער, וואָס זיין נאָמען איז שוין ניט מאָטעל, נאָר מעקס.

— קויפט ניט קיין טיקעטס, — זאָגט אונז מעקס — איך טריט אייך היינט מיט טיקעטס... דאָס הייסט, ער נעמט אונז אויף זיינע הוצאות. און ער ציהט ארוים פון קעשענע א האַלבען טאָלער און טהוט איהם א וואָרף דעם מיידעל, וואָס זיצט ביי'ם פענסטערעל, און הייסט זיך געבען דריי טיקעטס אפסטערז, דאָס הייסט, פון אויבען, אויף דער גאַלעריע.

— ווער איז דער שלים־מזל? — פרעגט אליהו ביי אונז. דערצעהלען מיר איהם, ווער דאָס איז. באַטראַכט איהם אליהו פון אויבען ביז אראָפּ און פרעגט איהם, פאר וואָס גיט ער איהם ניט אָפּ קיין שלום־עליכם?

— צי דו ביזט שוין געוואָרען אזוי גרוים אין אמעריקע, אז עס שטעהט דיר שוין ניט אָן צו רעדען א אידיש וואָרט?...

ענטפערט איהם ניט מאָטעל דער גרויסער, דאָס הייסט מעקס, קיין וואָרט אפילו. נאָר עס דערהערט זיך א קוויטש פון דער דרויסען־טיר, ווי עמיצער וואָלט אריינגערעדט פון דער סטריט:

— אידיאָט!

מיר אַלע דרעהען־אויס די פּנים'ער צו דער טיר און מיר זעהען קיינעם ניט. מיר באַטראַכטען זיך איינס דאָס אַנדערע פאַרוואונדערט. טהוט זיך אַ וואָרף צו דער טיר פריהער אליהו, און נאָך איהם פיני — ניטאָ קיינער ביי דער טיר. זיי קוקען אויף דער סטעלי, זיי באַזוכען אַלע ווינקעלעך — ניטאָ קיין נפש. ווער קאָן דאָס זיין? דער חברה־מאַן מאָטעל, וואָס הייסט שוין מעקס, נעמט אונז, מיך און מיין חבר מענדעל אָדער מייק, פאַר די הענט, און אַלע דריי קלעטערען מיר אַרויף אַפּסטערז. דאָרטען זאָגט ער אונז אויס דעם סוד, אז דאָס האָט ער, מעקס, דורכ'ן בויך אַרויסגערעדט דאָס וואָרט „אידיאָט". און ער חזר'ט דאָס איבער געהענדיג נאָך אַ מאָל. און עס פאַלט אָן אויף אונז ביידען אַזאַ געלעכטער, אַז קוים וואָס מיר קאָנען דערנאָך איינזיצען און זעהען די קונצען פון טשאַרלי טשאַפּלין.

## ה.

זינט איהר לעבט האָט איהר נאָך אַזאַ פאַרשלעפּטע קרענק ניט געזעהען, ווי מאָטעל דער גרויסער, אָדער מעקס. דאַכט זיך, מע באַדאַרף ניט האָבען קיין גרעסערען קונצענמאַכער, ווי טשאַרלי טשאַפּלין. מאַכט איהם נאָך מעקס מיט אַלע פּישטשעווקעס. אַרויסגעהענדיג פון טהעאַטער, איז זיך מיישב מעקס און קלעפּט זיך אָן אַ פּאָר קורצע שוואַרצע וואָנסעלעך, ווי ביי טשאַרלי טשאַפּלין. דאָס קאַפּעלישעל האָט ער אָנגערוקט, ווי טשאַרלי טשאַפּלין. די פּיס אויסגעדרעהט, ווי טשאַרלי טשאַפּלין. און דאָס געגנגעלע מיט'ן דרעהען פונ'ם הינטען, מיט'ן מאַכען פונ'ם שטעקעלע — צוויי טראָפּען וואַסער טשאַרלי טשאַפּלין! מיין חבר מענדעל, אָדער מייק, האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען. ער האָט איהם אַרומ־געחאַפּט קושען. און אַלע מענטשען, וואָס זענען געשטאַנען ביי'ם טהעאַטער אין דרויסען, האָבען אונז נאָכגעטייט מיט די פינגער:

„אָן געהט דער צווייטער טשארלי טשאפּלין"... איהר קאָנט זיך פאָרשטעלען, אז אפילו אזא ערנסטער מאַן, ווי מיין ברודער אליהו, האָט זיך געהאַלטען ביי די זייטען לאַכענדיג. מיין ברודער אליהו האָט אָבער ניט לאַנג געלאַכט. אין איין מינוט איז איהם פאַר־שטעהרט געוואָרען דאָס געלעכטער. וואָס איז די מעשה? די מעשה איז, וואָס פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ קול, ווי פון אונטער דער ערד אַרויס, עפּיס ווי פון אַ קעלער:

— אי־די־יאָט!

ו.

און אַלע האָבען זיך אָנגעבויגען, אַריינגעקוקט אין קעלער אַריין, וועלכען מיר זענען פאַרבייגעגאַנגען. אַלע האָבען מיר זיך איינ־געהערט. מעקס האָט זיך אויך איינגעהערט גלייך מיט אַלעמען, גלייך ווי ער ווייסט ניט פון וואָס צו זאָגען... און פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ קול, שוין ניט פון הינטען, נאָר פון אויבען, עפּיס ווי פונ'ם דאַך אַראָפּ:

— אי־די־יאָט!!...

פריהער אליהו און דערנאָך אַלע האָבען פאַרריסען די קעפּ אַרויף, אויפ'ן דאַך. מעקס האָט אויך געקוקט אַרויף. און דאָס האָט געהאַט דעם זיבעטען חן. איך און מיין חבר מייק, וואָס האָבען געוואוסט, פון וואַנען די קולות געהען, האָבען זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען און האָבען מיט אַ מאָל אויסגעשאָסען אַ געלעכטער.

ז.

דאָס האָט שוין מיין ברודער אליהו פאַרדראָסען. ווען דאָס זאָל ניט זיין אין ניו־יאָרק אויף דער סטריט, וואָלט מיר שוין אַריינגעפלויגען אַ פיינע פּאָר פּעטש איןביידע באַקען. מיינע אויהערען וואָלטען זיך אויך ניט געגאַרט. נאָר אַזוי ווי דאָס איז געוועז אין מיטען ניו־יאָרק אויף דער סטריט, האָט זיך אליהו באַ־

גנוגענט נאָר דערמיט, וואָס ער האָט אונז ביידען גוט אויסגע־שאָלטען, מיך און מיין חבר מייק. און נאָכדעם האָט ער געגומען אונז זאָגען מוסר. ער האָט אונז אָנגעוויזען אויף מאָטעל דעם גרויסען, דאָס הייסט — אויף מעקסען.

— נעמט אייך אַראָפּ אַ מוסר, — האָט אונז אליהו געזייפט די פּנים׳ער, — לערענט זיך פון אייערם אַ חבר... אַ בחור׳על גלייך מיט אייך, פאַר וואָס לאַכט ער ניט אזוי, ווי איהר?...

— אי־די־יאָט! — האָט זיך דערהערט ווידער אַ מאָל הינ־טער אליהו׳ס פּלייצעס. אליהו האָט זיך אויסגעדרעהט צוריק. אויף איהם קוקענדיג, האָט זיך אויסגעדרעהט אונזער חבר פּיני. און מיר אַלע נאָך איהם. און מעקס האָט זיך אויך געגעבען אַ דרעה־אויס צוריק. איך און מייק זענען שיער ניט צעזעצט גע־וואָרען פאַר געלעכטער.

## ח.

„אין אַמעריקע רעדען די שטיינער״... אזוי האָט זיך אויס־געדריקט אונזער חבר פּיני. ער וואָלט נאָר אַ בעלן געווען וויסען, ווּעמען רופט מען דאָס „אידיאָט״? רופט זיך אָן מיין ברודער אליהו:

— ווער עס פרעגט, דער איז עס...

ווי דערשטוינט איז ער אָבער געוואָרען, אז פון אונטער דער ערד האָט זיך פלוצים דערהערט אַ פאַרטומפּט קול:

— איהר האָט אַ טעות, רב אליהו! ביקאָז דאָס זענט איהר אליין טאַקי דער אי־די־אָט! — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —

## ט.

פון דעמאָלט אָן געהט שוין מעהר ניט מיין ברודער אליהו אין די מואווינג־פּיקטשורס און וויל ניט הערען פון טשארלי טשאַפּלין.

## XVII

# מיר געהען פארגרעסערען די ביזנעס

### א.

אין אמעריקע האט מען פיינט שטעהן אויף איין ארט. אין אמעריקע געהט מען פארווערטס. דאס הייסט, מע וואכסט, מע ווערד וואס א טאג גרעסער... די ביזנעס, וואס מיר האבען געמאכט אויף אונזער סטענד, האבען ניט געטראגען אויף אויסצוהאלטען א משפחה פון, קיין עין-הרע, זיעבען פארשוין. האבען מיר גענומען זוכען א גרעסערע ביזנעס. שוין ניט קיין סטענד, קיין טישעל הייסט דאס. נאר טאקי א גאנצע סטאר. א קלייט הייסט דאס. אין אמעריקע באדארף מען לאנג ניט זוכען. מע דארף נאר נאכקוקען, ווי איך האב אייך שוין דערצעהלט, אין די פייפערס. דארט געפינט איהר וואס אייער הארץ גלוסט. טאקי פון פויגעלמילך. דער חסרון איז, וואס פאר איין איינגעפיהרטע ביזנעס הייסט מען זיך גוט באצאהלען. א נאמען קאסט געלט. פאר דער פירמע באדארף מען אמאל מעהר באצאהלען, ווי פאר דער סחורה. א סימן האט איהר, אז אפילו אונזער סטענד, וואס האט אונז אריינגעבראכט קוים צעהן טאלער א וואך, האבען מיר אויך פארקויפט פאר גוט געלט — נאר צוליעב דער פירמע. א

גרינגהאָרן האָט דאָס ביי אונז אָפּגעקויפט. ער האָט זיך אפילו ניט שטאַרק נאָכגעפרעגט ביי אונז, וויפיעל מיר מאַכען. איהם איז געווען גענוג צו זעהען, אז זיעבען נפשות דרעהען זיך ארום איין סטענד און מאַכען א לעבען. מסתמא איז דאָס א „ביזנעס"...

ב.

דעם סטענד האָבען מיר פארקויפט מיט דער גאַנצער סחורה, מיט די בעסקעטס, מיט די כלים און אפילו מיט דער שאָו־קייס. נאָר דעם סוד, ווי אזוי מע מאַנופעקטשורט סאָדע־וואסער, אלערליי סיראָפּען, און, איבערהויפּט, ווי אזוי מע מאַכט דעם געטראַנק, וואָס מע רופט איהם „סיידער" — דאָס האָט מיין ברודער אליהו נישט געוואָלט אויסזאָגען פאַר קיין געלט ניט. ער האָט געזאָגט, אז איטליכער מאַנופעקטשורט דאָס, ווי ער פארשטעהט. למאי ער מאַנופעקטשורט ווייַן אויף פּסח? מיין ברודער אליהו'ס פּסח'יגער וויין האָט א שם אין אמעריקע. קוקט נישט דערויף, וואָס ער מאַנופעקטשורט איהם ערשט דאָס ערשטע יאָהר. אלע אונזערע באַקאַנטע, וואָס דאַוונען מיט אונז שבת אין אונזער כתריל־עווקער שוהל, האָבען אונז צוגעזאָגט, אז ווייַן אויף פּסח וועלען זיי ניט נעמען אין ערגיץ, נאָר ביי אונז. אונזער חבר פּיני האָט ארויסגעלאָזט א קלאַנג און צעפּויקט איבער ניו-יאָרק, אז מיין ברודער אליהו מאַנופעקטשורט פּסח'יגען ווייַן — מעג איהם טרינקען דער פּרעזידענט. אויף צו פּויקען איז אונזער פּיני א מזיק. דאָ ווערד דאָס אָנגערופען: „אדווערטייזען". פּיני זאָגט, אז דערויף, דאָס הייסט אויף אדווערטייזמענטס, שטעהט אמעריקע. איטליכער סוחר מעג לויבען זיין סחורה. יעדער ארבייטער מעג אדווערטייזען זיין מלאכה. די גאַנצע וועלט מעג וויסען, אז מיין געטראַנק איז זויער־עסיג. נאָר איך מעג מיר אדווערטייזען, אז ס'איז זיסער פון צוקער. איהר מעגט זיין איבערצייגט, אז מיין ארבייט איז ניט ווערטה קיין פּעני. נאָר איך קאָן עס מיר שאַצען,

אז ס׳האָט די ווערטה א מיליאָן. עס איז אמעריקע. א פרייע מדינה.

ג.

שטארק אויסגעפויקט און צעאַדוועטייזט איבער גאַנץ „דאון־טאון״ מיין ברודער אליהו׳ס פסח׳יגען וויין, האָט אונזער חבר פיני אוועקגערופען מיין ברודער אויף א זייט און האָט איהם אזוי געזאָגט:

— הער זשע אויס, אליהו. איך האָב דיר אדווערטייזט דיין פסח׳יגען וויין, וואָס מע דאַרף ניט בעסער. זעה־זשע, איך זאָל ניט האָבען דורך דיר קיין בזיונות. וואָרום דו קאָנסט אָנמאַכען פעקטשורען אזא וויין, ער זאָל זיין אזוי געשמאַק, ווי דיין געטראַנק אין דער אַלטער היים... זאָלסט דו געדענקען, אז דאָס איז אמעריקע, און דאָ טרינקט מען וויין, ניט קיין קוואַס...

דאָ האָט זיך מיין ברודער אליהו געפונען באַלעדיגט און האָט נישט געוואָלט ענטפערען פיני׳ן קיין וואָרט אפילו. פאַר איהם האָט שוין אָפּגעענטפערט ברכה, מיין שוועגערין האָט אָפּגעצוואָגען אונזער חבר פיני מיט א הייסען אָקראָפּ. זי האָט זיך אָנגערופען און האָט אזוי געזאָגט:

— עמיצער, א פרעמדער, זאָל שטעהן ביי דער זייט און הערען אַזעלכע ווערטער, וואָלט ער זיכער געקאָנט מיינען, אז אין אמעריקע זענען לויטער מיוחסים און סטעקראַטען, וואָס טרינקען ניט קיין אַנדער משקה, א חוץ וויין, און באָדען זיך אין האָניג און אין שמאַלץ און אין אַלדאָס גוטס... לאָם איך האָבען די גליקליכע יאָהר, וויפיעל קוואָרט סאָראָוועץ און ראָסעל פון אוגערקעס עס ווערד דאָ אויסגעטרונקען א טאָג!... איך האָב אַליין געזעהען מיט מיינע אויגען איין אָלרייטניטשקע פון גרענד סטריט האָט באַשטעלט איין עמער עפּעלקוואַס מיט א מאה זויערע עפּעלעך, קיסליצעס... און די ברכות זאָל איך האָבען, וואָס די קיסליצעס

זענען בעסער און געשמאַקער פון די היגע אָרענדזשעס מיט די גרייפּ־פרוטס, וואָס מע ווייסט אפילו ניט, ווי אַזוי מע שניידט דאָס און מיט וואָס מע עסט דאָס...

איך געב ניט איבער ביז׳ן סוף אַלסדינג, וואָס ברכה האָט דאָ אַרויסגעזאָגט. וואָרום ברכה, אַז זי הויבט אָן צו רעדן, וועט זי אַזוי גיך ניט אָנשווייגן ווערן. פיני ווייסט עס גלייך מיט מיר. רוקט ער אָן דאָס היטעל און נעמט דעם וועג. דאָס איז די בעסטע עצה. איך טהו אויך אַזוי.

ד.

„קענדי־סיגאַר־סטיישאָנערי־סטאָר מיט פינף רומס. גרויסער באַרגיין. גוטע ביזנעס. בעסטע נאַכבאַרשאַפט. אורזאַכע סינגעל. שנעל איבערגעבען". וואָס זאָגט איהר אויף דער עברי? איאַ, ס׳איז ביי אייך תרגום־לשון? מע מוז אייך פאַרטייטשען איטליכס וואָרט באַזונדער. אַניט, וועט איהר ניט פאַרשטעהן.

דער פּשט איז אַזוי: „עס גיט זיך איבער אַ קלייט, וואו מע פאַרקויפט קאָנפעקטען, סיגאַרעטען, שרייבגעצייג, גאַזעטען און נאָך אַזעלכע זאַכען. אַ גרויסע מציאה. מאַכט גוטע געשעפטען. די בעסטע שכנים. און מחמת דער בעל־הבית איז ניט קיין באַ־ווייבטער, דעריבער גיט ער איבער דאָס געשעפט וואָס גיכער"...

דאָס האָבען מיר אַרויסגעלייענט פונ׳ם פּייפּער, און מיר האָבען אַלע דערפיהלט, אַז דאָס איז פאַר אונז די ריכטיגע ביזנעס. גלייך ווי געמאָסטען. און מיר האָבען אָנגעהויבען געהן אָנקוקען די ביזנעס. פריהער זענען געגאַנגען די מאַנסבילען. דאָס הייסט, מיין ברודער אליהו, אונזער חבר פיני און מיר אינצווייען, דאָס הייסט, איך און מיין חבר מענדעל, וואָס מע רופט איהם שוין מייק. אונז זענען די ביזנעס געפעלען. דערנאָך זענען געגאַנגען די ווייבער: די מאַמע, מיין שוועגערין ברכה און פיני׳ס ווייב טייבעל. איז זיי ניט געפעלען. איטליכע פון זיי האָט געפונען איין אַנדער

חסרון. מײַן מאַמע האָט געזאָגט, אַז ס'איז איהר צו־װײַט פֿון דער שוהל. דאָס הײסט, ס'איז אױף יענער גאַס אױך פֿאַראַן אַ שוהל. איז דאָס אָבער אַ פֿרעמדע שוהל. ניט אונזער כתרילעװקער שוהל. פֿרעגט בײַ איהר אליהו, אױב אין דער שוהל איז דער אײגענער אידישער גאָט, װאָס אין יענער שוהל? ענטפֿערט איהם די מאַמע, אַז דער גאָט איז דער אײגענער, נאָר די אידען זענען אַנדערע. זי איז צוגעװאױנט צו די כתרילעװקער אידען. מיט כתרילעװקער אידען, זאָגט זי, דאַװענט זיך גאָר אַנדערש. זי קאָן זיך ניט פֿאָרשטעלען, װי אַזױ װעט זי הערען אײן אַנדער בעל־תפלה, ניט אונזער הערש־בער דעם חזן?

## ח.

דאָס איז דער מאַמע'ס טענות. מײַן שװעגערין ברכה האָט אױף די ביזנעס אײן אַנדער חסרון: װאָס װעלען מיר טהון, זאָגט זי, מיט אַזױ פֿיעל רומס? צו װאָס דאַרפֿען מיר פֿינף רומס? האָט אונז אונזער שכנה פּעסי די גראָבע געגעבען אײן עצה: מיר זאָלען די איבעריגע רומס פֿאַרדינגען. אָפּגעבען צו אַ פּאָר קװאַר־טיראַנטען מיט קעסט. דאָ װערד דאָס אָנגערופֿען: „אַרײַננעמען באָרדערס". אַ „באָרדער" הײסט אַ שכן, אַ קװאַרטיראַנט. זאָגט ברכה: „נאָך דאָס פֿעהלט אונז. האָבען צו טהון מיט קעסט־קינדער". און טײַבעל זאָגט איהר נאָך איטליכס װאָרט, װי אַ פּאַפּוגאַי: „נאָך דאָס פֿעהלט אונז. האָבען צו טהון מיט קעסט־קינדער"... זאָגט פּיני צו זײַן װײַבעל: „טאָמער װאָלסט בײַ אַמאָל געזאָגט דײַן אײגען װאָרט, ניט איבערקײַען ברכה'ס װערטער?"... טרעט־אַרױס ברכה און קיהלט אָפּ אונזער פּיני'ן: „איטליכער איז אַ מבין אױף יענעם, ניט אױף זיך"... און טײַבעל חזר'ט איבער: „איטליכער איז אַ מבין אױף יענעם, ניט אױף זיך"... רופֿט זיך אָן פּיני צו זײַן װײַב: „װאָס װאָלסטו געטהאָן, װען דו זאָלסט זײַן אַלײן?" ענטפֿערט איהם ברכה: „װאָלט איך — זאָלט איך,

לעקאך — איז מקח"... און טייבעל זאָגט איהר נאָך: „וואָלט איך — זאָלט איך, לעקאך — איז מקח"... טהוט פּיני אַ שפּייַ אויס „טפו!" — און געהט אוועק.

ו.

מיינט איהר, אַז נאָר מיר אַליין זענען געגאַנגען אָנקוקען די ביזנעס? עס האָבען זיך מטריח געווען אויך אונזערע מחותנים, אונזערע פריינד און באַקאַנטע. קודם כל איז געגאַנגען אונזער מחותן, יונה דער בעקער. דערנאָך — זיין ווייב, אונזער מחותנת'טע, ריוועלע די בעקערין. ביידע מיט אַ מאָל קאָנען זיי ניט איבערלאָזען די קנישעס אויף הפקר. מוזען זיי אַלע מאָל געהן איינציגווייז. דערנאָך איז געגאַנגען משה דער איינבינדער. און נאָך איהם — פּעסי די גראָבע... נאָר שאַ! דאָ מוז איך מיך אַליין אונטערברעכען און זאָגען אויפ'ן היגען לשון: „עקסקיוז מי, איך האָב געמאַכט אַ מיסטייק". אויף אונזער מענטשליך לשון וועט דאָס הייסען: „האָט קיין פאַראיבעל ניט, איך האָב געהאַט אַ טעות". פריהער איז געגאַנגען אונזער שכנה פּעסי די גראָבע, דערנאָך ערשט איז געגאַנגען איהר מאַן, משה דער איינבינדער. און נאָך זיי זענען געגאַנגען גלאַט אַ פּאָר באַקאַנטע גוטע פריינד, וואָס דאַוונען מיט אונז אין איין שוהל, דאָס הייסט, אַ פּאָר כתרי-לעוואָקער אידען, וואָס פאַרשטעהען אין די ביזנעס. האָט זיי דער ביזנעסמאַן ניט שען אויפגענומען. דאָס הייסט, ער האָט זיי פּשוט דורכגעטריבען. ער האָט זיי געזאָגט, אַז ער האָט זיך קיינמאָל ניט פאַרגעשטעלט אַזאַ גרויסע משפּחה! האָט דאָס מיין מאַמע פאַרדראָסען. איז זי אוועק צו איהם מיט מיין שוועגערין ברכה. האָט איהם ברכה אָפּגעשפּיעלט אַ וויוואַט, אַז ער וועט זי האָבען צו געדענקען! דער סוף איז געווען, אַז דער ביזנעסמאַן האָט געשוואָרען ביי גאָט, אַז ער גיט אויף די ביזנעס נאָר צוליעב דעם, וואָס ער געהט חתונה האָבען. איצט האָט ער שוין חרטה. אַז אַ

אידינע, זאָגט ער, קאָן האָבען אזא מויל, ווי אונזער ברכה, איז ניט כדאי צו חתונה האָבען. שוין גלייכער, זאָגט ער, בלייבען ביז'ן טוידט א סינגעלמאַן. דאָס הייסט, א בחור.

ז.

דאָס איז אָבער נאָר געזאָגט. דער ביזנעסמאַן איז אויס־געגאַנגען פאַרקויפען די ביזנעס, פונקט אזוי ווי מיר האָבען גע־חלש'ט נאָך די ביזנעס. ובפרט, אז אונזער סטענד האָבען מיר שוין כמעט פאַרקויפט. איך זאָג „כמעט", ווייל דער גרינהאָרן, וואָס איז געגאַנגען איבערנעמען אונזער סטענד, האָט אונז מיט גוואַלד אריינגעשטופּט צעהן טאָלער איין אויפגאָב. דאָ הייסט עס א „דעפּאזיט". מיר האָבען שוין חרטה געהאַט, וואָס מיר האָבען ביי איהם גענומען דעם דעפּאזיט. וואָרום דער גרינהאָרן איז געהאַנגען איבער אונז דעם גאַנצען טאָג, ער האָט שוין גאָרניט געוואָלט אָפּטרעטען פון אונזער סטענד. א איד א נודניק, א סך א גרעסערער נודניק פון מיין ברודער אליהו. מיין ברודער איז גאָלד אקעגען איהם. ער האָט זיך אונז אזוי איינגעגעסען אין די ביינער, אז מיר האָבען איהם געוואָרפען אין פּנים אריין זיין דעפּאַ־זיט. האָט ער אָבער ניט געוואָלט איהם נעמען צוריק. ער האָט זיך פאַרליעבט אין אונזער סטענד. ער איז געוועזען זיכער, אז מיר ווערען גליקליך. „א גרינהאָרן בלייבט א גרינהאָרן!"... אזוי זאָגט אונזער חבר פּיני.

ח.

וואָס הייסט א „גרינהאָרן"? — פרעגט מיך עפּיס גרינגערס! מיין חבר מייק ווייסט אויך ניט וואָס דאָס איז. מיר הערען, אז מע זאָגט „גרינהאָרן" — זאָגען מיר אויך. איך בין א בעלן געוועזען אויף א טשיקאַוועסט אָפּמאָהלען דעם אידען, וואָס האָט אָפּגעהאַנ־

דעלט ביי אונז דעם סטענד, מיט א ווייס קריידעל אויף די שטיינער פונ'ם טראָטואַר. נאָר אויפ'ן שטערן האָב איך איהם צוגעזעצט א לאַנגען האָרן מיט גרינע קרייד. האָט איהר באַדאַרפט הערען די געלעכטערען, וואָס זענען געווען. אַלע האָבען דערקענט אונזער גרינהאָרן און אַלע האָבען געלאַכט. א חוץ מיין ברודער אליהו. ער האָט ניט געלאַכט. דאָס הייסט, שלאָגען האָט ער מיך ניט געשלאָגען. נאָר ער האָט מיך געצוואונגען, איך זאָל מיט א נאַסער שמאַטע אָפּווישען דעם גרינהאָרן. אַניט, וועלען מיר דאַרפען צאָה־לען שטראָף. פאַר יעדע זאַך צאָהלט מען דאָ שטראָף. פּרובּט א שפּיי טהון אין סטריט — וואַכסט־אויס א גאָראָדאָוואָי (דאָס הייסט ער „פּאָליסמאַן"). ער נעמט אייך פאַר איין אויהער און פיהרט אייך אָפּ גלייך אין חד־גדיא אריין (דאָ הייסט עס „פּאָליס־סטיישען"). און דאָרטען שטראָפירט מען אייך אָפּ אין פינף טאָלער. זעהר שטרענג אין אַמעריקע!

### ט.

קערט איהר אודאי מיינען, אז דאָ איז אזוי ריין און זויבער, ווי אין אַנטוועריפּען, און קיינער שפּייעט ניט אויף דער סטריט? האָט איהר א טעות. מע שפּייעט און מע חראַקעט אויף וואָס די וועלט שטעהט. אַמעריקע — א פרייע מדינה. סיידען אפשר אויף דער פינפטער עוועניו. און דאָס — ניט אומעטום. נאָר דאָרט, וואו די מיליאָנערען זיצען. מיליאָנערען שפּייען ניט. שפּייען שפּייעט נאָר דער, וואָס ס'איז איהם ניט גוט. און דעם רייכען איז דאָך גוט — וואָס וועט ער שפּייען?...

XVIII

# מיר מופען

א.

אין אמעריקע איז א מנהג — מע מופט. דאָס הייסט, מע פעקעלט זיך פון איין דירה אין דער אנדערער. פון איין ביזנעס אין דער אנדערער. יעדער איינציגער מוז מופען. מופט ער ניט מיט זיין גוטען ווילען, מאכט מען איהם, ער זאָל מופען. דאָס הייסט, אז איהר צאָהלט ניט קיין דירה־געלט (דאָ הייסט עס „רענט"), גיט מען איין אויף אייך און מע וואַרפט אייך ארויס. ווערד דאָס אָנגערופען, אז מע האָט אייך ארויסגעמופט. דעריבער טאָרט איהר זיך ניט וואונדערען, אז מע טהוט אייך א פרעג: „ווען מופט איהר?" און אז מע פרעגט אייך, מוזט איהר ענט־פערען. פאר ניט ווענלען ענטפערען האָט מיין ברודער אליהו גע־חאפט א פסק פון אונזערען א קאָסטאָמער, וואָס גיט אונז צו לייזען פאר מעטשעס (שוועבעלעך). דאָס הייסט, ער באקומט פון אונזער סטענד אלע וואָך א באקסעל מעטשעס אָהן געלט. דאָ גיט מען שוועבעלעך אומזיסט. מע דארף גאָרניט וואַרטען, ביז מע וועט געבען. מע געהט צו און מע נעמט אליין.

## ב.

דער קאָסטאָמער, וואָס איך דערצעהל אייך, איז אַ מאָדנער מענטש. עס איז כדאי, איך זאָל אייך איהם אָפּמאָהלען. ווער ער איז און וואָס ער איז — ווייסען מיר ניט. וואו ער וואָהנט און וואָס זענען זיינע ביזנעס — ווייסען מיר אויך ניט. קיין רייכער מאַן, ווייזט אויס, איז ער ניט. דאָס זעהט מען נאָך זיין אויסגעריבענעם קאָוט, וואָס ער בייט איהם קיינמאָל ניט איבער. נאָך זיין אָפּגעבּאַרעט קאַפּעלישעל און נאָך זיינע געלאַטעטע שיך. דערפאַר איז ער אָבער זעהר איין אַקוראַטנע מענטש. ער קומט־צו אַלע טאָג אין דער זעלבער שעה און צו דער זעלבער מינוט. ער נעמט דעם מאָרגען־פּייפּער, טהוט אין איהם אַ קוק אַריין אויף דער ערשטער און אויף דער לעצטער פּיידזש, חאַפּט אַ קוק אויך אין דער מיט פון׳ם פּייפּער און לעגט איהם אַוועק צוריק. קויפען האָט ער נאָך קיין איינציג מאָל ביי אונז ניט געקויפט קיין זאַך. אַ חוץ, וואָס ער נעמט אַלע וואָך אַ באַקסעלע מעטשעס אומזיסט. און אַ חוץ וואָס ער לייענט אַלע טאָג דעם מאָרגען־פּייפּער. האָט דאָס מיין ברודער אליהו מסתמא פאַרדראָסען. איין מאָל אַ חכמה, צוויי מאָל אַ חכמה. אָבער ניט אַלע טאָג. איז זיך מיישב אליהו איינמאָל און טהוט איהם אַ זאָג:

— עס קאָסט אַ פּעני...

דער קאָסטאָמער טהוט זיך זיינס. דאָס הייסט, ער לייענט די ערשטע און די לעצטע פּיידזש פון׳ם מאָרגען־פּייפּער. מיין ברודער העכערט דאָס קול:

— עס קאָסט אַ סענט!...

דער קאָסטאָמער טהוט אַ קוק אין מיטען, לעגט צונויף דעם פּייפּער און לעגט איהם אַוועק אויפ׳ן זעלבען אָרט, ווי ער איז געלעגען.

## ג.

. . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . .

[אויף דעם אָרט ווערען איבערגעריסען מאָטעל פּייסי דעם חזנ'ס מעשיות פון אמעריקע. „מיר מופען" איז געווען די לעצטע זאַך, די לעצטע שורות, וואָס שלום־עליכם האָט געשריבען עטליכע טעג פאַר זיין אוועקגעהן פון אונז, שוין ליגענדיג אויף זיין טוידטען־בעט. ער האָט נאָך אוועקגעשטעלט א גרויסען גע'כתיבה'טען אות „ג", נאָר נאָכ'ן גימל געהען אין מאַנוסקריפּט לעדיגע ווייסע בלעטלעך, אַזוי אַז דער אונבעקאַנטער „קאָסטאָמער" אָהן א נאָמען בלייבט אונבעקאַנט, און די אַלע ווייטעריגע בילדער און טיפּען פונ'ם אידיש־אַמעריקאַנישען גהעטאָ־לעבען, וואָס האָבען געדעגט דעם שטענדיג־וואַכענדיגען דמיון פון אונזער גרויסען שילדערער אין זיינע לעצטע טעג, בלייבען פערשלאָסען און פערזיגעלט פאַר דער אידישער ליטעראַטור.

ווענען דעם דאָזיגען לעצטען קאַפּיטעל פון שלום־עליכם'ס שאַפען (און אפשר אויך ווענען דעם פריהעריגען פאַר־לעצטען קאַפּיטעל פון „מאָטעל פּייסי דעם חזנ'ס אין אַמעריקא") איז אונז, זיינע הויז־מענשען, אויסגעקומען צו הערען פון איהם אַליין. דיענסטאָג דעם 9־טען מאַי, אין אָווענד, דאָס הייסט, פיער טעג פאַר זיין טוידט, האָט מען מיך דורכ'ן טעלעפאָן אוועקגערופען פון מיין אַרבייט און איבערגעגעבען, אַז שלום־עליכם רופט מיך, איך זאָל באַלד קומען. פון די דאָקטוירים האָב איך געוואוסט

און בין געווען זיכער, אַז דעם קראַנקענ'ס לאַגע איז נ י ט ערנסט און אַז עס דאַרף נאָר נעמען עטליכע טעג ביז ער וועט געזונד ווערען. און דאָך האָט מיך דעם גאַנצען וועג, פון דער „איסט סייד" ביז בראָנקס, געדריקט אַ מאָדנער שווערער אַנגסט. איך האָב זיך בערוהיגט ערשט דעמאָלט, ווען איך האָב דערזעהען דאָס פענסטער פון שלום־עליכם'ס צימער, פון וועלכען עס האָט זיך נעגאָסען אַ שטילער רוהיגער שיין.

איך האָב געטראָפען שלום־עליכם'ן אויף'ן בעט דוקא מונטער און עטוואָס אויפגעלעבט. מע האָט איהם געהאַט איינגעגעבען נאַהרונג אויף אַ קינסטליכען אופן, ווייל די דאָקטוירים האָבען גע־גלויבט, אַז דאָס איז ביי איהם אַ נערוועזע מאַגען־קראַנקהייט. מיט עטליכע שעה צוריק, נאָכמיטאָג, בין איך געווען ביי איהם אין צימער, נאָר איצט האָט ער געזאָגט, אַז איהם דאַכט זיך, אַז ער האָט מיך ניט געזעהען שוין עטליכע טעג. מיט אַ שוואַכען שמייכעל אויף'ן אויסגעמוטשעטען געזיכט האָט ער דערצעהלט, וואָס פאַר אַ וואונדערליכע ווירקונג די קינסטליכע נאַהרונג האָט אויף איהם געמאַכט — עס האָבען זיך איהם ממש געעפענט די אויגען און ער זעהט פאַר זיך די ליכטיגע וועלט. צווישען אַנדע־רעם האָט ער מיך געפרעגט, צי מע ווייסט אין דער רעדאַקציע פון דער „וואַרהייט" (וואו ער האָט די לעצטע צייט געשריבען), אַז ער איז קראַנק, און האָט אונז דערצעהלט, אַז היינטיגע נאַכט (דאָס הייסט, די נאַכט פון מאָנטאָג אַקעגען דיענסטאָג) האָט ער געשריבען, נישט קוקענדיג אויף די גרויסע יסורים, וואָס האָבען איהם נישט אָפּגעלאָזט אַ מינוט ניט. „איך ליג אַזוי און ליג אַ גאַנצע נאַכט, — האָט ער דערצעהלט, דערביי שווער געהאַפּט דעם אָטהעם — שלאָפען קאָן איך ניט, די געדאַנקען טראָגען... וואָס זשע איז דער תכלית אַזוי צו ליגען? זאָג איך צו דער מאַמע: וואָס וועל איך דאָ אויסליגען? ביז טאָג איז נאָך ווייט... אַמעהר, גיב אַהער די פען און די פּאַפּקע מיט'ן פּאַפּיער, וועל איך חאָטש שרייבען. שרייבען איז מיר אַ סך גרינגער, וואָרום סאַי ווי סאַי

מוטשען די גערלאנקען, לאָזען ניט צו־רוה... און אַט אַזוי פּאַוואָ־
לינקע האָב איך אָנגעשריבען עטליכע קאַפּיטלעך פון מאָטלען"...

און די עטוואָס מיעדע, הימעל־קאָלירטע אויגען, וואָס האָבען
די לעצטע טעג אָפּגעגעבען מיט אַ מאָדנע בלויקייט, אַ ריינע, אַ
ווייטע, ווי די בלויקייט פון הימעל, האָבען דערביי אויפגעשטראַהלט
מיט אַ קינדיש־קינסטלערישער בעגייסטערונג.

דאָס זענען געווען די לעצטע שורות פון שלום־עליכם׳ס שאַפען
און דאָס זענען געווען זיינע לעצטע ווערטער, וואָס ער האָט גע־
רעדט וועגען זיין שרייבען. אויף מאָרגען איז זיין לאַגע געוואָרען
ערנסט, די דאָקטוירים האָבען זיך פערלאָרען, און דאָס אומגליק
איז אויסגעוואַכסען נאָהענט, ווי אַ חמאַרע...

דאָס לעצטע מאַנוסקריפּט „מיר מופען", חאָטש ס׳איז גע־
שריבען מיט שלום־עליכם׳ס כאַראַקטעריסטישער פיינער און קלאָ־
רער האַנדשריפט, איז דאָך צו דערקענען, אַז ס׳איז געשריבען גע־
וואָרען שוין ניט מיט אַ געזונדער לייכטער האַנד. די אותיות
זענען עטוואָס געצוקט און געקרימט, געהען ניט אומעדום גלייך,
נאָר דאָ גרעסער און דאָ קלענער, און זענען שוין ניט אַזוי פערעלדיג
און געטאָקט, ווי דער בעריהמטער געטאָקטער פערעל־כתב פון
שלום־עליכם. עס איז אויך כמעט נישט צו בעמערקען אין דעם
דאָזיגען לעצטען כתב־יד קיין אויסגעמעקטע און פון־אויבען צוגע־
שריבענע שורות, אַזוי ווי ס׳איז תמיד געווען די געוואָהנהייט
פון שלום־עליכם שטאַרק צו בעאַרבייטען און צו שלייפען זיינע
ווערק. די עטליכע קליינע קאַפּיטלעך זענען, אַפּנים, געשריבען
געוואָרען פון דער ערשטער האַנד און האָבען עטליכע טעג געוואַרט
אויף זייער מייסטער, ער זאָל זיי בעפּוצען אויף זיין שטייגער —
און האָבען זיך ניט דערוואַרט...

[אַנמערקונג פון י. ד. בערקאָוויטש.]

# די וואַסערשטוב

[דער ערשטער וואַריאַנט פון דעם קאַפּיטעל „מזל־טוב, מיר זענען שוין אין אַמעריקע!"]

געשריבען אין יאָהר 1914.

# די וואַסערשטוב

## א.

אַ מורא'דיג גרויסע שטוב, אַזוי גרויס כמעט ווי ביי אונז צעהן שטיבער, אָדער אפשר נאָך מעהר.

און ווייס איז זי, די שטוב, ווייס ווי מילך, מיט קליינטשקע פענסטערלעך אַ סך. די פענסטערלעך זענען קיילעכיג, פון ריינעם קרישטאָל און מיט רויטע באַצוויקעלט.

און קוימענס האָט די שטוב צוויי גרויסע, הויכע, ברייטע, שוואַרצע קוימענס, וואָס פייפען אַזוי שטאַרק, אַז פון איין פייף אַ גוטען קאָנט איהר פאַלען חלשות.

און שטעהן שטעהט די שטוב אויפ'ן וואַסער. אַ וואַסער־שטוב.

דאָס הייסט, ניט זי שטעהט, נאָר זי געהט. גיך־גיך געהט זי — זי לויפט כמעט. זי שניידט די חוואַליעס אויף צווייען און גליטשט זיך, גליטשט זיך אויפ'ן וואַסער. זי הויבט זיך ארויף און אראָפּ, ארויף און אראָפּ — און מיר פאָהרען, מיר פאָהרען קיין אַמעריקע!

ניט מיר אליין פאָהרען קיין אַמעריקע — מיט אונז פאָהרען נאָך אַ סך, אַ סך אידען און ווייבער, מיט קינדער און אָהן קינדער.

און אַלע אין איין שטאָדט אַריין. איך ווייס אפילו, ווי אַזוי זי הייסט. „נעיאָרק" הייסט די שטאָדט. אַ גרויסע שטאָדט! נאָך גרעסער פון וויען. און אַ אידישע שטאָדט. אַ שטאָדט פון סאַמע אידען. און רעדען רעדט מען דאָרט, ווי מע רעדט ביי אונז. ווי אַלע מענטשען רעדען.

מע רעדט אויף אידיש.

— דאַנקען און לויבען יאָשקע דעם טויבען! מע'ט פאַר־שפּאָרען זיך ברעכען די צונג, ווי מע האָט זיך געבראָכען אין בראָד, אין קראָקע מיט לעמבעריג, אין וויען און אין אַנטווערפּען און איג'ם שענעם לאָנדאָן, וואָס וואָלט שוין לאַנג געמעגט ברע־נען אויפ'ן פייער, ובפרט איצט, אַז מיר זענען שוין דאָרט נישטאָ.

אַזוי זאָגט ברכה, מיין ברודער אליהו'ם ווייב, וואָס האָט שוין לאַנג געוואָרפען איין אום־חן אויף אַלע שטעדט, און מעהר ווי אַלץ — אויף לאָנדאָן.

ב.

איצט ווייס איך פאַר געווים, אַז מיר פאָהרען קיין אַמעריקע. אפילו ברכה, מיין ברודער אליהו'ם ווייב, איז מודה, אַז מיר פאָהרען קיין אַמעריקע. ביז אַהער האָט זי אַלץ ניט געוואָלט גלויבען: „מיר פאָהרען און פאָהרען — און שטעהען אויף איין אָרט".

נאָר איהר מיינט, אַז איצט איז זי שוין צופריעדען? ווער — וואָס! ברכה איז קיינמאָל ניט צופריעדען. זי וויל נאָר וויסען איין זאַך: ווער איז דער שלים־מזל, וואָס האָט דאָס אויסגע־טראַכט אָט די דאָזיגע מדינה?

— עס וואָלט איהם געמעגט — זאָגט זי — אַרויסוואַרפען און פּיני'ן אַריינוואַרפען!

דאָס מיינט זי אונזער חבר פּיני'ן, וואָס פאָהרט מיט אונז קיין אַמעריקע.

וואָס האָט זי צו איהם? ווייל ער איז, זאָגט זי, דער גאַנ־צער חייב. ווען ניט ער, וואָלטען מיר איצטער, זאָגט זי, גע־זעסען אין דער היים, ווי אַלע אידען, און וואָלטען זיך ניט גע־שלעפּט איבער ימים און מדבריות און וויסטענישען.

ער, פּיני הייסט עס, האָט אַרויפגעפיהרט, זאָגט זי, מיין ברודער אליהו אויף אַ גליטש — מיר זאָלען פאַרקויפען אונזער האַלבע שטוב און פאָהרען קיין „מאַלעריקע".

## ג.

„מאַלעריקע" — אזוי רופט דאָס אָן מיין שוועגערין ברכה אַלע מאָל, ווען ז איז אין כעס.

און אין כעס איז זי אָפּט. כמעט ניטאָ דער טאָג, וואָס ברכה זאָל ניט זיין אין כעס.

אַ גליק, וואָס מיין ברודער אליהו הערט זי, ווי דעם קאָטער, און אונזער חבר פּיני — דער לאַכט זיך גאָר אויס פון איהר באַבע. איהר גערענקט דאָך מסתמא אונזער חבר פּיני? איהם אַז מע דערעסט זיך שטאַרק, מאַכט ער אייך באַלד אויף יענעם אַ ליעדעל — און טהו איהם עפּיס!

אַנומעלטען האָט ער געמאַכט אויף איהר, טאַקי אויף מיין שוועגערין, הייסט עס, אַ ליעדעל — איז זי שיער ניט צעזעצט געוואָרען פאַר בזיון.

אָט אַזוי הויבט זיך אָן דאָס ליעדעל:

איך האָב אַ חבר מוהרר אלי —
באַשערט אַ מענטשען אַ הצלחה! —
האָט ער אַ ווייב — ביז דער סטעלי,
אַ שלאַק פורעניות מרת ברכה,
קיין עין־הרע ניט, אַ גראָבע,
און אַ ברייטע, איין אָסאָבע...

ווייטער געדענק איך נישט. איך געדענק נאָר, אַז ברכה איז אַזש געווען בלוי פאַר כעס. דעם כעס האָט זי אויסגעלאָזט צו מיין ברודער אליהו.

דערנאָך האָט זי זיך געוואָלט נוקם זיין אין מיר. האָט זיך די מאַמע אָנגענומען מיין קריוודע. האָט איהר ברכה געזאָגט אַ גראָב וואָרט, אויסגעוואָרפען דעם טאַטען דעם חזן. האָט זיך די מאַמע צעווייַנט. האָט זיך אליהו צעשריגען אויף איהר, אַז זי מאַכט אונז אומגליקליך. מיר זענען נאָך ניט פאַרטיג, זאָגט ער! וואָרום אַז מיר וועלען אריינקומען קיין אַמעריקע בשלום, וועלען מיר ערשט דעמאָלט באַדאַרפען, זאָגט ער, נאָך אַ מאָל באַווייזען, אַז מיר האָבען, זאָגט ער, געזונטע אויגען.

נאָר איך האָב מיך אַ ביסעל פאַררעדט און האָב שיער פאַרגעסען, אַז איך האָב אייך נאָך גאָרניט דערצעהלט וועגען דער וואַסערשטוב.

ד.

אַך, ווי שען דאָס איז! אַך, ווי גרויס! און אַך, ווי גוט מיר איז!

אַ קייסער, זאָגט מען, איז גוט. מיר — איז בעסער. דאָ בין איך בעל־הבית.

איך און דער קאַפּיטאַן. אַ מענטש אַ גבור. גאָלדענע קנעפּ מיט גאָלדענע „פּאַלעטען”, און וואָנסעס מורא׳דיגע, גראָבע, גרעבער ווי בערד. אין מיטען אויסגעגאָלט. אויגען — מחיה׳דיגע. זיי שמייכלען ביי איהם שטענדיג. אפילו דעמאָלט, ווען ער בייזערט זיך. אַ דימענט פון אַ קאַפּיטאַן! איך האָב איהם ליעב — סכנות! איך האָב איהם אָפּגעמאָהלט מיט אַ בלייערעל אויף אַ שטיקעל פּאַפּיער, ווי ער שטעהט און געהט. אפילו מיט

די וואָנסעם. נאָר איך האָב עס צעריסען — אליהו זאָל ניט דערזעהן. ער האָט פיינט מענטשעלעך.

אליהו זאָגט, אַז אַ קאַפּיטאַן דאַרף קענען שווימען, ווי אַ פיש. און אונזער חבר פיני לאַכט פון איהם. פיני זאָגט, אַז אַ קאַפּי־טאַן דאַרף ניט קענען שווימען. שווימען דאַרפען נאָר מאַטראָ־סען. אַ קאַפּיטאַן, זאָגט פיני, באַדאַרף נאָר זיין קלאָר אין דער געאָגראַפיע, ווי אַ איד אין אשרי. איהם דאַרף זיין, זאָגט ער, קלאָר דער ים, אַזוי ווי אונז די יבשה. ער איז מחויב, זאָגט ער, צו וויסען, וויפיעל דער ים האַלט אין דער לענג און אין דער ברייט און אין דער טיעף. זאָגט איהם מיין ברודער אליהו: „מילא, די לענג און די ברייט — קאָן מען נאָך ווי עס איז אויס־מעסטען מיט איין אַרשין. וואָס וועסט דו אָבער טהון מיט דער טיעף?" זאָגט איהם פיני: „ביזט אַ בהמה!" זאָגט איהם אליהו: „ביזט אַליין אַ פערד. למאי זידעלסט דו זיך?" זאָגט איהם פיני: „ווי אַזוי זאָל איך דיך ניט זידלען, אַז דו הויבסט ניט אָן צו וויסען, זאָגט ער, וואָס אויף דער וועלט טהוט זיך. אָט נעם, זאָגט ער, למשל, די שטערען אין הימעל. נו, ווייסט מען ניט וויפיעל שטערען ס'איז פאַרהאַן? און מע קאָן דען ניט, זאָגט ער, אויסרעכענען אַלע ביי די נעמען?" זאָגט איהם אליהו: „איכ'ל דיר זאָגען דעם אמת — איך בין אויפ'ן הימעל נאָך קיינמאָל ניט געוועזן, און אויפ'ן ים פאָהר איך און זעה אַרויס, אַז ער האָט קיין גרונט ניט". זאָגט איהם פיני: „נאַרעלע, נישט נאָר אַ גרונט, מע קאָן דיר אויסרעכענען אפילו וויפיעל טראָפּען וואַסער געפינט זיך אין ים אַרום און אַרום". פרעגט איהם אליהו שוין מיט אַ געלעכטער: „כ'וואָלט געוואָלט וויסען, ווי אַזוי דו וועסט עס אויסרעכענען? סיידען אפשר דיין פעטער דער זייגערמאַכער וועט דיר אונטערהעלפען"...

פאַרדריסט עס שוין פיני'ן, נאָר ער מאַכט זיך ניט וויסענ־דיג. פאַר איהם שטעלט זיך איין זיין ווייב טייבעל. איהר קענט זי. איך האָב שוין וויפיעל מאָל גערעדט פון איהר. איך האָב

זי ליעב. זי איז א קליינינטשקע און א שטילינקע. נאָר זי האָט א טבע — טאָמער ריהרט מען אָן איהר פּיני׳ן, איז חושך! האָט זי אָפּגעשפּיעלט מיין ברודער אליהו׳ן א וויוואט!

זי האָט איהם ניט געזאָגט גאָרניט. זי האָט איהם נאָר א פרעג געגעבען: „מיט וואָס איז א בייגעל־בעקער שענער פון א זייגערמאַכער?״

דאָס איז געווען א שטאָך אונז אַלעמען אויף אונזער מחותן יונה דעם בעקער.

אודאי האָט דאָס אָנגעריהרט ברכה׳ן מעהר ווי אונז אלעמען. יונה דער בעקער — דאָס איז דאָך איהר טאַטע, ווער זי שווייגען? א גליק, וואָס די מאַמע איז דערביי געזעסען, האָט זי זיי קוים־קוים צענומען!

נאָר איך האָב מיך שוין ווידער פאַררעדט און פאַרגעסען, אז מיר האַלטען ביי דער וואַסערשטוב.

## ה.

גוט איז נאָר אונז! מיר און דעם קאַפּיטאַן. מיר ביידע האָבען צו שאַפען דאָ אויף אַלסדינג. ער, דער קאַפּיטאַן, הייסט עס, דאָרט אויבען ביי די קוימענס, און איך, מאָטעל פּייסי דעם חזנ׳ס יונגעל, דאָ אויפ׳ן צווישענדעק.

אויף אונז ביידען שטעהט די גאַנצע וואַסערשטוב. די שטוב מיט איהרע אַלע קליינע שטיבעלעך מיט דער גאַנצער מאַשי־נעריע, וואָס קלאַפּט און טראַסקעט און הוידעט און פּייפט און קרעכצעט.

איטליכער האָט זיך זיין ארבייט. דער קאַפּיטאַן אויבען טהוט גאָרניט. ער שטעהט נאָר און רעדט דורך א רעהר צו די מאַטראָסען. און די מאַטראָסען — אָנגעטהאָן אין לאַמפּאַסענ־דיגע לייבלעך מיט קיילעכיגע היטעלעך — פּיניען מיט דער נשמה. וואָס מע הייסט זיי, דאָס טהוען זיי. מע הייסט זיי לויפען

אהער — לויפען זיי אהער. מע הייסט זיי לויפען אהין — לויפען זיי אהין. מע זאָל זיי הייסען שפּרינגען אין וואסער — וואָלטען זיי אויך געשפּרונגען אין וואסער.

איהר האָט באַדאַרפט זעהן זייער אַרבייט גאָר אין אָנהויב, ביי'ם ברעג, איידער די וואסערשטוב האָט געריהרט פון אָרט. וועה־וועה! ווי די רוחות, ווי די מלאכי־חבלה — אַזוי האָבען זיי געאַרבייט.

קודם כל האָבען מיר באַדאַרפט דורכלאָזען די זאַכען. אַלע־מען'ס פּעקלעך, אַלעמען'ס קאַסטענס און אַלעמען'ס בעטגעוואַנט. „באַגאַזש" ווערד עס אָנגערופען. אַפשר צעהנטויזענד שטיק באַ־גאַזש. און אַפשר מעהר.

און דאָס אַלסדינג האָט מען באַדאַרפט אַרויפּפּעקלען אַרויף אויפ'ן שיף. אַ גוטע אַרבייט! איהר מיינט, מיט די הענט? חס וחלילה! וואו ווערט איהר נעמען אַזוי פיעל הענט? ס'איז פאַרהאַן אַ בעסערע עצה.

איין עלעפאַנט האָט איהר אַמאָל געזעהן? איין עלעפאַנט מיט אַ לאַנגען סנאָבעל? נו, איז פאַרהאַן אַזא מאַשין, אַ גרויסע מאַשין, וואָס האַפּט דעם אָפּבליק פון איין עלעפאַנט מיט אַ לאַנ־גען סנאָבעל. אָט הויבט זיך אויף דער סנאָבעל, דרעהט זיך כלומרשט שלעפעריג אויף אַ זייט, לאָזט זיך אַראָפּ פּאַוואָלינקע, פּאַוואָלינקע. און אַז ער לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער ערד, טהוט ער מיט אַ מאָל אַ האַפּ־אויף צעהן־צוואַנציג־דרייסיג קאַסטענס און קעסטלעך, דרעהט זיך אוים צוריק אַרויף און לאָזט זיי אַראָפּ אויפ'ן שיף.

דערנאָך נאָך אַ מאָל זיך אויפגעהויבען, נאָך אַ מאָל זיך אויסגעדרעהט, אַ האַפּ די קאַסטענס מיט די קעסטלעך, און ווידער אויפ'ן שיף.

אָט אַזוי האָבען מיר ביסלעכווייז אַריבערגעפּעקעלט דעם גאַנצען באַגאַזש. מיר ביידע, איך און דער קאַפּיטאַן, זענען ניט אָפּגעטראָטען ביז'ן סוף.

דערנאָך האָט זיך ערשט אָנגעהויבען ביי אונז די רעכטע ארבייט. געה ריהר אזא מאכינע פונ׳ם אָרט! אי־אי, וואָס מיר האָבען צעארבייט! דער קאפּיטאַן איז ניט אָפּגעטראָטען פונ׳ם טרייבעל. די מאטראָסען זענען ארומגעלאָפען ווי די משוגעים. און איך בין אויפ׳ן צווישענדעק. די הענט האַלט איך אין די קעשענעס און געב אכטונג אויף דער ארבייט, ווי די וואסער־שטוב ריהרט וואָס ווייטער אַלץ שטארקער און אַלץ גיכער. און איך קוק אראָפּ אין ים אריין, און איך מיין, אַז מיין ברודער אליהו איז גערעכט:

דער ים האָט ניט קיין גרונט!

ו.

זינט איך לעב האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געזעהן אזוי פיעל מענטשען, איך מיין, אזוי פיעל אידען, ווי דאָ, ביי אונז אין וואסערשטוב, אויפ׳ן צווישענדעק.

— קיין עין־הרע! קיין בייז אויג! — זאָגט די מאמע און טרערען שטעהען איהר אין די אויגען.

א סך פון זיי האָבען מיך דערקענט. און א סך האָב איך דערקענט. איך וואָלט געמעגט שווערען, אז איך האָב זיי גע־זעהן — איך געדענק שוין ניט וואו: צי אין קראָקע, צי אין לעמבעריג? צי אין וויען ביי דעם „אַליאַנץ", צי אין אנטווערפּען ביי דער „עזרה"? מע באדארף א פרעג טהון ביי דער מאמע. זי קער וויסען. נאָר איך וועל נאָך צייט האָבען שפּעטער. דער־ווייל דארף מען פאָהרען. האָב איך מיך אוועקגעזעצט אויף איין אייזערנער טומבע רייטענדיג און קוק גאָר אין הימעל אריין.

איך ווייס ניט, צי איז דאָס הימעל, צי איז דאָס וואסער? אָט איז עס, דאכט זיך, הימעל, און אָט איז דאָס וואסער, און אָט איז דאָס שוין ווידער הימעל. און די וואסערשטוב מיט אַלע

מענטשען און מיט אַלע זאַכען הויבט זיך אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ, און מיר פאָהרען, מיר פאָהרען — קיין אַמעריקע!

האָב איך אָבער פיינט זיצען לעדיג. שטעה איך אויף און לאָז מיך באַטראַכטען די וואַסערשטוב פון אַלע זייטען. זעה איך מענטשען, אין רויטע זשילעטען אָנגעטהאָן און מיט גאָלדענע קנעפּ.

די דאָזיגע מענטשען זענען געשטעלט געוואָרען אויף צו באַדיענען אונז. זיי הייסען דאָ אַ מאָדנעם נאָמען. „סטיו־וואַרטס" רופט מען זיי. און זייער עבודה איז: זיי טראָגען אַרום אין גרויסע בעקענס כל'ערליי מינים עסענוואַרג און פלעשלעך מיט משקה און סיפאָנעס מיט זעלצערוואַסער און מיט לימענאַדע.

איך האָב ליעב לימענאַדע דאָס חיות! אין לאָנדאָן האָב איך מיך באַקענט מיט דער דאָזיגער משקה. דאָרטען רופט מען דאָס „לעמאָנעיד". האָט זיי מיין שוועגערין ברכה אויסגעלאַכט מיט זייער לשון. אז פייף איז ביי זיי פינף, אַ קאָפּיקע איז אַ פּעני, טיימעס איז צייט און לימענאַדע איז גאָר „לעמאָנעייד" — מעג עס ניט ברענען אויפ'ן פייער?

אַזוי זאָגט ברכה. און איך זאָג: לאָז זיין לימענאַדע, לאָז זיין לעמאָנעייד, אַבי ס'איז גוט. ס'איז זיס און סע שטשיפּעלט ביי דער צונג.

איין חסרון האָט עס — מע באַדאַרף דערפאַר צאָהלען. און צאָהלען איז מיין ברודער אליהו (ער איז דאָך דער קאַסירער) קיין בעלן ניט. ער זאָגט, אַז אַ שיפסקאַרטע איז שוין מיט אַלעמען. מיט עסען און מיט טרינקען און מיט אַלסדינג.

אָך, וואָס פאַר איין עסען, וואָס פאַר אַ טרינקען מע גיט אונז דאָ! דריי מאָל אַ טאָג. פיער מאָל אַ טאָג. פינף מאָל אַ טאָג. עס האָט גאָר קיין שיעור ניט. און צום מיינסטען עסען מיר דאָ „פּעטעיטעס".

איך זעה אָבער, איהר ווייסט ניט, וואָס הייסט עס „פּעטעי־טעס". וואָס איז דאָס? און מיט וואָס עסט מען דאָס?

עסען עסט מען דאָס מיט ברויט און מיט געבראָטענעם הע־רינג, און אַ טעם האָט דאָס פון קאַרטאָפּלעס.

דאָס הייסט, ס'איז טאַקי אונזערע קאַרטאָפּלעס, נאָר דאָ הייסט עס „פּעטעיטעס".

מיין שוועגערין ברכה זאָגט אפילו, זי זאָל האָבען די ברכות, וואָס אונזערע קאַרטאָפּלעס זענען בעסער און זיסער און געשמאַ־קער. נאָר ווער האָרכט זי, וואָס זי זאָגט? אפנים, ס'איז דען פאַרהאַן אַ זאַך אויף דער וועלט, וואָס זאָל איהר געפעלען?

איך האָב מורא, אַז זי וועט קומען קיין אַמעריקע, זאָל איהר אמעריקע חלילה אויך ניט געפעלען.

וואָס דאַרפט איהר מעהר — אַז אפילו די וואַסערשטוב, וואָס מיר פאָהרען אויף איהר, זאָגט זי אויף איהר אויך אַ חסרון. איך זאָל האָבען די ברכות, זאָגט זי, וואָס ביי אונזער לייזער'ען אין בויד איז בעסער! דאָרטען, זאָגט זי, אַז מע פאָהרט, פאָהרט מען. און דאָ שלעפּט מען זיך און מע שלעפּט זיך און סע נודעט ארויס די נשמה. דער מאַמע'ס מילך, זאָגט זי, האָב איך זיי שוין אוועקגעגעבען!...

## ז.

דאָס מיינט זי די קרענק, וואָס מיר האָבען געקרענקט דעם ערשטען טאָג פון אונזער נסיעה אויפ'ן ים. ס'איז געוועזן אַ שטורעמווינט און ס'האָט געוואָרפען אונזער וואַסערשטוב העכער הייזער. איז אונז אַלעמען געוואָרען נישט גוט אויף צו חלש'ען. אַ סך האָבען טאַקי גע'חלש'ט. ערגער ווי גע'חלש'ט. געוועזן כמעט ווי געשטאָרבענע. טייבעל, פּיני'ס ווייב, האָט מען גע־ראַטעוועט מיט הייסע האַנטיכער. די מאַמע האָט געבעטען אויף

זיך דעם טוידט. מיין ברודער אליהו איז געלעגען מיט'ן פּנים אַראָפּ און געוויינט, ווי אַ קליין קינד. ברכה, זיין ווייב, האָט אַזש אויפגעהערט צו שילטען זיך. ס'איז איהר פאַרגאַנגען אַזעלכס, אַז זי האָט שוין גאָר פאַרגעסען, וואוהין זי פאָהרט און וואו זי איז אין דער וועלט. די גרינע גאַל האָט זי אַוועקגע־געבען!...

נאָר איין פּיני האָט זיך געהאַלטען ווי אַ קאָזאַק. ער איז אַרומגעלאָפען, די הענט אין די קעשענעס. געקוקט דורך די ברילען אַרויף. איין הויז אַראָפּ, איין הויז פאַרקאַטשעט. דאָס האַלזטיכעל איז פאַרפאָהרען ווייס איך וואוהין. ער האָט אַרומ־געשפּאַנט הין און צוריק איבער'ן צווישענדעק און האָט געמאַכט חוזק פון דער גאַנצער וועלט, גערעדט, געשאָטען מיט ווערטער: בהמות! פערד! אָכסען! ווייסען ניט, אַז ס'איז דאָ אַ „זאַקאָן פּריראָדע"! אַז ווייבאַלד עס וואַרפט מיך אַהער — דאַרף איך מיך נעמען אַהין. און אַז עס וואַרפט מיך אַהין — דאַרף איך מיך נעמען אַהער. דאָס איז דאָך אַ זאַקאָן פּריראָדע!...

אַ מחיה אָנצוקוקען אונזער חבר פּיני'ן בעת ער קאָכט זיך. איך זאָל ניט מורא האָבען פאַר מיין ברודער אליהו, און ס'זאָל מיר אַזוי ניט וועה טהון דער קאָפּ, וואָלט איך איהם אַראָפּגע־חאַפּט מיט'ן בלייערעל אויף פּאַפּיער מיט די הויזען און מיט די ברילען, ווי ער שפּאַנט אַרום און שרייט „זאַקאָן פּריראָדע". עס וואָלט מיר צוגעקומען אַ שטיק געזונט.

פּיני האָט אַזוי לאַנג גע'טענה'ט „זאַקאָן פּריראָדע", ביז ער האָט געמוזט אָפּטרעטען אויף אַ זייט. אָנגעבויגען זיך און באַוויזען דעם אייגענעם „זאַקאָן פּריראָדע", וואָס אַלע...

דערנאָך, אַז ס'איז געוואָרען שטילער, אוים שטורעמווינט, און די זון האָט זיך באַוויזען — האָבען אַלע אויפגעלעבט. און פּיני אויך בתוכם.

ער האָט שוין מעהר ניט גערעדט פון „זאַקאָן פּריראָדע".

## ח.

אבי איך האָב געמיינט, אַז נאָר ביי אונז אין צווישענדעק איז אַ וועלט. צום סוף לאָזט זיך אויס, אַז אַחוץ אונז, עמיגראַנ־טען, פאָהרען אויף דער וואַסערשטוב נאָך אַ סך, אַ סך מענטשען. צום מיינסטען פּריצים, שררות, אָפיצירען, גענעראַלען. און רייכע אידען. מיליאָנשטשיקעס!

פון זייערטוועגען איז פאַרהאַן ביי אונז אין וואַסערשטוב באַזונדערע שטיבלעך. „קעבקעס" הייסען דאָ די דאָזיגע שטיב־לעך. איטליכער אין אַ באַזונדער שטיבעלע.

אַ רחמנות — זיי קאָנען ניט זיצען אַלע אינאייינעם, ווי מיר, עמיגראַנטען, אויפ'ן צווישענדעק. זיי, אַז זיי ווילען זיך זעהן איינס מיט דאָס אַנדערע, מוזען זיי אַרויסקריכען פון זייערע נאָרעס און אַרויפדראַפּען זיך העט־העט אויף טרעפּ אַרויף. און דאָרט איז פאַרהאַן אַזאַ זאַל, וואו מע געהט זיך צונויף אַלע מיליאָנשטשיקעס אינאיינעם און מע רעדט און מע שמועסט און מע עסט.

איך וואָלט אַ בעלן געווען וויסען, וואָס עסען זיי? אויך „פעטעיטעס" מיט געבראָטענעם הערינג?

איך וואָלט גלאַט אַ בעלן געווען אַ קוק טהון, וואָס טהוט זיך דאָרטען. איך בין דאָרטען נאָך נישט געווען, נאָר איך וועל זיין, איך וועל געוויס זיין.

איך וואָלט שוין לאַנג געווען דאָרטען — לאָזט מען מיך ניט.

אַ ביסעל לאָזט ניט די מאַמע — זי האָט ביי מיר גענומען אַ האַנט תקיעת־כף באַלד ווי מיר זענען אַרויף אויפ'ן שיף, אַז איך וועל ניט אָפּטרעטען פון איהר אויף אַ האָר. און אַ ביסעל לאָזט מיך ניט מיין ברודער אליהו. ער האָט מיר צוגעזאָגט, אַז טאָמער וועל איך זיך דערוועגען ערגיץ געהן אָהן זיין וויסען, בלייב איך אָהן איין אויהער. דאָס הייסט, איין אויהער וועט ער מיר אָפּ־רייסען, דעם אַנדערען וועט ער מיר איבערלאָזען.

מאַהלט אייך, עס רעדט זיך נאָר אַזוי! וויפיעל מאָל האָט ער מיר צוגעזאָגט, נאָך אין לעמבעריג און אין ווין און אין אַנט־ווערפּען און אין לאָנדאָן, אַז ער מאַכט מיך פאַר אַ קאַליקע? דאָס זאָגט ער נאָר אַזוי בעת ער איז אין כעס. דעמאָלט פּלעגט ער זיין כמעט כסדר אין כעס. איצט שוין ניט. איצט איז ער מיט אַ מאָל געוואָרען ווייך, ווי פּוטער. איך וויים אפילו פאַר וואָס. ער האָט אַלץ מורא געהאַט פאַר דער מאַמע׳ס אויגען. טאָמער לאָזט מען זי ניט אַרויף אויפ׳ן שיף — וועלען מיר ניט קאָנען פאָהרען קיין אַמעריקע.

האָט גאָט געטהאָן אַ נס — מע האָט דער מאַמען דורכגע־לאָזט. מע האָט איהר אפילו קיין קוק נישט געטהאָן אין די אויגען אַריין. פאַרקעהרט — מע האָט זי נאָך אונטערגעשטופּט, זי זאָל שוין גיכער אַרויפגעהן אויפ׳ן שיף מיט איהרע פּעקלעך. פאַר פרייד האָט זי זיך דערנאָכדעם אַזש צעוויינט. האָט איהר מיין ברודער אליהו נאָכדעם פּירגעהאַלטען: נו? וואָס האָב איך דיר געזאָגט? האָסט דו באַדאַרפט פאַרגיסען אַזוי פיעל טרערען? ענטפערט איהם די מאַמע און ווישט זיך די אויגען:

— פון וואַנען ווייסט דו, אַז דאָס האָבען נישט געמאַכט מיינע טרערען?

און זי וויינט שוין ווידער!

ווערד מיין ברודער אליהו אויסער זיך. ער בייסט זיך די פינגער און רעדט צו איהר שטיל, און מעהר אויף לשון־קודש, בכדי די מאַטראָסען מיט די „סטיר־וואַרטס” זאָלען ניט פאַר־שטעהן:

— וויש אויס די עינים, וואָרום איידער מיר הלכ׳ענען אַריין אין דער מדינה, קאָן מען אונז נאָך דריי מאָל זאָגען השיבנו נאזאד...

קאָן דאָך אָבער ברכה קיין עולה ניט ליידען. זאָגט זי צו איהם:

— בייס דיר אָפּ די צונג!

זאָגט איהר אליהו:

— פרה אדומה.

פרעגט איהם ברכה:

— וואָס הייסט דאָס?

מישט זיך שוין אריין אונזער חבר פיני און פארטייטשט איהר די ווערטער „פרה אדומה":

— אז דער מאַן איז א פרא אָדם, איז דאָס ווייב א פרה אדומה.

ענטפערט איהם אָפּ ברכה:

— מע דאַרף ניט האָבען קיין גרעסערען פרא אָדם, ווי דו ביזט.

פארדריסט עס פיני'ס ווייב, טייבלען, און זי טהוט א זאָג גלאַט אזוי אין דער וועלט אריין:

— גאָט האָט ניט געהאַט וואָס צו טהון, איז ער געגאַנגען און האָט דעם גאַנצען שכל מיט דער גאַנצער חכמה אַוועקגע־שענקט צו יונה דעם בעקער מיט זיינע קינדער.

מאָהלט אייך, טייבעל וואָלט זיך ניט גענאַרט פון מיין שווע־געריו ברכה פאר אזא שטאָכוואָרט. האָט זיך געטראָפען א נס. ווער איהר הערען, וואָס אין א וואסערשטוב קאָן זיך פּאַסירען.

ט.

אזוי ווי מיר זיצען און שמועסען זיך אויס, וואכסט־אויס, ווי פונ'ם ים ארויס — טרעפט ווער? — נחמן דער סטאָלער.

איהר דאַרפט איהם געדענקען. דאָס איז דאָך טאַקי דער נחמן מיט'ן רויטען נאָגעל פון לאַק, וואָס האָט געהאַט אַוועקגע־קויפט ביי אונז אמאָל די גלעזערנע שאַפע, בעת דער טאַטע, עליו השלום, איז געלעגען קראַנק און ס'איז ניט געווען, מיט וואָס איהם צו ראַטעווען.

נחמן איז געקומען דעמאָלט מיט זיינע צוויי בנים, קאָפּעל און מענדעל, ארויסגעטראָגען די שאַפע און צעבראָכען דאָס גלאָז.

דערזעהן אַ באַקאַנטען אידען, פון איין שטאָדט, האָבען מיר זיך אַלע אַ לאָז געגעבען צו איהם:

— רב נחמן! ס'איז איהר?
— ווער דען?
— איהר אויך דאָ?
— פאַר וואָס ניט?
— אויך קיין אַמעריקע?
— איך בין דען קיין איד ניט?
— וואוהין — קיין נעיאָרק?
— וואוהין דען?

און ס'איז אַוועק ביי זיי אַ שמועס פון דער היים און פון דער נסיעה, און פון דער גע'גנב'עטער גרעניץ, און פונ'ם קאָמי־טעט, און פונ'ם אויגען־דאָקטאָר, און דער עיקר פון אונזער שטאָדט און פון איהרע מענטשען — טויזענטער, טויזענטער באַקאַנטע. וואָס מאַכט דער? וואָס מאַכט יענער? ווער איז געבליבען אין דער היים און ווער איז אַרויסגעפאָהרען קיין אַמעריקע?

לאָזט זיך אויס, אַז אַרויסגעפאָהרען זענען אַהין כמעט אַלע. אַך, ווי פריילידּ עס דאַרף איצט זיין אין אַמעריקע! מיר'ן קומען צו פאָהרען, וועלען מיר טרעפען טויזענטער באַקאַנטע — די גאַנצע שטאָדט! און אונזער שכנ'טע פעסי די גראָבע, מיט איהר מאַן משה דעם איינבינדער, מיט איהר גאַנצער חאַליאַסטרע, און מיין חבר הערשעל, אָט דער, וואָס מע רופט איהם „ושתי". אַלע וועלען אונז פאָהרען אַקעגען. אַלע וועלען אונז אָפּגעבען שלום־עליכם. ס'וועט אונז זיין גוט און וואויל און פריילידּ.

ווי דערלעבט מען דאָס שוין! וויפיעל דאַרף עס נאָך גע־דויערען? וויפיעל טעג האַרפען מיר נאָך זיין דאָ, אין דער וואַסערשטוב?

וועמען פרעגט מען? מיין ברודער אליהו'ן? — האָט ער פיינט, אַז מע דולט איהם מיט אַזעלכע זאַכען. ער קאָן אייך אַראָפּלאָזען אַ פּאַטש, אַז איהר זאָלט זיך באַוואַשען!

פרעגען ביי אונזער חבר פיני'ן? — האָט ער אַ טבע: אָדער ער ענטפערט אייך מיט אַ שנעל אין ליפּ, אָדער מיט אַ ווערטעל:

— אַז דו וועסט אַלסדינג וויסען, וועסט דו גיך אַלט ווערען.

אָדער:

— מ'עט אַזוי לאַנג פאָהרען און פאָהרען, ביז מ'עט קומען צו פאָהרען.

אָדער:

— זיי רוהיג. מ'עט דיר שיקען זאָגען דורכ'ן שילאָטען־שמש.

אָדער גאָר:

— וויש אָפּ די נאָז...

איכ'ל בעסער פרעגען ביי דער מאַמען.

געה איך צו צו דער מאַמען — וויינט זי! וואָס איז די מעשה? — נחמן דער סטאָלער האָט איהר דערצעהלט, אַז ענטעל איז געשטאָרבען.

דאָס איז אונזערע אַ שכנה, און טאַקי אַ שטיקעל אייגענע. מחותנ'עשאַפט.

אונזער מחותן יונה דער בעקער האָט געהאַט אַ שוועסטער, איטע־מייטע. זי איז שוין לאַנג אויף דער אמת'ער וועלט. איז דאָס איהרע אַ שנור. אַ געוועזענע שנור. זי האָט מיט איהר מאַן געהאַט גע'גט זיך און נאָך אַ מאָל חתונה געהאַט. דוקא פאַר איין אַלמן, און דוקא גוט געטראָפען. אָהן קינדער. דאַרף זיך טרעפען איין אומגליק: זי צינדט אָן אַ לעמפּעל, פּלאַצט דאָס גלעזעל. חאַפּט דער רוח דאָס גלעזעל. ניין! שרעקט זי זיך איבער און לאָזט־אַרויס דאָס לעמפּעל. גיסט זיך אויס דער קאַרעסין. צינדט זיך אָן אויף איהר דאָס קליידעל און הויבט אָן ברענען. נעם זשע און וואַרף אַראָפּ דאָס קליידעל — ניין! לויפט זי אַרויס אין דרויסען און מאַכט אַ גוואַלד, צעלאָזט זיך דאָס קליידעל און עס צעבלאָזט זיך דאָס פייער נאָך שטאַרקער. ווייל מען זי ראַטעווען — לאָזט זי זיך ניט. לויפט און שרייט:

„אידען, ראַטעוועט!" ברענט זי ווי אַ ליכט. געוואָרען שוואַרץ, ווי אַ האָלעוועשקע. דריי טעג מיט דריי נעכט געמוטשעט זיך און ערשט אויפ'ן פערטען טאָג געשטאָרבען.

### י.

— ברוך דיין אמת! ווער בעט אייך איהר זאָלט דער־צעהלען אַזעלכע מעשיות, בכדי מיין מאַמע זאָל האָבען וואָס צו באַוויינען און אויסוויינען דאָס לעצטע ביסעל אויגען?

אַזוי זאָגט מיין ברודער אליהו און פאַלט־אָן אויפ'ן סטאָלער.

פאַרענטפערט זיך דער סטאָלער, אַז ערשטענס, וועלען מיר אַלע שטאַרבען. קיינער וועט זיך פונ'ם מלאך־המות ניט אויס־דרעהען, ניט אויסקויפען און ניט אויסבאַהאַלטען זיך. און ווענען דער טוידט איז באַשערט, וועט ער איהם אפילו אין אַמעריקע אויך טרעפען, ווי מיר האָבען געזאָגט היינטיגען ראש־השנה אינ'ם ונתנה־תוקף: מי באש ומי במים...

שלאָגט איהם איבער מיין ברודער אליהו:

— איהר זענט דען געוואָרען אַ מגיד, וואָס איהר האָט זיך אוועקגעשטעלט זאָגען מוסר? איהר זענט, דאַכט זיך, געווען אַמאָל אַ איד אַ סטאָלער.

— געווען אין דער היים אַ סטאָלער, און מיט סטאָלעריי וועל איך זיך פאַרנעמען אין אַמעריקע.

— וואָס זשע האָט איהר זיך דערמאָנט פּלוצים אינ'ם ונתנה־תוקף?

— וואָס הייסט? ס'איז דאָך עפּיס היינט עשרת־ימי־תשובה אויף דער גאַנצער וועלט!...

שאַט! איך האָב גאָר פאַרגעסען, אַז מיר האָבען זיך אויפ־געזעצט אויפ'ן שיף באַלד נאָך ראש־השנה, און אַז מיר האָבען איצט עשרת־ימי־תשובה! אויב אַזוי, האָבען מיר דאָך באַלד יום־כפור.

ניט שוין זשע וועלען מיר האלטען יום־כפור אַט דאָ, אין דער וואסערשטוב? אַט דאָ וועלען מיר שלאָגען כפרות? אַט דאָ וועלען מיר זיך פארפאסטען און אָפּפאסטען? אַט דאָ וועלען מיר דאווגען? זיך שלאָגען על־חטא? און וואו וועלען מיר נעמען א חזן? איין עמוד? א ספר־תורה? און א שופר אויפ'ן לעצטען בלאָזן? און חליש־טראָפּענס? און נאָך און נאָך א סך אזעלכע זאכען, וואס מע קאָן זיך אָהן דעם יום־כפור ניט באגעהן?

אין וואסערשטוב יום־כפור?

יום־כפור אויפ'ן וואסער?!...

אלץ מעהרער. ער טרעט ארויף אויף דעם הייסינער שניידער, גלייך ווי ער וואלט איהם וועלען דורס זיין. דער הייסינער שניידער שרעקט זיך איבער און רוקט זיך אפ. ער זאגט:

— שאט! זעהט נאר! מע האט איהם געקוילעט די קאפּעטע! גערעדט אויף זיין אמעריקע! איז לא פּדלתי! מיר'ן עלטער ווערען מיט א פּאר שעה, וועלען מיר קליגער ווערען...

וויפיעל האָט ער אויף זיין לעבען אָנגעגנבה'ט „יתור"?... איצט, אַז מע האָט אונז פאַרשפּאַרט, האָט זיך דער הייסינער שניידער מיט אַ מאָל צערעדט. און דוקא מיט לשון-קודש-ווערטער:

— מה אָנו, מה חיינו — וואָס זענען מיר? ווער זענען מיר? משול כחרס הנשבר — מיר זענען געגליכען צו, להבדיל, סקאָט. סקאָט אַז מע פיהרט אריין, דאַרף מען דאָס באַטראַכטען...

פאַלט אָן אויף איהם אונזער חבר פיני. ער זאָגט, אַז דער משל איז ניט גלייך צום נמשל. אַז מע רעדט פון אַמעריקע, באַדאַרף מען, זאָגט ער, פריהער די הענט וואַשען. און ער הויבט אָן שיטען מיט זיינע שענע ווערטער, ווי פיני קאָן. ער קאָן ניט הערען, אַז מע רעדט אויס אַ שלעכט וואָרט אויף אַמעריקע. פאַרענטפערט זיך דער הייסינער שניידער. ער זאָגט, אַז ער רעדט ניט פון אַמעריקע ניט גוט, ניט שלעכט. ער זאָגט דאָס נאָר אַקעגען דעם, וואָס ס'איז אַלסדינג גוט, און שען, און פיין, נאָר ניט פאַר אונז געדאַכט... אונז וועט מען אַזוי גיך ניט אַראָפּלאָזען... פיני געהט ארוים פון די כלים. ער שרייט:

— וואָס דען וועט מען מיט אונז טהון? מע וועט אונז איינזאַלצען? „מע וועט אונז ניט איינזאַלצען, — זאָגט דער הייסינער שניידער מיט גאַל און האָט הנאה — נאָר מע וועט אונז ברענגען אין אַזאַ מין אָרט, וואָס מע רופט דאָס „עלים איילאַנד". דאָרט וועט מען אונז פאַרשפּאַרען ווי די קעלבלעך אין אַ שטאַהל, ביז אונזערע פריינד און באַקאַנטע וועלען זיך אַמאָל דערמאַנען קומען אונז אַראָפּנעמען"...

פיני שפּרינגט אַזש אונטער: „עס איז דיר איין אַנטיק מיט דעם אידען! בראָש ווייסט אייך דער דאָזיגער חיות פון אַלע שווערע הערצער! ניט אַזוי אַלט, ווי געניט! אָט ווייסען מיר אויך, אַז ס'איז דאָ אַ קעסעל-גאַרדען, מיין איך אַ „עלים איילאַנד", פון דעסטוועגען האָב איך ניט געהערט פון קיינעם, אַז „עלים איילאַנד" איז געשטעלט געוואָרען דערויף, מע זאָל האַלטען מענטשען אַזוי ווי קעלבלעך"... וואָס ווייטער היצט זיך אונזער פיני

צוריק פארנעמען זייערע ערטער. פריהער מיט גוטען. דערנאָך מיט בייזען. ווער עס איילט זיך ניט צו געהן, חאפּט א סטוסאק פון הינטען. אלע זענען דאָ, יונג און אלט. אידען און ווייבער און קינדער, גויים, טערקען, ציגיינער. ס'איז א דערשטיקעניש. די טיר האָט מען געשלאָסען. א קייט האָט מען אויפגעהאנגען איין אייזערנע. מיר קאָנען זעהען נאָר דורך די פענסטער, וואָס אין דרויסען טהוט זיך. קיינמאָל האָבען מיר זיך ניט געפיהלט אזוי שלעכט, ווי אצינד. מיר האָבען אויסגעזעהן ביי זיך אין די אויגען, ווי געפאנגענע. „פאר וואָס? פאר ווען?" — אזוי טענה'ט צו מיר מיין חבר מענדעל און די אויגען זיינע ברענען, שיסען מיט פייער...

## ח.

לאָזט זיך אויס א מעשה, אז מיר זענען שוין געקומען. גע־קומען קיין אמעריקע. נאָר וואָס דען? די פאסאזשירען פון ער־שטער און צווייטער קלאס האָט מען אראָפּגעלאָזט דורך א לאנגען לייטער מיט אפשר הונדערט טרעפּ. נו, און וואָס וועט זיין מיט אונז? מיר זענען דאָך שוין אין אמעריקע!

— ניט פאר אונז געדאכט! — רופט זיך אָפּ א איד א שניידער פון הייסין. דוקא נישקשה פון א מענטשעל, נאָר א ביסעל א נודניק. ער געהט אויסגעפּוצט, טראָגט שארפע ברילען, האלט פון זיך איין עולם ומלואו און האָט ליעב רעדען אויף צו־להכעים. ער דארף נאָר הערען וואָס איהר זאָגט, זאָגט ער קאפּויר. צווישען איהם און אונזער חבר פיני זענען שוין פאָרגעקומען עטליכע סטיטשקעס. מיין ברודער אליהו האָט זיי קוים צעגומען. דער שניידער האָט זיך געגעבען דאָס וואָרט, מעהר מיט פיני'ן קיין וואָרט ניט רעדען. דערפאר, וואָס פיני האָט איהם באלעדיגט. ער האָט איהם אָנגערופען מיט אלע מיאוס'ע נעמען: „חייט", „שניידערוק" און „פאלגויץ". און האָט איהם א פרעג געגעבען:

באָרד. ברכה און טייבעל האָבען זיך אויסגעשלייערט. די מאַמע האָט אָנגעטהאָן איהר שבת'דיגע זיידענע פאַטשיילע. איך און מיין חבר מענדעל האָבען נישט געהאַט וואָס אָנצוטהון. און ס'איז טאַקי קיין צייט אויך ניט געווען. מע האָט שוין געהאַלטען אָט־אָט ביי'ם צופאָהרען צו דעם ברעג פון אַמעריקע. עס איז געוואָרען א ליכט אין די אויגען און גוט אויפ'ן הארצען. פונקט אזוי האָבען זיך בּאַדאַרפט פיהלען די אידען נאָך קריעת ים־סוף. עס האָט זיך געגלוסט זאָגען שירה.

## ו.

„שלום עליכם דיר, קאָלומבוס! זיי געגריסט, דו פרייע מדינה! דו גאָלדענע, גליקליכע מלוכה!"

אזוי האָט אונזער חבר פיני באַגריסט דאָס נייע לאַנד. ער האָט אַזש אַראָפּגעהאַפּט דעם קאַפּעלישעל, זיך איינגעבויגען און זיך פאַרנייגט. און אזוי ווי איהר ווייסט, אז ער האָט א נידעריגע ראיה, האָט ער ניט באַמערקט, אז עס לויפט פאַרביי א געזונטער, פאַרשוויצטער מאַטראָס, מיט א רויט פאַררויכערט פּנים, און האָט זיך מיט איהם צעבוצקעט פּנים אל פּנים. דאָס הייסט, אונזער חבר פיני'ס שפּיץ נאָז איז אויסגעקומען דעם פאַררויכערטען מאַט־ראָס אַקוראַט צווישען די אויגען. א גליק, וואָס דער מאַטראָס איז בטבע א גוטער גוי, ניט קיין רשע. האָט ער באַטראַכט אונזער פיני'ן מיט דער צעשלאָגענער נאָז, א שמייכעל געטהאָן און א מורקע געגעבען אונטער די וואָנסעס. אפּנים, דאָס איז געווען א קללה אויף אַמעריקאַנער לשון.

## ז.

מיט א מאָל איז געוואָרען א בהלה. דריטע־קלאַס־פּאַסאַזשירען, בעט מען, זאָלען מוחל זיין אַראָפּ אונטען אין זייערע שטייגעלעך.

אויף א פערד, נאָר אַז איך שליטעל זיך מיט א שליטען אויפ'ן שניי. דער סוף איז געווען, אַז דער עמיגראַנט, די „גערויכערטע ליולקע", איז געלעגען א טוידטער אויף זיין געלעגער, און איך און מיין חבר מענדעל זענען מיר פּונ'ם רעגען געוואָרען פּיטש־נאַס, חאָטש אויסצודרעהען. צו אונזערע געלעגערס האָבען מיר שוין אליין נישט געקאָנט טרעפען. מע האָט אונז גענומען מחילה אונ-טער די הענט און אָפּגעפיהרט אין אונזער רוח אריין.

## ה.

וויפיעל צייט דאָס קריעת ים־סוף האָט גענומען? א טאָג, צוויי און אפשר אלע דריי — דאָס ווייס איך ניט. איך האָב שוין פארגעסען. איך ווייס נאָר איין זאַך, אַז מיר האָבען זיך אויפגעחאַפּט, איז געווען א פרייד צו לעבען אויף דער וועלט. דער הימעל איז געוואָרען ריין, ווי גין־גאָלד. דאָס וואַסער — ווי א גלאָז. דער „פּרינץ אלבערט" איז געלאָפען איין אויסגעצוואָ־גענער, איין אויסגעפּוצטער, געשניטען מיט די רעדער דאָס וואַסער, געפּינעט, געברויזט און געשפּריצט אויף אלע זייטען. די פּאַסאַ־זשירען האָבען אויפגעלעבט. מען איז אַרוים אין דרויסען אלע, גרוים און קליין, אויף דער וואַרעמער זון, אויף דער שענער, ליכ-טיגער וועלט. עמיצער האָט אַרויסגעלאָזט א קלאַנג, אַז אָט באַלד וועט מען קאָנען זעהען דאָס לאַנד. איך און מיין חבר מענדעל זענען געווען די ערשטע, וואָס האָבען אָנגעזאָגט אלעמען די גוטע בשורה, אַז מע זעהט שוין דאָס לאַנד. פון דער ווייטען האָט דאָס אויסגעזעהען ווי א פלעק, א געלע, גרויסע פליאַמע. די פּליאַמע ווערד אלע מאָל גרעסער און ברייטער. מע זעהט שוין שיפען פון דער ווייטען. אָהן א שיעור שיפען מיט הויכע, דינע זעגעל־בוימער. גיך זענען פארגעסען געוואָרען אלע צרות. די פּאַסאַ־זשירען האָבען זיך אלע אָנגעטהאָן יום־טוב'דיג. די ווייבער האָ-בען זיך אויסגעפּוצט. מיין ברודער אליהו האָט צעקעמט די

געוואָרען נישט גוט אויף צו חלש'ען. אויף איהר קוקענדיג, האָט געגומען חלש'ען אונזער חבר פיני'ס ווייב, טייבעל. איז פיני ארויס מיט לשון: „מיט די ווייבער איז דיר נאָר א באשרייבונג, א קאָמעדיע!" — ער האָט אריינגעלעגט ביידע הענט אין די הויזענקעשענעס און פארדרוקט דאָס קאפעלישעל אויף א זייט. ער האָט געזאָגט: „שוטים! נאראָנים! דאַכט זיך, וואָס קאָן עס מיך אהרען, אז דער ים שטורעמט און דאָס שיף קאטשעט זיך? א מענטש, א בר-דעת, גיט זיך איין עצה. בעת דאָס שיף טהוט זיך א בויג אהער, בויג איך זיך אויס אהין. און אז דאָס שיף בויגט זיך אהין, טהו איך זיך א בויג אהער. ווערד עס אָנגערופען באלאנץ"...

און בויגענדיג זיך אהין און אהער, האָט פיני אונז באוויזען א „באלאנץ", אז ס'איז ניט גוט געוואָרען אויך מיין ברודער אליהו, און ביידע האָבען זיי גענומען און אוועקגעגעבען וואָס זיי האָבען אמאָל געהאַט... דאָס אייגענע האָבען געטהאָן אויך די איבעריגע פאסאזשירען. מע האָט זיך קוים פארשלעפט איטליכער צו זיין געלעגער און מען איז אנידערגעפאלען, ווי די סנאָפּעס, און ערשט דאָ האָט זיך אָנגעהויבען דער רעכטער גיהנם פון קריעת ים־סוף...

## ד.

איך און מיין חבר מענדעל האָבען זיך געהאלטען לענגער פון אלעמען. מענדעל האָט געהאַט א סגולה פון איין עמיגראַנט, וואָס איז געפאָהרען מיט אונז אינאיינעם און האָט אונז כסדר געגעבען עצות. דער דאָזיגער עמיגראַנט איז א „געראָיכערטע ליולקע". אזוי זאָגט ער אליין אויף זיך. ער איז שוין דריי מאָל געפאָהרען אויפ'ן ים קיין אמעריקע הין און צוריק. ווייסט ער א סגולה צום ים. די סגולה באשטעהט אין דעם, מע זאָל זיצען אין דרויסען אויף דער פאלובע, קוקען אין דער ברייט פונ'ם ים, ניט אין דער לענג, און ניט אין זינען האָבען, אז איך פאָהר רייטענדיג

זיין רייטוואָגען. אום יום־כפּור גאָר!... איין בליץ נאָכ'ן אַנדערען באַלייכט אויף אַ רגע דעם שוואַרצען געדיכטען הימעל. דער „פּרינץ אַלבערט” קרעכצט, שאָקעלט זיך אַהין און אַהער, אַרויף און אַראָפּ. און דער רעגען שמייסט. וואָס איז דאָס? אַ מבול אויף דער וועלט? האָט דאָך גאָט געשוואוירען, אַז קיין מבול וועט ער שוין מעהר ניט ברענגען קיין מאָל אויף דער ערד...

— קריעת ים־סוף. — זאָגט מיין ברודער אליהו. און אונזער חבר פּיני באַמקעט־צו: „יאָ, ס'איז קריעת ים־סוף”... דאָס ערשטע מאָל, וואָס די צוויי זאָגעןביידע איין זאַך. דאָס וואָרט „קריעת ים־סוף” האָט אויסגענומען. אַלע מאָל הויבט זיך אויף איין אַנ־דער פּאַרשוין, טהוט אַ קוק אין דרויסען אַרויס און גיט־צו, אַז ס'איז קריעת ים־סוף. דערנאָך לויפט ער עפּיס מאָדנע אַוועק אין אַ זייט אַריין. דאָרט גיט ער אָפּ דער מאַמעס מילך, און מעהר זעהט מען איהם שוין נישט... ווער מיר דאַוונען? וואָס מיר יום־כפּור? מע האָט שוין גאָר פּאַרגעסען אפילו, וואו מען איז אין דער וועלט.

## ג.

פון אונזער משפּחה האָט דעם ערשטען פּעטשאַטעק געמאַכט ברכה. זי האָט אָנגעהויבען שרייען, אַז אָט שטאַרבט זי! דער־נאָך האָט זי גענומען שעלטען מיין ברודער אליהו. למאַי ער האָט זי איינגערעדט צו פאָהרען קיין אַמעריקע. זי האָט געוואוסט פריה־ער, אַז אַמעריקע איז סיביר. ערגער פון סיביר. סיביר איז גאָלד קעגען אַמעריקע!... האָט זיך די מאַמע געוואָלט אָננעמען די קריוודע פון איהר זוהן. זי האָט איהר גענומען זאָגען אביסעל מוסר, אַז אַ מענטש באַדאַרף אַלסדינג קאָנען אַריבערטראָגען, וואָ־רום ס'איז אַ גאָט'ס זאַך. אַ סימן, סע שטעהט אין טייטש־חומש געשריבען... האָט זי אָבער נישט געקאָנט אַרויסרעדען וואָס אין טייטש־חומש שטעהט געשריבען, וואָרום ס'איז איהר מיט אַ מאָל

טראַכט ער זיך, אַז ער הערט אַזוי פיעל אידען זאָגען תהלים, לויבען איהם און גיסען־אויס פאַר איהם דאָס האַרץ? די מאַמע זאָגט, אַז ער הערט און זעהט אַלעמען. און אַז ער ווייסט אַלסדינג. אפילו דאָס, וואָס איך טראַכט אין דער מינוט ביי זיך אין האַרצען. אויב אַזוי, איז ניט גוט. וואָרום איך האָב נאָר־וואָס געטראַכט פון א גוטען עפּעל, פון אַ זיסער באַר און חאָטש פון אַ טרונק וואַסער. קאַלט וואַסער. פון די פּעטייטעס ברענט אויפ'ן האַר־צען — און טרינקען טאָר מען נישט. יום־כפור נאָך כל־נדרי — ווער וועט דאָס טרינקען וואַסער? מיין ברודער אליהו וועט מיך הרג'ענען. ער וויל גאָר, איך זאָל פאַסטען ביז מאָרגען ביינאַכט נאָך יום־כפור. זאָגט די מאַמע: „מיר'ן זעהען". דערווייל זוכט זי מיך אויפ'ן גאַנצען שיף און קאָן מיך ניט געפינען. ווייזט איהר אָן אַ מאַטראָס, אַז דאָרט, ביי'ם סאַמע שפּיץ, זיצען מיר, איך און מיין חבר מענדעל. שרייט זי: „מאָטעל! מאָטעל?" — „וואָס איז, מאַמע?" — „וואָס הייסט וואָס איז? שלאָפען געה! מאָרגען דאַרף מען אויפשטעהן פריה, האָסט פאַרגעסען? ס'איז יום־טוב"... גלוסטען גלוסט זיך ניט. נאָר מע דאַרף געהן שלאָפען.

## ב.

אויף מאָרגען, אַז מיר האָבען זיך אויפגעחאַפּט אין דער פריה, איז שוין דער גאַנצער הימעל געוועזן באַלעגט. דער ים האָט זיך צעבייזערט מיט סכנות. די חוואַליעס האָבען זיך אויפגעהויבען העכער פונ'ם שיף, געוואָרפען דעם „פּרינץ אַלבערט", ווי עפּיס אַ שפּענדעל, אַ שפּיעלעכעל. די מאַטראָסען האָבען גענומען לויפען אהין און אַהער, ווי די פאַר'סמ'טע מייז. די סטיואַרדס האָבען זיך צוגעהאַלטען ביי די פּאַרענטשעס. די פּאַסאַזשירען זענען גע־גאַנגען האַרט ביי די ווענט און געפאַלען כמעט אויף יעדען טריט. מיט אַ מאָל האָט געגעבען אַ גאָס אַ שלאַקס־רעגען. דונערען האָ־בען זיך געטראָגען איינס נאָך דאָס אַנדערע. גאָט פאָהרט אויף

# II

# קריעת ים־סוף

---

## א.

איך האָב אייך געהאַט אָנגעהויבען צו דערצעהלען פון דעם פסק, וואָס מיר האָבען געחאַפּט יום־כפור אין דער פריה אויפ'ן שיף „פּרינץ אַלבערט". דאָס איז געווען אַ מיאוס'ער פסק. מיר'ן איהם געדענקען דאָס גאַנצע לעבען.

אָנגעהויבען האָט זיך עס פון אַ קליינינקייט. עפּיס אַ חמאַ־רעלע, אַ שוואַרץ, אַ געדיכט וואָלקענדעל, האָט זיך נאָך פון ביי־נאַכט, באַלד נאָך כל־נדרי, באַוויזען אויפ'ן עק הימעל. פריהער פון אַלעמען האָבען עס דערזעהען איך און מיין חבר מענדעל. וואָרום אַז אַלע אידען זענען נאָך געווען אונטען, געוויינט און גע־זאָגט תהלים נאָך כל־נדרי, האָבען מיר, איך און מענדעל, אַרומ־געשפּאַציערט איבער'ן „פּרינץ אַלבערט". דערנאָך האָבען מיר זיך פאַרקלויבען אין אַ ווינקעלע, געזעסען און געשוויגען. עס איז געווען שטיל און וואַרעם און גוט אויפ'ן האַרצען. נאָר אביסעל אומעטיגליך. וואָס מענדעל האָט געטראַכט — ווייס איך ניט. איך האָב געטראַכט פון גאָט, וואָס זיצט אָט דאָרט, אין הימעל. ווי גרויס ער דאַרף זיין, אַז דאָס איז אַלסדינג זיינס? און וואָס

און געווישט מיט זיידענע טיכלעך כלומרשט דעם שוויים. נאָר איך האָב גוט געזעהען טרערען ביי זיי אויף די אויגען. דער טרויער איז געוועזען אַזוי גרויס, אַז אַפילו די סטיואַרדס און די מאַטראָסען זענען מיט דרך־ארץ געשטאַנען פון דער וויטען און צוגעקוקט, ווי אידען האָבען זיך איינגעוויקעלט אין ווייסע טליתים, שטעהען אין די זאָקען און שאָקלען זיך און וויינען און יאָמערען — אפנים, ס'איז זיי גוט ביטער אויפ'ן הארצען. און מיין ברודער אליהו האָט זיך צעזונגען. און איך העלף איהם אונטער. און דאָרטען אין ווינקעל, צווישען די ווייבער, שטעהט די מאַמע אין דער יום־טוב'דיגער זיידענער פאַטשיילע, מיט'ן מחזור אין די הענט, און באָדט זיך אין טרערען.

דער מאַמע איז היינט גוט, ווי די וועלט. היינט איז איהר טאָג!

י.

אויף מאָרגען האָבען מיר זיך געפעדערט אויפצושטעהן אַ ביסעל פריהער, מע זאָל זיך שטעלען זאָגען „אדון-עולם" מיט'ן אַלטען באַקאַנטען נוסח. ס'איז אָבער דערפון גאָרנישט אַרויסגע־קומען. ס'איז געוועזען אוממעגליך ניט נאָר צו דאַווענען — מע האָט נישט געקאָנט שטעהן אויף די פיס. ניט געקאָנט טרעפען צום עמוד. עס איז פינסטער געוואָרען אין די אויגען. מיר זעהען ניט כמעט איינס דאָס אַנדערע. עס איז נמאס דאָס לעבען. ס'איז שלעכט, שלעכט צום שטאַרבען. יאָ, מיר שטאַרבען.

וואָס האָט זיך געטראָפען? איצט בין איך מיעד, לאָז איך עס איבער אויף מאָרגען.

ווער שמועסט, אז זיין קליין ברודערל, אט דער קטנתי (דאס מיינט מען מיך), זאל איהם אונטערהעלפען אויף זיין סאפראנא, וועלען מיר האבען א יום-כפור, אז גאט און לייט וועלען אונז מקנא זיין.

וויפיעל אליהו האט זיך ניט געבעטען, מע זאל איהם לאזען צו־רוה. וויפיעל ער האט ניט געשווארען, אז ער האט זינט ער לעבט נאך ניט געדאווענט פאר'ן עמוד ימים-נוראים. עס האט ניט געהאלפען קיין שמע־ישראל. מע האט איהם כמעט מיט גוואלד אוועקגעשטעלט פאר'ן עמוד (א קיילעכיג טישעל, מיט א ווייסען ליילאך איבערגעדעקט), און מיך האט פיני גענומען פאר איין אויהער: „גנה, קטנתי, צו דער ארבייט!" און מיר האבען אוועקגעלעגט פאר די פאסאזשירען א כל־נדרי, וואס זיי וועלען איהם האבען צו געדענקען אויף דור־דורות.

ט.

ניט אזוי דער כל־נדרי, ווי די „יעלות". און ניט אזוי די „יעלות", ווי דער געוויין פון די ווייבער און פון די מאנסבילען. פריהער האט מען נאר געקרעכצט, געזיפצט, געשנייצט די נעזער. דערנאך האט מען גענומען ווישען די אויגען. דערנאך — וויינען שטילערהייד. דערנאך — וויינען העכער און העכער, שרייען, קוויטשען און פאלען חלשות. זיי האבען זיך דערמאנט, אז ערשט פאר־א־יאהרען איז מען געווען איטליכער ביי זיך אין דער היים. יעדער אין זיין שול. אויף זיין פלאץ. ביי זיין סטענדער מיט זיין מחזור. געהערט זיין חזן. זיינע זינגערלעך. איצט איז מען נע־ונד, גענאגט און געטריבען, ווי די שאף, וואס מע פיהרט צו דער שחיטה, צונויפגעפאקט קאפ אויף קאפ. מע קאן דעם אטהעם ניט חאפען. איהר קאנט פארשטעהן, אז אפילו די אויסגעפוצטע פאסאזשירען פון די העכערע קלאסען מיט די הויכע גלאנצענדיגע צילינדערס אויף די קעפ האבען זיך נישט געקאנט איינהאלטען

צוקער אַלע טאָג. ס'איז גאָרניט אַזוי שלעכט. מע וואָלט געקאָנט אַ גאַנץ יאָהר אַזוי לעבען. זאָגט אָבער ברכה, מיין ברודער אליהו'ס ווייב, אַז פון פּעטייטעס ווערד געשוואָלען דער בויך. נאָר וואָס זי קאָן זאָגען! ס'איז דען פאַרהאַן אַ זאַך, וואָס זאָל איהר געפעלען? אויף אַלסדינג געפינט זי אייך אַ חסרון. למשל, איהר געפעלט ניט דער „פּרינץ אַלבערט", למאי ער קריכט. וואו איז דאָס געהערט געוואָרען, זאָגט זי, אַז אַ נסיעה זאָל געדויערען צעהן טעג? זאָגט מען איהר, אַז שולדיג איז ניט דאָס שיף — שולדיג איז דער ים. און אונזער חבר פּיני נעמט זיך אונטער איהר געבען צו פאַרשטעהן, אַז דער ים באַטרעפט דריי מאָל אַזוי פיעל וויפיעל די יבשה, די טריקעניש. זאָגט מיין ברודער אליהו, אַז ניט דריי מאָל, נאָר צוויי מאָל אַזוי פיעל. וואָס־וואָס — נאָר געאָגראַפיע ווייסט ער בעסער. אויף דער וועלט איז פאַרהאַן, זאָגט ער, צוויי דריטעל וואַסער, איין דריטעל טריקעניש. קומט, זאָגט ער, אויס די רעכענונג, אַז ים איז צוויי מאָל אַזוי פיעל, ווי יבשה. זאָגט פּיני: ניין, דריי מאָל. זאָגט אליהו: ניין, צוויי מאָל. „דריי מאָל!" „צוויי מאָל!" — צעקריעגט מען זיך, נאָר מע בעט זיך גיך איבער.

## ח.

ווער וועט דאַוונען פאַר'ן עמוד? זאָגען כל־נדרי? פאַרשטעהט זיך, מיין ברודער אליהו. ער איז טאַקי קיין חזן קיינמאָל ניט געווען. איז אָבער זיין טאַטע געווען אַ חזן, און אַ באַריהמטער חזן. אַ קול־נגינה האָט ער. עברי קאָן ער. וואָס דאַרף מען נאָך? און דערצו האָט שוין אונזער חבר פּיני מיטגעהאָלפען, אַז מע זאָל מיין ברודער אפילו בעטען זאָגען כל־נדרי. ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג איבער'ן גאַנצען שיף, איינגערוימט יעדען באַזונדער אַ סוד אויפ'ן אויהער, אַז אָט דער יונגערמאַן מיט'ן געלען בערדעל (אליהו) איז אַ מורא'דיגער בעל־מנגן. זיין דאַוונען — פּס! און

דאָ הויבט ערשט פּיני אָן ארויסצושיטען זיינע שענסטע ווערטער. מישט זיך אריין א איד איין עמיגראַנט, א ווילד־פרעמדער:

— אז ס'איז יאָ אזא גליקליכע מדינה, ווי איהר זאָגט, וואו אלע זענען גלייך, פון וואנען זשע נעמען זיך דאָרטען שלעפּערס און גראַפען און בעטלערס און שררות? ממה־נפשך...

נאָר מיר לאָזען איבער פּיני'ן מיט'ן אידען מיט נאָך אידען, זיי זאָלען זיך רייסען — אבי מיר זענען דערגאַנגען וואָס מיר דאַרפען, אז אין אמעריקע זענען קיין קלאַסען נישט פאַרהאַן. קומט אויס, אז מענדעל איז גערעכט. ער זאָגט, אז קלאַסען דאַרף מען פיינט האָבען. דאָס הייסט, אז די פּאַסאַזשירען פון די העכערע קלאַסען דאַרף מען פיינט האָבען. פאַרשטעה איך ניט, פאַר וואָס? וואָס האָב איך צו זיי? זאָגט מענדעל: וואָס האָבען זיי זיך פאַר־שלאָסען ביי זיך אין צווייטער און אין ערשטער קלאַס צווישען די שפּיעגלען? וואָס שטעהט זיי אזוי ניט אָן, די גרויסע פּריצים, צו זיצען מיט אונז אָט דאָ, צווישען דעק? מיר זענען דען קיין מענ־טשען ניט גלייך מיט זיי? אונזער נאָט איז דען ניט דער אייגע־נער, וואָס זייער גאָט? — דערפאַר האָט ער דערלעבט אין זיי א נקמה. ס'איז געקומען א נאַכט, וואָס די מיוחסים פון צווייטער און ערשטער קלאַס האָבען זיך אַראָפּגעלאָזט צו אונז, אין דריטע קלאַס, און געוואָרען גלייך מיט אונז אלעמען.

דאָס איז געווען אין דער נאַכט פון יום־כפור, צו כל־נדרי.

## ז.

מחמת דער „פּרינץ אלבערט" איז ארויסגעגאַנגען עשרת־ימי־תשובה, איז אונז אויסגעקומען צו פּראַווען יום־כפור אויפ'ן שיף. ערב יום־כפור האָבען מיר זיך פאַרפּאַסט מיט געבראָטענע קאַר־טאָפעל — „פּעטייטעס" רופט מען עס דאָ. קיין כשר'ע קיך איז אויף „פּרינץ אלבערט" נישט פאַרהאַן, לעבען מיר די גאַנצע צייט פון פּעטייטעס. און ברויט גיט מען אונז לרוב. און טיי און

אונזער חבר פיני האָט דוקא ליעב צו רעדען פון אַזעלכע זאַכען. ער קאָן אייך אָפּשיטען מיט רעד. און האָט איהר איהם נאָר זאַטשעפּעט מיט א וואָרט, איז ווי איין אָנגעדרעהטער וועק-זייגער. ער וועט ניט אַנשווייגען ווערען, ביז דאָס רעדעל וועט זיך אַליין ניט אָפּשטעלען.

## ו.

איך האָב געפּאַקט פּיני'ן בעת ער איז געזעסען אויפ'ן דעק. ער האָט אריינגעטהאָן זיין שפּיץ נאָז אין א בוך. מחמת ער איז א קורצזיכטיגער, לייענט ער ניט מיט די אויגען, נאָר מיט דער שפּיץ נאָז. איך בין צוגעגאַנגען צו איהם נאָהענט.

— רב פּיני, איך דאַרף אייך עפּיס פרעגען.

פּיני האָט צוגענומען די נאָז פון בוך.

— וואָס'טו זאָגען, קטנתי? — קטנתי הייסט ביי איהם קליינינטשקער. אַזוי רופט מיך פּיני בעת ער איז אויפגעלעגט. און אויפגעלעגט איז ער כמעט אַלע מאָל. אפילו דעמאָלט, ווען ער קריעגט זיך מיט מיין ברודער אליהו. און אפילו דעמאָלט, ווען זיין טייבעל בלאָזט זיך. דערצעהל איך איהם אַזוי און אַזוי. צי ס'איז אמת, וואָס מע זאָגט, אַז אין אמעריקע איז ניטאָ קיין קלאַסען?

האָט איהר באַדאַרפט אָנקוקען, ווי אָט דער פּיני האָט זיך אָנגעצונדען און צעפלאַקערט זיך און גענומען רעדען און קייען און שפּייען און שיטען מיט פייערדיגע הויכע ווערטער: אַז אמע-ריקע איז דאָס איינציגע לאַנד, זאָגט ער, פון אמת'ער פרייהייט און פון אמת'ער גלייכהייט. אין אמעריקע, זאָגט ער, קאָנסט דו זיצען אָט-אָ-דאָ-אָ, און נעבען דיר זאָל זיצען דער „פּרעזידענט", און ווייטער אביסעל זאָל זיצען א בעטלער, א שלעפּער, א ניקס שבניקס. און נאָך א ביסעל ווייטער — א גראַף, א שררה, א מיליאָנשטשיק! ציוויליזאַציע! פּראָגרעס! קאָלומבוס!... און

אהן גזירות און אהן פּאָגראָמען קאָנען זיי זיך ניט באַגעהן. און איך האָב אייך שוין לאַנג געזאָגט, אַז איך האָב עס פיינט. הויבט מען אָן רעדען פון גזירות אָדער פון פּאָגראָמען, געה איך אוועק. איך נעם מיין חבר מענדעל פאַר אַ האַנד, און מיר לאָזען זיך שפּאַציערען איבער די גאַסען פון „פּרינץ אַלבערט".

## ה.

„פּרינץ אַלבערט" איז געווען גרויס. און שעהן. שטיינערנע טרעפּ. מעשענע פּאַרענטשעס. שטאָל און אייזען וואו מע טהוט זיך אַ ריהר. היינט „מענטשען". איך מיין די באַדיענער. מע רופט זיי „סטיוארדס". און „נוירסעס". היינט מאַטראָסען — אַזוי ווי די רוחות. לויפען ארום הין און הער. איך און מענדעל זענען זיי מקנא. מיר געבען זיך דאָס וואָרט, אַז מיר וועלען אויסוואַקסען, ווערען גרויסע, זאָלען מיר זיך פאַרשרייבען פאַר מאַטראָסען.

איין חסרון האָט דער „פּרינץ אַלבערט". מע לאָזט אונז ניט אומעטום זיין. קוים ווילען מיר געבען אַ קוק־אריין אַ ביסעל ווייטער פון צווישענדעק, וואו מיר פאָהרען, אַזוי טרייבט מען אונז דורך. טאָקי די מאַטראָסען גופא. גרויסע רשעים. און די פּאַסאַזשירען אַליין, פון יענע העכערע קלאַסען, זענען אויך רשעים. וואָרום זיי זאָלען ניט זיין קיין רשעים, וואָלטען זיי פאַרזאָגט די מאַטראָסען, מע זאָל אונז ניט טרייבען. וואָס וועלען מיר זיי טהון? מיר וועלען זיי אָפּבייסען? מיין חבר מענדעל איז גלאַט ניט צופריעדען. ער פאַרשטעהט ניט, צו וואָס דאַרף מען קלאַסען? ער זאָגט, אַז אין אַמעריקע איז ניטאָ קיין קלאַסען. טאָמער גלויב איך איהם ניט, קאָן איך אַ פרעג טהון ביי מיין ברודער אליהו. האָט אָבער מיין ברודער אליהו פיינט, אַז מע פרעגט ביי איהם פוסטע זאַכען. איך וועל שוין בעסער פרעגען ביי אונזער חבר פּיני.

תחילת, אז מיר זענען ארויף אויפ'ן שיף „פרינץ אלבערט", איז דוקא געווען גוט און פיין. איך און מיין חבר מענדעל האבען זיך געלאזט אויסמעסטען דעם „פרינץ אלבערט" אין דער לענג און אין דער ברייט. קיינעם איז ניט געווען אזוי גוט, ווי אונז. מיר האבען קיינמאל ניט געהאט אזא קווארטיר, ווי איצט. א וואסער־שטוב. א דרייגארענדיגע שטוב אויפ'ן וואסער. איך האב אייך זי געהאט שוין אמאל אויסגעמאהלט מיט אלע פישטשעווע־קעס. שטעלט אייך פאר — איהר זיצט, דאכט זיך, אין שטוב, אדער איהר שפאציערט ארום, די הענט אין די קעשענעס, און — איהר פאהרט! איהר עסט און — איהר פאהרט! איהר טרינקט און — איהר פאהרט! היינט די מענטשען, וואס איהר זעהט זיך אן. א וועלט מיט מענטשען. א גאנצע שטאדט פאהרט מיט אייך. און מחמת אלע פאהרען אויף איין שיף און אלע פאהרען אין איין ארט אריין, קיין אמעריקע — באקענט איהר זיך מיט אלעמען און אלע באקענען זיך מיט אייך, און איהר ווערד געוואהר אין איין טאג אזוי פיעל זאכען, וואס אין איין אנדער ארט וואלט איהר עס ניט דערגאנגען אין א יאהר.

## ד.

וועה־וועה, וויפיעל באקאנטע מיין מאמע און מיין שוועגערין ברכה מיט פיני'ס ווייב טייבעל האבען זיך געמאכט צווישען די ווייבער. נאר דאס איז געווען גאר ניט קעגען די באקאנטע, וואס מיין ברודער אליהו און זיין חבר פיני האבען זיך געפונען צווישען די מאנסבילען. וויפיעל מע האט ניט גערעדט און גערעדט, האט מען ניט געקאנט זיך גענוג אנרעדען. ווייבער האבען גערעדט מעהר פון היימישע זאכען. פון זאכען, וואס זענען שייך צו דער קיך, צו דער שפיזארני, וויסגרעט, קויטיג גרעט, בעטגעוואנט, זאקען, ציכלעך, רעטאנדעס. און די מאנסבילען — די האבען גע־רעדט פון אמעריקע, פרנסה, קאלומבוס, גזירות, פאגראמען.

ווען מען האָבען מיר אין אמעריקע? גאַנץ אמעריקא איז אונז באַקאַנט און אַלע אידען זענען אונזערע פריינד. ראשית חכמה, משה דער איינבינדער און זיין ווייב פעסי די גראָבע — אונזערע אַ שכנה, מיט אַ גאַנצער חאַליאַסטרע קינדער. האָט זיך יעדער זיין נאָמען מיט זיין צונעמעניש. און מיר רעכענען זיי אוים אויף די פינגער: פיני קלעצעל, וועלוועל קאָטער, מענדעל טשערנאָהוז, חיים בופלאַקס, פייטעל פּעטעלעלע און הערשעל מיט דער גאָלי אויפ'ן שטערן, וואָס מע רופט איהם „ושתי"...

שלאָגט מען אונז איבער אין מיטען און מע זאָגט אונז: „גענוג, גענוג קליינוואַרג. עלטערע! גיט אהער עלטערע!" געבען מיר זיי עלטערע און רעכענען זיי אוים די נעמען: יונה דער בעקער, אַ איד אַ כעסן. איז ניט איינס. זיין ווייב ריוועלע די בע־קערין, אַ אידינע מיט אַ רעטאָנדע. איז ניט צוויי. דאָס הייסט, זי האָט געהאַט אַ רעטאָנדע, האָט מען זי אוועקגע'גנב'עט אויף דער גרעניץ. דערהערט דאָס וואָרט „גרעניץ", דערמאָנט זיך די מאַמע אָן אונזערע זאַכען, וואָס מע האָט אויך אוועקגע'גנבה'ט אויף דער גרעניץ. הויבט זי אָן בעטען, טאָמער איז מעגליך, מע זאָל איהר קריגען די זאַכען, — און הויבט אָן צו וויינען. פאַלט אָן אויף איהר אליהו, לְמאי זי וויינט. זאָגט זי, אַז איצט איז זי שוין אין אַמעריקע און האָט שוין קיין מורא ניט פאַר די אויגען, מעג זי שוין, זאָגט זי, וויינען און וויינען.

## ג.

ווי אזוי מע האָט זי דורכגעלאָזט מיט די אויגען — איז טאַקי אַ נס מן השמים. למאי ווי אזוי זענען מיר לעבען געבליבען פון דער נסיעה אויפ'ן ים? איז עס דען ניט געווען קיין נסים ונפלאות? וויפיעל מאָל האָבען מיר געזעהען מיט אונזערע אויגען דעם מלאך־המות, דעם טוידט פאַר די אויגען? וויפיעל מאָל האָבען מיר זיך שוין געהאַט אָפּגעזעגענט מיט'ן לעבען?

פעדער און קיין ברעקעל פאפיער. זאגט איהם מיין ברודער אליהו, אז אויב עס געפעלט איהם ניט דאס לאנד, האט ער א ברירה פאהרען צוריק. און דאס געדענקט איהר דאך מסתמא פון אמאל, אז די צוויי, פיני און אליהו, זענען זעלטען שוה בשוה. וואס איינער זאגט, דרינגט דער אנדערער קאפויר. „דער זומער מיט'ן ווינטער" — רופט זיי מיין ברודער אליהו'ס ווייב, ברכה, און האפט א מיאוס'ען פסק פון איהר מאן, פון אליהו'ן. ער רופט זי און „בהמה", און „סאטע ציעג", און נאך אזעלכע נעמען, וואס ס'איז ניט כדאי איבערצו'חזר'ען. מישט זיך אריין די מאמע און זאגט צו איהר שנור, אז קעץ רייסען זיך, טאר א מענטש ניט זיין אין מיטען, ווארום ער קאן חאפען א דראפ...

## ב.

וואס טוען מיר אין עלים איילאנד? מיר ווארטען ביז מע וועט קומען פון שטאדט, באקאנטע און פריינד, און מע וועט אונז אויסשרייבען. חאטש שרייבען האט מען אונז אויסגעשריבען שוין וויפיעל מאל. מע האט אונז געשריבען, פארשריבען און אויס־געשריבען פאר'ן ארויפגעהן אויפ'ן שיף, און אויפ'ן שיף גופא, און איצט, ביי'ם אראפגעהן פון שיף. און אלע מאל די אייגענע חכמה: ווער זענען מיר? וואוהין פאהרען מיר? און וועמען מיר האבען אין אמעריקע?

דערצעהלען מיר זיי, אז ס'איז געווען א איד פייסי דער חזן — איז ער געשטארבען. האט ער איבערגעלאזט איין אלמנה — דאס איז די מאמע. האט זי א זוהן — הייסט ער אליהו. האט ער א ווייב — הייסט זי ברכה. האט ער א חבר — הייסט ער פיני. האט ער א ווייב — הייסט זי טייבעל. און איך בין דער מיזיניק — הייס איך מאטעל. און דאס איז מיין חבר — הייסט ער מענדעל. און וויל ער איז א גרויסער — האט איהם ברכה א נאמען געגעבען לאשאק.

# I

# מזל טוב, מיר זענען שוין אין אַמעריקע!

---

## א.

אונז קומט מזל־טוב — מיר זענען שוין אין אמעריקע. דאָס הייסט, מע זאָגט, אַז מיר זענען אין אַמעריקע. אַמעריקע האָבען מיר נאָך ניט געזעהען, וואָרום מיר זענען נאָך דערווייל אין „קעסטעל־גארטעל". דאָס הייסט, אַמאָל האָט דאָס אַזוי געהייסען. היינט הייסט עס שוין מעהר ניט „קעסטעל־גאַרטעל", נאָר „עלים איילאַנד". פאַר וואָס עפּיס „עלים אַיילאַנד"? „ווייל דאָס שטיקעל לאַנד האָט אַמאָל געהערט צו איינעם אלי, איז ער געוועזן אַ נאַר ביז דער סטעלי". אַזוי זאָגט אונזער חבר פּיני צום גראַם, ווי זיין שטייגער איז. פּיני איז אין כעס אויפ'ן עלים אַיילאַנד מיט סכנות. למאי מע פאַרהאַלט די אָרעמע עמיגראַנטען און די רייכע לאָזט מען אַריין גלייך, ווי זיי קומען־אָן מיט'ן שיף. דאָס פּאַסט, זאָגט ער, נאָר פאַר פאָני־גנב, ניט פאַר אַזאַ פרייע מדינה, ווי אַמעריקע. אַלע דאַרפען דאָ זיין גלייך. נישטאָ קיין אָרעם, נישטאָ קיין רייך. און ער הויבט־אָן שיטען מיט נעמען: קאָלומבוס, שעקספּיר, באָקל, ציוויליזאַציע... ער קלויבט זיך אָנשרייבען אויף זיי אַ ליעד און אַוועקגעבען זיי אַ גאָב, אַז דער שוואַרצער יאָהר זאָל זיי נעמען! האָט ער ניט קיין טינט און

# מאָטעל פּייסי דעם חזנ'ס

כתבים פון א יונגעל א יתום

## צווייטער טייל: אין אַמעריקע

געשריבען אין יאָהר 1916.

# אַלע ווערק פון שלום-עליכם

## מאָטעל פּייסי דעם חזנ׳ס

צווייטער טייל: אין אַמעריקע

שלום-עליכם פאָלקספאַנד אויסגאַבע—ניו-יאָרק, 1925

— וואָס שטעלסט דו זיך אזוי איין פאַר דעם געבענטשטען לאָנדאָן מיט'ן שווארצען הימעל, מיט די געגאָלטע מאָרדעס, מיט דעם שענעם ווייטשעפּעל, מיט די געפּרייטע פּיש, מיט די אלטע מוידען, מיט די געדרעהטע בוקלעס, מיט די פּאַרדריפּעטע קליידלעך, מיט די קבצנים וואָס טרינקען דזשינדזשער־ביער, מיט די קאָנ־דוקטאָרען, וואָס הייסען פּייפּען, מיט די אידען, וואָס האָבען יאָהר־צייט און זשאַלעווען א טרונק וואסער? אזא שטאָדט מוז ברענען!

אזוי זאָגט ברכה אין איין אָטהעם, ווי די עשרת בני המן, און לאָזט־אויס מיט צונויפגעלעגטע הענט:

— לאָנדאָן, פאַר וואָס ברענסט דו נישט?!...

רבונו של עולם! ווען וועלען מיר שוין זיין אין אמעריקע???...

און אינוועניג אין שטוב זיצען מענטשען און רויכערען ציגאַרען און זאָגען זיך איינס דאָס אַנדערע: אָללרייט. דער חלוק איז, וואָס די דייטשע קאָמיטעטשיקעס טראָגען די וואָנסעס פֿאַרדרעהט אַרויף און רעדען אויף דייטש, און די לאָנדאָנער קאָמיטעטשיקעס האָבען אָפּגעגאָלט די בערד מיט די וואָנסעס אינגאַנצען און רעדען: „אָללרייט!" אַ טהעאַטער מיט זיי. די מאַנסבילען געהען געגאָלט, און די ווייבער טראָגען אַלע פֿאַריקען אויף די קעפּ. און נישט נאָר די ווייבער — אפילו די מיידלעך טראָגען צוגעקלעפּטע האָר מיט אויסגעגרייזעלטע בוקלעס, האָבען אַלע גרויסע צייהן און זענען אַזוי מיאוס, אַז סע שלאָגט צו דער גאַל. פֿון דעסטוועגען, לאַכען זיי פֿון אונז אין די אויגען, טייטען מיט די פינגער, און קוויטשען אַזוי, אַז ס'איז אַ בזיון פֿאַר לייטען. צוויי מיידלעך האָבען אונז אָפּגעשטעלט אין מיטען גאַס און האָבען זיך צוגעטשעפּעט צו מיין ברודער אליהו, ער זאָל געהן אין „באַרבער־שאַפּ". פֿריהער האָבען מיר נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָס באַדייט. איצט ווייסען מיר שוין: געהן אין באַרבער־שאַפּ הייסט אָפּשערען זיך און אָפּגאָלען זיך. מאָדנע ברואים. אַליין געהען זיי פֿאַרדריפּעט ביז'ן האַלז, פּרעסען אין מיטען גאַס געפּרייטע פֿיש, וואָס לאָזען זיך הערען פֿאַר אַ מייל, און האָבען פֿיינט האָר. שכורים זענען זיי אויך גאַנץ נישקשה'דיגע, נאָר זיי וואַלגערען זיך נישט אויף דער גאַס, אַזוי ווי ביי אונז. מע לאָזט זיי נישט. אַ לאַנד איז דאָס זעהר אַ וואָהלס, זאָגט ברכה, נאָר עס וויל נישט ברענען.

— וואָס וועט דיר אַרויסקומען, אַז ס'וועט ברענען?

אַזוי פֿרעגט ביי איהר מיין ברודער אליהו, און חאַפּט פֿון איהר אַ מיאוסען פּסק. ברכה אַז זי וויל, קאָן זי. אַמאָל, מאַכט זיך, זאָל זי אייך שווייגען, נישט רעדען אַ וואָרט צו קיינעם, און אַמאָל עפֿענט זיך אויף ביי איהר אַ קוואַל פֿון ווערטער, איז אָדער פֿאַרשטעלען זיך די אויהערען מיט וואַטע, אָדער לויפֿען אין דער וועלט אַריין. איך געב אייך איבער איהרע רעד, וואָרט ביי וואָרט:

סעם (טאָמער זעהט איהר אַ מענטשען מיט געגאָלטע וואָנסעם, זאָלט איהר וויסען, אַז ס'איז איין איינגלענדער). דער איינגלענ־דער האָט געזעהען, אַז מיר מאַכען מיט די הענט צו די טראַמווייען, און די טראַמווייען לויפען, האָט ער אונז צוגעפיהרט צו אַ קלויס־טער און האָט אונז אָנגעוויזען מיט די הענט, אַז דאָ זאָלען מיר שטעהן. כך הוה. עס האָט נישט געדויערט קיין מינוט, איז אָנ־געלאָפען אַ טראַמוויי און האָט זיך אָפּגעשטעלט. זענען מיר אַלע אריין — איך, און מיין ברודער אליהו, און אונזער חבר פיני, און די מאַמע, און ברכה, און טייבעל — און מיר פאָהרען. געהט־צו דער קאָנדוקטאָר און הייסט זיך, מע זאָל נעמען בילעטען. שטעלט זיך אַרוים פיני און פרעגט איהם: סקאָלקאָ־וויפיעל? זאָגט איהם דער קאָנדוקטאָר: „פּייף". פרעגט איהם פיני נאָך אַ מאָל: סקאָלקאָ־וויפיעל? זאָגט איהם דער קאָנדוקטאָר ווידער אַ מאָל, שוין מיט כעס: „פּייף". דרעהט זיך אוים צו אונז פיני און זאָגט: טשטאָ טאַקאָיע, איהר הערט? ער הייסט מיר פייפען! געהט צו מיין ברודער אליהו און פרעגט איהם מיט די הענט: וויפיעל קאָסט אַ פאָהר? זאָגט איהם דער קאָנדוקטאָר, שוין רעכט אין כעס: „פּייף!" צעלאַכט זיך פיני, און אליהו רופט זיך אָן צום קאָנדוקטאָר שוין אויך מיט כעס: „פּייף אַליין!"... ווערד דער קאָנדוקטאָר מלא גזלן, טהוט אַ ציה ביי אַ שטריק, שטעלט־אָפּ דעם טראַמוויי און ווארפט אונז אַרוים מיט אזא רציחה, גלייך ווי מיר האָבען איהם געוואָלט קוילען און צונעמען זיין רייזע־טאַש מיט'ן געלט. צום סוף לאָזט זיך אוים, אַז דאָס, וואָס דער קאָנ־דוקטאָר האָט „געפייפט", האָט ער דאָס געמיינט פינף.

— נו? זאָל נישט קומען אַ שרפה אויף לאָנדאָן?

אַזוי זאָגט ברכה, און מיר געהען אין קאָמיטעט אריין צו־פוס.

## ד.

אין לאָנדאָנער קאָמיטעט איז פריילין, ווי אין אַלע קאָמי־טעטען. אין הויף וואַלגערען זיך עמיגראַנטען, אַזוי ווי מיסט,

ג.

ארויסגעגאַנגען פונ'ם יאָהרצייט, איז אונז נאָכגעלאָפען דער ריח פון די געפרייטע פיש. מיר אַלע האָבען געקלערט וועגען זיי, נאָר רעדען האָט קיינער נישט גערעדט פון זיי, אחוץ ברכה. זי האָט זיי אָנגעבענטשט א פולען קאָפּ. זי האָט זיי געווינטשעוועט, זיי זאָלען זיך דערווערגען, רבונו של עולם, מיט זייערע געפרייטע פיש, וואָס זיי אויר'ען אויף א מייל. מיין מאַמע קאָן נישט ליידען:

— וואָס האָסט דו צו זיי? נעבאַך עהרליכע מענטשען! זיצען אין אזא גיהנם — פון דעסטוועגען, אז עס קומט צו א יאָהרצייט, זוכט מען א מנין...

דערויף ענטפערט איהר ברכה:

— שוויגער! לאָזען זיי אייך ברענען אינאיינעם מיט זייערע יאָהרצייטען און מיט זייערע געפרייטע פיש! מע שטעלט־אָפּ פרעמדע מענטשען, מע רופט זיי אריין צו זיך אין שטוב אריין, — נעם געב דעם קינד א שטיקעל געפרייטע פיש האָטש פון יוצא וועגען...

דאָס מיינט זי מיך. אָט ערשט בין איך געווען ביי'ם אידען א „בר־מצוה־בחור'על", איצט בין איך שוין געוואָרען ביי ברכה'ן א „קינד"... גוטע יאָהרען, אז ברכה נעמט זיך אָן מיין קריוודע! אזוי טראַכט איך. מיר לאָזען זיך אַלע זאַלבעזעכסט צום קאָמיטעט. איין עצה האָט אונז דער איד געגעבען, א דאַנק איהם, אז מיר זאָלען נישט געהן צו־פוס — מיר זאָלען בעסער זיך אויפזעצען אויפ'ן טראַמוויי און פאָהרען גלייך. האָט אָבער דער לאָנדאָנער טראַמוויי א טבע — ער האָט פיינט זיך אָפּשטעלען. וויפיעל מע זאָל צו איהם נישט מאַכען מיט די הענט, ער טהוט זיך זיינס — ער לויפט. נאָכלויפען איהם וועט אייך נישט העלפען — איהר וועט איהם נישט כאַפּען. א גליק, וואָס איינער האָט זיך אויף אונז דערבאַרעמט, און דוקא איין אייגגלענדער מיט אָפּגעגאָלטע וואַנ־

קאָנען געהן. מיין ברודער אליהו האָט אָבער געוואָלט האָבען דורך איהם אַ שטיקעל טובה. האָט ער געמאַכט אַ שמועס מיט איהם וועגען קאָמיטעט, און געחאַפּט אַ קוק בשעת מעשה אויף די גע־פּרייטע פּיש און געגעבען אַ שלונג־אַראָפּ. דער איד האָט מיט איין האַנט געהאַלטען ביי דער קליאַמקע פון דער טהיר, און מיט דער אַנדערער האַנט האָט ער אונז דערצעהלט פונ'ם קאָמיטעט עפּים זעהר נישט קיין פריילינע מעשיות. ערשטענס, האָט דער איד געזאָגט, אַז עס הויבט זיך גאָר נישט אָן — גאָר נישטאָ קיין קאָמיטעט. דאָס הייסט, ס'איז דאָ אַ קאָמיטעט, עטליכע קאָמי־טעטען, נאָר די לאָנדאָנער קאָמיטעטען געבען נישט אַזוי גיך קיין געלט. אויב איהר ווילט באַהילפיג זיין פון אַ לאָנדאָנער קאָמיטעט, מוזט איהר פריהער זיך גוט אָנלויפען, ברענגען פּאַפּיערען און עדות, אַז איהר זענט איין עמיגראַנט און פאָהרט קיין אַמעריקע. מחמת ס'איז דאָ אַ סך עמיגראַנטען, וואָס זאָגען נאָר, אַז זיי פאָה־רען קיין אַמעריקע. נאָכדעם, אַז איהר ברענגט שוין אַלסדינג, קאָן מען אייך פון קאָמיטעט געבען צושטייער נאָר אויף צוריק־וועגס, דאָס הייסט, איהר זאָלט פאָהרען צוריק אַהיים. מחמת די לאָנדאָנער קאָמיטעטען האַלטען נישט פון אַמעריקע. דערהערט אַזעלכע דבורים, איז מיין ברודער אליהו באַלד געוואָרען אין כעס (איהר ווייסט דאָך, אַז ער איז אַ כעסן). און פּיני איז דאָך אודאי אַ היציגער פּאַרשוין, האָט ער אָנגעהויבען צו פייערען אויף זיין לשון:

— קאַק מאָזשנע — ווי אַזוי איז דאָס מעגליך? קאַקאָי פּאָלנע פּראַוו — ווי האָבען זיי דאָס רעכט אונז הייסען פאָהרען צוריק? קאַק אים נע סטידנאָ — ווי שעמען זיי זיך נישט אין אַ לאַנד פון ציוויליזאַציע?

שלאָגט איהם איבער דער איד פונ'ם מנין, הי̇לט אָפען די טהיר און זאָגט צו איהם:

— רעד אַהער, רעד אַהין! אָט האָב איך אייך געגעבען איין אדרעס פון אַ קאָמיטעט, פאָהרט זיך דורך אַליין צום קאָמיטעט, וועט איהר זעהן, אַז ס'איז אַלריים.

היים. עס פעהלט מיר אויס נאָך א פּאָר מענטשען צו א מנין...
דאָס בחור'על איז שוין בר־מצוה, צי נאָך נישט?

דאָס מיינט ער מיך. מיר איז דאָס דוקא געפעלען, וואָס ער
רופט מיך „בחור'על" און מיינט, אז איך בין שוין בר־מצוה.

ארויפגעדראפעט זיך מיט איהם אין דער פינסטער אויף די
טרעפּ, זענען מיר אריין אין א פינסטער חדר'על, אנגעפּאקט מיט
קליינע פארמורזעטע קינדער און אנגעפילט מיט א געדיכטען ריח
פון „געפרייטע" פיש. קיין מנין איז נאָך נישט געווען. עס האָבען
נאָך געפעהלט זיעבען. דער איד האָט אונז געבעטען זיצען, און
אליין האָט ער געגעבען א שפּרונג אויף דער גאַס, טאָמער וועט ער
חאפּען נאָך א צוויי אידען. ער האָט געגעבען עטליכע שפרונג,
ביז ער האָט צונויפגעשלאָגען א מנין. איך האָב מיך דערווייל
באקענט מיט די פארמורזעטע קינדערלעך און געחאפּט א קוק אין
אויווען. דאָרט האָבען זיך „געפרייט" פיש. ביי אונז אין דער
היים זאָגט מען „געפּרעגעלט". דאָ דארף מען זאָגען „געפרייט".
איך ווייס נישט, פאר וואָס? אפשר דערפאר, ווייל ס'איז א פריי
לאנד, הייסט דאָס געפרייטע פיש? אָדער דערפאר, ווייל די פיש
פרעהען זיך בשעת מע פרעגעלט זיי? סאַי ווי סאַי זענען גע־
פרייטע פיש גאָר נישט אזוי שלעכט, ווי מיין שוועגערין ברכה
מאכט דעם אָנשטעל. ווען מע גיט מיר איצטער א שטיקעל גע־
פרייטע פיש, וואָלט איך זיך מחיה געווען. איך מיין, אז ברכה
אליין וואָלט זיך אויך נישט אָפּגעזאָגט. מיר האָבען אלע א גאַנ־
צען טאָג כמעט געפאַסט. מיר לעבען שוין עטליכע טאָג מיט א
שטיקעל הערינג און מיט רעטאך. אין ווייטשעפּעל קריגט איהר
גוטע שווארצע רעטאכער. דער איד וואָלט געטהאָן א שכל, ווען
ער בעט אונז, מיר זאָלען בלייבען מיט איהם עפּים נעמען אין מויל
אריין. אפנים, ער הויבט נישט אָן צו פיהלען, אז מיר ווילען עסען.
פון וואנען וויים איך דאָס? מחמת, וויבאלד מיר האָבען אָפּגע־
דאַוועט מנחה און ער האָט אָפּגעחאַפּט דעם קדיש, האָט ער אונז
באלד אָפּגעדאנקט פאר דער טרחה און האָט אונז געזאָגט, אז מיר

בראָד, אַנטוווערפּען, וויען, מוז מען רעדען דייטש. דאָ אין לאָנדאָן איז אַ מחיה. מע קאָן רעדען אידיש, ווי אין דערהיים. דאָס הייסט: האַלב אידיש, האַלב־רוסיש.

דאָס לשון זייערס איז ערגער נאָך פון דייטש. ברכה זאָגט, אַז דריי ענגלענדער מעגען זיין אַ כפּרה פאַר איין דייטש. זי זאָגט: וואו איז דאָס געהערט געוואָרען אין דער וועלט, אַז אַ גאַס זאָל הייסען ווייטשעפּעל, און געלט זאָל הייסען „אייפּעני", „טאַ־פּעני", „טריפּעני"? ס'איז דאָ נאָך אַ וואָרט, וואָס געהער זיך אָן מיט געלט, הייסט עס „פּייף". מיט דעם דאָזיגען „פּייף" האָט זיך געטראָפען ביי אונז אַ גאַנצע מעשה. אויב איהר ווילט, קאָן איך זי אייך דערצעהלען.

## ב.

איהר ווייסט דאָך שוין, אַז מיר זוכען אַ קאָמיטעט אין לאָנ־דאָן. געפינען אין לאָנדאָן אַ קאָמיטעט — איז פּונקט, ווי אין אַ וואָגען שטרוי אַ נאָדעל. נאָר ס'איז דאָך אָבער דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, געהען מיר איינמאָל אַזוי איבער'ן ווייטשעפּעל. פאַר־נאַכטליך איז דאָס געוועזען. דאָס הייסט, נישט פאַרנאַכט, נאָר בייטאָג. אין לאָנדאָן איז נישטאָ נישט קיין בייטאָג, נישט קיין אינדערפריה. אין לאָנדאָן איז שטענדיג פאַרנאַכט. באַגעגענט אונז אַ איד מיט אַ קורץ ווייטיקעל, מיט אַ טשודנעם קאַפּעליש און מיט זוכענדיגע אויגען.

— איך וואָלט געמעגט שווערען, אַז איהר זענט אידען...

אַזוי זאָגט צו אונז דער איד מיט'ן קורצען ווייטיקעל, און פּיני ענטפערט איהם:

— קאָניעטשנאָ! נאָך וואָסערע אידען! פון אידענלאַנד!...

— ווילט איהר אפשר פאַרדיענען אַ מצוה?

אַזוי מאַכט ווייטער דער איד, און פּיני ענטפערט איהם:

— למשל־נאַפּרימער?

— איך האָב יאָהרצייט, און קאָן נישט אַוועקגעהן פון דער־

סכנות! ס'איז דען אַ שטאָדט? — זאָגט זי. — ס'איז נישט קיין שטאָדט, ס'איז אַ גיהנם! עס וואָלט געמעגט קומען אויף איהר אַ שרפה נאָך פאַר־אַ־יאָהרען! אַזוי זאָגט ברכה, און מיין ברודער אליהו פּרובט זיך פאַרענטפערען די שטאָדט, זוכען מעלות. נאָר עס העלפט איהם, ווי אַ טוידטען באַנקעס. ברכה הערט נישט אויף צו שיטען פעך און שוועבעל אויף דער שטאָדט און ווינטשעווען, זי זאָל אָפּברענען. קיין אַנדער שטראָף ווינטשט זי איהר נישט, נאָר ברענען. פיני'ס ווייב טייבעל האַלט זי אונטער. די מאַמע זאָגט: „אפשר וועט גאָט רחמנות האָבען און דאָס לאָנדאָן וועט זיין אונזער לעצט אָפּקומעניש?" נאָר מיר אין דרייען: איך און אליהו און פיני האַלטען פון לאָנדאָן איין עולם ומלואו. אונז איז דוקא געפעלען אָט דער טומעל, וואָס סע טומעלט, מיט דעם קאָכעניש, וואָס סע קאָכט.

וואָס אַהרט עס אונז, אַז סע קאָכט? לאָז קאָכען. אונז געפעלט נאָר נישט, וואָס מיר געהען אַרום אָהן אַרבייט. מיר זוכען אַ קאָמיטעט און קאָנען נישט געפינען. ווען מיר פרעגען, איז אָדער מע ווייסט נישט, אָדער מע וויל נישט ענטפערען. מע האָט קיין צייט נישט. מע איז פאַרטראָגען. מע לויפט! מיר מוזען אָבער האָבען אַ קאָמיטעט. מיר קאָנען זיך אָהן אַ קאָמיטעט נישט באַגעהן. נישט מחמת קיין זאַך, נאָר מחמת דעם, וואָס מיר האָבען נישט מיט וואָס צו דערשלעפּען זיך קיין אַמעריקע. מיין ברודער אליהו'ס קעשענע האָט זיך אויסגעלעדיגט. דאָס געלט, וואָס מיר האָבען אָפּגעלייזט פאַר אונזער האַלבע דירה, איז אַוועק ווי אַ רויך. פיני לאַכט פון אליהו'ן: „וואָס וועסט דו טהון מיט דער קעשענע?"... אליהו איז אין כעס. ער האָט פיינט, אַז מע טרייבט קאַטאָוועס. ער איז פּונקט דער היפך פון זיין חבר פיני. ער איז אַ פאַרוויינטע נשמה. פיני רופט איהם: „דאָס פאַרזאָרגטע בעל־הבית'על"... איך האָב פיני'ן ליעב נאָר דערפאַר, וואָס ער איז תמיד פריילּיך. זינט מיר זענען געקומען קיין לאָנדאָן איז ער נאָך געוואָרען פריילּיכער. ער זאָגט, אַז דאָרט, אין קראָקע, לעמבערג,

איז אוממעגליך געווען איהם איינצושטילען. עס האָט נישט גע־דויערט קיין צוויי מינוט, איז אונזער חבר פיני שוין געלעגען אויף דער ערד, און מענטשען האָבען געשפּאַנט איבער איהם, ווי מע שפּאַנט איבער א שייט האָלץ. א גליק, וואָס זיין ווייב טייבעל האָט געמאַכט א גוואַלד: „פיני, וואו ביזט דו?" האָט זיך מיין ברודער אליהו גענעבען א וואָרף און האָט איהם ארויסגעשלעפּט א צעקנייטשטען און איין אָפּגעבליאַקעווען, ווי איין אַלטען קאַפּעליש. דאָס איז געווען נומער איינס. דעם צווייטען פּסק האָט ער געחאַפּט דעם זעלבען טאָג אין שטאָדט, און דוקא אויף דער אידישער גאַס, וואָס מע רופט זי מיט א מאָדנעם נאָמען „ווייטשעפּעל", דאָרט וואו מע פאַרקויפט פיש און פליישׁ, סדורים, ציצית, עפּעל, קוואַס, טאָרט מיט צוקערלעקאַך, מיט אָנגעשניטענע שטיקלעך הערינג, טליתים, לימענעס, וולוטשקע, אייער, גלעזלעך, טעפּ, קאַלאָשען, לאָקשען, בעזעמער, פייפעלעך, פעפער, שטריק — פּונקט דאָס אייגענע, וואָס ביי אונז. ס'זאָל פעהלען א האָר. אפילו בלאָטע אויך, ווי ביי אונז. און שמאָקען שמעקט אויך ווי ביי אונז. אמאָל נאָך ערגער. מיר האָבען זיך דערפרעהט, אז מיר האָבען דערזעהען דעם ווייטשעפּעל. פיני האָט זיך שוין צופיעל דערפרעהט. „באַרדיטשעוו! — האָט ער זיך צעשריגען. — גוואַלד, אידישע קינדער! מיר זענען נישט אין לאָנדאָן, מיר זענען אין באַרדיטשעוו!" אוי, האָט ער געחאַפּט א באַרדיטשעוו! איך האָב געמיינט, מע וועט איהם דאַרפען אָוועקפיהרען אין שפּיטאָל. פון דעמאָלט אָן לאָזט איהם טייבעל אליין נישט געהן איבער לאָנדאָן אפילו א טריט. איך קוק אויף דעם ווייטשעפּעל און טראַכט מיר: רבונו של עולם, אז אין לאָנדאָן איז אזוי, היינט וואָס קאָן שוין זיין אין אמעריקע?!...

רעדט־זשע אָבער מיט ברכה'ן, זאָגט זי', אז לאָנדאָן וואָלט גע־מעגט פאַרברענט ווערען נאָך איידער מיר זענען געקומען. פון דער ערשטער מינוט, וואָס מיר זענען געקומען קיין לאָנדאָן, האָט מיין שוועגערין ברכה געוואָרפען איין אוי־חן אויף דער שטאָדט —

XXII

# לאָנדאָן, פאַר וואָס ברענסט דו נישט?

א.

זינט איך לעב, בין איך נישט געווען אויף אזא יריד, ווי אין לאָנדאָן. נישט אין לאָנדאָן איז א יריד, נאָר לאָנדאָן אליין איז א יריד. סע קלאפט און סע קלינגט און סע פייפט און סע טראַס־קעט, און מענטשען — מענטשען אזוי ווי מאָהן, אזוי ווי מערעש־קעס! פון וואנען נעמען זיך אזוי פיעל מענטשען, און וואוהין לויפען זיי? אפנים, זיי זענען הונגעריג, אָדער זיי האלטען ביי אוועקפאָהרען. אניט, וואָס דארף מען זיך אזוי שטופען, שלאָגען זיך מיט די עלענבויגענס, אומוואַרפען א מענטשען און טרעטען איהם מיט די פיס? איך רעד פון פיני'ן. אונזער חבר פיני, אויב איהר געדענקט, האָט א נידעריגע ראיה. דערצו האָט ער א טבע, ער האלט דעם קאָפּ ארויף און פלאָנטעט מיט די פיס. א פּאַרטראַ־גענער מלאך. דער קאָפּ פליהט ביי איהם. דעם ערשטען ברוך־הבא האָט ער געחאַפּט אויף דער באהן. מיר זענען נאָר ארויס־געקראָכען פון וואגאָן, האָט זיך שוין געטראָפען איין אומגליק. דער ערשטער איז ארויסגעפלויגען פיני. איין הויז פארקאַטשעט, איין זאָק אראָפּגעלאָזט, דעם האלזטיכעל פון יענער זייט — אזוי ווי תמיד. איך האָב נאָך פיני'ן קיינמאָל נישט געזעהען אזוי האַ־פערדיג. ער האָט געברענט, ווי אויף פּאָקען. ער האָט אָנגעהויבען שיטען מיט מאָדנע ווערטער, ווי זיין שטייגער איז: „לאָנדאָן! ענגלאַנד! דיזראעלי! באָקל! היסטאָריע ציוויליזאציע!..." עס

ליעב זעהן, ווי מע פּאקט זיך. אויף פּאקען זיך איז מיין ברודער אליהו איין בריה. אז עס קומט צו פּאקען זיך, ווארפט ער אראָפּ די קאַפּאָטע און הויבט־אָן קאָמאַנדעווען: „גיט אהער דאָס קויטיגע גרעט!... מאַמע, דעם טשייניק!... דאָס היטעלע, ברכה, דאָס היטעלע, גיכער!... די קאַלאָשען, פּיני, דו בלינדער יאַצקאָ, דו סליפּאַק איינער, דו זעהסט נישט? אָט שטעהען די קאַלאָשען ביי דיר אונטער דער נאָז!... מאָטעל, וואָס שטעהסט דו, ווי א לעה־מענער גולם? העלף עפּיס טהון! ער ווייסט נאָר מאָהלען מענ־טשעלעך! מענטשעלעך!...”

דאָס מיינט ער שוין מיך. איך טהו מיך א וואָרף און הויב אָן העלפען טראָגען און וואַרפען וואָס עס קומט מיר אין די הענט. ווערד מיין ברודער אליהו אין כעס, למאי איך ווארף, און וויל מיך שלאָגען. שטעלט זיך איין פאַר מיר די מאַמע: „וואָס ווילסט דו האָבען פון'ם קינד?”... געפעלט נישט ברכה'ן, למאי די מאַמע רופט מיך „קינד”, און צעקריעגט זיך מיט דער מאַמע. דערמאַנט איהר די מאַמע, אז איך בין א יתום, און וויל אָנהויבען וויינען. זאָגט איהר אליהו: וויין, וויין! וויין אויס דאָס לעצטע ביסעל אויגען!...

אָט באַלד פאַרלאָזען מיר אַנטווערפּען.

זיי געזונט, אַנטווערפּען!

אין אמעריקע א יונגעל מיט אַט אַזא בליישטיפטעל — זאָלסט דו וויסען, אַז דאָס בין איך, מאָטעל פּייסים. נאָכדעם, אַז דו וועסט אראָפּ פון שיף, וועסט דו זיך צעקושען מיט דיין טאַטע־מאַמע. אהיים וועסט דו נישט געהן מיט זיי. דו וועסט זיי נאָר איבער־געבען די זאַכען דיינע און בעסער געהן אָנקוקען מיט מיר אמע־ריקע. איך וועל דיר ווייזען גאַנץ אמעריקע, מחמת איך וועל דאָך שוין זיין קלאָר אין דעם אויף אויסוועניג. נאָכדעם וועל איך דיך ברענגען אהיים צו דיין טאַטע־מאַמע, וועסט דו עסען מיט זיי וועטשערע, א פרישע יויך...

גאָלדעלע האָט נישט געוואָלט הערען ווייטער. זי איז מיר געפאַלען אויפ'ן האלז און געקושט מיך. איך זי אויך.

## ד.

אָט די ברכה, הערט איהר, האָט א טבע: וואו מע פאַרזייעט זי נישט, דאָרט וואַכסט זי אויס. זי דאַרף אָנקומען אַקוראַט אין דער מינוט, ווען איך געזעגען זיך מיט גאָלדעלען! געזאָגט האָט זי מיר גאָרנישט. קיין האלב וואָרט אפילו. זי האָט נאָר אויסגע־צויגען מיט איהר מאַנסבילשער שטים אפשר אויף דריי קלאַפטער:
„אַז־וויי־ווי־ווי?...”

נאָכדעם האָט זי עפּיס מאָדנע צונויפגענומען די ליפּען, פאַר־דרעהט די נאָז. א הוסט האָט זי אויך געטהאָן בשעת מעשה: „ע־העם!” און איז אוועק גלייך צו מיין ברודער אליהו. וואָס זי האָט איהם געזאָגט, ווייס איך נישט. איך ווייס נאָר, אַז איך בין ארויסגעגאַנגען פון דער „עזרה”, האָט מיר אליהו אָפּגעשטעקט א געשמאַקען פּאַטש. עס האָט מיר געקלונגען איןביידע אויהערען.

— פאַר וואָס? — פרעגט איהם די מאַמע. — פאַר ווען?

— ער ווייסט שוין, פאַר וואָס!... — ענטפערט איהר מיין ברודער אליהו, און מיר געהען אַלע אויף דער סטאַנציע. דאָרט איז א מהומה, א טאַרעראַם. מע דאַרף זיך פּאַקען. איך האָב

דייטש... פרעגט מיך בחרם, וואָס זיי האָבען דאָרטען געדעדט? אַז מיין קאָפּ איז מיר גאָר דאָרטען, אויפ'ן שיף, אויפ'ן ים, אין לאָנדאָן, אין אמעריקע. און דאָ קומט צו לויפען גאָלדעלע אין איין אָטהעם:

— דו פאָהרסט שוין טאַקי?

— איך פאָהר.

— ווען?

— מאָרגען.

— וואוהין?

— קיין לאָנדאָן.

— און פון דאָרטען?

— קיין אמעריקע.

— און איך בלייב דאָ מיט מיינע קאַלי אויגען, און מיין טאַטע־מאַמע — גאָט ווייסט, ווען איך וועל זיי זעהן!

אַזוי זאָגט גאָלדעלע און וויינט מיר אָפּ דעם קאָפּ. עס טהוט מיר וועה דאָס הארץ. איך וויל זי טרייסטען, האָב איך נישט קיין ווערטער. איך קוק אויף איהר און טראַכט מיר: „רבונו של עולם! וואָס האָסט דו צו אָט דעם מיידעל? וואָס האָט זי דיר געטהאָן?"... איך נעם זי ביי דער האנט. איך גלעט זי:

— וויין נישט, גאָלדעלע. אָט וועסט דו זעהן, איך וועל קומען קיין אמעריקע און וועל מאַכען אַ לעבען, איז דאָס ערשטע — שיק איך דיר ארויס אַ בלווישטיינדעל אויף צו שמירען די אויגען. נאָכדעם וועל איך דיר שיקען אַ שיפס־קאַרטע, אַ האַלבע שיפס־קאַרטע, ביזט דאָך נאָך נישט אַלט קיין צעהן יאָהר. וועסט דו קומען צו פאָהרען קיין אמעריקע. דאָרט וועט אויף דיר וואַרטען אין „קעסטעל־גאַרטעל" דיין טאַטע מיט דיין מאַמע. איך וועל אויך זיין אין „קעסטעל־גאַרטעל". אַז דו וועסט צופאָהרען מיט'ן שיף קיין אמעריקע, זאָלסט דו קוקען אין „קעסטעל־גאַרטעל" און זאָלסט מיך זוכען מיט די אויגען. איך וועל האַלטען אָט דאָס בלײישטיפטעל אין די הענט — זעהסט דו? אַז דו וועסט דערזעהן

און די אויגען איהרע ברענען. איך ווייס נישט, וואָס ברכה איז אזוי פארקאָכט אין דימענטען מיט ברילּיאַנטען. איך וואָלט אייך אוועקגעגעבען אלע שטיינער פון דער גאַנצער וועלט פאר איין קעסטעל פארבען מיט א בערשטעלע אויף צו מאָהלען. איך האָב אויסגעמאָהלט א שיף נישט לאַנג מיט א שטיפטעל אויף פאַפּיער, א שיף מיט א חאַליאַסטרע עמיגראַנטען, קעפּ אויף קעפּ. איך האָב דאָס מאָהלעכטס אוועקגעשענקט גאָלדעלען, דעם מיידעל, וואָס מיט די קאָלי אויגען. גאָלדעלע האָט דאָס געוויזען דעם פריילּיין זייטשיק. יענע האָט דאָס באַוויזען אין דער „עזרה" פאר דער גאַנצער וועלט. האָט דערזעהן אויך מיין ברודער אליהו, האָב איך געהאַט פון איהם: „מענטשעלעך! וועסט אויפהערען אמאָל מאָה־לען מענטשעלעך, צי ניין?" מיין ברודער אליהו האָט מיך שוין לאַנג אזוי נישט געשלאָגען. איך האָב עס דערצעהלט גאָלדעלען. האָט דאָס גאָלדעלע דערצעהלט דעם פריילּיין זייטשיק. האָט דאָס פריילּיין זייטשיק פירגעהאַלטען מיין ברודער אליהו, פאר וואָס ער שלאָגט מיך. זי האָט איהם באַוויזען דאָס מאָהלעכטס און האָט איבער איהם גע'טענה'ט און גע'טענה'ט. מיין ברודער אליהו האָט זי אויסגעהערט, און אז ער איז געקומען אהיים, האָב איך ערשט דערמאָלט פון איהם געהאַט. מיין ברודער אליהו זאָגט, אז ער מוז מיר ארויסשלאָגען דעם שגעון פון מאָהלען מענטשעלעך...

## ג.

היינט זענען מיר געוועזן דאָס לעצטע מאָל ביי דער „עזרה". וואָס מיר האָבען דאָרט געטהאָן — ווייס איך נישט. מיין ברודער אליהו האָט עפּיס גע'טענה'ט. פּיני האָט געמאַכט מיט די הענט. ברכה האָט זיך ארייגעמישט אין מיטען. די מאַמע האָט גע־וויינט. די וואָס זיצען אין דער „עזרה" האָבען עפּיס גערעדט צו אונז, געוויינטליך, אויף דייטש. דריי זענען דאָרטען געזעסען, און אלע דריי האָבען זיך פארהערט, ווער קאָן בעסער רעדען

## ב.

אַנגעדענקען זיך אַלע ליעדלעך, וואָס פיני מאַכט, דאַרף מען האָבען אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער. מיין ברודער אליהו קוילעט זיך מיט איהם דערפאַר. אליהו זאָגט, טאָמער ווערד מען געוואָהר אין דער „עזרה", אַז מיר מאַכען ליעדלעך אויף אַנטווערפּען, טרייבט מען אונז אַרויס פון דאָרטען. און מיר קוקען־אַרויס אויף דער „עזרה" פאַר אונזער אָוועקפאָהרען, זי זאָל אונז עפּיס העלפען. מיר געהען צו איהר אַלע טאָג. מיר זענען דאָרט היימישע מענשען. דאָס מיידעל, וואָס שרייבט אין בוך, דאָס פריילין זייטשיק, קען אונז אַלע ביי די נעמען. מיך האָט זי ליעב, ווי אַ קינד. מיט דער מאַמע איז זי ווי אַ שוועסטער. איהר קאָנט פאַרשטעהן, אַז אַפּילו ברכה זאָגט, אַז פריילין זייטשיק איז אַ גלגול פון אַ אידיש מיידעל מיט אַ אידישער נשמה. די גאַנצע חאַליאַסטרע עמיגראַנטען האָבען זיך פאַרליעבט אין איהר. און נאָר דערפאַר, וואָס זי רעדט צו זיי אויף אידיש, נישט אויף דייטש. ווייטער רעדען זיי אין אַנטווערפּען אַלע דייטש, חאָטש גיב זיי אַ קרענק! פיני זאָגט אַפּילו, אַז דאָס לאַנד געהער נישט צו קיין דייטשען, און די אידען וואָלטען געמעגט רעדען אידיש. נישקשה, עס וואָלט זיי גאָרנישט געשאַדט. אַלע אידען פון דער זייט גרעניץ האָבען פיינט אידיש, האָבען ליעב דייטש. אַפּילו די קבצנים זייערע רעדען דאָ אויך אויף דייטש. ער וועט אייך פגר'ען פון הונגער, אַבי אויף דייטש! אַזוי זאָגט ברכה און טרייבט אונז אונטער, מיר זאָלען שוין פאָהרען קיין לאָנדאָן. ס'איז איהר שוין נמאס געוואָרען דאָס אַנטווערפּען מיט זייער לשון. אַז וואו מע געהט און וואו מע שטעהט, הערט מען נאָר: בריליאַנטען! דימענטען! אַלע טראָגען זיך אַרום מיט פולע קעשענעס, מיט גאַנצע פּעק בריליאַנטען. עס זאָל זיך דאָס אַפּילו צוקלעפּען צו אונז אַ בריליאַנטעל! עמיצער פון זיי זאָל חאָטש וועלען פאַרלירען אַ פּאָר דימענטלעך, און איך זאָל זיי געפינען! אַזוי זאָגט ברכה,

זענען דאָ פאַרבליבען, געוואָרען שטיינשניידער. מיר זאָלען זיך אַזוי נישט רייסען קיין אַמעריקע, וואָלט מען מיך אויך אוועק־געגעבען צו דער אַרבייט, געמאַכט פון מיר אַ שטיינשניידער. מיין ברודער אליהו׳ן איז געפעלען די מלאכה. אונזער חבר פיני׳ן אויך. זיי זאָלען זיין, זאָגען זיי, אַ ביסעלע יונגער, וואָלטען זיי אַליין גענומען זיך צו דער אַרבייט — שלייפען שטיינער. ברכה לאַכט פון זיי. זי זאָגט, אַז שטיינער איז גוט צו טראָגען, נישט צו שלייפען. פיני׳ס ווייב טייבעל האַלט מיט איהר. טייבעל איז אויך אַ בעלן אויף צו אָנטהון שטיינער. זיי געהען אַלע טאָג קוקען אין די פענסטער און קאָנען זיך נישט אָפּלויבען פון די בריליאַנטען מיט די דימענטען, וואָס וואַלגערען זיך, אַזוי ווי מיסט. עס דרעהט זיך אַזש דער קאָפּ. עס שעמערירט זיי אין די אויגען. זיי זענען אויס מענטש. פיני לאַכט פון זיי. ער זאָגט, אַז די אַלע שטיינער האָבען ביי איהם אַ פּנים פון חוזק, און די, וואָס געבען זיך אָפּ דערמיט, זעהען־אויס ביי איהם ווי משוגעים. איהר מיינט, ער האָט נישט געמאַכט אויף זיי קיין ליעדעל? אַזוי הויבט זיך אָן דאָס ליעדעל:

אַנטווערפּען איז אַ לאַנד
פון די בעסטע שטיינער,
מיליאָנערען אַלערהאַנד —
קיין אָרעמאַן נישט איינער.
דימענטען ווי מיסט,
העכער האַלב אומזיסט!
בריליאַנטען האָבען זיי אַ סך! אַ סך!
ציערונג? — פאַר דער גאַנצער וועלט!
עס פעהלט זיי נאָר איין זאַך:
— — — — — — — מזומן געלט...

און ווייטער געדענק איך נישט.

XXI

# זיי געזונט, אנטווערפען!

א.

קיין שטאָדט האָט מיר אזוי נישט באַנג געטהאָן אוועקצוּוואַרפען, ווי די שטאָדט אַנטווערפען. און נישט אזוי די שטאָדט, ווי די מענטשען. און נישט אזוי די מענטשען פון אנטווערפען, ווי די חאַליאַסטרע עמיגראַנטען. און נישט אזוי די חאַליאַסטרע אליין, ווי מיינע חברים און חבר'טעס. אַ סך זענען זיך צעפאָהרען פריהער. ושתי, אלטע, מאָטעל דער גרויסער — די זענען שוין לאַנג אין אמעריקע, מאַכען אלע אַ לעבען. געבליבען איז טאָר מענדעל דער בר־מצוה־בחור (ברכה האָט איהם געשענקט אַ צוגעמעניש „דער לאָשעק"). און גאָלדעלע דאָס מיידעל מיט די קאָלי אויגען איז געבליבען. ווייטער קיינער נישט. וואָס וועט טהון די „עזרה", די וואָס העלפט די עמיגראַנטען? ועמען וועט זי העלפען? עס טהוט מיר באַנג אנטווערפען. איך וועל בענקען נאָך אנטווערפען. אַ וואָהלע שטאָדט, וואָהלע מענטשען. אלע האַנדלען מיט בריליאַנטען. אלע טראָגען זיך אַרום מיט שטיינער. אלע קענען די מלאכה: שניידען, קליווען, שלייפען שטיינער. ועמען איהר באַגעגענט, איז ער אָדער אַ שטיינשניידער, אָדער אַ קליווער, אָדער אַ שלייפער. אַ סך יונגלעך פון אונזער חאַליאַסטרע

איך אַנגעשטעלט מאָל און אויהערען. היינט, אז איך דערהער דאָס וואָרט פּאָגראָם, — אנטלויף איך. איך האָב בעסער ליעב פרייליכע מעשיות. איז אָבער נישטאָ ווער ס'זאָל דערצעהלען עפּים פרייליכעס. געוועזן איין פעלדשער ביבער אַ פריילינער פאַרשוין, אפילו אַ גרויסער ליגנער, איז ער שוין אויך אין אמעריקע.

— ער האָט דאָרט שקרים אויפ'ן פּוד! — אזוי זאָגט אונזער חבר פּיני.

— מע וועט איהם דאָרט לאַנג נישט לאָזען האַקען שקרים. האָב קיין מורא נישט. אין אמעריקע האָט מען פיינט אזעלכע... אין אמעריקע איז אַ ליגנער ערגער פון אַ משומד!...

אזוי זאָגט מיין ברודער אליהו, און ברכה פרעגט איהם: פון וואַנען ווייסט דו? הויבט זיך אָן ביי אונז אַ חתונה: איך און פּיני האַלטען מיט אליהו'ן, טייבעל האַלט מיט ברכה'ן. וואָס איי־נער זאָגט, דרינגט דער אַנדערער קאַפּויר.

מיר מאַנסבילען: אמעריקע איז אַ לאַנד פון גאָלע אמת!...

זיי, די ווייבער: אמעריקע איז אַ מדינה פון סאַמע ליגנערס!...

מיר מאַנסבילען: אמעריקע איז געבויט אויף אמת, יושר און רחמנות!...

זיי, די ווייבער: גנבה, גזילה, שאַרלאַטאַנעס!...

אַ גליק, וואָס סע מישט זיך אריין די מאַמע. זי זאָגט:

— קינדערלעך, וואָס דאַרפט איהר זיך קריעגען איבער אמע־ריקע, אַז מיר זענען נאָך אין אַנטוועקפען?

זי איז זעהר גערעכט. מיר זענען נאָך אין אַנטווערפען. אָבער נישט אויף לאַנג. אָט־אָט פאָהרען מיר אַוועק קיין לאָנדאָן. אַלע צעפאָהרען זיך פון דאַנען, אַלע עמיגראַנטען, די גאַנצע חאַליאַסטרע.

וואָס וועט זיין מיט אַנטווערפען??!

זי רעדט פון טאטע־מאמע. איך קאָן נישט זעהען, ווי זי וויינט.
איך זאָג צו איהר:

— ווייסט דו וואָס, גאָלדעלע? אָט פאָהר איך קיין אַמעריקע.
איך וועל מאַכען דאָרט אַ לעבען, וועל איך דיר צושיקען פון דאָרט
אַ בלווישטיין.

— דו נארסט מיך נישט אָפּ? שוועהר מיר ביי דיין הייליגע
נאמנות.

אזוי זאָגט צו מיר גאָלדעלע, און איך שוועהר איהר ביי מיין
הייליגע נאמנות, אז איך וועל זי נישט פארגעסען. אז גאָט וועט
מיר העלפען, איך וועל נאָר אָנהויבען מאַכען אַ לעבען אין אַמעריקע,
אזוי שיק איך איהר באַלד אַרויס אַ בלווישטיין.

ו.

איך וויים שוין פאַר געוויס, אז מיר פאָהרען שבת אין דער
פריה קיין לאָנדאָן. מיר גרייטען זיך שוין אין וועג אַריין. מיין
מאַמע מיט מיין שוועגעריין ברכה מיט אונזער חבר פיני'ס ווייב
טייבעל געהען פון איין סטאַנציע אין דער אַנדערער זיך געזעגענען
מיט דער חאַליאַסטרע עמיגראַנטען. נישט אזוי דאָס געזעגענען,
ווי אויסרעדען זיך דאָס האַרץ פאַר מענטשען. וואָס לאָזט זיך
אויס? מיר זענען גאָר מאַנאַרכען קעגען אַנדערע עמיגראַנטען.
ס'איז פאַרהאַן אין דער חאַליאַסטרע אַזעלכע מאָדנע שלים־מזל'ען,
וואָס זענען אונז מקנא. זייערע צרות איז גאָר נישט איבערצו־
דערצעהלען. אַלע זענען געוועזן אין דער היים שענע בעלי־בתים.
אַלע האָבען פאַרמאָגט אַלדאָס גוטס. אַלע האָבען געהאַט שטענדיג
אַ טיש פאַר אָרעמע לייט. אַלע ווינטשען זיך פאַרמאָגען, וואָס
מענטשען האָבען ביי זיי צוגענומען. אַלע האָבען געטהאָן די
שענסטע שדוכים. היינט זענען זיי אַלע שלעפּערס. מאָדנע
ברואים! מיר האָבען זיך שוין צוגעגעסען זייערע מעשיות. פריי־
הער, אז איך פלעג הערען, מע דערצעהלט פון אַ פּאָגראָם, האָב

פאַטער און מוטער זענען אין אמעריקע שוין העכער אַ יאָהר און זי זיצט דאָ, אין אנטווערפּען, צוליעב די אויגען. דערהערט, אַז אונ־זערע מחותנים פאַהרען־אוועק, האָט זי געוואָלט געהן טאַנצען. וואָס איז די מעשה? זי האָט פיינט אַלטען, אָט די, וואָס מע האָט זי מיר גערעדט אַמאָל פאַר אַ כלה. זי האָט זי פיינט פאַר איהר גדלות. גאָלדעלע האָט פיינט אַ מענטשען, וואָס בלאָזט פון זיך.

— דיין כלה מיט די רויטע צעפּעלעך קאָן איך נישט אָנקוקען: זי איז אַ גדלנ׳טע!

אַזוי זאָגט צו מיר איינמאָל גאָלדעלע, און דאָס פּנים ברענט איהר ווי איין אויווען.

— פון וואַנען האָבען זיך גענומען ביי אַלטען רויטע צעפּעלעך, אַז זי האָט גאָר שוואַרצע?

אַזוי זאָג איך צו גאָלדעלען. ווערד זי נאָך מעהר אין כעס, וויינט און זאָגט צו מיר:

— רויטע! רויטע! רויטע!...

גאָלדעלע, אַז זי איז בייז, דאַרף מען זי לאָזען צו־רוה, ביז עס געהט איהר אָפּ דער כעס. און אַז עס געהט איהר אָפּ דער כעס — איז זי גאָלד און זילבער! מיט מיר איז זי טאַקי גאָר ווי אַ שוועס־טער. אַלסדינגג דערצעהלט זי מיר: ווי אַזוי זי האָרעוועט אויף דער סטאַנציע, קעהרט די שטובען, האָדעוועט די עופות, פּאַרוויעגט די קינדער (די בעל־הבית׳טע, וואו זי שטעהט, האָט אַ צייט נישט געהאַט קיין קינדער; איצט האָט זי גאָט געבענטשט מיט אַ צווילינג). היינט דערצעהלט זי מיר, ווי אַזוי זי געהט צום דאָק־טאָר אַלע טאָג זיך קורירען די אויגען; ווי אַזוי דער דאָקטאָר שמירט זי מיט׳ן זעלבען בלוישטיין, וואָס ער שמירט אַלע איבעריגע קראַנקע.

— אוי, ווען גאָט העלפט מיר איין אייגענעם בלוישטיין, וואָלט איך אפשר קאָנען אַמאָל זעהן מיין טאַטע־מאַמע...

אַזוי זאָגט גאָלדעלע מיט טרערען אויף איהרע קראַנקע אויגען. עס רייסט מיר אויס אַ שטיק האַרץ. איך קאָן נישט הערען, ווי

דורך וואַסער אַ וועג — ווייסען מיר נאָך גישט. ס'איז דאָ וועגען געגוג. הלואי וואָלט נאָר געווען מיט וואָס צו פאָהרען. ס'איז אַ סברא, אַז ביי מיין ברודער אליהו אין קעשענע טאָגט שוין. דער גאַנצער מאַיאָנטעק פון אונזער האַלבער דירה איז ביי אונז אוועק אויף די דאָקטוירים מיט די פעלדשערעס — אַלץ צוליעב דער מאַמע'ס אויגען. איך האָב געחאַפּט אַ וואָרט פון מיין ברודער אליהו און פון זיין חבר פּיני: „הלואי מיר זאָלען זיך חאָטש דער־שלעפּען ביז לאָנדאָן!"... אודאי וואָלט איך בעסער וועלען גלייך קיין אַמעריקע, איידער קיין לאָנדאָן. אונזער שכנה פעסי די גראָבע מיט איהר גאַנצער חאַליאַסטרע איז שוין לאַנג אין אַמעריקע. זיי מאַכען שוין דאָרט אַ לעבען. ושתי (הערשעל מיט דער גאָלי) געהט שוין דאָרט אַרום שפּאַציערען מיט די הענט אין די קעשענעס איבער אַלע גאַסען און קנאַקט ניסלעך. אונזערע מחותנים — יונה דער בעקער, ריוועלע די בעקערין, מיט די „בנים", מיט מיין כלה אַלטע — האָבען זיך נישט געקאָנט דערוואַרטען אויף מיין מאַמע'ס אויגען און זענען אוועקגעפאָהרען קיין אַמעריקע אָהן אונז. אוי, אוי, אוי, וואָס סע האָט זיך אָפּגעטהאָן יענעם טאָג אין אַנט־ווערפען! מיר האָבען נישט געלאָזט די מאַמע, זי זאָל זיין ביי'ם שיף, וואָרום אַז זי וועט זיך דאַרפען געזעגענען מיט די מחותנים, וועט זי וויינען און דערווייל באַגראָבען דאָס איבעריגע ביסעל אויגען. וואָס האָבען מיר גע'פועל'ט? האָט זי נאָך מעהר גע־וויינט. זי טענה'ט, אַז מע נעמט צו ביי איהר דאָס איינציגע שטיקעל חיות — חאָטש אויסוויינען זיך די צרות, גרינגער מאַכען דאָס הארץ!... נאָר ווער הערט זי?

## ה.

ווייסט איהר, ווער ס'איז צופריעדען מיט'ן אָפּפאָהרען פון אונזערע מחותנים? איהר וועט קיינמאָל נישט טרעפען — גאָל־דעלע! אָט דאָס מיידעל, וואָס מיט די קאָלי אויגען, וואָס איהר

טאַטען יונה דעם בעקער, מיט זייערע „בנים“, מיין מאַמע, מיין ברודער אליהו, אונזער חבר פיני מיט זיין ווייב טייבעל, ביבער דער פעלדשער מיט די געלע צייהן און נאָך אידען און ווייבער — אַ גאַנצע האַליאַסטרע! דאָס ערשטע האָט מיין שוועגערין ברכה מיר צוגעשטעלט אַ בענקעלע פאַר אַלעמען, אַז איך מאַך־נאָך דער גאַנצער וועלט. זי האָט געוואָלט, אַז די גאַנצע וועלט זאָל זיך אין מיר נוקם זיין. די גאַנצע וועלט האָט זיך אָבער נישט געוואָלט נוקם זיין אין מיר. פאַר מיר איז געווען גענוג מיין ברודער אליהו אליין. מיין ברודער אליהו האָט אַ טרוקענע האַנט מיט דאַרע פינגער. אַז ער וואַרפט אייך אויף אַ פּאַטש הייגט פאַר־נאַכט, בלייבט ביי אייך אַ סימן אויף דער באַק ביז איבערמאָרגען אין דער פריה.

„מע דאַרף אָט די צוויי מאַטעלס צעשיידען!“ — אַזוי האָט גע'פּסק'עט ברכה, און מיין ברודער אליהו האָט מיר אָנגעזאָגט מיט'ן הארבען וואָרט, אַז טאָמער דערזעהט ער אונז אינצווייען, מאַכט ער פון מיר אַ מאַצינקע! איך וואָלט וועלען זעהן, ווי אַזוי ער וועט דאָס מאַכען פון מיר אַ מאַצינקע? ער פאַרגעסט, אַז ס'איז דאָ אַ מאַמע אויף דער וועלט, וואָס וועט גיכער לאָזען זיך אַרויסנעמען די קאָלי אויגען, איידער דערלאָזען, מע זאָל פון מיר מאַכען אַ מאַצינקע.

## ד.

מיט דער מאַמע'ס אויגען איז נישט אין בעסטען. דאָס הייסט, נישט גוט. זעהר נישט גוט! מע זאָגט, אַז מע וועט זי נישט אַרויספלאָזען אויפ'ן שיף פאַר קיין מיליאָן אפילו. מע דאַרף אַנט־לויפען פון אַנטווערפען. אין אַנטווערפען זענען דאָקטוירים רשעים! זיי קוקען אין די אויגען אריין. וויבאַלד זיי געפינען ביי אייך אויף די אויגען „טראַכאָמעס“, אַזוי האַפּט זיי אַוועק דער רוח. נישטאָ ביי זיי נישט קיין כבוד, נישט קיין רחמנות! מיר וועלען מוזען פאָהרען קיין אַמעריקע דורך איין אַנדער וועג.

בעטגעוואנט און פון מיינע קישענס, וואס מע האט ביי מיר צוגע־
נומען אויף דער גרעניץ, ווי איהר פון אייער רעטאנדע !...

מאטעל דער גרויסער (מיט א גראבער שטימע) :
זאגט חאטש „להבדיל".

מאטעל דער קליינער: ביי מיר איז דען גנבה'שע
קישענס ?

מאטעל דער גרויסער: גנבה'שע נישט גנבה'שע,
איך בין צוקאפענס נישט געשטאנען.

מאטעל דער קליינער: איך פארשטעה נישט,
מחותנת'טע, וואס איז ביי אייך פאר א לשון ?

מאטעל דער גרויסער: וואסער א גוט־מארגען,
אזא גוט־יאהר.

מאטעל דער קליינער: מחותנת'טע ! מיט וואס
האב איך אנגעריהרט אייער האנאר ?

מאטעל דער גרויסער: ווער זאגט דען, אז איהר
האט מיר אנגעריהרט דעם האנאר ?

מאטעל דער קליינער: וואס זשע זאגט איהר
„להבדיל" ?

מאטעל דער גרויסער: פארשטעהט זיך, להבדיל !
אז איך רעד פון מיין רעטאנדע, פאהרט איהר מיר אריין מיט
אייער בעטגעוואנט !

מאטעל דער קליינער: ביי מיר איז דען גנבה'שע
קישענס ?

מאטעל דער גרויסער: גנבה'שע נישט גנבה'שע,
איך בין צוקאפענס...

ג.

גע ריכט זיך, אז אקוראט אויפ'ן ווארט „צוקאפענס" ווערט
זיך עפענען די טהיר און עס וועלען זיך באווייזען געסט: מיין
שוועגערין ברכה מיט איהר מאמע ריוועלע די בעקערין, מיט איהר

— פאַרשטעהט זיך, להבדיל! אַז איך רעד פון מיין רעטאָנדע, פּאַהרט איהר מיר אריין מיט אייער בעטגעוואַנט, מיט אייערע קישענס!

זאָגט איהר די מאַמע:

— ביי מיר איז דען גנבה'שע קישענס?

זאָגט ריוועלע די בעקערין:

— גנבה'שע נישט גנבה'שע, איך בין צוקאָפּענס נישט געשטאַנען.

און ווידער אַ מאָל דאָס אייגענע און אָבער אַ מאָל דאָס אייגענע!

דאַרף מען טהעאַטער?

## ב.

פאַרשטעהט זיך, אַז מיר ביידע, דאָס הייסט, איך מאָטעל דער קליינער, און מיין חבר מאָטעל דער גרויסער, האָבען זיך דעם זעלבען אויפדערנאַכט אוועקגעזעצט און האָבען געמאַכט אַזאַ מין אָנשטעל: ווייסט דו וואָס? איך וועל זיין ריוועלע די בעקערין, און דו וועסט זיין די מאַמע דיינע, און לאָמיר מאַכען די אייגענע שפּיעל, וואָס זיי. נאָר וואָס דען? מיט'ן אייגענעם לשון און מיט'ן אייגענעם קול: איך וועל רעדען גראָב, ווי ריוועלע די בעקערין, און דו — מיט אַ וויינענדיג קול, ווי די מאַמע דיינע.

און ביידע מאָטלעך האָבען זיך פאַרשטעלט. איינער האָט אָנגעטהאָן אַ פּאַריק, דער אַנדערער אַ פאַטשיילע. צונויפגערופען חברה: מענדעל דאָס בר־מצוה־יונגעל, אונזער מחותנ'ס טעכטערעל אלטע, גאָלדעלע מיט די קאָלי אויגען, און נאָך יונגלעך און מיידלעך פון דער קליאָפּאַטרע עמיגראַנטען. און מיר האָבען זיך גענומען צו דער אַרבייט:

מ אָ ט ע ל  ד ע ר  ק ל י י נ ע ר (מיט אַ וויינענדיג קול): אוי, מחותנת'טע! ווען איך זאָל וועלען אַזוי פיעל רעדען פון מיין

בעקערין מיט דער רעטאָנדע. טאָג ווי נאכט רעדט זי פון דער רעטאָנדע, וואָס מע האָט ביי איהר אוועקגע'גנב'עט אויף דער גרעניץ, דאָס מויל מאכט זיך איהר נישט צו!

מאַהלט אייך, אז מיין מאמע קאָן זיך שוין נישט איינהאַלטען און זאָגט צו איהר:

— אוי, מחותנת'טע! ווען איך זאָל וועלען אזוי פיעל רעדען פון מיין בעטגעוואַנט, פון מיינע קישענס, וואָס מע האָט ביי מיר צוגענומען אויף דער גרעניץ, ווי איהר פון אייער רעטאָנדע!...

זאָגט ריוועלע די בעקערין מיט איהר מאנסבילשער שטים:

— זאָגט האָטש להבדיל!

זאָגט איהר די מאמע:

— ביי מיר איז דען גנבה'שע קישענס?

זאָגט ריוועלע די בעקערין:

— גנבה'שע נישט גנבה'שע, איך בין צוקאָפּענס נישט גע-שטאַנען.

זאָגט איהר די מאמע:

— איך פארשטעה נישט, מחותנת'טע, וואָס איז ביי אייך פאר א לשון?

זאָגט ריוועלע די בעקערין:

— וואָסער א גוט-מאָרגען, אזא גוט-יאָהר.

זאָגט איהר די מאמע:

— מחותנת'טע! מיט וואָס האָב איך דען אָנגעריהרט אייער האָנאָר?

זאָגט ריוועלע די בעקערין:

— ווער זאָגט דען, אז איהר האָט מיר אָנגעריהרט דעם האָנאָר?

זאָגט איהר די מאמע:

— וואָס זשע זאָגט איהר „להבדיל"?

זאָגט ריוועלע די בעקערין:

XX

# די חאַליאַסטרע ווערד צעקראַכען

א.

וואָס א טאָג, וואָס א טאָג ווערד די חאַליאַסטרע עמיגראַנטען קלענער, און אנטוועלפען ווערד א פוסטקע. שבת מיט'ן שיף פאָהרען־אָפּ א גוזמא עמיגראַנטען, אַלע קיין אמעריקע. מיט זיי פאָהרט אוועק אויך מיין חבר מאָטעל, דאָס איז מאָטעל דער גרויסער, אָט דער, וואָס האָט מיך אויסגעלעהרענט שטעלען א גובערנאטאָר, די קונץ פון בויכרעדעריי און נאָך אזעלכע זאכען. איך וויים נישט, וואָס האָט אין איהם דערזעהן אזעלכעס מיין ברודער אליהו, וואָס ער האָט איהם פיינט. איך מיין, אז דאָס וואַכסט פון ברכה'ן. מיין שוועגערין ברכה האָט א טבע זיך אונטערהערען, וואָס מע רעדט, און צוקוקען זיך, וואָס מע לאַכט. ס'איז איהר עסק, וואָס מיר לאַכען. אפשר לאַכען מיר פון אונזער פיני'ן, אליהו'ס חבר, וואָס ער שלעפּט לעקאך פון די קעשענעס מיט צוקערקעס און עסט? אָדער אפשר גאָר פון ביבער דעם פעלדשער, זוי אזוי ער באַריהמט זיך פאַר דער חאַליאַסטרע עמיגראַנטען, האַקט אזעלכע שקרים, אז מע קאָן בלייבען אָהן א בויך לאַכענדיג?

מאָהלט אייך, איצטיגס מאָל איז זי גערעכט געווען. מיר האָבען געמאַכט א גאַנצע קאָמעדיע פון איהר מאַמע, ריוועלע די

איך נעם מיך אָן מיט הארץ און שטעל איהם ארויס א פייג:
„נאַ דיר!"... דאָס הייסט אזוי גרוים, ווי איך וואָלט איהם זאָגען:
„ושתי! אזא מכה דיר און אזא שטיק גאָלד מיר, ווי איך וועל אין
גיכען זיין אין אמעריקע!"...

אָ! איהר זאָלט גאָר נישט זאָרגען — איך וועל אין גיכען
זיין אין אמעריקע!

זיך. אליהו פרעגט איהם: „פיני! זאָג נאָר, וואו איז דאָס אַט דאָס קאַנאַדע? ביזט דאָך עפּיס אַמאָל געווען אַ מענטש פון געאָגראַפיע”... זאָגט איהם פיני, אַז קאַנאַדע איז אין קאַנאַדע, דאָס הייסט, נישט אין קאַנאַדע, נאָר אין אַמעריקע. דאָס הייסט, ער וויל זאָגען, אַז קאַנאַדע איז טאַקי דאָס אייגענע וואָס אַמעריקע, נאָר פאָרט נישט אַמעריקע. פרעגט איהם אליהו: „ווי קאָן דאָס זיין?” זאָגט איהם פיני: „נו, זעהסט דו דאָך!”... דערווייל דאַרף מען געהן צום שיף באַגלייטען גוטע פריינד, אונזער שכנה פּעסי מיט איהר מאַן דעם איינבינדער (משה הייסט ער) מיט איהר גאַנצער חאָליאַסטרע. וועה־וועה, וואָס סע טהוט זיך ביי'ם שיף! אידען, ווייבער, קינדער, קלומקעס, פּעקלעך, קישענס, זעק מיט בעטגעוואַנט. דער לויפט. דער שרייט. דער וויינט. דער שוויצט. דער עסט. דער שעלט. פּלוצים הערט זיך אַ קול פון אַ ווילדע חיה, פון אַ ווייזעלטיר: ה־ה־ה־ה־ה־ו־ו־ו!!!...

דאָס הודעט מען פון שיף, מע זאָל זיך שוין געזעגענען. עס ווערד אַ לויפעריי מיט אַ קושעריי מיט אַ געוויין — אַ טהעאַטער און גענוג! אַלע געזעגענען זיך. מיר געזעגענען זיך אויך. אַלע קושען זיך. מיר קושען זיך אויך. מיר קושען זיך מיט דער חאָליאַסטרע. די מאַמע קושט זיך מיט אונזער שכנה פּעסי. פּעסי רעדט איהר אויס דאָס האַרץ, בעט, זי זאָל גאָר נישט זאָרגען, זיי וועלען זיך, אם ירצה השם, זעהען אין גיכען אין אַמעריקע... די מאַמע מאַכט מיט דער האַנט און שלינגט די טרערען... די לעצטע צייט וויינט זי אַ סך ווינציגער, ווי פריהער. זי האָט עפּיס איינגענומען אַזעלכעס אויף נישט וויינען... דער גאַנצער עולם איז שוין אויפ'ן שיף. מיר זענען אין דרויסען. אי, זענען מיר זיי מקנא! אי, בין איך מקנא „ושתי'ן”! אַמאָל האָט ער מיר מקנא געווען. היינט בין איך איהם מקנא!... און „ושתי” שטעהט מיט אַ צעריסען מיצעל אויפ'ן שיף. ער האַלט די הענט אַרונטער און ווייזט מיר אַ צונג. דאָס הייסט, ער וויל מיר געבען אַנצוהערעניש, אַז ער פאָהרט און איך נישט. פאַרדריסט דאָס מיך זעהר, גאָר

אין בוך אריין. האָט זי מיך באַגעגענט מיט אַ געלעכטער. תמיד לאַכט זי, ווען זי זעהט מיך. אַלע מאָל גיט זי מיר איבער אַ גרוס פון גאָלדעלען און לאַכט. עפענט זי אויף דאָס קאָנווערטעל, טהוט אַ קוק אין צעטעל אריין און הערט אויף צו לאַכען, און פאַרברעכט די הענט. פרעגט ביי איהר די מאַמע: וואָס הערט זיך? זאָגט זי: וואָס זאָל זיך הערען, מיין ליעבע אידינע? ס'איז שלעכט! דער דאָקטאָר זאָגט, אַז איהר קאָנט נישט פאָהרען קיין אַמעריקע... מיין שוועגערין ברכה, ווייסט איהר דאָך, האָט אַ טבע פון חלש'ען, איז זי באַלד געפאַלען חלשות. מיין ברודער אליהו איז געבליבען שטעהן אָהן אַ טראָפּען בלוט אין פּנים. די מאַמע אַליין איז געבליבען אַ פאַרשטיינערטע. זי קאָן שוין אפילו נישט וויינען... דאָס מיידעל (פרייליין זייטשיק) האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן נאָך וואַסער. זי האָט אָפּגעמינטערט ברכה'ן, געטרייסט אליהו'ן, אויסגערעדט דאָס האַרץ דער מאַמע און געהייסען קומען מאָרגען. אויפ'ן וועג זאָגט איהר מיין ברודער אליהו מוסר, למאי זי האָט געוויינט די גאַנצע צייט, און ער דערמאַנט איהר, וויפיעל מאָל ער האָט איהר געזאָגט, זי זאָל נישט וויינען!... די מאַמע וויל איהם ענטפערען, האָט זי נישט קיין ווערטער... זי קוקט ארויף און בעט גאָט: „טהו מיט מיר, רבונו של עולם, אַ חסד און מיט מיינע קינדער, און נעם מיך צו פון דער וועלט!"... אונזער חבר פּיני דרינגט, אַז אינגאַנצען איז דאָ שולדיג אָט דער ליגנער, אָט דער פעלדשער ביבער. אַ גאַנצען טאָג מיט אַ גאַנצע נאַכט הערט מען נישט אויף צו עסען איינם דאָס אַנדערע, ביז עס קומט מאָרגען. אויף מאָרגען געהען מיר ווידער צו דער „עזרה". גיט אונז די „עזרה" איין עצה, אַז מיר זאָלען זיך פּרובען פאָהרען איבער לאָנדאָן. אפשר וועט לאָנדאָן דורכלאָזען די מאַמע מיט איהרע פאַרוויינטע אויגען קיין אַמעריקע. אָדער אויב נישט קיין אַמעריקע, איז חאָטש קיין קאַנאַדע... וואו איז קאַנאַדע — ווייסען מיר נישט. מע זאָגט, אַז ס'איז נאָך ווייטער פון אַמעריקע... מיין ברודער אליהו און אונזער חבר פּיני האָבען דערווייל איבער וואָס צו קריעגען

רעטאַנדע? דערהערט, אז ס'איז שוין נישטאָ קיין רעטאַנדע, בין איך צופריעדען. איך נעם אַלטען און געה מיט איהר שפּאַציערען. איך באַוויַיז איהר די שטאָדט אַנטווערפּען. זי ווערד נישט נתפּעל. זי האָט, זאָגט זי, געזעהן גרעסערע שטעדט. וואָס זאָגט איהר אויף איהר טאַטען? איך פיהר זי אויף די סטאַנציעס, וואו סע שטעהען עמיגראַנטען. איך מאַך זי באַקאַנט מיט מיינע חברים. אַלטע ווערד נישט נתפּעל פון קיין זאַך. זי האַלט זיך גרויס. זי איז אַ גדלנ'טע. זי איז פון תמיד אָן אַזוי... שפּעטער געהען מיר אַלע אינאיינעם, אונזער חאַליאַסטרע און זייער חאַליאַסטרע, אין דער „עזרה". דאָרט באַגעגענען מיר זיך מיט אונזער שכנה פּעסי און מיט איהר חאַליאַסטרע. אויך גאָלדעלען זעהען מיר דאָרטען. גאָלדעלע וויל זיך באַקענען נעהענטער מיט אַלטען. אַלטע האַלט זיך מיט איהר פון דער וויַיטען. גאָלדעלע פיהרט מיך אָפּ אויף אַ זייט און פרעגט מיך, וואָס איז מיט דעם מיידעל אַזוי דער יחוס, וואָס סע שטעהט איהר נישט אָן מיט איהר צו רעדען? דערצעהל איך איהר, אז מע האָט מיר פּאַר־אַ־יאָהרען ביי מיין ברודער אויף דער חתונה גערעדט אַלטען פאַר אַ כלה. ווערד זי רויט, אַזוי ווי פייער, און קערעוועט זיך אָפּ אויף אַ זייט און ווישט זיך די אויגען...

## ד.

וואָס זאָגט איהר אויף דעם אומגליק, וואָס אונז האָט גע־טראָפען? מיר זענען געווען מיט דער מאַמע ביי'ם דאָקטאָר, ער זאָל איהר באַטראַכטען די אויגען. האָט ער איהר באַטראַכט די אויגען און נישט געזאָגט גאָרנישט. ער האָט נאָר אָנגעשריבען אַ צעטעלע און אריינגעלעגט אין אַ קאָנווערט. האָבען מיר דעם קאָנווערט אוועקגעטראָגען צו דער „עזרה". געקומען צו דער „עזרה", האָבען מיר דאָרט נישט געטראָפען קיינעם נאָך, נאָר איין פריילין זייטשיק, אָט די, וואָס זי פאַרשרייבט אַלע עמיגראַנטען

אַלטע הערט מיך אויס מיט גרויסע אויגען. נאָכדעם דערצעהלט זי מיר, וואָס זיי האָבען געהאַט. ווי אַזוי איהר טאַטע האָט שוין לאַנג געוואָלט פאָהרען קיין אַמעריקע, האָט איהר מאַמע נישט געוואָלט. און נישט אַזוי די מאַמע, ווי די משפחה. די משפחה זאָגט, אַז אין אַמעריקע דאַרף מען הארעווען, און איהר מאַמע איז דערצו נישט געוואָהנט געוואָרען. איהר מאַמע האָט אַ רעטאָנדע. די רעטאָנדע האָט איהר דער טאַטע געמאַכט נאָך אין די גוטע יאָהרען, אַז זיי האָבען נאָך געהאַט אַ סך געלט. איצט, אַז ס'איז זיי געוואָרען שלעכט, און די בעלי־חובות האָבען אָנגעהויבען צו דעקוטשען, איז געבליבען, מע זאָל פאַרקויפען אַלסדינג און פאָהרען קיין אַמעריקע. אַז ס'איז געקומען צו דער רעטאָנדע, מע זאָל פאַרקויפען די רעטאָנדע, זאָגט די מאַמע: אַלסדינג וועט זי פאַר־קויפען, נאָר נישט די רעטאָנדע. פרעגט זי דער טאַטע: אויף וואָס דאַרפסט דו די רעטאָנדע? אין אַמעריקע דאַרף מען נישט קיין רעטאָנדע! זאָגט איהם די מאַמע: וואָס הייסט, אויף וואָס דאַרף איך די רעטאָנדע? וויפיעל יאָהר האָב איך, זאָגט זי, גע־בעטען גאָט, איך זאָל מיך דערשלאָגען צו אַ רעטאָנדע, קוים דער־לעבט אַ רעטאָנדע, זאָל איך איצט נעמען און פאַרקויפען די רע־טאָנדע? טאָג ווי נאַכט האָט מען געהערט ביי אונז נאָר רעטאָנדע און רעטאָנדע! די גאַנצע משפחה (פון דער מאַמע'ס צד) זענען זיך צונויפגעקומען. מע האָט זיך געקריעגט און געזידעלט. עס האָט שוין געהאַלטען כמעט ביי צעגעהן זיך, דאָס הייסט, דער טאַטע זאָל זיך גט'ען מיט דער מאַמע, אַלץ איבער דער רעטאָנדע. ווער האָט אויסגעפיהרט? געוויינטליך, די מאַמע! מע האָט די רעטאָנדע נישט פאַרקויפט! מע האָט מיטגענומען די רעטאָנדע, איינגעפאַקעוועט די רעטאָנדע באַזונדער אין אַ פעקעל, און ביז מיר זענען געקומען צו דער גרעניץ איז שוין נישט געוועז קיין רעטאָנדע...

אַזוי דערצעהלט מיר אַלטע, און ווייטער וויל איך שוין נישט הערען. מיר איז נאָר געגאַנגען צו וויסען, אויב ס'איז נאָך דאָ אַ

אויף איהם קוקענדיג, קושט זיך מיט זיי דער פעלדשער אויך.
פרעגען זיי: ווער איז דאָס? זאָגט ער: איך בין ביבער. שיסט־
אוים פּיני אַ געלעכטער... און די מאַמע מיינע? די מאַמע טהוט
זיך איהרם: זי וויינט!... מיין ברודער אליהו עקט זיך. ער
קוקט אויף איהר און צופּט זיך ביי'ם בערדעל. ער קאָן איהר
אָבער איצטער גאָר נישט זאָגען: ס'איז דאָך אייגענע, נישט קיין
פרעמדע, מחותנים, און פון איין שטאָדט. פאַר וואָס זאָל מען זי
נישט לאָזען אַ ביסעל זיך אויסוויינען?...

— ווי אַזוי האָט איהר גע'גנב'עט די גרעניץ און וואו האָט
מען אייך באַנומען?

דאָס איז געווען דאָס ערשטע, וואָס מיר האָבען געפרעגט ביי
אונזערע מחותנים. און אונזערע מחותנים האָבען פון דעם צו דער־
צעהלען גאַנצע פּעק! מיר קריכען אָבער נישט אין קאָפּ אריין
זייערע מעשיות. איך האָב מיך פאַרקליבען אין אַ ווינקעלע מיט
מיין שוועגערינ'ם אַ שוועסטערעל. איך האָב אייך אַמאָל דער־
צעהלט פון איהר. זי הייסט אַלטע און טראָגט צוויי צעפּלעך,
פון אונטען צונויפגעדרעהט, ווי אַ בייגעל. איהר דאַרפט געדענ־
קען, אַז מע האָט זי מיר אַמאָל גערעדט פאַר אַ כלה (ביי מיין
ברודער אליהו אויף דער חתונה). דעמאָלט איז זי אַלט געווען
נייען יאָהר. איצט איז זי שוין אַלט צעהן, דאָס עלפטע. אין
איינע יאָהרען מיט גאָלדעלען, מיט דער מיידעל, וואָס איז נעבאָך
געבליבען זיצען אין אַנטוועראפּען איבער די אויגען. איך דערצעהל
אַלטען פון גאָלדעלען, און פון איהרע קראַנקע אויגען נעבאָך, און
פון מיין חבר מאָטעל דעם גרויסען, און פון מיין חבר מענדלען,
און פון דער „עזרה", און פון דעם פריילין זייטשיק, וואָס שרייבט
אין אַ בוך, און פונ'ם דאָקטאָר, וואָס קוקט אין די אויגען. און פון
וויען דערצעהל איך איהר, פונ'ם „אַליאַנץ", וואָס האָט פיינט אַ
אידען, און פון קראָקע מיט לעמבערג דערצעהל איך איהר. און
פון דער גרעניץ, ווי אַזוי מיר האָבען גע'גנב'עט, און ווי אַזוי מיר
זענען קוים אַרוים מיט'ן לעבען. איך לאָז נישט דורך קיין זאַך.

## ג.

ביבער, אַט דער פעלדשער, וואָס איך דערצעהל אייך, האָט זיך אונטערגענומען צו־רעכט מאַכען דער מאַמע די אויגען. ער זאָגט, אַז קיין דאָקטאָר אין דער וועלט וועט נישט געפינען אויף זיי קיין חסרון. ערשטענס, ווייס ער די קונץ נאָך פון דער היים. ער איז אַ פעלדשער, און אַ פעלדשער איז דאָך אַ האַלבער דאָקטאָר. און חוץ לזה, איז ער געווען אין „דייטשענלאַנד" און האָט זיך צוגעקוקט, וואָס מע טהוט מיט די עמיגראַנטען, זיי זאָלען האָבען געזונטע אויגען. ער זאָגט, אַז מע מאַכט ממש פון בלינד זעהענדיג. פרעגט איהם פיני: „אפשר פאַרקעהרט?"... ווערד ער אין כעס (ביבער איז אַ גרויסער כעסן). ער שיט־אָפּ פיני'ן מיט ווערטער. ער זאָגט, אַז ער איז צו אַ גרויסער חכם! צו קלוג פאַר אַמעריקע! אין אַמעריקע, זאָגט ער, האָט מען פיינט חיטראַקעס! אַמעריקע איז אַ לאַנד, וואו מע ווייסט נישט פון קיין חכמות. אין אַמעריקע איז געזאָגט — געמיינט, געמיינט — געזאָגט. אין אַמעריקע איז אַ וואָרט אַ וואָרט. אַמעריקע איז, זאָגט ער, געבויעט אויף אמת, און אויף יושר, און אויף גערעכטיג־קייט, און אויף כבוד, און אויף עהרליכקייט, און אויף סאָוועסט, און אויף מענטשליכקייט, און אויף נאמנות, און אויף רחמנות... פרעגט איהם פיני: „און אויף וואָס נאָך?"... ווערד ביבער נאָך מעהר אין כעס! איין עבירה, וואָס מע האָט זיי איבערגעשלאָגען סאַמע אין מיטען שמועס! מען איז אונז געקומען זאָגען, אַז עמיצער פרעגט זיך נאָך אויף אונז אין דרויסען. ווער קאָן עס זיין? מיר געהען אַרויס — געסט! געסט! געסט! אונזערע מחותנים זענען געקומען! יונה דער בעקער מיט דער גאַנצער משפּחה. אַ נייע חאַליאַסטרע! ווי־עדער אַ מאָל אַ גדולה: מיין שווענערין ברכה קושט זיך מיט טאַטע־מאַמע, מיין ברודער אליהו קושט זיך מיט זיין שוועהר און מיט די שוואָגערס. אויף איהם קוקענדיג, חאַפּט זיך פיני אויך קושען מיט אונזערע מחותנים, און

אויפ'ן וועג האָט ער זיך מיט זיי באַקענט. זיי האָבען אינאיינעם גע'גנב'עט די גרעניץ. קיין נסים ונפלאות, ווי מיט אונז, האָט זיך זיי נישט געטראָפען. הרג'ענען האָט מען זיי נישט געוואָלט, קיין בעטגעוואַנט האָט מען ביי זיי נישט צוגענומען, נאָר זיי זענען גלאַט אזוי פארשווארצט געוואָרען. זיי האָבען געהאַט, זאָגען זיי, צו זינגען און צו זאָגען. זיי זענען דורכגעגאַנגען, זאָגען זיי, א שוויץ־באָד, אין האמבורג. וואָס זיי דערצעהלען זיך אָן פון דעם האמבורג! די האָר שטעלען זיך קאַפּויר! סדום איז א הונט אקעגען האמבורג! מע באַגעהט זיך דאָרטען, זאָגען זיי, מיט די עמיגראַנטען א סך ערגער ווי ביי אונז מיט ארעסטאַנטען. ווען נישט אָט דער פעלדשער (ביבער), וואָלטען זיי דאָרטען אומגעקומען. ער איז זיי געשטאַנען אין זייערע נויטען. ער, ביבער, איז א גרויסער עזות־פּנים. ער דערצעהלט, ווי אזוי ער האָט זיך גערעכענט מיט די דייטשען, איז א שרעק! ער האָט זיך, זאָגט ער, אויסגעשמועסט מיט זיי דוקא אויף רוסיש. רוסיש, זאָגט ער, קאָן ער גוט. א סברא, אז נאָך בעסער פון אונזער פיני'ן. פיני דרינגט, אז אלסדינג, וואָס דער ביבער דערצעהלט אונז, וואָלט געווען זעהר שען, ווען ס'זאָל זיין אמת. אונזער חבר פיני האָט פון דער ערשטער מינוט אָן געוואָרפען איין אומחן אויף דעם פעלדשער ביבער. ער האָט געמאַכט אויף איהם א ליעדעל. אז פיני האָט נישט ליעב א מענטשען, מאַכט ער אויף איהם א ליעדעל. אויב איהר ווילט, קאָן איך עס אייך איבערזאָגען:

אונזער פעלדשער ביבער
איז א גרויסער גבור
אויף דערצעהלען זאַכען.
ס'קאָן זיך אמאָל מאַכען
(פופציג מאָל א טאָג),
טהוט ער זיך א זאָג
א גרויסען ליגען
פון דרך־שלום וועגען.

## ב.

שוין, דאנקען גאָט. מיר זענען שוין אַלע געווען בײַ'ם דאָק־טאָר, נאָר די מאַמע נאָך נישט. די מאַמע וועט זײַן שפּעטער. מײַן ברודער אליהו האָט מורא. זי האָט די לעצטע צײַט צופֿיל געוויינט... דער דאָקטאָר האָט אונז אַרײַנגעקוקט אין די אויגען אַרײַן און אָנגעשריבען אונז עפּיס אויף פּאַפּיער און פֿאַר'חתמ'עט אין אַ קאָנווערט. האָבען מיר זיך תּחילת זעהר דערשראָקען. מיר האָבען געמיינט, אַז דאָס האָט ער אונז פֿאַרשריבען אַ רפֿואה צו די אויגען. פֿרעגען מיר איהם: וואָס האָט ער אונז פֿאַרשריבען? ווייזט ער אונז מיט דער האַנט אויף דער טהיר. שטויסען מיר זיך, אַז מע הייסט אונז געהן... קומען מיר צו דער „עזרה" און ווייזען איהר דאָס געשריפֿטס פֿונ'ם דאָקטאָר. נעמט דאָס מיידעל (פֿרייליין זייטשיק) און עפֿענט אויף דאָס קאָנווערטעל און לייענט־איבער און מאַכט צו אונז:

— איך קאָן אייך אָנזאָגען אַ בשורה: דער דאָקטאָר זאָגט, אַז איהר האָט געזונטע אויגען.

אוודאי איז דאָס פֿאַר אונז אַ בשורה! וואָס טהוט מען אָבער מיט דער מאַמע? זי הערט נישט אויף צו וויינען. טענה'ן מיר מיט איהר:

— וואָס טהוסט דו? טאָמער חלילה וועט דער דאָקטאָר פֿאַר־בראַקעווען דיר די אויגען?

— הערסט דו? אָט דאָס וויין איך דאָך!...

אזוי ענטפֿערט די מאַמע און לעגט־צו צו די אויגען אַ פֿלעס־טערעל. דאָס פֿלעסטערעל האָט איהר געגעבען איין עמיגראַנט אַ פֿעלדשער. ער איז זעהר נישט קיין שענער. ער האָט משונה־מאָדנע צייהן, נאָר ער בחור'ט זיך. ער טראָגט אַ מעשענעם זייגער מיט אַ זילבערנער קייט מיט אַ רוקער, און אַ גאָלדען רינגעל אויף דער האַנט. ער הייסט נישט קיין שענעם נאָמען: „ביבער!" געקומען איז ער אהער קיין אַנטווערפּען מיט דער חאָליאַסטרע.

פאַרקיהלט און קראַנק געוואָרען... ווי אַזוי זי האָט אַלסדינג פאַר־קויפט, אַבי ראַטעווען דעם טאַטען... ווי אַזוי דער טאַטע איז גע־שטאָרבען און זי איז געבליבען איין אַלמנה מיט צוויי קינדער יתומים... איינעם האָט זי, ברוך השם, חתונה געמאַכט, אַריינגע־געבען אין אַ שמאַלץ־גרוב... די שמאַלץ איז אויסגערונען, די גרוב איז געבליבען... נאָכדעם, ווי אַזוי מיר האָבען פאַרקויפט דאָס לעצטע שטיקעל חיות, אונזער האַלבע שטוב, און געלאָזט זיך קיין אַמעריקע... נאָכדעם, ווי אַזוי מיר האָבען גע'גנב'עט די גרעניץ הינטער בראָד, שיער נישט גע'הרג'עט געוואָרען אין אַ פינסטערער נאַכט, און האָבען פאַרלאָרען דאָס גאַנצע ביסעל גוטס, דאָס בעט־געוואַנט — וואָס וועלען מיר טהון איצט אָהן בעטגעוואַנט אין אַזאַ ווייט לאַנד?...

אַזוי טענה'ט די מאַמע פאַר דער „עזרה“, און די „עזרה“ הערט, און דאָס מיידעל, וואָס זיצט בײַ'ם טיש (פרייליין זייטשיק הייסט דאָס מיידעל), פאַרשרייבט איטליכס וואָרט, וואָס די מאַמע זאָגט, אין אַ בוך אַריין. די מאַמע האָט נאָך צו דערצעהלען און צו דערצעהלען, רופט זיך אָן צו איהר איינער פון דער „עזרה“:

— אַלזאָ, פאָהרט איהר קיין אַמעריקע?

זאָגען מיר:

— פאַרשטעהט זיך, נישט קיין יעהופּעץ, קיין אַמעריקע.

רופט זיך אָן צו אונז יענער, וואָס פון דער „עזרה“:

— זענט איהר שוין געווען בײַ'ם דאָקטאָר?

זאָגען מיר:

— וואָסער דאָקטאָר?

רופט זיך אָן צו אונז יענער, וואָס פון דער „עזרה“:

— אָט האָט איהר איין אַדרעס. געהט זיך דורך, ראשית חכמה, צום דאָקטאָר, וועט ער באַטראַכטען אייערע אויגען.

דערהערט דאָס וואָרט „אויגען“, טהוט מיין ברודער אַליהו אַ קוק אויף דער מאַמען און ווערד טוידט ווי די וואַנט...

וואָס האָט ער זיך אַזוי דערשראָקען?...

איז ארומגעגאנגען אָהן א קאָפּ. אַלע האָבען געמיינט, אז ס׳איז איין עק, אויס „ושתי״! צום סוף — גאָר נישט. אויפ׳ן דריטען טאָג האָט „ושתי״ געבעטען ברויט און געגעסען ווי נאָך א תענית. עסען האָבען זיי ליעב אַלע, זיי האַלטען פון דער אכילה. „די הונגעריגע טשערעדע״ — אזוי רופט זיי די מוטער אַליין, פּעסי הייסט עס. פּעסי איז א אידינע זעהר א וואָהלע, נאָר אביסעל צו דיק. זי האָט דריי גיידערס. איך האָב זי שוין עטליכע מאָל ארויפגעכאַפּט אויף פּאַפּיער. האָט איינמאָל דערזעהן „ושתי״, האָט ער ארויסגעכאַפּט ביי מיר דאָס געמאָהלעכטס און האָט דאָס באוויזען אויף א ציקאַוועסט דער מאַמע זיינער. האָט זי געלאַכט. איז געוואָהר געוואָרען מיין ברודער אליהו, האָט ער מיר געוואָלט איינטיילען פאַר די „מענטשעלעך״, ווי זיין שטייגער איז. א גליק, וואָס פּעסי אַליין האָט זיך איינגעשטעלט פאַר מיר. „א קינד, זאָגט זי, מאַכט זיך נאַריש, נישט כדאי זיך אָפּעסען דאָס האַרץ״. לאַנג לעבען זאָל זי, פּעסי. איך האָב זי ליעב. איך האָב נאָר פיינט, אז זי קושט זיך. אז זי איז געקומען קיין אנטווערפּען, האָט זי מיך ארומגעכאַפּט קושען, ווי איין אייגען קינד. מיט אַלעמען האָט זי זיך געקושט. מעהר פון אַלע, געוויינטליך, מיט דער מאַמע. די מאַמע אז זי האָט זי דערזעהן, איז גלייך ווי דעם טאַטען פון יענער וועלט: זי האָט זיך אזוי צעוויינט, אז מיין ברודער אליהו איז אַנגעפּאַלען אויף פּעסי׳ן, אז איבער איהר מאַכט די מאַמע א תל פון די אויגען און קאָן נישט געהן צום דאָקטאָר... געהן צום דאָקטאָר — דאָס מוז יעדער, ווער עס קומט אהער קיין אנטווערפּען. דאָס ערשטע, וואָס איינער פרעגט ביי׳ם אנדערען, איז: „זענט איהר שוין געוועזען ביי׳ם דאָקטאָר?״... „וואָס האָט אייך געזאָגט דער דאָקטאָר?״... אפילו די „עזרה״, אז מע קומט צו איהר צו געהן, שיקט זי באַלד אָפּ צום דאָקטאָר. אז מיר זענען געקומען אהין דאָס ערשטע מאָל, האָט די מאַמע נאָר-וואָס געוואָלט אנהויבען דערציילען די מעשה: ווי אזוי איהר מאַן איז געוועזען כל ימיו א חזן אין דער קצב׳ישער שוהל... ווי אזוי ער האָט זיך

XIX

# די חאַליאַסטרע

א.

איהר זענט דאָך שוין באַקאַנט מיט דער חאַליאַסטרע. דאָס איז אונזער שכנה פּעסי מיט איהר מאַן דעם איינבינדער (ער הייסט משה), מיט זייערע אַכט קינדערלעך, וואָס יעדער האָט ביי זיי, ווי איך האָב אייך שוין אַמאָל דערצעהלט, איין אַנדער צונעמעניש. דער קלענערער פון אַלע איז אין מיינע יאָהרען (נייען, דאָס צעהנ־טע). מע רופט איהם „ושתי". דאָס הייסט, דער אמת'ער נאָמען זיינער איז הערשעל, נאָר מחמת ער האָט אַ גאָלי אויפּ'ן שטערן, האָבען איהם די עלטערע אַ נאָמען געגעבען „ושתי". איך האַלט פון „ושתי'ן". איך האָב איהם ליעב דערפאַר, וואָס ער וויינט נישט. וויפיעל איהר זאָלט איהם נישט שלאָגען, נעמט ער צו ווי אַ שוואָם. עס נעמט איהם נישט קיין קויל. איינמאָל האָט ער צעריסען אַ פּרעמדען סדור, האָט איהם זיין טאַטע, משה דער איינבינדער, געשלאָגען מיט'ן ברעטעל, וואָס מע שניידט אויף דעם פּאַפּיער. „ושתי" האָט נאָך דעם גוט געקרענקט צוויי טאָג כסדר. איהר קאָנט פאַרשטעהן, אַז ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון בולקע. מע האָט שוין נישט געהאַלטען פון זיין לעבען. די מאַמע זיינע, אונזער שכנה פּעסי, האָט איהם שוין באַוויינט, און דער פאָטער

צווישען מענטשען, צווישען אייגענע. מע הערט רעדען א אידיש וואָרט. דאָס מיינט זי די עמיגראַנטען. לעבען זאָלען די עמי־גראַנטען! צווישען עמיגראַנטען פיהלען מיר זיך טאַקי היימיש. ובפרט צווישען אייגענע! אָט באַלד וועלען מיר האָבען געסט. אם ירצה השם, נאָך שבת קומט אונזער מחותן, יונה דער בעקער, מיט זיין הויזגעזינד. מיר וואַרטען, היינט־מאָרגען זאָל קומען אונזער שכנה פּעסי מיט איהר חאַליאַסטרע. אָט דאָ וועט ערשט ווערען א שמחה. איך וועל אייך, אם ירצה השם, באַשרייבען אַלסדינג.

אויף איהם רחמנות געהאט און האָבען איהם גענומען מיט זיך און געבראכט צו פיהרען אהער, קיין אנטווערפען. דאָ האָט ער זיך דערשלאָגען צו דער „עזרה״. האָט די „עזרה״ אוועקגעשריבען א בריעף קיין אמעריקע, טאָמער וועט מען אויפזוכען זיינע עלטערען. וואַרט ער דאָס אויף איין ענטפער און אויף א שיפסקאַרטע. דאָס הייסט, אויף א האלבע שיפסקאַרטע, מחמת ער איז נאָך א קליי־נער. דאָס הייסט, ער איז נישט אזוי קליין, ווי ער האלט זיך קליין. ס׳איז א סברא, אז ער איז שוין בר־מצוה, חאָטש קיין תפילין לעגט ער נישט. ער האָט נישט. זענען געוואָהר געוואָרען עמיגראַנטען, אז מענדעל איז א בר־מצוה־בחור׳על און האָט נישט קיין תפילין, איז געוואָרען א גוואלד: פאַר וואָס זעהט מען איהם נישט קיין תפילין? זאָגט מענדעל: „פאַר וואָס זעהט מען מיר נישט קיין שטיוועל?״... רופט זיך אָן צו איהם איינער איין עמיגראַנט מיט שאַרפע אויגען: „א דו, שייגעץ! נישט גענוג מע זאָרגט זיך פאַר דיר, ביזט דו נאָך איין עזות־פנים?״... דער עמיגראַנט מיט די שאַרפע אויגען האָט אזוי לאַנג געאַרבייט, ביז די איבעריגע עמיגראַנטען האָבען זיך צונויפגעלעגט און האָבען איהם געקויפט א פּאָר תפילין. אלסדינג איז צו קריגען אין דעם אנטווערפען. אפשר מיינט איהר, ס׳איז נישטאָ קיין בתי־מדרשים מיט קיין שוהלען? אָהאָ, נאָך וואָסערע שוהלען! איין שוהל איז דאָ א טערקישע. איהר מיינט, דאָרטען דאַווענען טערקען? ניין! דאָרטען דאַווענען אידען, די אייגענע אידען, וואָס מיר, נאָר אויף טערקיש. דאָס הייסט, פאַרקעהרט. מע פאַרשטעהט נישט איין וואָרט! געפיהרט האָט אונז אהינצו אונזער נייער חבר מענדעל. מיר אלע דריי, איך און מאָטעל דער גרויסער און מענדעל, זענען געוואָרען חבר. גאַנצע טעג געהען מיר אַרום איבער דער שטאָדט. דאָרט, אין בראָד, אין קראָקע מיט לעמבערג, אָדער אין וויען, פלעגט מיך די מאַמע מורא האָבען אָפּלאָזען פון זיך אויף א טריט. דאָ אין אַנטווערפען האָט זי קיין מורא נישט. דאָרט, זאָגט זי, זענען סאַמע דייטשען, און דאָ, אין אנטווערפען, זענען מיר, זאָגט זי,

און צו גאָלדעלען זאָגט זי, אַז זי האָט קיין רחמנות נישט אויף זיך אַליין. זי מאַכט זיך אַ תל פון דעם איבעריגען ביסעל אויגען! ענטפערט איהר דערויף גאָלדעלע מיט אַ געלעכטער, און טרערען גיסען זיך איהר פון די אויגען:

— אַ תל פון די אויגען מאַכט מיר דער דאָקטאָר מיט זיין בלוישטיין, ערגער ווי איך מיט מיין געוויין...

מיר געזעגענען זיך מיט גאָלדעלען, און איך זאָג איהר צו, אַז מאָרגען אין דער צייט וועלען מיר זיך דאָ ווידער אַ מאָל זעהן.

— אם ירצה השם! — ענטפערט גאָלדעלע מיט אַ פרום פּנים, ווי איין אַלטע. און מיר ביידע, מאָטעל דער קליינער און מאָטעל דער גרויסער, לאָזען זיך געהן שפּאַציערען איבער אַנט־ווערפּען.

## ד.

מיר, דאָס הייסט, איך מאָטעל דער קליינער, און מיין חבר מאָטעל דער גרויסער, זענען נישט אַליין. מיר האָבען דאָ נאָך אַ חבר. ער איז אַ יונגעל פון אַ יאָהר דרייצעהן און הייסט מענ־דעל. ער איז אויך פארבליבען אין אַנטווערפּען, פאַהרענדיג קיין אַמעריקע. נישט איבער די אויגען, נאָר איבער איין אַנדער זאַך. איהם האָט מען פאַרלוירען אויפ'ן וועג, ערגיץ אין דייטשלאַנד. אַ גאַנץ וועג, דערצעהלט ער, האָבען זיי זיך דערהאַלטען די נשמה נאָר מיט הערינג. האָט איהם געברענט אויפ'ן הארצען. האָט ער זיך אַראָפּגעחאַפּט אויף אַ סטאַנציע חאַפּען אַ טרונק וואַסער, און איז געבליבען שטעקען אָהן אַ בילעט און אָהן אַ קאָפּיקע געלט און אָהן אַ העמד אויפ'ן לייב. און מחמת ער האָט נישט געקענט זייער שפּראַך, האָט ער זיך פאַרשטעלט פאַר אַ שטומען. האָט מען איהם אויסגעפיהרט וואו די וועלט האָט איין עק, ביז ער האָט דערזעהן אַ פּאַרטיע עמיגראַנטען, אידען. איז ער צוגעגאַנ־גען צו זיי און האָט זיי דערצעהלט די גאַנצע מעשה. האָבען זיי

זאָגט זי, מיט'ן זעלבען בלוישטיין, וואָס ער שמירט אַלע איבעריגע קראַנקע. ווען זי, גאָלדעלע, פאַרמאָגט צו קויפען איין אייגענעם בלוישטיין, וואָלט זי זיך שוין לאַנג, זאָגט זי, אויסגעהיילט.

— נו, און דיינע טאַטע־מאַמע? — פרעג איך זי.

— זענען אין אַמעריקע. זיי מאַכען דאָרט אַ לעבען. איך האָב פון זיי בריעף. אַלע חודש כמעט האָב איך פון זיי אַ בריוועל. נאַ זעה, קאָנסט לייענען? לייען מיר!

און זי נעמט־אַרויס פון בוזעם אַ גאַנצען פּאַק מיט בריוולעך און גיט מיר, איך זאָל זיי איהר לייענען הויך אויף אַ קול. איך וואָלט דאָס איהר געווים געטהאָן. קאָן איך אָבער נישט לייענען קיין געשריבענעם. ס'זאָל זיין געדרוקט, וואָלט איך עס געלייענט. לאַכט זי פון מיר און זאָגט, אַז אַ יונגעל איז נישט קיין מיידעל. אַ יונגעל דאַרף קאָנען אַלץ אויף דער וועלט! איך האָב מורא, אַז זי איז גערעכט. אַי, וואָלט איך אַ בעלן זיין קאָנען לייענען געשריבענעם! אַי, בין איך מקנא מיין חבר מאָטעל דעם גרויסען, וואָס ער קאָן לייענען און שרייבען (איך האָב אייך שוין דערצעהלט פון איהם)! האָט איהם גאָלדעלע געגעבען איבערלייענען די בריוולעך, וואָס מע שרייבט איהר פון אַמעריקע. האָט זיי מאָטעל דער גרויסער געלייענט ווי אַ וואַסער. די בריוולעך זענען כמעט אַלע געשריבען מיט איין לשון און מיט די זעלביגע ווערטער:

„טהייערע גאָלדעלע, האַרציגע גאָלדעלע, לעבען זאָלסט דו! אַז מיר דערמאָנען זיך דאָ, אין דעם אַמעריקע, אַז אונזער קינד האָט מען אַרויסגעריסען פון אונזערע הענט און דו וואַלגערסט זיך דאָרטען אין דער פרעמד צווישען אומבאַקאַנטע מענטשען, געהט אונז נישט איין דאָ דער ביסען. טאָג ווי נאַכט טהוען מיר דאָ קלאָגען און וויינען אויף אונזער ליכטיגען שטערן, וואָס איז צו־געגומען געוואָרען פון אונזערע אויגען...‟ און אַזוי ווייטער.

מאָטעל דער גרויסער לייענט און לייענט, און גאָלדעלע וויינט, ווישט זיך די אויגען. דערזעהט דאָס פריילין זייטשיק, הויבט זי אָן זיך בייזערען אויף אונז, וואָס מיר מאַכען זי וויינענדיג.

מען געווען בגדי־מלכות. אלע האָבען געהאַט צו צוויי העמדער און גאַנצע שיך. היינט איז זי געבליבען אינגאַנצען מיט איין העמד און אָהן שיך. ווען נישט דאָס פרייליין זייטשיק, זאָגט זי, וואָלט זי גאָר געגאַנגען באָרוויס. דאָס פרייליין זייטשיק האָט איהר אוועקגעשענקט, זאָגט זי, א פּאָר שיך פון איהרע אייגענע פיס. נאָך גאַנץ גוטע שיך. אזוי האָט מיר דערצעהלט גאָלדעלע און האָט מיר באַוויזען די שיך, וואָס דאָס פרייליין זייטשיק האָט איהר אוועקגעשענקט. גאַנץ שענע שיך, נאָר א ביסעל צו גרויס אויף איהר... בקיצור, ס'איז אוועקגעגאַנגען די ערשטע טעג סוכות און שמחת־תורה, ס'איז געקומען די צייט, וואָס מע דאַרף זיך זעצען אויפ'ן שיף. זאָגט מען צו זיי, אז זיי זאָלען זיך דורכגעהן צום דאָקטאָר. זענען זיי געגאַנגען צום דאָקטאָר. האָט זיי דער דאָקטאָר באַטראַכט און געפונען, אז זיי זענען אלע געזונט און שטאַרק און קאָנען פאָהרען קיין אמעריקע. נאָר זי, גאָלדעלע הייסט עס, קאָן נישט פאָהרען, ווייל זי האָט „טראַכאָמעס" אויף די אויגען. פריהער האָבען זיי גאָר נישט פאַרשטאַנען, מיט וואָס מען עסט דאָס. ערשט שפּעטער האָבען זיי דאָס רעכט צעקייט. דאָס האָט געהייסען, אז אלע פאָהרען אוועק קיין אמעריקע, נאָר זי, גאָלדעלע, בלייבט איבער דאָ, אין אנטווערפּען. איז געוואָרען א געוויין, א יאָמער, א קלאָג. די מאַמע האָט גע'חלש'ט דריי מאָל. דער טאַטע האָט געוואָלט בלייבען דאָ, האָט מען נישט געקאָנט. די גאַנצע שיפסקאַרטע וואָלט געגאַנגען פאַרלאָרען. איז געבליבען, אז זיי פאָהרען אוועק קיין אמעריקע, און זי, גאָלדעלע, בלייבט איבער דאָ ביז עס וועלען זיך אויסשטעהן די „טראַכאָמעס" פון איהרע אויגען... און אָט אזוי, שוין באַלד א יאָהר, אז זי היילט זיך און האָט זיך נאָך נישט אויסגעהיילט. דאָס פרייליין זייטשיק זאָגט, אז דערפאַר היילען זיך נישט אויס איהרע אויגען, ווייל זי וויינט כסדר. נאָר זי, גאָלדעלע, זאָגט, אז איבער איין אנדער זאַך היילען זיך איהר נישט אויס די אויגען. איבער'ן בלוישטיין! אלע מאָל, ווען זי קומט צום דאָקטאָר, שמירט ער איהר די אויגען,

פון וואנען עס האָט זיך גענומען. אזוי האָב איך געהערט טאקי דאָ אין אנטווערפען. פון א מיידעל האָב איך עס געהערט. גאָלדעלע הייסט דאָס מיידעל. זי איז אין מיינע יאָהרען, אפשר עלטער פון מיר מיט א יאָהר. מיט דער גאָלדעלע איז א שענע געשיכטע. זאָל איך אייך דערצעהלען? באקענט האָב איך מיך מיט איהר אין דער „עזרה". נאָר איהר ווייסט דאָך נישט וואָס איז „עזרה". דארף מען אייך קלאָר מאכען. די „עזרה" אין אנטווערפען איז דאָס אייגענע, וואָס דער „אָליאַנץ" אין וויען. געמאכט געוואָרען פון אונזערטוועגען, פאר די עמיגראנטען. דער חילוק איז, וואָס דער „אָליאַנץ" איז א זכר און די „עזרה" א נקבה. איהר הערט דאָך, אז מע זאָגט דער אָליאַנץ, די עזרה. דארפט איהר שוין אליין פארשטעהען דעם אונטערשיעד... הכלל, וויבאלד מיר זענען אָנגעקומען קיין אנטווערפען, זענען מיר געגאנגען גלייך אין דער „עזרה". די „עזרה" איז נישט דאָס, וואָס דער „אָליאַנץ". דער „אָליאַנץ" ווארפט מענטשען, אזוי ווי האָלעשקעס, און די „עזרה" טרייבט אייך נישט. איהר קאָנט קומען צו איהר ווען איהר ווילט און קאָנט זיך אויסרעדען פאר איהר דאָס הארץ וויפיעל איהר ווילט. אלסדינג, וואָס איהר רעדט, ווערד אריינגעטראָגען אין א בוך. סע זיצט א מיידעל, וואָס מע רופט זי פרייליין זייטשיק, און פארשרייבט. זעהר א וואָהל מיידעל. זי האָט מיך געפרעגט, ווי אזוי איך הייס, און האָט מיר געשענקט א צוקערקע. נאָר פון דער פרייליין זייטשיק וועל איך אייך דערצעהלען איין אנדערש מאָל. איצט דארף איך אייך זאָגען, ווער איז גאָלדעלע. זי איז פון קוטנע. געקומען איז זי אהער פאר־א־יאָהרען מיט איהר טאטע־מאמע, שוועסטער און ברידער. סוכות־צייט איז דאָס געוועזען. האָבען זיי געהאט, זאָגט זי, א יום־טוב — אויף אָלע אידען געזאָגט געוואָרען. דאָס הייסט, קיין גליקען האָבען זיי נישט געזוכט, און קיין האָניג האָבען זיי נישט געלעקט. געוואָלגערט זיך גלייך מיט אָלע עמיגראנטען. נאָר דערפאר האָבען זיי געהאט שיפסקארטען ביז אמעריקא אויף דער גאנצער משפחה, און אויסגעקליידט איז

ארויס א געלעכטער אלע. אלע, אויסער די מאמע. די מאמע וויל נישט לאכען. די מאמע וויל בעסער וויינען. זי זאָגט: „אז אַך און וועה איז צום געלעכטער!" — און זי צעוויינט זיך טאַקי.

— שוין? האָסט שוין לאַנג נישט געוויינט? דו ווילסט, אז פון אנטוועראפען שוין זאָל מען אונז אָפּשיקען צוריק אהיים איבער דיינע אויגען?...

אזוי זאָגט צו איהר מיין ברודער אליהו — און ביי דער מאמע ווערען אין איין מינוט די אויגען טרוקען. מעהר ווי אויף דער אידינע אליין האָט די מאמע רחמנות אויף איהרע צוויי קינדער נעבאך. איך וויים נישט, וואָס די מאמע באוויינט אזוי די קינ־דער? די קינדער זענען, דאכט זיך, גאַנץ פריילי! אז זייער מאמע הויבט אָן רעדען נארישקייטען, צעלאַכען זיי זיך. איך האָב מיך מיט זיי גיך באַקענט. זיי האָבען מיר דערצעהלט, אז מע שיקט זיי צוריק אהיים, נאָר זייער מוטער וויל נישט פאָהרען. זי וויל קיין אמעריקע, צו זייער פאָטער, צום קייסער (חי־חי־חי!). נארט מען זי אָפּ און מע זאָגט איהר, אז מע שיקט זי מיט דער באהן קיין אמעריקע (חי־חי־חי!). מע האָט איהר איינגערעדט, אז עס געהט א באהן פון דאנען גלייך קיין אמעריקע (חי־חי־חי!).

## ג.

די חדושים, וואָס מע זעהט זיך אָן אין דעם אנטווערפען, איז גאָר נישט צום באשרייבען! אלע טאָג קומען־צו נייע פארשוינען. צום מיינסטען, מיט קאלידיגע אויגען. „טראַכאָמעס" רופט מען דאָס. אמעריקע לאָזט נישט אריין קיין „טראַכאָמעס". איהר מעגט אייך האָבען טויזענד שלאַפקייטען, איהר קאָנט אייך זיין קרום און שטום און וואָס איהר ווילט, אבי נישט קיין „טראַכאָמעס" אויף די אויגען. פון וואַנען נעמען זיך „טראַכאָמעס"? פון דעם, וואָס מע נעמט זיך אָן. אמאָל מאכט זיך, אז מע ווייסט אליין נישט,

אויסגעצייכענט. אזוי ווי איך האָב ליעב. אונזער מחותן יונה דער בעקער איז נאָך נישטאָ. אונזער שכנה פעסי מיט דער האָ־ ליאַסטרע — אויך נישט. זיי פאָהרען נאָך. שלעפען זיך ערגיץ איבער דייטשלאַנד. „דייטשלאַנד איז סדום!״ אזוי זאָגען די עמיגראַנטען און דערצעהלען זיך אָן מורא׳דיגע מעשיות! אונזער אומגליק מיט׳ן בעטגעוואַנט, וואָס מע האָט ביי אונז אוועקגע־ לקח׳ענט אויף דער גרעניץ, איז א הונט אַקעגען די אומגליקען, וואָס מע הערט זיך אָן פון די עמיגראַנטען. מיר האָבען זיך באַ־ קענט דאָ אויף דער סטאַנציע מיט אַ אידינע פון מעזשביזש, דוקא נישט קיין אלמנה. זי האָט דוקא אַ מאַן, און דוקא אין אמעריקע שוין. זי פאָהרט אָט דאָס צו איהר מאַן. שוין באַלד א יאָהר, אַז זי שלעפּט זיך מיט צוויי קינדער. זי איז אויסגעווען וואו די וועלט האָט איין עק. נישטאָ איין שטאָדט, זי זאָל דאָרט נישט זיין. זי האָט זיך איבערגעקריעגט מיט אַלע קאָמיטעטען. קוים מיט צרות האָט זי זיך פאַרשלעפּט אהער, קיין אַנטווערפּען, און וויל זיך זעצען אויפ׳ן שיף, לאָזט מען זי נישט. איהר מיינט, זי האָט קאַלידיגע אויגען? חלילה! געזונט און שטאַרק. נאָר זי איז אַ ביסעל געריהרט פונ׳ם זינען. דאָס הייסט, אזוי, אַז איהר וועט מיט איהר רעדען, רעדט זי אַלסדינג, ווי אַ מענטש. נאָר אַמאָל טהוט זי אייך אַ זאָג אַ וואָרט, קאָן מען בלייבען אָהן אַ בויך לאַכענדיג. למשל, איהר פרעגט ביי איהר: וואו איז אייער מאַן? זאָגט זי: אין אַמעריקע. וואָס טהוט ער דאָרטען? זאָגט זי: ער איז דאָרט קייסער... זאָגט איהר דאָך איהר: ווי קאָן אַ איד זיין אַ קייסער? ענטפערט זי אייך, אַז אין אַמעריקע מעג מען... נו, האָט איהר עפּיס צו איהר?... נאָך אַ זאַך האָט זי זיך אריינגענומען אין קאָפּ אריין: זי עסט נישט! אונז הייסט זי אויך נישט עסען. זי זאָגט אונז אָן, מיר זאָלען זיך נישט צוריהרען צו קיין מילכיגס, מחמת דאָס מילכיגס איז דאָ פליישיג. פרעגט ביי איהר די מאַמע: נו, און דאָס פלייש? זאָגט זי: דאָס פלייש איז דאָ נישט פליישיג, נישט מילכיג, נאָר פאַרעווע... שיסען מיר

שטיפּטעל, האָב איך, פאָהרענדיג אין וואַגאָן, איהם אָפּגעמאָהלט אויף פּאַפּיער, איינגאַנצען זיין געשטאַלט מיט די געשוואָלענע באַקען. איך האָב איהם באַשוואָרען, ער זאָל דאָס קיינעם נישט ווייזען, וואָרום טאָמער דערוויסט זיך מיין ברודער אליהו, וועל איך האָבען אַ וויסטען סוף. ווי מיינט איהר? אודאי האָט ער דאָס גלייך אָפּגעטראָגען צו מיין ברודער אליהו און האָט איהם געגעבען אַ טהור־אַ־וויז דאָס געמאָהלעכטס גלייך אין פּנים אריין.

— דאָס דאַרף זיין מאָטעל'ס ארבייט! וואו איז ער ערגיץ, דער מוגלעטש מיט די „מענטשעלעך״?

אַזוי זאָגט מיין ברודער אליהו און זוכט מיך און קאָן מיך נישט געפינען. איך זיץ אונטער דער מאַמע'ס פּלייצעס און ווער שיער נישט דערשטיקט פאַר געלעכטער. קיין בעסערער אָרט אויף צו באַהאַלטען זיך, ווי ביי דער מאַמען, איז נישטאָ אין דער גאַנצער וועלט!

## ב.

דאַנקען גאָט, מיר זענען שוין אין אַנטוועריפּען. מיר האָבען זיך גוט אָנגעהעצקעט, געגוג אויסגעריסען געוואָרען, אָבער מיר זענען געקומען! וואָס זאָל איך אייך זאָגען — איז דאָס אַ שטאָדט! דאָס הייסט, צו ווינען קומט דאָס נישט. מע דאַרף זאָגען „להבדיל״! וואָרום וויען איז פיעל גרעסער, און אפשר שענער אויך. און מענטשען אויך מעהרער. דערפאַר איז אָבער דאָ אין אַנטווערפּען ריין, אַזוי ווי גאָלד. וואָס איז דאָס חדוש? אז די גאַסען וואַשט מען, די טראָטוארען פּוצט מען, און די הייזער צוואָגט מען. איך האָב אליין געזעהן, ווי מע צוואָגט זיי און מע זייפט זיי מיט זייף. דאָס הייסט, נישט אומעדום. למשל, דאָרט, אויף די אכסניות, וואו מיר שטעהען מיט אַלע עמיגראַנטען, איז אַזוי ווי עס דאַרף צו זיין. דאָס הייסט: בלאָטיג, און רויכיג, און נאַס, און גליטשיג, און ענג, און אַ יאַריד מיט אַ טומעל מיט אַ האַרמידער. פריילי.

זי ווייך, חאַטש לעגט זי צו צו א מכה. מיט מיר „וואַיעוועט" זי פון דער ערשטער מינוט נאָך דער חתונה. זי ווייסט, אז איך האָב זי נישט ליעב. ערגער פון אלסדינג איז ביי איהר, למאי איך לאָך פון איהר. עס ווייזט זיך איהר רק, אז איך לאָך זי אויס. אז איך קוק אויף איהר, הייסט ביי איהר, אז איך לאָך. איך האָב אייך שוין דערצעהלט, אז איך האָב ליעב מאַהלען, און אז מיין ברודער אליהו שלאָגט מיך דערפאַר. האָב איך אנומעלטען אויס־געמאָהלט א פּוס. א מורא'דיג גרויסען פּוס. מיט קרייד אויף דער ערד האָב איך איהם אויסגעמאָהלט. האָט איהר באדאַרפט זעהן וואָס ס'האָט זיך געטהאָן! זי, ברכה הייסט עס, האָט זיך אנגעטשעפּעט, אז דאָס האָב איך אויסגעמאָהלט איהר פּוס. פאַר וואָס עפּיס איהר פּוס? ווייל קיינער האָט נישט אזעלכע גרויסע פּיס, ווי ברכה. קאַלאָשען טראָגט זי נומער דרייצעהן. איהר זאָלט זעהן א פּאָר קאַלאָשען!... האָט זי מיר צוגעשטעלט א בענ־קעלע צו מיין ברודער אליהו. האָט זיך מיין ברודער אליהו אויף מיר צעשריען, ווי געוויינטליך:

— מענטשעלעך? האָסט זיך שוין ווידער גענומען צו דיינע אלטע שטיק, מאָהלען מענטשעלעך?...

שוין! פון א פּוס איז שוין ביי איהם געוואָרען א מענטש! און פון א מענטש — „מענטשעלעך"!... מע קאָן פון זיי משוגע ווערען!... איך מוז מיך מודה זיין, אז וואָס ווייטער ווערד ביי מיר דאָס חולאת פון מאָהלען מענטשעלעך גרעסער און שטאַרקער. איך האָב דערטאַפּט א פאַרביג בליישטיפטעל. מיר האָט דאָס אוועקגעשענקט איין עמיגראַנט'ס א יונגעל. אָט דער אייגענער, וואָס האָט מיר באַוויזען, ווי אזוי מע שטעלט א „גובערנאַטאָר", און אויסגעלעהרענט מיך די קונץ פון בויכרעדעריי. איך האָב אייך שוין דערצעהלט פון איהם. ער הייסט אויך מאָטעל. רופען מיר איהם מאָטעל דער גרויסער, און מיך רופט מען מאָטעל דער קליינער. מיר זענען געוואָרען חבר גאָר אויף איין אנדער אופן! דערפאַר, וואָס ער האָט מיר אוועקגעשענקט דאָס פאַרביגע בליי־

אזוי זאָגט מיין שוועגערין ברכה, און פיני'ס ווייב טייבעל בלאָזט זיך אָן, ווי איין אינדיטשקע. איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אז זי האָט אַ טבע, באלד עפּיס — בלאָזט זי זיך אָן און רעדט נישט. פרעגט ביי איהר פּיני: וואָס ביזט דו ברוגז? זאָגט זי, אז זי האָט פיינט איינגלענדער. זאָגט צו איהר פּיני: דו קענסט זיי דען? וואו האָסט דו געזעהן איין איינגלענדער? זאָגט זי: גו, און דו, וואו האָסט דו געזעהן איין איינגלענדער?

בקיצור, עס בלייבט, אז מיר פאָהרען אַלע קיין אמעריקע אויף אַנטווערפּען. ביי מיר מאַכט נישט אויס, מע זאָל פאָהרען אפילו איבער האָצעפּלאָץ — אבי קיין אמעריקע. איך און אונזער חבר פּיני — מירביידע רייסען זיך קיין אמעריקע מעהר פון אַלע־מען. מיר פיהלען, אז אונז וועט דאָרטען זיין גוט, ווי די וועלט. פּיני האָט טענות צו מיין ברודער אליהו. ער זאָגט: מיר פאָהרען און פאָהרען — און שטעהען אויף איין אָרט. זאָגט איהם אליהו: גו, ווער האַלט דיך צו? פאָהר! לויף! פליה! זאָגט פּיני: ווי קאָן איך פליהען, אז דיין מאַמע וויל זיך באַקענען מיט אַלע קאָמי־טעטען פון דער גאַנצער וועלט?... דערהערט די מאַמע און זאָגט צו פּיני'ן: אז דו ביזט יאָ אזא חכם, טאָ געב מיר איין עצה, ווי אזוי זאָלען מיר קומען קיין אמעריקע אָהן בעטגעוואַנט?... דאָ בלייבט שוין פּיני אָהן לשון, און מע ווערד ווידער חבר. אונזער חבר פּיני קאָן זיך מיט אונז נישט צעשיידען. די ווייבער קאָנען אויך נישט לעבען איינע אָהן דער אַנדערער. דאָס הייסט, מע קריעגט זיך אפילו גאַנץ אָפט, מע זאָגט זיך שטעכווערטלעך. עס דערגעהט אמאָל כמעט צו פּעטש אויך. מע בעט זיך אָבער באַלד איבער. ווען נישט די מאַמע, וואָלט מיין שוועגערין ברכה מיט פּיני'ס ווייב טייבעל קיין לאַנגע גוטפריינדשאַפט נישט אויסגע־האַלטען. עס וואָלט ביי זיי געוועז אַלע טאָג צוויי שלייערס אַ גראָשען. איבערהויפּט, מיין שוועגערין. זי זאָגט אַליין אויף זיך, אז זי איז אַ שוועבעלע. איהר אז עס קומט אָן די שלעכטע מינוט, וועט זי אייך מאַכען מיט דער בלאָטע. אין אַ ווייל'ע אַרום ווערד

## XVIII

# וואונדער פון אַנטווערפּען

### א.

איהר האָט געהערט אמאָל, א שטאָדט זאָל הייסען אַנטווערפּען? פאַרהאַן אזא שטאָדט אויף דער וועלט, פאָהרען מיר אהינצוצו. ווי קומען מיר קיין אַנטווערפּען? ווייל אונזער מחותן, מיין ברודער אליהו'ס שוועהר, יונה דער בעקער, פאָהרט קיין אַמעריקע אויף אַנטווערפּען. דערהערט, אז איהר טאַטע איז אין אַנטווערפּען, האָט מיין שוועגערין ברכה גענומען שלאָגען האַלז און נאַקען, מיר זאָלען אויך פאָהרען אויף אַנטווערפּען. פריהער האָט זי פון דער שטאָדט נישט געוואָלט הערען אפילו. דער נאָמען איז איהר נישט געפעלען. איצט האָט זי זיך פאַרליעבט אין אַנטווערפּען! אונזער חבר פּיני זאָגט, אז ער וועט זיך מוזען אָפּטיילען פון אונז. ער וויל בעסער פאָהרען פון וויען גלייך קיין לאָנדאָן. עס ציהט איהם, זאָגט ער, קיין לאָנדאָן. לאָנדאָן, זאָגט ער, שמעקט שוין מיט אַמעריקע: איינגלענדער... געלע האָר... קעסטעלדיגע הויזען... ס'איז גאָר איין אַנדער וועלט!

— פאָהר־זשע דיר געזונטערהייד צו דיינע איינגלענדער מיט די קעסטעלדיגע האָר און מיט די געלע הויזען, און מיר וועלען זיך פאָהרען קיין אַמעריקע אויף אַנטווערפּען.

— זאָגט מיר, ווער פון אייך איז דאָ דער „אַליאַנץ"? איך האָב געהאַט אַ שאָדען, דאָס גאַנצע בעטגעוואַנט האָט מען ביי מיר צוגענומען אויף דער גרעניץ, און שיער נישט אומגעבראַכט מיך מיט מיינע קינדער, אָט דאָס זענען זיי, יתומים נעבאַך, מיין מאַן איז געשטאָרבען יונגערהייד, געווען אַ חזן כל ימיו...

און ווייטער לאָזט מען זי נישט רעדען אַ וואָרט. איינער ציהט זי ביי דער שאָל און ווייזט איהר צו דער טהיר. ער רעדט אויף אַ לשון, וואָס סע שווער צו פאַרשטעהן. די מאַמע וויל נישט אָפּטרעטען ביז זי וועט נישט באַקומען איהר רעכט. זי זאָגט:

— וואָס רעדט איהר צו מיר אויף דייטש? איהר רעדט בעסער מיט מיר אויף אונזער אייגען לשון, וועל איך אייך אויסדערצעהלען מיין ביטער הארץ... איהר זאָגט מיר נאָר, ווער פון אייך איז דאָ דער „אַליאַנץ"?...

— שוויגער! פאָלגט מיך, קומט לאָמיר געהן. דער אויבער־שטער האָט אונז אויסגעפיהרט ביז אַהער אָהן דעם „אַליאַנץ", און אָהן דער שטאָדט וויען, וועט ער אונז ווייטער אויך מסתמא אויס־פיהרען. גאָט איז אַ פאָטער.

אַזוי זאָגט מיין שוועגערין ברכה צו דער מאַמע, און די מאַמע ענטפערט איהר:

— ביזט גערעכט, מיין קינד! קומט לאָמיר געהן! וויען איז אַ שטאָדט און גאָט איז אַ פאָטער...

געפעלט איהר נישט, וואָס אז מע קומט־צו צו אַ שטוב, דאַרף מען פריהער קלינגען. וואָס אהרט מיך, אז מע קלינגט? אבי מע זאָל עפענען. דער „אַליאַנץ״ אָבער עפענט נישט אזוי גיך. איהר מעגט קלינגען צעזעצטערהייד — ער האָט צייט. איהר מיינט, מיר זענען די איינציגע? אַ חוץ אונז שטעהען דאָ נאָך עמיגראַנ־טען. זיי דאַרפען אויך צום „אַליאַנץ״. די עמיגראַנטען קוקען אויף אונז, ווי מיר קלינגען. „קלינגט נאָך אביסעל, אפשר וועט מען אייך עפענען, אפשר האָט איהר מעהר גליק?״... אזוי זאָגען זיי, די עמיגראַנטען, און לאַכען. אפּנים, ס׳איז זיי גוט אויפ׳ן הארצען. אַלע מאָל קומען־צו נייע עמיגראַנטען. עס שטעהען אויף דער גאַס היבש א שוין אַ ביסעל עמיגראַנטען: אידען און ווייבער און קליינע קינדער. איך האָב ליעב, אז ס׳איז אַ סך מענטשען. די קליינע קינדער זאָלען נישט איבערשלאָגען מיט זייער געוויין, און די מאַמעס זאָלען זיי נישט שעלטען און פאַר־שטופּען די מיילער, וואָלט דאָ געווען גאַנץ פריילּיך. דאַנקען גאָט, מע האָט געעפענט די טהיר. אַלע האָבען זיך געגעבען אַ לאָז־אַריין אויף דערשטיקט צו ווערען. אַ גליק, וואָס אויף דער טהיר האָט זיך באַוויזען אַ נפש אָהן אַ היטעל, מיט אַ רויט פּנים און מיט אַ געגאָלטער מאָרדע, און האָט אונז גענומען שלייִדערען איינ־ציגווייז אין דרויסען אַרויס, אזוי ווי די האָלעשקעס. איינע, אַ ווייבעל מיט אַ קינד, האָט ער דערלאַנגט אַזאַ וואָרף־אַרויס, אז ווען נישט איך מיט מיין ברודער אליהו, וואָלט זי געקליבען די צייהן. זי האָט זיך אזוי אויך איבערגעקעהרט דריי מאָל. עס האָט לאַנג געדויערט, ביז מיר זענען אריין אַלע איינציגווייז איינ־ווייניג אין שטוב אריין. און ערשט דאָ האָט זיך אָנגעהויבען אַ חתונה — טאַטעניו! אַלע ווילען רעדען פריהער. אַלע קריכען גלייך צו די טישען. ביי די טישען זיצען מענטשען מיט נאַקעטע קעפּ און מיט געגאָלטע בערד און לאַכען, און רויכערען ציגאַרען. ווער פון זיי איז דער „אַליאַנץ״ — ווייס איך נישט. מיין מאַמע ווייסט אויך נישט. זי שטעהט און טענה׳ט צו זיי:

אַליאַנץ! אַליאַנץ! אַלע עמיגראַנטען זענען אויפ'ן „אַליאַנץ" בייז! זיי זאָגען, אַז דער „אַליאַנץ" טהוט גאָר נישט ניט. דער „אַליאַנץ", זאָגען זיי, האָט קיין רחמנות נישט אויף אַ מענטשען. דער „אַליאַנץ" האָט פיינט אַ אידען. אַלע טאָג געהען צום „אַליאַנץ" מיין ברודער אליהו און אונזער חבר פּיני. און קומען צו געהן פון דאָרטען אַלע מאָל ווי פון אַ שוויץ־באָד.

— לאָז ער זיך אָנצינדען! — זאָגט אליהו.

— לאָז ער ברענען, ווי אַ ליכט! — זאָגט פּיני.

— לאָזט בעסער מיך זיך אויסשמועסען מיט'ן „אַליאַנץ"! — זאָגט די מאַמע און זי נעמט מיך פאַר אַ האַנט.

מיר געהען אַלע צום „אַליאַנץ": די מאַמע און איך, און אליהו, און פּיני, און ברכה, און טייבעל. מיר שטעלט זיך פאַר דער „אַליאַנץ" מיט אַ באָרד און מיט אַ גאַרטעל און מיט אַ רויטער נאָז. פאַר וואָס עפּיס מיט אַ רויטער נאָז — ווייס איך אַליין נישט. למאי דער „ונתנה־תוקף"? דעם „ונתנה־תוקף" האָב איך דען געזעהן אמאָל? פון דעסטוועגען, מאַהלט זיך מיר אויס, אַז איך קען איהם: ער האָט בייזע גלאַנצענדיגע אויגען, טראָגט אַ ברייטען דאַשעק און האַלט אַ קאַנטשיק אין דער האַנט.

אוי, זענען מיר זיך אָנגעגאַנגען! מיין שוועגערין ברכה האָט געווינטשעוועט דעם „אַליאַנץ", ס'זאָל איהם אַזוי שטעכען אין דער רעכטער זייט, ווי עס שטעכט איהר אין דער לינקער, וואָלט ער זיך נישט פאַרקליבען צו אַלדי שוואַרצע יאָהר אין עק שטאָדט! קוים מיט צרות זענען מיר געקומען צום „אַליאַנץ". ער זיצט אין אַ שטוב — „אויף אַלע אידען געזאָגט געוואָרען". נאָר אָהן אַ הויף. וויען האַלט נישט פון קיין הויפען. וויען האָט ליעב משונה־ברייטע פענסטער מיט אומגעלומפּערטע טהירען. נאָר זיי האַלטען די טהירען פאַרשלאָסען. „זיי האָבען מורא, אפּנים, מע זאָל זיי נישט אוועק'גנב'ענען?" אַזוי זאָגט מיין שוועגערין ברכה. שוין, זי האָט שוין געוואָרפען איין אומחן אויף וויען אויך! עס

היים איך? זאָג איך: מאָטעל. זאָגט ער: מאָטעל קאַפּאָטעל, דראָבעל דראָטעל, יוסף סאָטעל, אַרץ קאַנאָטעל. זאָג איך: וואָס הייסט דאָס? זאָגט ער: דאָס הייסט, אַז דו ביזט אַ יאָלד, האָטש איך אַליין הייס אויך מאָטעל. אפשר ביזט דו אַ בעלן אויף אַ גובערנאַטאָר? זאָג איך: פאַר וואָס נישט? זאָגט ער: קום אַהער אַ ביסעל נעהענטער, וועל איך דיר ווייזען. בין איך צוגעגאַנגען. האָט ער מיר געוויזען. בין איך אַנידערגעפאַלען. האָט דערזעהען די מאַמע און געמאַכט אַ גוואַלד. איז געקומען צו לויפען מיין ברודער אליהו און האָט איהם געגעבען!

פון דעמאָלט אָן זענען מיר געוואָרען מיט איהם חבר. ער האָט מיך אויסגעלערנט, אַ חוץ דעם „גובערנאַטאָר", נאָך אַ סך זאַכען. אַשטייגער, בויכרעדעריי. איהר קענט דאָס? אויסלעהר־נען אייך איז אוממעגליך. דערצו דאַרף מען זיין געבאָרען. מע דאַרף האַלטען דאָס מויל צו, נישט ריהרען מיט קיין אבר, און בילען ווי אַ הונט, אָדער חרוקען ווי אַ חזיר, אַזוי, אַז אַלע זאָלען זוכען אונטער'ן טיש. איך האָב געגנוג איבערגעשראָקען אונזערע לייט. מיין שוועגערין ברכה, ווייסט איהר דאָך, האָט אַ טבע פון חלש'ען. אַלע האָבען זיך אַ וואָרף געטהאָן אונטער'ן טיש און אונטער די בעטען. איך האָב מיך אויך אָנגעבויגען זוכען דעם הונט און האָב נישט אויפגעהערט צו בילען. עס איז געוועזן, זאָג איך אייך, אַ ריינע קאָמעדיע! מיין ברודער אליהו האָט זיך אָבער סוף־כל־סוף געכאַפּט, אַז דאָס וואַכסט פון מיר. האָט ער מיר איינגעטיילט! פון דעמאָלט אָן האָב איך אָוועקגעוואָרפען די קונץ פון בויכרעדעריי.

## ד.

מיר וואָלטען פון וויען שוין לאַנג אַוועקגעפאָהרען, ווען נישט דער „אַליאַנץ". ווער איז דאָס דער „אַליאַנץ" — קאָן איך אייך ריכטיג נישט זאָגען. איך הער נאָר, אַז מע רעדט פונ'ם „אַליאַנץ".

חאַפּענדיג. מע האָט דאָרט קיין צייט נישט. אַזוי האָב איך גע־הערט דערצעהלען אונטערוועגנס פון די עמיגראַנטען. איך ווייס כמעט אַלסדינג, וואָס אין אַמעריקע טהוט זיך, נאָך איידער איך בין דאָרט געווען. דאָרט פאָהרט מען, זאָגט מען, אונטער דער ערד און מע מאַכט אַ לעבען. ווי אַזוי מע מאַכט דאָס — ווייס איך נאָך נישט. נאָר איך וועל דאָס גיך וויסען. איך נעם־איבער אַ זאַך זעהר גיך. אַז איך זעה אַ מענטשען איין מאָל, מאַך איך איהם נאָך מיט אַלע פּישטשעווקעס. איך האָב אַנומעלטען נאָכ־געמאַכט אונזער חבר פּיני, ווי אַזוי ער געהט מיט אַ טענצעל, און ווי ער קוקט מיט די קורצזיכטיגע אויגען, און ווי ער רעדט גיך, זופּט הייסע לאָקשען, האָט זיך מיין שוועגערין ברכה געהאַלטען ביי די זייטען, און די מאַמע האָט אַזש אָנגעהויבען וויינען פאַר געלעכטער. מיין ברודער אליהו אָבער האָט דאָס פיינט. ער לאָזט מיך נישט אַ קאָפּ אויפהויבען. אַ מאָדנע זאַך מיט מיין ברודער אליהו! ער האָט מיך ליעב — און שלאָגט מיך, מאַכט מיר דעם טוידט. די מאַמע דערלאָזט איהם נישט, ער זאָל מיך שלאָגען. זי זאָגט צו איהם:

— האָב פריהער אייגענע קינדער, וועסט דו זיי נאָכדעם שלאָגען...

לאָז אָבער פּרובען אַ פרעמדער מיך אָנריהרען מיט אַ פינגער, וועט ער יענעם די אויגען אַרויסנעמען. אַנומעלטען האָט איין עמיגראַנט'ס אַ יונגעל מיר געשטעלט אַ גובערנאַטאָר. איהר ווייסט, וואָס הייסט שטעלען אַ גובערנאַטאָר? אָט וועל איך אייך אויס־לערנען, ווי אַזוי: מע טהוט אַ נעץ־איין דעם גראָבען פינגער אין מויל און מע דערלאַנגט אייך אין זייט צווישען די ריפּען און צווישען בויך, דערזעהט איהר זיך מיט'ן מלאך־המות. דאָס יונגעל, וואָס האָט מיר געשטעלט אַ גובערנאַטאָר, איז אַ יונגאַטש פון אַ יאָהר עלף מיט געשוואָלענע באַקען. האָט ער אַ פּאָר ידים — מעגען זיי איהם אָפּדאָרען! ער האָט זיך געוואָלט מיט מיר באַקענען, איז ער צוגעגאַנגען צו מיר און האָט מיך אַ פרעג געטהאָן, ווי אַזוי

פיני מיינט, אז ער האָט פארריכט. צום סוף האָט ער גע־מאכט א סך ערגער. די מאמע הערט נישט אויף צו וויינען:

— אודאי האָט מיין מאַן באדאַרפט זיין א כשר'ער איד, א חזן, און געהן יונגערהייד פון דער וועלט, בכדי זיין מיזיניקעל זאָל זיין חלילה א שניידער אָדער א שוסטער, און נאָך אין אמעריקע דערצו?...

— שוין? דו וויינסט שוין ווידער? האָסט פארגעסען, אז אין אמעריקע דאַרף מען אויגען?

אזוי זאָגט מיין ברודער אליהו, און די מאמע הערט באַלד אויף צו וויינען.

## ג.

וואָס איך זאָל נישט זיין אין אמעריקע — אבי איך זאָל שוין זיין. עס ציהט מיך אהין — סכנות. ביי זיך האָב איך אָפּגע־מאכט, אז אין אמעריקע לערען איך מיך אויס דריי זאכען: שווי־מען, שרייבען און רויכערען ציגארען. די אַלע דריי זאכען קען איך איצט אויך, נאָר נישט אזוי גוט, ווי מע קאָן עס קענען אין אמעריקע. אויף שווימען וויים איך, אז איך וואָלט געווען א בריה, האָב איך נישט געהאט וואו צו שווימען. ביי אונז אין טייך איז אוממעגליך. ביי אונז אין טייך, אז איהר לעגט זיך אוועק מיט'ן בויך אויף דער בלאָטע, זענען די פיס אין דרויסען. אויך מיר א טייך! אין אמעריקע, זאָגט מען, איז א ים. דאָרט, אז איהר לעגט זיך אויפ'ן וואסער מיט א פענחער, טראָגט דאָס אייך אוועק צו אַלדי רוחות! שרייבען קען איך אויך, חאָטש קיינער האָט מיך נישט געלערענט. איך שרייב געדרוקטע אותיות פון סדור. איך שרייב אזוי, אז ס'איז שווער צו דערקענען. איך מאָהל, נישט איך שרייב. איך וואָלט אָבער א בעלן געווען שרייבען גיך — קאָן איך נישט. אין אמעריקע, זאָגט מען, שרייבט מען גיך. אַלסדינג ווערד דאָרטען געטהאָן, זאָגט מען, גיך און געשווינד.

מיך אויך געשלאָגען. איצט מאָהל איך שוין מיט א בליישטיפטעל אויף פאפיער — ווייל מען מיך ווייטער שלאָגען.

— האָסט שוין ווידער גענומען זיך צו די „מענטשעלעך״ ?...

פאר מאָהלען שלאָגט מען מיך נישט אזוי, ווי פאר קנעטען. איך האָב א טבע קנעטען ווייך ברויט און מאכען פון דעם חזירים׳־לעך. מיין ברודער אליהו אז ער דערזעהט, גיט ער מיר איבער די פינגער. אונזער חבר פיני וויל זיך איינשטעלען פאר מיר. ער זאָגט :

— וואָס האָסט דו צו איהם ? לאָז ער קנעטען, לאָז ער מאָהלען ! אפשר איז איהם באשערט זיין אמאָל א מאָהלער !

מיין ברודער אליהו דערהערט און שיט מיט ווערטער :

— וואָס ? א מאָהלער ? א מולגעטש ? ער וועט שמירגעווען קלויסטערס ? וואלגאָזשען וועגט ? פליאסקען דעכער ? ארומגעהן מיט פארפאטשקעטע הענט, ווי א בעל־עגלה מיט סמאָלע ? לאָז ער מיר בעסער זיין א זינגערעל ביי א חזן. אז מיר וועלען קומען, אם ירצה השם, קיין אמעריקע, באשטעל איך איהם ביי א חזן. ער האָט א סאָפראנאָ־שטימע.

— פאר וואָס נישט ביי א בעל־מלאכה ? אין אמעריקע זענען אלע בעלי־מלאכות. אין אמעריקע ארבייטען אלע !

אזוי טהוט זיך אויף א מינוט א זאָג אונזער חבר פיני. חאפט זיך ארויף אויף איהם די מאַמע :

— אזוי ? א בעל־מלאכה ? מיינע שונאים וועלען נישט דער־לעבען, אז פייסי דעם חזנ׳ס יונגעל זאָל זיין א בעל־מלאכה !

איך זעה, אז די מאַמע וויל שוין אנהויבען וויינען. פיני וויל זיך פארענטפערען. ער זאָגט :

— א מאָדנע אידינע איהר זענט ! למאי אָט לערנען מיר אין דער גמרא, אז דער תנא רב יוחנן איז געווען א שוסטער. דער תנא רב יצחק איז געווען א שמיעד. אדער וואָס דארפט איהר א סך ? אָט איז מיין פעטער א זייגערמאכער און מיין טאַטע א מעכאניק !

## ב.

וואָס טהוען מיר אין ווען? גאָרנישט. מיר שפּאַציערען איבער די גאַסען. אי, גאַסען! אי, שטיבער! איהר זאָלט זעהן פענסטער! שפּיעגלען, נישט קיין פענסטער! היינט זאַכען! צאַצ־קעס! מלבושים! כלים! ציערונג! כמעט ביי יעדען פענסטער שטעלען מיר זיך אַוועק שאַצען, וויפיעל סע קאָן אַנטרעפען. מיר, מאַנסבילען, שאַצען, און די ווייבער ווינטשעווען זיך פאַרמאָגען האַטש האַלב פון דעם, וואָס סע טרעפט אָן די שטאָדט ווען מיט די הייזער און מיט די געוועלבען און מיט די סחורות. צעלאַכט זיך פּיני און זאָגט:

— איהר מעגט זיך ווינטשען האַטש אַ צעהנט־חלק, איז אויך גענוג.

— וואָס אהרט דיך, אז האַלב? דו פאַרגינסט זיי נישט?

אזוי זאָגט צו איהם מיין ברודער אליהו און דרעהט זיך דאָס בערדעל. אין דער צייט פון אונזער נסיעה קיין אמעריקע האָט דאָס בערדעל ביי מיין ברודער אליהו שטאַרק אַ וואַכס געטהאָן. און מאָדנע אַ וואַכס געטהאָן. עפּיס ווי אַ בעזעם. איך בין אַ בעלן געוועזן איהם געבען אַ נעם־אַראָפּ אויף פּאַפּיער. איך האָב אנומעלטען פּיני'ן אויך אָפּגעמאָהלט אויף אַ שטיקעל פּאַפּיער. און מיין שווענערין ברכה האָב איך אַראָפּגעחאַפּט מיט אַ שטיקעל קרייד אויפ'ן טיש. האָב איך געחאַפּט אַ מיאוס'ען פּסק. זי אליין, ברכה הייסט עס, האָט דערזעהן און האָט זיך דערקענט ווי אין אַ שפּיעגעל. האָט זי צוגערופען מיין ברודער אליהו. האָב איך פון איהם געהאַט! ווען נישט די מאַמע, וואָלט ער מיר געמאַכט דעם טוידט. ער שלאָגט מיך אַלע מאָל, ווען ער דערזעהט מיך מאָהלען. מאָהלען האָב איך ליעב פון קינדווייז אָן. פריהער פלעג איך מאָהלען מיט שוואַרצע קויל אויף די ווייסע ווענט, האָט מען מיך געשלאָגען. נאָכדעם — מיט קרייד אויף דער טהיר, האָט מען

אלסדינג גראמט זיך ביי איהם. אפילו אויף זיין אייגען ווייב טייבעל האָט ער אויך געמאַכט אַ ליעדעל. איך קען עס אויף אויסווענינ:

איך האָב אַ ווייבעל,
הייסט זי טייבעל,
גוט און שען
און מלא חן,
קיין עין־הרע זאָל נישט שאַטען!
איין חסרון —
וויל נישט פאָהרען
צוריק אהיים צום טאַטען...

וואָס זאָגט איהר אויף דעם ליעדעל? זאָלט איהר אָבער זעהן, ווי טייבעל בלאָזט זיך! (זי האָט אַ טבע פון בלאָזען זיך). מיין שוועגערין ברכה נעמט זיך אָן איהר קריוודע. זי רופט פיני'ן „שמד'ילניק". די מאַמע רופט איהם „שלים־מזל". זיי קאָנען נישט ליידען, למאי ער מאַכט ליעדלעך. מיין ברודער אליהו, פאַר־קעהרט, איז איהם מקנא. ער זאָגט, אַז אין אמעריקע איז גראַמען און ליעדער אַ סחורה. מיין ברודער אליהו זאָגט, אַז אין אמעריקע וועט ער די סחורה פאַרצוקערען. מע וועט איהם אין אמעריקע, זאָגט ער, אָפּגילטען. אין אמעריקע זענען דאָ אַ סך בלעטער מיט אַ סך אידישע גאַזעטען. פיני זאָגט, אַז ער ווייסט אליין, אַז אין אמעריקע וועט ער מאַכען גוט. ער פיהלט, זאָגט ער, אַז ער איז באַשאַפען פאַר אמעריקע און אמעריקע איז באַשאַפען פאַר איהם. ער וואָלט שוין געהרען, זאָגט ער, מיר זאָלען שוין זיצען אויפ'ן שיף און שווימען אויפ'ן ים. דערווייל זיצען מיר נאָך אויף דער טרוקעניש און זענען אין וויען.

אויך נישט געשלאָגען, נאָר מע האָט אונז געוואָלט שלאָגען. מיר זענען שיער נישט געשטאָרבען פֿאַר שרעק. אַ גליק, וואָס מע האָט אויסגעשאָסען פֿון אַ ביקס. איך האָב דאָך אייך שוין דערצעהלט אַ מאָל, ווי אַזוי מיר האָבען גע'גנב'עט די גרעניץ. מיר האָבען עס שוין לאַנג פֿאַרגעסען. מיר האָבען פֿיינט געדענקען אַ זאַך. אמת, די ווייבער דערצעהלען נאָך היינט אויך די נסים, וואָס מיט אונז האָט געטראָפֿען בשעת גנב'ענען די גרעניץ. עס מישען זיך אָבער אַריין די מאַנסבילען, איך מיין דאָס מיין ברודער אליהו און אונזער חבר פּיני, און לאָזען נישט, אַז די ווייבער זאָלען דערצעהלען. זיי ווילען דאָס אַליין דערצעהלען אַ סך בעסער. אונזער חבר פּיני זאָגט: ער מוז דאָס באַשרייבען אויף די גאַזעטען. ער האָט שוין אפילו אָנגעהויבען דאָס צו באַשרייבען אין אַ ליעדעל. איך האָב אייך, דאַכט מיר, אַמאָל דערצעהלט, אַז פּיני שרייבט ליעדלעך. דאָס ליעדעל פֿון דער גרעניץ הויבט זיך אָן ביי איהם אַזוי:

ראַדזיוויל איז נישט גרעסער ווי אַ געהניץ,
דאָרט גנב'עט מען די גרעניץ,
און מע ווערד באַ'גנב'עט פֿון קאָפּ ביז פּוס,
און מע ווערד באַהאַנדעלט זעהר מיאוס;
מע גיט אַוועק וואָס מע האָט,
און מע זאָגט נאָך דאַנקען גאָט!
מען איז גליקליך, ווי די ראַבע קעץ,
וואָס מען איז אַריבער אָהן אַ זעץ,
און אָהן אַ קלאַפּ, און אָהן אַ שטורך,
און אָהן אַ מעסער דורך און דורך...

דאָס איז ערשט איין אָנהויב, זאָגט פּיני. ווייטער געהט ביי איהם, זאָגט ער, נאָך פֿיעל שענער! ער האָט געמאַכט, זאָגט ער, אַ באַשרייבונג פֿון בראָד אויך. און פֿון קראָקע מיט לעמבערג אויך. און אַלסדינג אין גראַמען. פּיני איז דערויף אַ מזיק.

„פייגע־לאה די גבאי׳טע״. זיי האָבען שוין אמאָל אָנגעטהאָן „פייגע־לאה די גבאי׳טע״ א יאַרמעלקע. עס פאַרשטעהט זיך, אַז זיי האָבען איהר די יאַרמעלקע אונטערגעבונדען מיט צוויי בענדלעך און האָבען זי געלאָזט לויפען. אַ חוץ דעם, האָבען זיי איהר אָנ־געהאָנגען אויפ׳ן עק, אפנים, פון שענקייט וועגען, אַ פלעדערוויש. די יאַרמעלקע איז געוועזן פאַר איהר, ווייזט אויס, אַ ביסעל צו גרויס, האָט דאָס איהר פאַרשטעלט די אויגען, און דעם פלעדערוויש קאָן זי נישט ליידען. האָט זיך „פייגע־לאה די גבאי׳טע״ געלאָזט לויפען משוגענערווייז, דראַפען זיך אויף די גלייכע ווענט, און האָט אָנגעמאַכט ביי אַלע שכנים מורא׳דיגע שאָדענס. אַי, האָט מען זיי דעמאָלט געקאַטעוועט! מעהר פון אַלע האָט געהאַט ושתי, הערשעל הייסט דאָס, אָט דער, וואָס מיט דער גאָלי אויפ׳ן שטערן. אַ מאָדנער יונג, אָט דער ושתי! וויפיעל מע זאָל איהם נישט שלאָגען, איז דאָס ווי אין אַ וואַנט. איך בענק נאָך איהם מעהר ווי נאָך אַלעמען! עס קאָן זיין, אַז מיר וועלען זיך אין גיכען זעהן מיט איהם אין אַמעריקע. מיר האָבען געהאַט אַ ידיעה, אַז אונזער שכנה פעסי מיט איהר מאַן משה דעם אײנ־בינדער מיט דער גאַנצער חאַליאַסטרע פאָהרען היינט קיין אַמע־ריקע. פריהער האָט זי געלעגט קנויטלעך, וואָס מיר פאָהרען אין אַזאַ ווייט לאַנד, און איצט פאָהרט זי אַליין אויך אַהין. אַלע פאָה־רען היינט קיין אַמעריקע. אַזוי שרייבט אונז אונזער מחותן יונה דער בעקער. ער פאָהרט אויך קיין אַמעריקע. ער איז שוין אויף דער גרעניץ. נישט אויף דער גרעניץ, וואָס מיר האָבען גע׳גנב׳עט. אויף איין אַנדער גרעניץ. אונזער גרעניץ טויג נישט. אויף אונ־זער גרעניץ גנב׳עט מען אַוועק דאָס בעטגעוואַנט. אויף אַנדערע גרעניצען גנב׳עט מען אויך בעטגעוואַנט, נאָר מע פאַלט נישט אָן אין מיטען וואַלד מיט שאַרפע מעסערס, ווי מען איז אָנגעפאַלען אויף אונז, למשל. עמיגראַנטען דערצעהלען, אַז ס׳איז פאַרהאַן אַזעלכע גרעניצען, וואו מע טהוט אויס נאַקעט און מע נעמט־צו וואָס מע האָט. נאָר שלאָגען שלאָגט מען נישט. אונז האָט מען

XVII

# ווען איז אַ שטאָדט און גאָט איז אַ פאָטער

א.

— ווען איז אַ שטאָדט!

אזוי האָט גע׳פּסק׳ענט מיין ברודער אליהו, און אונזער חבר פיני האָט צוגעבאָמקעט:

— נאָך אַ מין שטאָדט! פון שטאָדטענלאַנד אַ שטאָדט!

אפילו די ווייבער, וואָס זיי געפעלט נישט קיין זאַך אין דער וועלט, האָבען אויך צוגעגעבען, אַז ווען איז אַ שטאָדט. צוליעב דער שטאָדט ווען האָט די מאַמע ארויסגענומען די שבת׳דיגע זיידענע פאַטשיילע. מיין שווענערין ברכה האָט זיך אויסגעפּוצט, ווי צו דער חתונה. זי האָט אָנגעטהאָן איהר שבת׳דיג מלבוש און האָט אויסגעזעהען אינ׳ם פּאַריק מיט די לאַנגע באָמבעלדיגע אויהערינגלעך און מיט איהר רויט קליענדיג פּנים, אזוי ווי אַ רויטע קאַץ אין אַ שוואַרצען שלייער. איהר האָט אמאָל געזעהן אַ רויטע קאַץ אין אַ שוואַרצען שלייער? איך האָב שוין געזעהן. אונזער שכנה פּעסי׳ס קינדער האָבען ליעב מאַכען מיט דער קאַץ אַלערליי אָנשטעלען און טהעאַטער־שטיק. די קאַץ האָט ביי זיי, ווי איך האָב אייך שוין אַמאָל דערצעהלט, אַ מאָדנעם צונעמעניש:

באַדאַרפט אָנקומען צו דער לאַסקע פֿונ'ם קאָמיטעט. די מאַמע זאָגט: זי וואָלט איצטער אויך ניט אָנגעקומען צו זיי, ווען ניט דאָס בעטגעוואַנט. ווען מע נאַרט ניט אויס ביי אונז די זאַכען אויף דער גרעניץ, וואָלט זי איצטער געווען אַ „קייסערינע”. איך דערמאָן מיך אָן דער מאַמע'ס זיידענע געלע פּאַטשיילע, וואָס זי פֿלעגט טאַקי אויסזעהען אין איהר ווי אַ „קייסערינע”. די מאַמע זאָגט אָבער, אַז קיין זאַך טהוט איהר ניט אַזוי באַנג, ווי דאָס בעטגעוואַנט. וואָס וועלען מיר טהון אין אַמעריקע אָהן בעט־געוואַנט?

אַזוי זאָגט די מאַמע, ברעכט די הענט און צעוויינט זיך. דערהערט מיין ברודער אליהו, צעשרייט ער זיך אויף איהר:

— שוין? דו וויינסט שוין ווידער? האָסט פֿאַרגעסען, אַפּנים, אַז מיר זענען שוין נאָהענט צו אַמעריקע, און מע דאַרף היטען די אויגען?

מיינט איהר אודאי, אַז מיר זענען טאַקי נאָהענט צו אַמע־ריקע? עס הויבט זיך גאָר ניט אָן! מיר דאַרפֿען נאָך פֿאָהרען און פֿאָהרען! וואוהין פֿאָהרען — וויים איך נאָך ניט אַקוראַט. איך הער פֿון די עמיגראַנטען נעמען פֿון שטעדט: האַמבורג, וויען, פּאַריז, לאָנדאָן, ליווערפּול... אויף האַמבורג זאָגען אַלע, אַז עס מעג זיך אָנצינדען היינטיגען טאָג. האַמבורג, זאָגען זיי, איז סדום. דאָרטען טרייבט מען די עמיגראַנטען אין אַ באָד אַריין, ערגער ווי אַרעסטאַנטען. אַזעלכע רשעים, ווי אין האַמבורג, איז נישטאָ אין ערגיץ.

אַזוי זאָגען די עמיגראַנטען, און מיר קלייבען זיך דערוויילע קיין וויען. דאָרטען, זאָגט מען, איז פֿאַרהאַן אַ קאָמיטעט, טאַקי וואָס אַ קאָמיטעט הייסט!

יאָ קאָמיטעט, ניט קאָמיטעט — איך וויים דערווייל, אַז מיר פֿאָהרען קיין וויען. איהר האָט אַמאָל געהערט פֿון דער שטאָדט וויען? וואַרט־צו אַביסעל, אָט וועלען מיר קומען קיין וויען, וועל איך אייך דערצעהלען אַלסדינג, וואָס אין וויען טהוט זיך.

## ד.

מיר האָבען אין קראָקע נישט געמאַכט גאָר נישט ניט. אין קאָמיטעט זענען מיר ניט געווען. די עמיגראַנטען האָבען אונז געזאָגט, אז ס׳איז ארויסגעוואָרפען. אז איהר קומט, זאָגען זיי, אין קאָמיטעט, הויבט זיך אָן א דולעניש. קודם פארשרייבט מען אייך די יאָהרען. נאָכדעם שיקט מען אייך אָפּ צו א דאָקטאָר, ער זאָל אייך באטראַכטען. נאָכדעם הייסט מען אייך ווארטען. נאָכדעם הייסט מען אייך קומען. קומט איהר צו געהן, פרעגט מען אייך: וואָס זענט איהר געקומען? זאָגט איהר, אז מע האָט אייך געהייסען קומען, זענט איהר געקומען. הויבט מען אייך אָן זאָגען מוסר, למאי איהר פאָהרט קיין אמעריקע. פרעגט איהר: וואוהין דען זאָלען מיר פאָהרען? זאָגט מען אייך: וואו שטעהט דאָס געשריבען, אז איהר דארפט פאָהרען? דערצעהלט איהר זיי א מעשה מיט א פּאָגראָם. זאָגען זיי: איהר זענט אליין שולדיג. א סימן, אָט האָט נעכטען א יונגעל פון אייערע עמיגראַנטען אוועק־גע׳גנב׳עט א בולקע אין מיטען מארק. זאָגט איהר: אפשר איז ער געווען הונגעריג? זאָגען זיי: אָט האָט זיך נעכטען צעשלאָגען פון אייערע עמיגראַנטען אין מיטען גאס א מאַן מיט א ווייב, מע האָט געמוזט אראָפּברענגען זשאַנדארמען. זאָגט איהר: דאָס ווייבעל איז געווען גערעכט; זי האָט דערקענט איהר מאַן, וואָס האָט זי אוועקגעוואָרפען אין דער היים, געוואָלט אנטלויפען קיין אמעריקע. האָט זי איהם דערזעהן דאָ אומגעריכט און האָט איהם געפּאַקט. האָט ער זיך געוואָלט אויסרייסען און אנטלויפען. האָט זי געמאַכט א גוואַלד... זאָגען זיי: למאי געהען אייערע עמיגראַנ־טען, צום מיינסטענס, אָפּגעריסען? זאָגט איהר: זיי זענען אָרעם; לאָז מען זיי געבען קליידער, וועלען זיי ניט געהן אָפּגעריסען. בקיצור, מוסר זאָגען זיי, און קיין געלט געבען זיי ניט.

אזוי קלאָגען זיך פאר אונז די עמיגראַנטען. זיי זאָגען, אז מיר זענען גליקליכע מענטשען, וואָס מיר האָבען ביז אהער ניט

— נאַ דיר גאָר פאַר וואָס! ס'איז דאָך אַ פּאָגראָם!

— און אַז אַ פּאָגראָם, איז וואָס?

— גייע אַוועק, דו ביזט אַ קעלבעל! איך וויל מיט דיר ניט רעדען!

אַזוי זאָגט צו מיר קאָפּעל, שטופּט מיך אָפּ פון זיך און לעגט־אַריין די הענט אין די קעשענעס, ווי אַ גרויסער. מיר שטעהט ניט אָן די מעשה. סע פאַרדריסט מיך אויף קאָפּלען, וואָס ער האַלט זיך אַזוי גרויס אַקעגען מיר. נאָר איך מאַך אַ שווייג. „וואַרט־אויס, גדלניוק! וועסט אַמאָל אָנקומען צו מיר!"... אַזוי טראַכט איך מיר, און לאָז דורך עטליכע מינוט. איך גייה־צו ווידער אַ מאָל צו קאָפּלען און מאַך מיט איהם אַ שמועס. שוין נישט פון פּאָגראָמען — פון אַנדערע זאַכען. איך פרעג איהם, צי ער קאָן רעדען אויף דייטש. צעלאַכט ער זיך: „ווער קאָן דאָס ניט קיין דייטש? דייטש איז דאָך אידיש!"...

— אַזוי? אַז דו קאָנסט יאָ דייטש, זאָג זשע מיר, ווי אַזוי זאָגט מען חריין אויף דייטש?

צעלאַכט זיך קאָפּעל נאָך שטאַרקער, קוים וואָס ער קאָן אויס־רעדען אַ וואָרט.

— וואָס הייסט, ווי אַזוי איז חריין? חריין איז חריין!

— אויב אַזוי, זאָג איך, ווייסט דו טאַקי ניט!

— ווי אַזוי זשע דען איז חריין?

אויף צו־להכעיס, האָב איך אַליין אויך פאַרגעסען, ווי אַזוי מע זאָגט אויף דייטש חריין. איך האָב געוואוסט, נאָר איך האָב פאַרגעסען. גייע איך צו צו מיין ברודער אליהו און פרעג איהם: ווי אַזוי איז אויף דייטש חריין? זאָגט ער: ער וועט מיר געבען אַ חריין, וועט מיר פאַרגעהן אין די צייהן... מיין ברודער אליהו איז, אפּנים, אין כעס. אַלע מאָל, ווען ער געהט צו דער קעשענע נעמען געלט, איז ער אין כעס. אונזער חבר פּיני לאַכט פון איהם. זיי ווערטלען זיך. איך זוך מיר אויס איין אָרט אויף דער ערד צווישען די פּעקלעך און לעג מיך שלאָפען.

הער אלץ פון די עמיגראנטען, מע זאגט: „פּאָגראָם", „פּאָגראָם", נאָר וואָס דאָס איז — ווייס איך ניט. רופט זיך אָן צו מיר קאַפּעל:

— א פּאָגראָם ווייסט דו ניט? עה! ביזט דו דאָך גאָר א ניונקעלע! א פּאָגראָם איז א זאַך, וואָס איז היינט אומעטום. הויבען הויבט זיך עס אָן כמעט פון גאָרניט, און אז עס הויבט זיך אָן, ציהט זיך עס אוועק דריי טעג...

— וואָס־זשע, זאָג איך, איז דאָס? א יאריד?

— וואָסער יאריד? א שענער יאריד! מע שלאָגט פענס־טער! מע ברעכט מעבעל! מע טרענט קישענס! פעדערען פליהען, אזוי ווי שניי!

— אקעגען וואָס?

— נא דיר גאָר אקעגען וואָס! אקעגען שמערלען! א פּאָ־גראָם איז ניט נאָר אויף הייזער אליין. א פּאָגראָם איז אויף קלייטען. מע צעשלאָגט אלע קלייטען, און מע וואַרפט ארויס פון דאָרטען די סחורה אויף דער גאַס, און מע צעטראָגט, און מע צעראַבעוועט, און מע צעשיט, און מע באַגיסט מיט נאַז, און מע צינדט־אונטער, און מע ברענט.

— געה שוין, געה!

— וואָס דען מיינסט דו? איך וועל דיר אויסטראַכטען? נאָכדעם, אז ס'איז נישטאָ שוין וואָס צו ראַבעווען, געהט מען איבער די הייזער מיט העק, מיט אייזענס און מיט שטעקענס, און פּאָליציע געהט נאָך פון הינטען. מע זינגט און מע פייפט און מע שרייט: „עי, רעביאַטאַ, בעי זשידאָוו!" און מע שלאָגט, מע הרג'עט, מע קוילעט, מע שטעכט מיט שפּיזען...

— וועמען?

— וואָס הייסט וועמען? אידען!

— פאר וואָס?

און דער שניידער מיט די שווארצע אויגען און מיט'ן בלאסען פנים וויל אָנהויבען דערצעהלען א מעשה פון שיפסקארטען, שטעהט־אויף נאָך איין עמיגראַנט, וואָס מע רופט איהם טאָפּאָלינסקי. ער זאָגט, אז ער האָט א שענערע מעשה מיט שיפסקארטען, ווי אזוי אין שטעדטעל ביי זיי איז דאָ א קאָמפּאַניע, וואָס פאר־קויפען כלומרשט שיפסקארטען פון ליבאווע קיין אמעריקע, האָבען זיי דערטאַפּט א יונגען מאַן און האָבען ביי איהם אויסגענארט עטליכע און זעכציג קארבען און האָבען איהם אריינגערוקט עפּים א סוכּה־שער מיט א רויטען אָדלער. דער יונגערמאַן קומט קיין ליבאווע, וויל זיך זעצען אויפ'ן שיף, נעמט־ארויס און באווייזט דעם סוכּה־שער, מיט'ן רויטען אָדלער. ווער? וואָס? א נעבּ־טיגער טאָג! ס'איז ניט קיין שיפסקארטע, ס'איז גאָר א שיר־המעלות!

ג.

די מעשה מיט די שיפסקארטען הויבען מיר אָן ווערען נמאס. איך האָב ליעב עמיגראַנטען. איך האָב מיך בעסער באַקענט, אין וואַגאָן זיצענדיג, מיט א יונגעל פון די עמיגראַנטען אין מיינע יאָהרען. מע רופט איהם קאָפּעל, און ער האָט א צעשפּאָלטענע ליפּ. די ליפּ איז איהם געקומען פון א פאַל. ער איז געקראָכען אויף א לייטער און איז געפאַלען אויף א שייט האָלץ. ער שווערט, אז ס'האָט איהם גאָר ניט וועה געטהאָן, נאָר בלוט איז געגאַנגען א סך. ניט געגוג, זאָגט ער, ער האָט זיך צעשפּאָלטען די ליפּ, האָט ער נאָך געהאַפּט קלעפּ פונ'ם טאַטען. אָט דער הויבער, וואָס מיט'ן בייזען קוק און מיט וואַטע אין די אויהערען, דאָס איז טאַקי זיין טאַטע. און די אידינע, וואָס מע רופט זי שרה, דאָס איז זיין מאַמע. זיי זענען געווען, זאָגט ער, אמאָל גרויסע נגידים. דאָס הייסט, ניט אמאָל, טאַקי אָט דאָ ניט לאַנג, פאר'ן פּאָגראָם. איך פרעג איהם, ווי אזוי איז דאָס א פּאָגראָם? איך

גרעניץ, ווי אזוי די אַגענטען האָבען אונז באַפאַלען, ווי אזוי מיר האָבען זיך באַקענט מיט אַ אידינע, ווי אזוי די אידינע האָט ביי אונז אויסגענאַרט די זאַכען, ווי אזוי איהרע שומרים, צוויי ערלים, האָבען אונז פאַרפיהרט אין אַ וואַלד, געפּרעגט אונז, וויפיעל געלט מיר האָבען, און אַרויסגענומען מעסערס אויף צו קוילען. אַ גליק, וואָס אונזער ברכה האָט אַ טבע פון חלש'ען און וואָס די מאַמע האָט געמאַכט אַ גוואַלד, — האָט זיך דערהערט אַ שאָס, זענען די ערלים אַנטלאָפען און מיר זענען דערוויל אַריבער אויף יענער זייט... אַלע הערען־אויס אונזער מעשה, שאָקלען מיט די קעפּ און שמוצערען מיט די ליפּען. איינער אַ הויכער עמיגראַנט מיט אַ בייזען קוק און מיט וואַטע אין די אויהערען טהוט אונז אַ פרעג:

— ווי אזוי זעהט זי אויס, די אידינע? אַ פרומע, אַ כשר'ע, מיט אַ שייטעל אויפ'ן קאָפּ?

דערהערט, אַז אונזער אידינע איז אַ פרומע, אַ כשר'ע, מיט אַ שייטעל אויפ'ן קאָפּ, — טהוט דער הויכער עמיגראַנט מיט'ן בייזען קוק זיך אַ חאַפּ־אויף און אַ זאָג צו זיין ווייב, וואָס זי הייסט שרה:

— שרה! דו הערכסט? ס'איז דאָך די אייגענע אידינע!

— אַ חלירע זאָל קומען אויף איהר און אויף אַלע אַגענטען, רבונו של עולם!

אזוי זאָגט זיין ווייב שרה, און זי דערצעהלט אונז אויך אַ שענע מעשה, ווי אזוי די אייגענע אידינע מיט'ן שייטעל האָט זי אָפּגענאַרט, באַנומען פון קאָפּ ביז פיס און געוואָלט אַריינרוקען זיי שיפסקאַרטען קיין אַמעריקע.

דערהערט דאָס וואָרט „שיפסקאַרטען", חאַפּט זיך אויף איין עמיגראַנט, אַ שניידער, מיט שוואַרצע אויגען און מיט אַ בלאַס פּנים, און רופט זיך אָן:

— שיפסקאַרטען? לאָזט מיך, וועל איך אייך דערצעהלען אַ מעשה פון שיפסקאַרטען.

מאמע. און מיין שוועגערין ברכה זאָגט: „שוויעגער, לאָמיר בעסער פאָהרען ווייטער". איך האָב אייך שוין געזאָגט אמאָל, אז די ווייבער האָבען אַ טבע — עס געפעלט זיי ניט קיין זאַך. אויף אַלסדינג מאַכען זיי אייך אַ חסרון. אויף דער שטאָדט קראָקע האָבען זיי גלאַט געוואָרפען איין אומחן פון דער עהשטער מינוט. אפילו מיין ברודער אליהו איז אויך אין כעס אויף קראָקע. קראָקע, זאָגט ער, איז ניט לעמבערג. אין לעמבערג איז חאָטש דאָ אידען, און אין קראָקע איז ניטאָ קיין אידען. דאָס הייסט, ס'איז דאָ אידען, נאָר משונה־מאָהנע אידען — אנדרוגינוסען, האַלב איד האַלב פּליאַקע, פאַרדרעהט די וואָנסים און „פּראָשע פּאַני!"... אזוי זאָגט מיין ברודער אליהו. נאָר אונזער חבר פיני וויל איהם איבערשפּארען. ער זאָגט, אז דאָ איז פאַרהאַן מעהר „ציוויליזאַציע". איך וואָלט וועלען וויסען, וואָס איז דאָס אזעלכעס „ציוויליזאַציע", וואָס אונזער חבר פיני קאָן זיך אָהן דעם ניט באַגעהן?

## ב.

אויף דער אכסניה, וואָס מע האָט אונז אָנגעגרייט פון'ם קאָמיטעט, איז אויסגעצייכענט גוט. דאָס הייסט, עס איז ניט אזוי גוט, ווי פריילין. מע באַקענט זיך אַלע מאָל מיט נייע עמיגראַנטען. מע זיצט אינאיינעם, מען עסט אינאיינעם, מע דערצעהלט מעשיות. אך, וואָסערע שענע מעשיות! נסים ונפלאות! נסים פון פּאָגראָם. נסים פונ'ם פריזיוו. נסים פון דער גרעניץ. איטליכער דערצעהלט איין אנדער מעשה פון זיין אַגענט. איינער פרעגט ביי'ם אַנדערען: „ווער איז געווען אייער אַגענט ביי דער גרעניץ — אַ רויטער, צי אַ שווארצער?" ענטפערט איהם דער אַנדערער: „ניט קיין רויטער, ניט קיין שווארצער, נאָר אזוי אַ גנב"...

געוויינטליך, דערצעהלען מיר אונזער נס אויך, ווי אזוי גאָט האָט מיט אונז געפיהרט, ווי אזוי מיר האָבען גע'גנב'עט די

# XVI

# מיט די עמיגראַנטען

## א.

אז איהר ווילט פאָהרען קיין אמעריקע, זאָלט איהר פאָהרען נאָר מיט עמיגראַנטען. אז איהר פאָהרט מיט עמיגראַנטען, איז אייך גוט. קומט איהר אין א שטאָדט, פאַרשפּאָרט איהר זוכען איין אכסניה. מע האָט אייך אָנגעגרייט איין אכסניה פון פריהער. דערויף איז דאָך געמאַכט געוואָרען א קאָמיטעט. א קאָמיטעט זעהט, אז איהר זאָלט האָבען אַלסדינג גרייט. מיר, אז מיר זענען אָנגעקומען די ערשטע נאַכט קיין קראָקע, האָט מען אונז באַלד פאַרטריבען אין אזא מין שטוב, אָדער א קאַמער, אָדער א שטאַל. דאָרט האָבען מיר אָפּגעוואַרט ביז אין דער פריה. אין דער פריה איז מען געקומען צו אונז פונ'ם קאָמיטעט און מע האָט אונז פאַר־שריבען אַלע ביי די נעמען. די מאַמע האָט אפילו ניט געוואָלט זאָגען אונזערע נעמען. זי האָט מורא געהאַט פאַר'ן פּריזיוו. א קשיא אויף א מעשה? האָבען די עמיגראַנטען זי אויסגעלאַכט: וואָס געהט־אָן קירע־דייטש אונזער רוסישער פּריזיוו? נאָכדעם האָט מען אונז געבראַכט אַלעמען אויף א גרויסער אכסניה. א גאַנצע שטוב מיט א סך בעטלעך מיט אָהן א שיעור עמיגראַנטען. „עס זעהט דאָ אויס ווי ביי אונז א הקדש". אַזוי געפינט מיין

פאָהרען קיין קראָקע, לאָז זיך אונז דאכטען, עלעהיי מיר זענען אויך עמיגראַנטען.

— אז מיר זענען אין לעמבערג, מוזען מיר שוין זיין אין קראָקע אויך. — זאָגט אונזער חבר פּיני.

— בכדי ס׳זאָל אויסקומען, אפּנים, קראָקע מיט לעמבערג ? — חאפּט אונטער זיין ווייב טייבעל.

זייט געזונט, מיר פאָהרען קיין קראָקע.

ד אָ ק ט אָ ר : וואָסערע זאַכען ?

מ אַ מ ע : דאָס בעטגעוואַנט : צוויי איבערבעטען, פיער קי־שענס גרויסע, און נאָך צוויי גרויסע קישענס, און דריי קליינינקשקע ממזרים׳לעך איבערגעשאָטען.

ד אָ ק ט אָ ר : דאָס איז גאָר ?

מ אַ מ ע : און קאָלדרעס דריי, צוויי אַלטע, איינע אַ נייע. און מלבושים אַ פּאָר, און אַ פּאַטשיילע אַ זיידענע, און...

ד אָ ק ט אָ ר : נישט דאָס פרעג איך. מעהר קיין אומגליק האָט איהר ניט געהאַט ?

מ אַ מ ע : וואָסער איין אומגליק ווילט איהר נאָך ?

ד אָ ק ט אָ ר : איך מיין, וואָס פעהלט אייך ?

מ אַ מ ע : בעטגעוואַנט.

ד אָ ק ט אָ ר : דאָס איז גאָר ?

מ אַ מ ע : ס׳איז אייך קאַרג ?

ד אָ ק ט אָ ר : און בילעטען האָט איהר ? געלט האָט איהר ?

מ אַ מ ע : נישט צו פאַרזינדיגען. מיר האָבען שיפסקאַרטען, מיר האָבען אויף בילעטען.

ד אָ ק ט אָ ר : זענט איהר דאָך, דאַנקען גאָט ! איך בין אייך מקנא. לאָמיר זיך בייטען. מיינט ניט, איך שפּאַס. איך זאָג עס אייך אָהן ליצנות. נאָט אייך מיין אָנבייסען, נאָט אייך מיינע עמיגראַנטען, נאָט אייך מיין קאָמיטעט, און גיט מיר אייערע שיפּס־קאַרטען מיט אייערע בילעטען, פאָהר איך אוועק קיין אַמעריקע היינטיגען טאָג. וואָס קאָן איך דאָ טהון, איין מענטש אַליין, מיט קיין עין־הרע אזוי פיעל אָרעמע לייט ?

דער דאָקטאָר איז עפּיס — מיר ווייסען אַליין ניט וואָס ! — אזוי האָבען מיר אָפּגעפּסק׳ענט, און מיר ווילען נישט מאַכען דאָ קיין לאַנגע שהיות. מיין ברודער אליהו זאָגט : איין עבירה די הוצאות. לאָמיר בעסער פאָהרען קיין קראָקע. אַ סך עמיגראַנטען

אַנדערען, גראַבען, מסר׳ען, יאַבעדען, ביז ס׳האָט זיך אונטערגע־
חאַפּט איינע אַ אידינע, הייסט עס, אַ ליטווישע, איין עהרליכע,
אַ פרומע, אַ כשר׳ע, און האָט זיך אויסגעגלייכט מיט אונז פאַר׳ן
מקח, הייסט עס, זיך אונטערגענומען אונז אַלעמען אריבערפעקלען,
פריהער אונז, און נאָכדעם די זאַכען. האָט זי אונז געגעבען, די
אידינע, הייסט עס, צוויי ערלים, שומרים, הייסט עס...

— אַט אַזוי גיך? זעה נאַר! ער איז שוין פאַרטיג מיט די
ערלים.

אַזוי שפּרינגט־אַרויס מיין שוועגערין ברכה, שטופּט־אָפּ מיין
ברודער אליהו און דערצעהלט בעסער אליין די מעשה. טאַקי
די אייגענע מעשה, נאָר אַ ביסעל אַנדערש: ווי אַזוי די אידינע
האָט אונז געהייסען געהן און געהן, ביז מיר וועלען דערזעהען אַ
בערגעל. פונ׳ם בערגעל זאָלען מיר זיך נעמען רעכטס און געהן
און געהן, ביז מיר וועלען קומען צו נאָך אַ בערגעל. זאָלען מיר
זיך פון יענעם בערגעל נעמען לינקס און געהן און געהן, ביז מיר
וועלען קומען צו אַ שענקעל. זאָל אריינגעהן איינער פון אונז אין
שענקעל, וועט ער טרעפען צוויי ערלים טרינקען בראַנפען. זאָל
מען צוגעהן צו די ערלים און זאָגען זיי נאָר איין וואָרט „חיימאַ־
וואַ", וועלען זיי שוין וויסען און וועלען אונז פיהרען איבער אַ
וועלדעל. אַ גליק, וואָס איך האָב אַ טבע פון חלש׳ען...

רופט זיך אָן דער דאָקטאָר:

— ווייסט איהר, וואָס איך וועל אייך זאָגען, מיינע ליעבע
ווייבער? איך האָב אויך אַ טבע פון חלש׳ען. זאָגט מיר אין
קורצען, וואָס ווילט איהר?

טרעט־אַרויס די מאַמע ווידער אַ מאָל, און עס קומט־פאָר
צווישען איהר און צווישען דאָקטאָר אַזאַ מין געשפּרעך:

מ אַ מ ע: איהר ווילט אין קורצען? מע האָט ביי אונז צור־
גענומען די זאַכען.

מיר פאָהרען קיין אַמעריקע ניט אַזוי צוליעב וואָינסקי פּאָווינ־
נאָסט, ווי צוליעב סאַמאָסטאָיאַטעלנאָסט און ציווילזאַציע, וואָ־
רום מיר זענען דאָרט זעהר סטיעסניטעלני נישט נאָר אין פּראָ־
גרעס, נאָר אפילו אין וואָזדוך, ווי טורגעניעוו זאָגט — און וואָ־
ווטאָריך, זינט עס האָט זיך אָנגעהויבען ביי אונז דער יעווריייסקי
וואָפּראָס מיט די פּאָגראָמען, קאָנסטיטוציע און טאָמו פּאָדאָבנע,
ווי באָקל זאָגט אין זיין היסטאָריא ציווילזאציא...

איין עבירה! דאָ האָבען ערשט אָנגעהויבען געהן די שענע
ווערטער. אונזער חבר פּיני האָט זיך ערשט רעכט צעשאָקעלט.
ער האָט זיך ערשט פאַרקאַטשעט רעדען און רעדען — צום סוף
האָט איהם איבער דער דאָקטאָר סאַמע אין מיטען, טהוט אַ זופּ
די קאַווע און רופט זיך אָן צו איהם מיט אַ שמייכעל:

— זאָגט: וואָס ווילט איהר?

טרעט־ארוים וויעדער מיין ברודער אליהו און מאַכט צו
פּיני'ן:

— למאי זאָלסט דו האָבען אַ טבע רעדען נישט צו דער זאַך?

דאָס פאַרדריסט, אפּנים, אונזער חבר פּיני'ן, מחמת ער טרעט־
אָפּ אויף אַ זייט, פאַרטשעפּעט זיך פאַר זיינע אייגענע פּיס, און
רופט זיך אָן ברוגז'ליך:

— דו רעדסט בעסער? רעד דו!

און מיין ברודער אליהו געהט־צו צום טיש און דערצעהלט
נאָך אַ מאָל די מעשה בקיצור.

### ד.

— זענען מיר, הייסט עס, געקומען צו דער גרעניץ. געקומען
צו דער גרעניץ, האָבען מיר אָנגעהויבען האַנדלען, הייסט עס,
מיט די אַגענטען. און די אַגענטען, ווייסט איהר דאָך, זענען
גרויסע ממזרים. האָבען זיי אָנגעהויבען לויפען איינער איבער'ן

חזן און האָט געקרענקט און געקרענקט. נאָכדעם איז ער גע־שטאָרבען, איבערגעלאָזט זי איין אַלמנה מיט צוויי קינדער, איי־נעם איין עלטערען און איינם נאָך כמעט איין עופה׳לע (דאָס מיינט מען מיך). האָט זי דעם עלטערען חתונה געמאַכט. אריינ־געגעבען איהם אין אַ שמאַלץ־גרוב. די שמאַלץ איז אויסגערונען, די גרוב איז געבליבען. דער שוועהר האָט זיך געשטעלט, און דער זוהן דאַרף שטעהן צום פּריזיוו...

— מאַמע, וואוהין ביזט דו פּאַרפאָהרען?

אַזוי זאָגט מיין ברודער אליהו און שטעלט זיך אוועק דער־צעהלען די אייגענע מעשה, נאָר אין איין אַנדער אופן. ער הויבט אָן אַזוי:

— יאָ פּריזיוו, ניט פּריזיוו — מיר פאָהרען, הייסט עס, קיין אַמעריקע. דאָס הייסט, איך, און מיין מאַמע, און מיין ווייב, און אַ קליין ברודערל (דאָס מיינט מען מיך), און אָט דער יונגערמאַן (ער וויייזט אויף פּיני׳ן) פאָהרט אויך, הייסט עס, מיט אונז. האָבען מיר באַדאַרפט אַריבער די גרעניץ. זענען מיר, הייסט עס, גע־קומען צו דער גרעניץ. און אַזוי ווי קיין פּעסער, הייסט עס, האָבען מיר ניט, וואָרום מיר דאַרפעןביידע שטעהן צום פּריזיוו...

— אָט דאָ לאָז מיך! — רופט זיך אָן אונזער חבר פּיני און שטופּט אָפּ מיין ברודער אליהו און דערצעהלט די אייגענע מעשה, נאָר אַ ביסעל אַנדערש. חאָטש אליהו איז מיר אַ ברודער, פון דעסטוועגען מוז איך מודה זיין, אַז פּיני רעדט אַ סך שענער פון איהם. ערשטענס, איז ביי איהם נישטאָ קיין „הייסט עס", ווי ביי מיין ברודער אליהו. היינט קען ער רוסיש זעהר גוט. אַ סך ווערטער זענען ביי איהם רוסישע, און גלאַט שענע ווערטער, מחיה׳דיגע. אַ סך פון זיי פאַרשטעה איך ניט וואָס ער מיינט, נאָר זיי זענען שען. אָט ווי אַזוי אונזער חבר פּיני האָט אָנ־געהויבען:

— איך וועל אייך געבען אין קורצען אַ ווזגליאַד אויף דער נאַנצער פּאָלאָזשעניע, וועט איהר האָבען אַ טאָטשקע זרעניע.

די עמיגראנטען ווילען ניט וויסען, וואס ער איז איין מענטש אליין. זיי קאנען דא מעהר ניט זיצען. זיי האבען שוין אויפ־געגעסען פון זיך וואס זיי האבען געהאט. זיי זאגען, אדער מע זאל זיי געבען בילעטען קיין אמעריקע, אדער מע זאל זיי אפ־שיקען צוריק. דער דאקטאר טענה'ט, אז ער קאן זיי נאר שיקען קיין קראקע, אויב זיי ווילען. דארט איז דא א קאמיטעט. אפשר וועט זיי יענער קאמיטעט עפים קאנען העלפען. די עמיגראנטען הערען דאס אויס און זאגען, אז זיי האבען ניט דערוויילע פון וואנען א טאג איבערצולעבען. דער דאקטאר נעמט־ארויס דאס בייטעלע און שענקט זיי א מטבע. די עמיגראנטען באטראכטען די מטבע און געהען אוועק. עס קומען אן נייע עמיגראנטען. זיי פאלען, זאגען זיי, מיט'ן פנים צו דער ערד.

— וואס ווילט איהר? — טענה'ט נעבאך דער דאקטאר.

— מיר ווילען עסען! — זאגען די עמיגראנטען.

— אט האט מען מיר געבראכט עסען, עסט.

אזוי זאגט זיי דער דאקטאר מיט די גוטע לאבענדיגע אויגען און ער ווייזט זיי אויפ'ן אנבייסען, וואס מע האט איהם געבראכט: קאווע מיט ווייסע בולקעלעך. ער זאגט, אז ער מיינט דאס ערנסט. ער גיט זיי אוועק זיין אנבייסען. וואס זאל ער טהון, איין מענטש אליין? די עמיגראנטען באדאנקען איהם. זיי זאגען, אז ניט פאר זיך בעטען זיי, פאר זייערע קינדער נעבאך.

— נו, ברענגט אהער די קינדער! — זאגט דער דאקטאר און טהוט א וואונק צו אונז מיט זייטע גוטע לאבענדיגע אויגען.

— וואס ווילט איהר?

ג.

טרעט־ארויס די מאמע צום גוטען דאקטאר מיט די לאבענ־דיגע אויגען און הויבט איהם אן דערצעהלען א מעשה פונ'ם אנ־הויב, ווי אזוי זי האט געהאט א מאן. דער מאן איז געווען א

עפענט מען די טהיר. דאַרף מען געהן אויף טרעפּ. אז מע קומט אַרויף, טרעפט מען אַ סך מענטשען. צום מיינסטען, אונזערע רוסישע, עמיגראַנטען רופט מען זיי. כמעט אַלע זענען זיי הונגעריג און אַלע האָבען קליינע זויגעדיגע קינדער. די וואָס האָבען ניט קיין זויגעדיגע קינדער זענען אויך הונגעריג. מע הייסט זיי קומען מאָרגען. מאָרגען זאָגט מען זיי ווידער אַ מאָל, זיי זאָלען קומען מאָרגען. מיין מאַמע באַקענט זיך מיט אַ סך ווייבער. איטליכע פון זיי האָט אויף זיך איין אַנדער אומגליק. פאַרגלייכען, זאָגט זי, איהר אומליק מיט זייערע אומגליקען, קומט־אויס, אַז זי איז נאָך איינע אַ גליקליכע! אַ סך פון זיי זענען אַנטלאָפענע פון פּאָגראָמען. וואָס זיי דערצעהלען זיך אָן איז אַ גוואַלד! אַלע פאָהרען זיי קיין אַמעריקע, און קיינער האָט ניט מיט וואָס. אַ סך פון זיי האָט מען אָפּגעשיקט צוריק. אייניגע גיט מען אַרבייט. אייניגע שיקט מען אָפּ קיין קראָקע. דאָרט איז, זאָגט מען, דער אמת'ער קאָמיטעט. וואָס זשע איז דאָ? — זיי ווייסען אַליין ניט. מע הייסט זיי קומען מאָרגען, קומען זיי. וואו איז דער קאָמיטעט? אָט דאָס איז דאָך דער קאָמיטעט. ווער איז דער קאָמיטעט? זיי זאָלען אַזוי וויסען פון בייז! עס קומט אַריין אַ הויכער פאַרשוין מיט אַ געשטופּעלט פּנים און מיט גוטע לאַכענדיגע אויגען.

— אָט דאָס איז איינער פון'ם קאָמיטעט. ער איז אַ דאָקטאָר.

דער דאָקטאָר מיט די גוטע לאַכענדיגע אויגען זעצט זיך אַוועק אויף אַ שטוהל. אַלע מינוט געהט־צו צו איהם איין אַנדער עמיגראַנט און טענה'ט עפּיס, מאַכט מיט די הענט. דער דאָקטאָר הערט איהם אויס און ענטפערט איהם, אַז ער איז איין מענטש אַליין. ער קאָן גאָרנישט העלפען. פאַרהאַן, זאָגט ער, ביי אונז אַ קאָמיטעט פון עטליכע און דרייסיג פאַרשוין, נאָר קיינער וויל ניט קומען. וואָס קאָן איך, איין מענטש אַליין, טהון?

און ו'או איז אמעריקע!" זאָגט איהם פיני, אז וואָס ס'איז שייך צו שטעדט, מעג ער זיך נאָך דערוויילע לערנען ביי איהם, וואָרום ער האָט געלערענט געאָגראַפיע. זאָגט איהם מיין ברודער אליהו: „אז דו האָסט געלערענט געאָגראַפיע, זאָג זשע מיר, וואו איז דער קאָמיטעט?" — „וואָסער קאָמיטעט?" — „דער עמיגראַנטען־קאָמיטעט!" — „א סמיכות־הפרשה! וואָס געהער זיך עס אָן מיט געאָגראַפיע?" — „דער וואָס ווייסט געאָגראַפיע, דער דאַרף וויסען אַלסדינגג".

אזוי זאָגט צו איהם מיין ברודער אליהו, און מיר פרעגען זיך נאָך אויפ'ן קאָמיטעט. ווען מיר פרעגען, ווייסט קיינער ניט. א מאָדנע שטאָדט.

— זיי ווייסען, נאָר זיי ווילען ניט זאָגען!

אזוי פסק'ענט מיין שוועגערין ברכה. איהר געפעלט קיין זאַך ניט. אויף לעמבערג האָט זי אויך א חסרון: צו ברייטע גאַסען. א חסרון — די כלה איז צו שען. אונזער חבר פיני'ס ווייב טייבעל האָט איין אנדער חסרון אויף לעמבערג. דהיינו? למאי זאָגט מען ביי אונז „קראָקע מיט לעמבערג"? אז מען עסט א זויערע זאַך, זאָגט מען: „ס'איז אזוי זויער, אז מע קאָן דער־זעהען קראָקע מיט לעמבערג". אָדער אז מע דערלאַנגט איינעם א גוטען פּאַטש, זאָגט מען, אז „ער האָט דערזעהען קראָקע מיט לעמבערג".

בקיצור, די ווייבער האָבען שוין אזא טבע. זעלטען זיי זאָל עפּיס געפעלען!...

## ב.

מיר האָבען זיך שוין דערפרעגט צום קאָמיטעט. א הויכע שטוב מיט א רויטען דאַך. פריהער דאַרף מען שטעהן א ביסעל אין דרויסען. דאָס הייסט, ניט א ביסעל, נאָר א סך. נאָכדעם

## XV

# קראָקע מיט לעמבערג

### א.

לעמבערג, זעהט איהר, איז שוין גאָר ניט דאָס, וואָס בראָד. ערשטענס, די שטאָדט אַליין. ריין, ברייט, ציכטיג, שען — פאַר־נעמט איין אויג! דאָס הייסט, ס'איז פאַרהאַן אין לעמבערג אויך אַזעלכע גאַסען, ווי אין בראָד, וואָס אַז מע געהט אין מיטען זומער, דאַרף מען אָנטהון טיעפע קאַלאָשען און פאַרשטעלען די נאָז. דערפאַר אָבער איז פאַרהאַן אין מיטען שטאָדט אַ גאָרטען, וואָס אַלע מעגען דאָרטען געהן שפּאַציערען, אפילו ציעגען. אַ פרייע מדינה. שבת געהען אידען מיט שטריימלעך פראַנק און פריי אויף אַלע גאַסען, און קיינער זאָגט זיי ניט אַ וואָרט. הייסט די מענ־טשען? גאָלד און זילבער! מיין מאַמע זאָגט, אַז פון בראָד ביז לעמבערג איז אַזאַ חילוק, ווי פון טאָג צו נאַכט. מיין ברודער אליהו זאָגט, אַז עס טהוט איהם באַנג, וואָס ביי דער גרעניץ שטעהט פריהער בראָד און נאָכדעם לעמבערג. עס וואָלט באַ־דאַרפט, זאָגט ער, זיין פאַרקעהרט. גיט איהם אונזער חבר פיני צו פאַרשטעהן, אַז דערפאַר איז לעמבערג בעסער פון בראָד, ווייל עס שטעהט ווייטער פון דער גרעניץ און נעהענטער צו אַמעריקע. זאָגט איהם אליהו: „אַ פּאָלג מיך אַ גאַנג! וואו איז לעמבערג

דערהערט אַזאַ מעשה, האַפּט זיך אויף מיין שוועגערין ברכה מיט אַ פּלעסק אין די הענט.

— שוועגער! וואָס האָב איך אייך געזאָגט? זענען די דייטשען ניט ערגער ווי די נאַכט־גזלנים אין וואַלד? זענען אונ־זערע רוסישע חוליגאַנעס ניט קיין צדיקים אַקעגען זיי? מיר זענען דען אין בראָד? מיר זענען דאָך אין סדום!!!...

דאָס פאַרגלייכען איהם מיט די רוסישע חוליגאַנעס, ווייזט אויס, האָט דעם בעל־הבית ניט אַזוי פאַרדראָסען, ווי דאָס פאַר־גלייכען בראָד מיט סדום. ער איז געוואָרען אָנגעצונדען! ער האָט אונז געזאָגט, אַז ס'איז זעהר רעכט, וואָס די רוסישע „חולי־גאַנעס" מאַכען אויף אונז פּאָגראָמען. ער געפינט, אַז ס'איז נאָך ווינציג, וואָס מע טהוט אונז. ווען ער זאָל זיין, זאָגט ער, דער רוסישער „קאַיזער", וואָלט ער „געהאַייסען", מע זאָל אונז אַלע־מען „אויסקאַילען" ביז „איינעם"!

מיר דאַכט, איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַז אונזער חבר פיני איז אַ היציגער פּאַרשוין. ביז מע ריהרט איהם ניט שטאַרק אָן, קאָן ער אייך שווייגען און שווייגען. נאָר טאָמער דערלאַנגט מען איהם מיט אַזאַ וואָרט, וואָס ער האָט פיינט, איז חיות ניט זיכער! פיני האָט זיך אויפגעהאַפּט, אויסגעצויגען זיך ווי לאַנג ער איז, צוגעגאַנגען גלייך צום בעל־הבית פון דער סטאַנציע און האָט איהם אויסגעשריען אויפ'ן קול גלייך אין פנים אריין:

— קירע־דאַאַאַייטש!!!... אַ רוח אין דיין טאַאַאַטען אריין!

אמת, דער „קירע־דייטש" האָט אונזער חבר פיני'ן געקאָסט טייער. דער בעל־הבית האָט איהם פאַר'ן „קירע־דייטש" אויפ־געוואָרפען צוויי שווערע, געשמאַקע פּעטש, אַז פונקען זענען גע־פלויגען. עס האָט אָבער געהאַט דעם זיבעטען חן. גאַנץ בראָד האָט זיך צונויפגעלאָפען. ס'איז געווען „ליהודים". איך האָב ליעב, אַז ס'איז פריילין.

דעמזעלבען טאָג זענען מיר אַנטלאָפען קיין לעמבערג.

## ח.

האָט קיין פאַראיבעל ניט, איך האָב מיך פאַררעדט וועגען די נאַרישע דייטשען מיט זייער משוגע'נער שפּראַך, און האָב פאַרגעסען, אַז מיר פאָהרען קיין אַמעריקע. דאָס הייסט, ניט גלייך קיין אַמעריקע — דערווייל פאָהרען מיר קיין לאָנדאָן. און ניט גלייך קיין לאָנדאָן, נאָר קיין לעמבערג. דאָרט, אין לעמ־בערג, איז פאַרהאַן, זאָגט מען, אַ קאָמיטעט פאַר עמיגראַנטען. אפשר וועלען מיר קאָנען דורכ'ן קאָמיטעט עפּים באַהילפיג ווע־רען. מיט וואָס זענען מיר ערגער פון אַלע אַנדערע עמיגראַנטען? ובפרט, מיר האָבען נאָך געהאַט אַזאַ שאָדען — אונזערע אַלע פּעקלעך מיט אונזער גאַנצען בעטגעוואַנט. די מאַמע גרייט זיך שוין, ווי אַזוי זי זאָל זיי זאָגען, ווי אַזוי זי זאָל פאַר זיי וויינען. מיין ברודער אליהו בעט זיך ביי איהר: „נאָר ניט געוויינט! מע דאַרף אין זינען האָבען די אויגען. אָהן אויגען לאָזט אַמעריקע ניט אַריין”...

אַזוי זאָגט מיין ברודער אליהו און געהט אַריין צום בעל־הבית זיך צעצאָהלען פאַר דער אכסניה. אין עטליכע מינוט אַרום קומט אַריין מיין ברודער אליהו אַ טוידטער. וואָס איז? דער בעל־הבית האָט איהם אָוועקגעלעגט אַ חשבון, איז איהם, זאָגט ער, פינסטער געוואָרען אין די אויגען. פאַר אַלסדינג רעכענט ער אונז געלט. פאַר לייכטער אויף ליכט־בענטשען רעכענט ער זעכס לייכטער — זעכס גריצערס. פאַר הבדלה — פיער גרייצערס. וואָסער הבדלה? ער, דער בעל־אכסניה, האָט געמאַכט הבדלה און מיר האָבען געהערט, קומט איהם פיער גרייצערס. פרעגען מיר איהם: „וואָס עפּיס פיער?” — זאָגט ער: „ווילט איהר פינף, לאָז זיין פינף”. היינט רעכענט ער אונז עפּים אַ מין זאַך מיט'ן נאָמען „קאָמיסיאָן”. וואָס איז דאָס פאַר אַ שלאַק? דאָס קומט איהם, זאָגט ער, פאַר דער טרחה, וואָס ער איז געגאַנגען מיט אונז קויפען מלבושים.

נאָמען. זי האָט אַזעלכען ניט געהערט. עס בלייבט לאָנדאָן. פיני זאָגט, אַז לאָנדאָן איז דאָס בעסטע. ער האָט געלייענט ווי־פיעל מאָל אין דער געאָגראַפיע (אַזאַ בוך), אַז לאָנדאָן איז אַ שאַרפע שטאָדט. היינט קומט אַרויס פון דאָרטען משה מאָנטע־פיאָרע, און רויטשילד, זאָגט ער, איז אויך פון לאָנדאָן.

— רויטשילד איז גאָר פון פּאַריז!

אַזוי זאָגט מיין ברודער אליהו. דאָס איז דאָך ביי זיי אַ כלל. וואָס איינער זאָגט, זאָגט דער אַנדערער פאַרקעהרט. אַז דער זאָגט: טאָג, זאָגט יענער: נאַכט. דאָס הייסט, מע זאָל זיך קריעגען — דאָס ניט, נאָר מע שפּאַרט זיך. זיי קאָנען זיך אַמאָל אַזוי אָוועקשפּאַרען אַ שעה כסדר, ביז מע צענעמט זיי. אַנומעלט האָבען זיי זיך צעאַמעפּערט איבער אַ דייטשעס וואָרט: „חריין". איינער האָט געזאָגט, אַז חריין איז אויף דייטש: „חראַן". דער אַנדערער האָט געדרונגען, אַז חריין דאַרף מען זאָגען אויף דייטש: „חראָן". אַ שעה צוויי האָט מען זיך אָוועק־געריסען, ביז ס'איז געבליבען, מע זאָל קויפען אַ ווערצעל חריין און מע זאָל דאָס ווייזען דעם בעל־הבית פון דער אכסניה. גע־בראַכט דאָס ווערצעל חריין, פרעגט מען איהם: „רב דייטש! מיר האָבען צו אייך אַ בקשה, נאָר איהר זאָלט אונז זאָגען דעם ריינעם אמת. ווי אַזוי הייסט ביי אייך אויף אייער לשון אָט די דאָזיגע פּרי — „חראַן", אָדער „חראָן"?" רופט זיך אָפּ דער בעל־הבית: „אויף אונזער דייטשער שפּראַכע הייסט דיעזע פּרוכט ניט „חראַן" און ניט „חראָן", נאָר „מערעטיך"... נאַט אייך אַזאַ משוגעת! קירע־דייטש איז אַ גוטער צו־להכעיס'ניק. ער קאָן אייך אַמאָל געבען אַ זאָג אַ וואָרט, זאָל זיין וואָס צו הערען. למשל, נעמט, אַשטייגער, אַ זייגערעל. דאַכט זיך, וואָס קאָן שוין זיין מעהר פּשוט פון אַ זייגערעל? הייסט דאָס ביי קירע־דייטש ניט אַ זייגערעל, נאָר „אַ האָר". און אַ האָר איז ביי איהם „אַ האַר". אַ האַר איז ביי איהם „אַ הער". אַהער איז ביי איהם „היר—היר". אַז מע זאָגט קירע־דייטש, זאָל מען גלויבען!

וויל ניט ליידען, למאי זי רעדט פון מיינע פּיסקעס. הויבט אָן די מאַמע וויינען. און מיין ברודער אליהו האָט פּיינט, אַז די מאַמע וויינט. ער זאָגט, אַז זי מאַכט זיך קאַלי די אויגען, און מיט קאַליעדיגע אויגען לאָזט אַמעריקע נישט אַריין.

ד.

איך קאָן אייך איבערגעבען אַ נייעס. מיר האָבען אַ גרוס פון אונזערע זאַכען. די אידינע, וואָס האָט מיט אונז גע׳גנב׳עט די גרעניץ, האָט מען איינגעזעצט אין טורמע. אונזער חבר פּיני קוועלט. ער זאָגט, אַז ס׳איז אַ גרויסע מצוה. זאָגט די מאַמע: „ס׳טייטש, און מיינע זאַכען?" זאָגט פּיני: „נו, און מיינע זאַכען?"... אצינד ווייסען מיר שוין פאַר געווים, אַז אונזערע זאַכען זענען פאַרפאַלען. וואָס טהוט מען? מע דאַרף פאָהרען ווייטער. אַ ברירה האָבען מיר? מיין ברודער אליהו געהט אַרום אָהן אַ קאָפּ. די מאַמע רעדט איהם אויס דאָס הארץ. זי זאָגט איהם: וואָס וואָלטען מיר געטהאָן, נאַרעלע, ווען מע זאָל געוועזען צונעמען ביי אונז דאָס געלט, וואָס מיר האָבען אָפּגעלייזט פאַר דער האַל־בער דירה, און נאָך קוילען אויך? אונזער חבר פּיני גיט אָפּ דער מאַמען דעם געדעכט. ער זאָגט, אַז אַ איד דאַרף שטענדיג זאָגען: „גם זו לטובה". ברכה לעגט אויך צו אַ קנייטעל. זי זאָגט, אַז ניט אומזיסט האָט זי איהם אַ נאָמען געגעבען „אידינע". מיר גרייטען זיך אין וועג אַריין. מיר צעפרעגען זיך ביי מענטשען, ווי אזוי פאָהרט מען קיין אַמעריקע? מענטשען הערען־אויס און געבען אונז עצות. איטליכער איין אַנדער עצה. איינער זאָגט: אויף פּאַריז. דער אַנדערער — אויף לאָנדאָן. אַ דריטער דרינגט, אַז אויף אַנטווערפּען איז נעהענטער. מע פאַרדולט אונז אזוי דעם קאָפּ, אַז מיר ווייסען שוין אַליין ניט, וואָס צו טהון. פאַר פּאַריז האָט די מאַמע מורא. אַ צו גרויסער טומעל, זאָגט מען. אַנט־ווערפּען געפעלט ניט ברכה׳ן. עפּיס אַנטווערפּען — אַ מאָדנער

— אחוץ געלט. געלט איז ביי זיי טייערער, ווי ביי אונז! א „גרייצער" איז ביי זיי די נשמה. פאַר אַ „קרוין" וועלען זיי אייך פאַרקויפן דעם טאַטען, און פאַר אַ „גולדען" — גאָט אַליין!

אזוי זאָגט ברכה, און טייבעל האַלט זי אונטער. אַלע דריי ווייבער, ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, זענען עפּיס ניט צו־פריעדען מיט די דייטשען. איך ווייס ניט, פאַר וואָס. מיר זענען זיי דוקא געפעלען. ווען ניט אַמעריקע, וואָלט איך דאָ געוואָלט זיין אייביג און אייביג. וואו האָט איהר אַזעלכע הייזער, ווי דאָ? היינט די מענטשען? אַזעלכע גוטע מענטשען! אַלסדינג פאַר־קויפען זיי אייך! אפילו די בהמות זענען ניט די בהמות, וואָס ביי אונז. שכל, קאָן זיין, האָבען זיי ניט מעהר ווי אונזערע, נאָר זיי זעהען־אויס ליטישער. אַלסדינג האָט דאָ איין אַנדער פּנים. און רעדט מיט די ווייבער, זאָגען זיי, אַז ביי אונז איז בעסער. קיין זאַך געפעלט זיי ניט, אפילו די אכסניה אויך ניט. און ניט אַזוי די אכסניה, ווי די בעלי־בתים. זיי רייסען די הויט, זאָגט ברכה. פאַר אַ גלעזעל וואַרעם וואַסער הייסען זיי זיך באַצאָהלען. אַ ביסעל זאַלץ וועלען זיי אייך נישט געבען אומזיסט. אַז מיר וועלען ניט אָפּפאָהרען פון דאַנען בייצייטענס, וועלען מיר דאַרפען געהן איבער די הייזער.

אזוי זאָגט מיין שוועגערין ברכה. נאָר וואָס מיין שוועגערין ברכה קאָן זאָגען! לְמאי זי זאָגט אויף מיין ברודער אליהו, אַז ער איז אַ אידינע? און אויף אונזער חבר פּיני זאָגט זי, אַז ער איז כל־בו, וואָס אין דער קאָרט. איין אַנדערע אויף טייבעל'ס אָרט וואָלט איהר געגעבען אַ ווישטען פּעטשאַטעק. טייבעל איז אָבער, ווי די מאַמע זאָגט, אַ מענטש אָהן אַ גאַל. זי שווייגט איהר אָפּ. אַלע שווייגען איהר אָפּ. איך אויך. אויף מיר איז זי גזלן. מיך רופט זי דער „ווישקראַבעק", אָדער „מאָטעל מיט די פּיסקעס". איך האָב זיך אויסגעהאָדעוועט, זאָגט זי, אין וועג אַ פּאָר גוטע פּיסקעס. מיך הויבט דאָס אפילו ניט אָן צו אַרען. נאָר די מאַמע

דאָס איז דאָך באוואוסט אויף דער גאַנצער וועלט. קודם כל האָט ער זיך געקויפט אַ קאַפּעלישעל, ווי מע טראָגט ביי די דייטשען, און אַ פּידזשאַק אַ קורצען ביז די קניע מיט אַ נייעם שניפּס. אָנקוקען פּיני'ן אין זיינע דייטשע מלבושים דאַרף מען זיין שטאַרקער פון אייזען. לאַנג און דין איז ער. אַ נידעריגע ראיה האָט ער. און אַז ער געהט, שפּרינגט ער. היינט די נאָז? די מאַמע זאָגט, אַז ער האָט אַ פּנים פון חוזק. מיין ברודער אליהו געפינט, אַז ער זעהט אויס ווי אַ „וויינגער" אָדער ווי אַ „קאַטערינשטשיק". פּיני זאָגט, אַז ער ווייסט ניט וואָס איז שענער: צי אַ „וויינגער", צי אַ „קאַטערינשטשיק", צי גאָר אַ „שלעפּער"? דאָס מיינט ער טאַקי אונז. מיין ברודער אליהו זאָגט, אַז ער זאָל וועלען, קאָן ער זיך אויך אויסקליידען ווי אַ דייטש. ס'איז אָבער נישט קיין גרויסע קונץ, זאָגט ער, אויסברעננגען געלט, טרענצלען קערבלעך. מע דאַרף, זאָגט ער, דאָס קערבעל היטען קיין אַמעריקע... זאָגט איהם פּיני: אין אַמעריקע דאַרפען מיר קיין געלט ניט. דאָרטען, זאָגט ער, זענען מיר אליין געלט! ער רעדט איבער אונז אַזוי לאַנג, ביז מיין ברודער אליהו קויפט זיך אויך אַ קאַפּעליש מיט אַ פּידזשאַק, און מיר אויך אַ קאַפּעלישעל מיט אַ רעקעל. מיר געהען אַלע דריי איבער די גאַסען און רעדען דייטש. איך בין זיכער, אַז אַלע מיינען, אַז מיר זענען דייטשען. איין חסרון נאָר, וואָס אונז געהען נאָך די ווייבער. איך מיין טאַקי די מאַמע, מיין שוועגערין ברכה און פּיני'ס ווייב טייבעל. זיי טרעטען נישט אָפּ פון אונז אויף קיין ווייל. די מאַמע האָט מורא, איך זאָל צווישען די דייטשען ניט פאַרבלאָנזעט ווערען, און יענע געהען גלאַט נאָך, ווי די קעלבלעך. וואָס האָבען זיי מורא — ווייס איך ניט. מחמת מיר דרעהען זיך אַרום זאַלבעזעכסט, קוקט די גאַנצע וועלט אויף אונז. וואָס האָבען זיי ניט געזעהען?

— די גרעסטע נאַראָנים אין דער וועלט זענען דייטשען. — אַזוי זאָגט מיין ברודער אליהו. אַ סימן, וואָס איהר זאָלט ניט זאָגען, גלויבען זיי אייך אויף נאמנות.

## ג.

אויף דער זייט גרעניץ איז אונז גוט, בעסער ווי אין דער היים. טהון טהוען מיר ניט קיין האַנט אין קאַלט וואַסער. אָדער מיר זיצען אויף דער אכסניה, אָדער מיר געהען אויפ׳ן שפּאַציער, אָנ־קוקען בראָד. אַ שענע שטאָדט. איך ווייס ניט, וואָס מיין שווע־גערין ברכה האָט צו דער שטאָדט. אַלע טאָג געפינט זי איין אָנ־דער חסרון אויף דער שטאָדט. דאָס געפעלט איהר ניט — ס׳איז בלאָטיג. דאָס זאָגט זי — סע שטינקט, ערגער ווי ביי אונז. איינמאָל ביינאַכט האַפּט זי זיך אויף מיט אַ גוואַלד: מע האָט זי באַפאַלען. מיר זענען אַלע אַראָפּ פון די געלעגערס:

— ווער האָט דיך באַפאַלען? גזלנים?

— וואָסערע גזלנים? וואַנצען!...

אין דער פריה דערצעהלען מיר דעם בעל־הבית פון דער אכסניה, ווייסט ער ניט מיט וואָס מען עסט דאָס. גיט איהם פּיני צו פאַר־שטעהן אויף דייטש, וואָס דאָס איז. זאָגט ער, אַז ביי זיי ווייסט מען ניט דערפון. אין זייער דייטשעס לאַנד זעהט מען דאָס ניט. דאָס האָבען מיר, זאָגט ער, מסתמא געבראַכט מיט זיך פון דער היים... אַי, איז ברכה געוועזן אין כעס! זי האָט פיינט, זאָגט זי, דעם אידען, ערגער ווי אַ משומד! איך ווייס ניט, פאַר וואָס. דאַכט זיך, זעהר אַ פיינער מענטש. אַז ער רעדט, האַלט ער אַ ביסעל דאָס מויל אויף אַ זייט און שמייכעלט. היינט האָט ער ליעב געבען עצות. וואוהין מיר זאָלען געהן, ביי וועמען מיר זאָלען קויפען און ביי וועמען ניט. און אַז מיר געהען עפּיס קויפען, געהט ער מיט. און קויפען קויפען מיר, צום מיינסטען, מלבושים. מיר האָבען אָנגעהויבען צו ביסלעך אויסקליידען זיך. אונזער חבר פּיני זאָגט, אַז ס׳איז ניט שען, וואָס מיר געהען, ווי די שלעפּערס. אין אַ פרעמדער שטאָדט דאַרף מען, זאָגט ער, אַרויסגעהן ווי מענ־טשען. ובפרט דאָ, אין אויסלאַנד, וואו עס איז האַלב אומזיסט.

פיני פאַלט אַלע מאָל אויף איין אנדער פּלאַן. ער וועט גײן, זאָגט ער, מיט אַ „זאַיאַוולעניע" דורך דער באַהן, מיט אַ „פּראָ־שעניע" צום „נאַטשאַלניק" פון דער גרעניץ. ער וועט זיך אַרי־בערהאַפּען אַהין צו דער אידינע און וועט איהר מאַכען אַ פּינ־סטערען סוף. ער וועט זי פרעגען: היתכן?!... ס'איז אָבער קאַלטע פּריפּאַרקעס! עס וועט ניט העלפען קיין „זאַיאַוולעניעס" מיט קיין „פּראָשעניעס". אַריבערהאַפּען זיך צו דער אידינע וועט איהם טייבעל נישט לאָזען, ס'איז בלאָטע, מע זאָל איהר אָנשיטען די שטוב מיט גאָלד. אַזוי האָט זי געזאָגט בפירוש. עס ליגט איהר נאָך אין טעם דאָס „גנב'ענען די גרעניץ". מיר אַלע גע־דענקען נאָך דעם טעם פון דער גרעניץ. מיר דערצעהלען איט־ליכען די מעשה, ווי אַזוי מיר האָבען גע'גנב'עט די גרעניץ, ווי אַזוי די אידינע האָט אונז געגעבען ערלים אויף אַריבערצופּעקלען אונז, ווי אַזוי די ערלים האָבען אונז געפיהרט און פאַרפיהרט אין אַ וואַלד און געוואָלט אונז קוילען. אַ גליק, וואָס מיין שווענערין ברכה האָט אַ טבע פון חלש'ען און וואָס מיין מאַמע האָט געמאַכט אַ גוואַלד. האָבען דערהערט די סאָלדאַטען און האָבען אָנגע־הויבען שיסען. זענען זיך די ערלים צעלאָפען, און מיר זענען געבנזען געוואָרען. אַזוי דערצעהלט די מאַמע. מיין ברודער אליהו דערצעהלט די אייגענע מעשה, נאָר אַ ביסעל אַנדערש. שלאָגט איהם ברכה איבער און דערצעהלט טאַקי דאָס אייגענע, נאָר אַ ביסעל אַנדערש. זאָגט אונזער חבר פיני'ס ווייב, טייבעל, אַז ברכה געדענקט ניט אַקוראַט, וואָרום ברכה האָט גע'חלש'ט. און טייבעל וויל אָנהויבען דערצעהלען די מעשה פון אָנהויב אָן, האַקט איהר פּיני איבער און זאָגט, אַז זי ווייסט גאָרניט. אָט וועט ער דערצעהלען נאָך אַ מאָל פון אָנהויב ביז'ן סוף. אַלע טאָג און איטליכען באַזונדער דערצעהלען מיר די מעשה, ווי אַזוי מיר האָבען גע'גנב'עט די גרעניץ. אַלע די, וואָס הערען, שאָקלען מיט די קעפּ, שמוצערען מיט די ליפּען. זיי זאָגען, אַז מיר זענען גליק־ליכע! מיר דאַרפען בענטשען גומל!

— ביי אונז, נאַרעלע, ווייסט דער גוי אַליין, אַז ער איז אַ גנב.

אַזוי זאָגט די מאַמע און דערצעהלט אַ מעשה מיט בימקען. ס׳איז געווען ביי אונז אַמאָל אַ שיקסע בימקע. דער טאַטע, עליו השלום, האָט נאָך דעמאָלט געלעבט. איז די בימקע געווען זעהר אַ וואוילע שיקסע, נאָר אַ ביסעל אַ גנב׳טע. אַז אַלע זענען אַוועק־געגאַנגען פון שטוב, פלעגט זי ניט וועלען בלייבען אַליין. זי האָט מורא געהאַט פאַר זיך אַליין, זי זאָל עפּיס ניט אַוועק׳גנב׳ענען...

## ב.

אַלסדינג איז ביי די דייטשען אַנדערש. אפילו דאָס געלט איז אויך ניט, ווי ביי אונז. דאָ ווייסט מען ניט פון קאָפּיקעס, גריוונעס, צוואַנציגער, פערציגער. דאָ ווייסט מען נאָר גרייצערס. אַלסדינג פאַרקויפט זיך דאָ אויפ׳ן גרייצער. פאַר אונזערען אַ רובעל גיט מען אייך אָהן אַ שיעור גרייצערס. מיין מאַמע געפינט, אַז ס׳איז נישט קיין געלט. ס׳איז קנעפּלעך. מיין ברודער אליהו זאָגט, אַז זיי צעגעהען זיך עפּיס אונטער די פינגער, אַזוי ווי שניי. אַלע טאָג זעצט ער זיך אַוועק אין אַ ווינקעלע, און טרענט אויף די קעשענע, און נעמט־אַרויס אַ רובעל, און פאַרנייהט די קעשענע צוריק. אויף מאָרגען טרענט ער ווידער אויף די קעשענע, נעמט־אַרויס אַ רובעל און פאַרנייהט צוריק. אָט אַזוי אַלע טאָג. און די טעג געהען־אַוועק, און אונזערע פּעקלעך מיט אונזער בעטגעוואַנט זענען נאָך אַלץ נישטאָ. די אידינע, וואָס האָט מיט אונז גע׳גנב׳עט די גרעניץ, האָט אונז, אַפּנים, אָנגעטהאָן אַ רעכטען ספּאָדיק. אחוץ וואָס מען איז אונז באַפאַלען אין וואַלד, טאַקי איהרע שומרים אַליין, וועלען מיר נאָך אפשר בלייבען אָהן זאַכען. די מאַמע הערט ניט אויף צו ברעכען די הענט און צו וויינען אויף די זאַכען. „דאָס בעטגעוואַנט! די קישענס! ווי אַזוי וועלען מיר זיך ריהרען קיין אַמעריקע אָהן בעטגעוואַנט, אָהן קישענס?״...

„קינד" איז „קונד", א „טינטורעל" איז א „טונטירעל", א „ציבע־לע" איז א „צייבעלע", א „סירניקעל" — א „שוויבעלע". היינט דאָס רעדען זייערס! אַז זיי רעדען, זינגען זיי. עס קומט אויס גלייך, ווי זיי וואָלטען שטענדיג מעביר געווען די סדרה. מיר האָבען באַלד געהאַפּט דעם שניט. דער ערשטער איז געווען אונ־זער חבר פּיני. ער האָט אָנגעהויבען רעדען דייטש כמעט פונ'ם ערשטען טאָג, וואָס מיר זענען געקומען. איהם איז געווען גרינ־גער, ווייל דייטש האָט ער געלערענט נאָך אין דער היים. מיין ברודער אליהו זאָגט, אַז חאָטש ער האָט קיין דייטש קיינמאָל ניט געלערענט, פון דעסטוועגען פאַרשטעהט ער נישט ווינציגער פון איהם. איך הער מיך צו, ווי מע רעדט אויף דייטש, און לערען מיך. אין אַ פרעמד לאַנד מוז מען קענען די שפּראַך. אַזוי זאָגט פּיני. זיין ווייב טייבעל רעדט שוין אויך האַלב דייטש, האַלב אידיש. מיין שוועגערין ברכה, אליהו'ס ווייב, וואָלט אפשר אויך וועלען רעדען דייטש, קאָן זי נעבאַך ניט. אַ גראָבער קאָפּ ביי איהר! זעהט איהר, די מאַמע וויל ניט הערען פון קיין דייטש. זי וועט, זאָגט זי, רעדען אַזוי ווי זי האָט גערעדט אין דער היים. ברעכען זיך די צונג צוליעב די דייטשען איז זי ניט מחויב. זי איז גאָר אויף זיי ברוגז. זי האָט געמיינט, אַז די דייטשען זענען עהרליכע מענטשען. צום סוף, איז זי געוואָהר געוואָרען, אַז זיי זענען אויך ניט קיין גרויסע צדיקים. אַנומעלט איז זי געווען אין מארק, האָט מען זי אָפּגענאַרט אויף דער וואָג. זי האָט געזאָגט, מע זאָל איהר געבען אַ פונט, און געגעבען האָט מען איהר — זי ווייסט אַליין ניט וויפיעל.

אַזוי דערצעהלט די מאַמע און לאָזט־אויס, אַז צווישען די דייטשען זענען, אפנים, אויך דאָ גנבים. דערהערט מיין שוועגערין ברכה, חאַפּט זי זיך אויף און פייערט און מאַכט מיט די הענט:

— גנבים זאָגט איהר, שוויגער? אַ גנב אויף אַ גנב! איין גנב גרעסער פונ'ם אַנדערען! מע דאַרף זיך פאַר זיי היטען ערגער ווי ביי אונז! ביי אונז ווייסט מען חאָטש, אַז אַ גוי איז אַ גנב.

## XIV

# מיר זענען שוין אין בראָד!

### א.

ווייסט איהר, וואו מיר שפּארען־אָן? אזש אין בראָד! איך מיין, אז מיר זענען שוין נאָהענט צו אמעריקע. א שענע שטאָדט אָט דאָס בראָד! ס'איז גאָרניט די שטאָדט, די גאסען, די מענ־טשען, וואָס ביי אונז. אפילו די אידען זענען דאָ ניט די אידען, וואָס ביי אונז. דאָס הייסט, די אידען זענען די אייגענע אידען, וואָס ביי אונז. און אויב איהר ווילט, זענען זיי נאָך מעהר אידען, ווי אונזערע אידען. די פּאות א סך לענגערע, ווי ביי אונזערע. די קאַפּאָטעס ביי זיי זענען כמעט ביז דער ערד. זיי טראָגען מאָדנע קאַפּעלישלעך, גארטעלעך, מיט שיך און זאָקען, און די ווייבער — פּאַריקען. נאָר דאָס לשון זייערם — אוי, דאָס לשון! דייטש רופט מען דאָס. ס'איז גאָרניט דאָס, וואָס ביי אונז. דאָס הייסט, די ווערטער זענען די אייגענע ווערטער, וואָס ביי אונז, נאָר מיט פּתח'ען. למשל: „וואָס" איז „וואַס", „דאָס" איז „דאַס", „שלאָפען" איז „שלאַפען", „ברויט" איז „בראַייט", „פליישׁ" איז „פלאַייש", „מאיר" איז „מאַייער", א „בהמה" איז „בהאַיימע", א „שייגעץ"—„שאַייגעץ", „מילך" איז „מעלך", „ליכט" איז „לעכט", א „איד" איז א „יאיד", א „אידינע" — א „יאַידינע",

איד פון דער ציעג באטראכט אונז פון קאָפּ ביז פיס. פּיני פאַר־בינדט מיט איהם א שמועס. דער איד פון דער ציעג רעדט עפּיס מאָדנע. טאַקי אונזער לשון, נאָר מיט פּתח'ען. פּיני פרעגט איהם, צי ס'איז נאָך עפּיס ווייט צו דער גרעניץ? דער איד פון דער ציעג קוקט איהם אָן: „וואָסער גרעניץ?"... עס לאָזט זיך אויס א מעשה, אז מיר זענען שוין לאַנג אויף דער זייט, מיר זענען שוין ווייט פון דער רוסישער גרעניץ.

— וויבאַלד אזוי, היינט וואָס־זשע לויפען מיר, ווי די משוגעים?

עס פאַלט־אָן אויף אונז אַלעמען א מורא'דיג געלעכטער. די ווייבער פאַלען אזש צו דער ערד לאַכענדיג. נאָר די מאַמע הויבט אויף די הענט אַרויף: „איך דאַנק דיר, גאָטעניו!" — און צע־וויינט זיך.

ברודער אליהו, ער זאָל אויפבינדען די קעשענע און אָפּגעבען דאָס געלט (דאָס איז דאָס געלט, וואָס מיר האָבען אָפּגעלייזט פאַר אונ־זער האַלבע דירה). אין דער מינוט געפעלט מיין שווענערין ברכה צו פאַלען חלשות. דערזעהען, אַז ברכה איז געפאַלען, שרייט די מאַמע: גוואַלד! אויף איהר קוקענדיג, שרייט טייבעל אויך: גוואַלד! פּלוצים — טראַך־טאַרעראַך!!!... דאָס האָט מען אויס־געשאָסען. דער שאָס צעטראָגט זיך מיט אַ וויעדער־קול איבער'ן גאַנצען וואַלד. די ערלים זענען אויסגעטריקענט געוואָרען. ברכה האָט זיך אויפגעכאַפּט. די מאַמע האַפּט מיך מיט איין האַנט און מיין ברודער אליהו מיט דער אַנדערער האַנט:

— קינדער! לאָמיר לויפען!... דער שומר ישראל איז מיט אונז!...

איך ווייס ניט, וואו עס נעמט זיך צו איהר אַזוי פיעל כח אויף צו לויפען? אַלע מאָל פאַרטשעפּען מיר זיך אָן אַ בוים און פאַלען. מיר שטעהען־אויף און לויפען ווייטער. אַלע מאָל דרעהט־אויס די מאַמע דעם קאָפּ צוריק און טהוט אַ פרעג שטילער־הייד:

— פיני, דו לויפסט? ברכה, דו לויפסט? טייבעל, דו לויפסט? לויפט, לויפט, דער שומר ישראל איז מיט אונז!

וויפיעל מיר זענען אַזוי געלאָפען — קאָן איך אייך ניט זאָגען. פון'ם וואַלד זענען מיר שוין לאַנג אַרויס. עס הויבט אָן ווערען ווי טאָגליך. עס בלאָזט אַ קיהל ווינטעל. נאָר אונז איז הייס סכנות. מיר דערזעהען פאַר זיך אַ גאַס, און נאָך אַ גאַס. אַ ווייסען קלויסטער, גערטנער, הויפען, שטיבלעך. אַפּנים, דאָס איז דאָס שטעדטעל, וואָס די אידינע האָט אונז געזאָגט נביאות. ווי־באַלד אַזוי, זענען מיר דאָך שוין פון „יענער זייט". מיר באַ־געגענען אַ אידען, מיט אַזעלכע פאות, וואָס איך האָב אויף מיין לעבען נישט געזעהען. אַ קאַפּאָטע טראָגט ער אַ לאַנגע, אַ צע־פליקטע. אויפ'ן האַלז אַ גרינעם שאַל. ער טרייבט אַ ציעג. מיר שטעלען איהם אָפּ מיט דער ציעג און געבען איהם „שלום". דער

זענען די ערלים?" — „זיי שלאָפֿען". — „פֿאַר וואָס האָסט דו זיי נישט געוועקט?" — „פֿון וואַנען ווייסט איהר, אַז איך האָב זיי ניט געוועקט?" — „פֿאַר וואָס האָסט דו זיי ניט געזאָגט „חיימאָ־וואַ?" — „פֿון וואַנען ווייסט איהר, אַז איך האָב זיי ניט געזאָגט?" „נו?" — „נו־נו!" — „איז דאָך שלעכט!" — „ווער זאָגט דען, אַז ס'איז גוט?"...

## ח.

מיין ברודער אליהו איז טאַקי אַ חכם. ער זאָגט, זיי זאָלען געהן ביידע אין שענקעל אַריין, פּרובען זיך נאָך אַ מאָל אויפֿוועקען די ערלים. כּך הוה. עס האָט ניט גענומען קיין האַלבע שעה, מיר טהוען אַ קוק, זיי געהען מיט די צוויי ערלים. די ערלים זענען נאָך פֿאַרשלאָפֿען, אַ ביסעל שכור'ליך און שפּייען און שעל־טען זיך — סכּנת נפשות. דאָס וואָרט „טשאָרט" ווערד איבער־גע'חזר'ט אפשר הונדערט מאָל. די ווייבער הויבען אָן, דאַכט מיר, מורא האָבען. איך דערקען נאָך זייער זיפּצען און זייער קרעכצען און נאָך דעם „רבונו־של־עולם", וואָס די מאַמע דערמאַנט אַלע מינוט שטילערהייד. הויך האָט זי מורא. מע הערט ניט פֿון אונז קיין פּיפּס. מיר געהען און געהען, און מעהר קיין גויים זעהען מיר ניט. וואו זענען די איבעריגע פּיער? פּלוצים שטעלען זיך אָפּ אונזערע צוויי ערלים און רופֿען זיך אָפּ צו אונז, מיר זאָלען זיי זאָגען, וויפֿיעל געלט מיר האָבען. עס פֿאַלט אָן אויף אונז אַזאַ פּחד, אַז מיר קאָנען ניט רעדען קיין וואָרט. שטעלט זיך אַרויס די מאַמע און זאָגט, אַז מיר האָבען נישט קיין געלט. זאָגען זיי: ס'אַ ליגען. אַלע אידען האָבען געלט. און נעמען־אַרויס צוויי לאַנגע מעסערס און טראָגען אונז צו גלייך צום פּנים און זאָגען: „וועט איהר אונז נישט אָפּגעבען באַלד אינגאַנצען וואָס איהר האָט, זענט איהר געקוילעטע!"... אַלע שטעהען אָהן לשון און ציטערען, ווי די לעמעלעך. רופֿט זיך אָפּ די מאַמע צו מיין

אייך ביז'ן וועלדעל. אין וועלדעל וועלען אויף אייך ווארטען נאָך פיער גויים. טאָמער וועלען זיי שלאָפען, זאָלט איהר זיי אויפ־וועקען. אין וועלדעל אז איהר וועט געהן, זאָלט איהר, זאָגט זי, זיין שטיל, קיין פּיפּס ניט ארויסלאָזען, מע זאָל חלילה ניט דער־הערען און אויסשיסען. אויף יעדען טריט, זאָגט זי, איז דאָ א סאָלדאַט מיט א ביקס און שיסט... פון וועלדעל, זאָגט זי, וועלען אייך שוין די ערלים ארויספיהרען אויפ'ן רעכטען וועג, באַרג־אראָפּ, און אָט זענט איהר שוין אויף יענער זייט...

מיר איז די מעשה מיט'ן בערגעל, מיט'ן שענקעל, מיט'ן וועלדעל שטארק געפעלען. די מאמע האָט א ביסעל מורא. ברכה און טייבעל — אויך. מיר לאַכען פון זיי. נקבות ציטערען פאַר א קאַץ אויך!...

קוים דערלעבט נאכט. אָפּגעדאַוונט מעריב, אָפּגעגעסען וועטשערע, האָבען מיר אָפּגעוואַרט ביז עס וועט ווערען רעכט פינסטער. פּונקט צוועלף דעם זייגער האָבען מיר זיך אַלע, זאַלבע־זעכסט, געלאָזט אין וועג אריין. פריהער זענען געגאַנגען מיר, מאַנסבילען. נאָך אונז זענען נאָכגעגאַנגען די ווייבער, ווי געוועהנ־ליך. אזוי ווי די אידינע האָט נביאות געזאָגט, אזוי איז טאַקי געווען. ארויסגעגאַנגען פון שטאָדט, האָבען מיר דערזעהן א בער־געל. האָבען מיר דורכגעלאָזט דאָס בערגעל און זיך גענומען לינקס. פון דאָרטען זענען מיר געגאַנגען און געגאַנגען און דערזעהן נאָך א בערגעל. פון דעם בערגעל האָבען מיר זיך גענומען, ווי זי האָט אונז אָנגעזאָגט, רעכטס און זענען געגאַנגען אזוי לאַנג, ביז מיר האָבען דערזעהן א שענקעל. אין שענקעל איז אריין איינער פון אונז. ווער? געוועהנליך, פיני. מיר וואַרטען א האַלבע שעה, א שעה, צוויי שעה — נישטאָ פיני. הויבען אָן די ווייבער זאָגען, מע זאָל געהן זעהען, וואו איז פיני? ווער זאָל געהן? מיין ברודער אליהו. זאָגט די מאַמע: זי וויל ניט. זאָג איך: „אָט־אָ געה איך". זאָגט די מאַמע: זי האָט מורא. שאַט! אָט איז פיני. „וואו ביזט דו געווען אזוי לאַנג?" — „אין שענקעל". — „וואו

פיני הערען אויף צו האנדלען מיט די אגענטען. זיי זאגען: איין עק, מיר פאהרען ניט קיין אמעריקא און גנב'ענען ניט די גרעניץ! מיר רייסט זיך אפ אין הארצען. איך מיין, ס'איז טאקי איין אמת. צום סוף, איז דאס נאר א מאניפארגע. פיני'ס קאפ! דאס האבען זיי אומיסטנע אזוי געזאגט, בכדי זיך אפטשעפען פון די אגענטען. און מיר האבען גענומען האנדלען מיט דער אידינע. די אידינע האט גענומען איין אויפגאב און האט אונז געזאגט, מיר זאלען זיין גרייט אויף היינט ארום האלבע נאכט. די נעכט זענען פינסטערע נעכט. סוף חודש. אויסגעצייכענט גוט אויף צו גנב'ענען די גרעניץ. איך וואלט שוין געוואלט דערלעבען זעהן, וואס הייסט דאס „גרעניץ" און ווי אזוי וועלען מיר דאס גנב'ענען?

## ד.

א גאנצען טאג זענען מיר געווען באשעפטיגט מיט די זאכען. מיר האבען אלסדינג באדארפט איינפאקען און אוועקגעבען דאס דער אידינע. די זאכען וועט זי אונז איבערפעקלען נאכדעם. דער עיקר איז ביי איהר, זאגט זי, די נפשות. און זי זאגט אונז אן, ווי אזוי מיר זאלען זיך פיהרען. אז ס'וועט ווערען, זאגט זי, האלבע נאכט, זאלען מיר ארויסגעהן הינטער דער שטאדט. דארט איז פאראן, זאגט זי, א בערגעל. זאלען מיר, זאגט זי, דאס בערגעל דורכלאזען, און נעמען זיך לינקס, און געהן און געהן, ביז מיר וועלען דערזעהן נאך א בערגעל. פון דעם בערגעל זאלען מיר זיך נעמען, זאגט זי, רעכטס, און געהן אזוי לאנג, ביז מיר וועלען קומען צו א שענקעל. אין שענקעל זאל ארייננגעהן נאר איינער פון אונז, ניט אלע. אין שענקעל וועלען מיר טרעפען, זאגט זי, צוויי ערלים טרינקען בראנפען ביי איין טישעל, זאלען מיר צוגעהן, זאגט זי, צו די ערלים און א זאג טהון „חיימאווא" — איז שוין גענוג. ווייבאלד זיי וועלען דערהערען, זאגט זי, דאסווארט „חיימאווא" (ס'איז איהר נאמען), אזוי וועלען זיי אויפשטעהן און געהן מיט

אליהו און אונזער חבר פיני זענען נישטאָ. זיי דרעהען זיך אַרום מיט פרעמדע אידען, וואָס איך קען זיי ניט. די מאַמע זאָגט, אַז דאָס זענען אַגענטען. די אַגענטען וועלען מיט אונז גנב'ענען די גרעניץ. איינער זעהט טאַקי אויס ווי אַ גנב. אַ גרינע קאַפּאָטע, אַ ווייסער שירם, און אויגען גנב'ישע. דער אַנדערער איז דוקא אַ פיינער מענטש מיט אַ קאַפּעליש. און אַ אידינע דרעהט זיך אויך אַרום אין קאָהן. די אידינע וויזט אויס אַ פרומע, איין עהרליכע. זי טראָגט אַ שייטעל אויפ'ן קאָפּ און רעדט מיט גאָט. זי פרעגט די מאַמע, וואו וועט זי בענטשען ליכט, אויב מיר האַלטען דאָ שבת? די מאַמע זאָגט, אַז מיר האַלטען דאָ ניט קיין שבת. שבת וועלען מיר שוין, זאָגט זי, מיט גאָט'ס הילף זיין אויף יענער זייט. די אידינע מאַכט אַ פרום פנים און זאָגט: אָמן, רבונו־של־עולם! זי האָט אָבער מורא, זאָגט זי, אַז מע פיהרט אונז אין באָד אריין. די אַגענטען, זאָגט זי, וואָס מיר האַנדלען מיט זיי, זענען פראָסטע גנבים. זיי וועלען אויסנאַרען ביי אונז דאָס געלט, זאָגט זי, און וועלען אונז אריינפיהרען אין אַ בלאָטע אריין. אויב מיר ווילען, זאָגט זי, גנב'ענען די גרעניץ, זאָלען מיר גנב'ענען מיט איהר, וועט אונז זיין, זאָגט זי, אַז וואויל און גוט!... אַזוי? איז זי, הייסט עס, אויך אַ גנב'טע? הייִנט וואָס טראָגט זי אַ שייטעל און רעדט מיט גאָט?...

שוין געקומען מיין ברודער אליהו מיט אונזער חבר פיני. ביידע זענען עפּיס שטאַרק צעטראָגען. אפנים, זיי האָבען זיך צעקריגט? איינער זאָגט אויפ'ן אַנדערען, אַז איבער איהם וועלען מיר דאָ מוזען שבת האַלטען. שבת האַלטען אַליין איז נאָך גאָר־נישט. מיר ווערען געוואָהר, אַז ביידע אַגענטען האָבען זיך באַריהמט, אַז מע וועט אונז מסר'ען, אַז מיר ווילען גנב'ענען די גרעניץ. ביז עפּיס וואָס — די מאַמע וויינט דערוויילע. מיין ברודער אליהו בייזערט זיך אויף איהר, וואָס זי מאַכט אַ תל פון די אויגען. איבער איהרע אויגען, זאָגט ער, וועט מען אונז אַלע־מען נישט אריינלאָזען קיין אַמעריקע! מיין ברודער אליהו און

— דאָס לאָזט איבער אויף שבת. זאָגט בעסער, אידען, וואָס טהו איך מיט דער גרעניץ?

— איהר וועט טהון דאָס, וואָס מיר טהוען, דאָס וואָס אַלע טהוען.

דאָ רוקען זיך צונויף אַלע אידען אינאיינעם, און מע שמועסט וועגען גנב'ענען די גרעניץ. איך פאַרשטעה ניט, וואָס הייסט דאָס „גנב'ענען די גרעניץ”? מיר זענען דען גנבים?... וועמען פּרעגט מען? די מאַמע איז אַ אידינע. וואָס ווייסט אַ אידינע? מיין ברודער אליהו האָט פּיינט, אַז מע דולט איהם אַ קאָפּ. אַ יונגעלע ווי איך, זאָגט ער, דאַרף זיך נישט אַריינמישען צווישען גרויסע. פיני איז פאַרטראַגען. ער רעדט. אַלע רעדען. איטליכער דער־צעהלט איין אַנדער מעשה פון איין אַנדער גרעניץ. איינער זאָגט, אַז די בעסטע גרעניץ אויף צו גנב'ענען איז נאָוואָסעליץ. דער אַנדערער זאָגט, אַז אויף בראָד איז בעסער ווי אומעטום. קומט צו געהן אַ דריטער און זאָגט, אַז אונגעני איז אויך ניט שלעכט. ווערד אַ געלעכטער: „אונגעני אויך מיר אַ גרעניץ! רומעניע אויך מיר אַ לאַנד! ימח שמם זאָלען זיי ווערען מיט זייער לאַנד און מיט זייער גרעניץ!”...

— שאַט! מיר זענען שוין ביי דער גרעניץ!

ג.

„די גרעניץ”, האָב איך געמיינט, איז מיט הערנער. צום סוף — גאָרנישט: די אייגענע הייזער, די אייגענע אידען מיט די אייגענע גויים, וואָס ביי אונז. אפילו אַ מארק מיט קלייטען מיט שטעלעכלעך — אַלסדינג אַזוי ווי ביי אונז. מיין שוועגערין ברכה און אונזער חבר פיני'ס ווייב טייבעל זענען געגאַנגען אין מארק איינקויפען. איך וויל אויך מיט זיי געהן — לאָזט מיך די מאַמע ניט אָפּ פון זיך אויף איין מינוט. זי האָט מורא, מע זאָל מיך ניט אַוועק'גנב'ענען סאַמע ביי דער גרעניץ. מיין ברודער

ניט זאָגען קיין ליגען. די כריסטען זאָגען, אַז די אידען האָבען אונטערגעקויפט דעם גלח. דער גלח האַלט אַ גאַנצע דרשה. עס לויפען־אָפּ אַזוי עטליכע סטאַנציעס. אויף יעדער סטאַנציע לעדיגט אויס דער וואַגאָן אַ פּאָר פאַרשווינדלעך. עס ווערד אַלע מאָל גראַמער. אונזערע ווייבער זיצען שוין, ווי די פּריצות, אויף די בענק מיט זייערע פּעקלעך. מיין ברודער אליהו און אונזער חבר פּיני האָבען זיך מחיה געווען. זיי האָבען די בעסטע ערטער. ערשט דאָ דערזעהט טייבעל, אַז ביי איהר מאָן פּיני איז אויפגע־לאָפען אַ באַק, און מע קאָן דערקענען פינגער. טייבעל איז אויס מענטש. זי האָט אויף איהם רחמנות. פּיני שווערט איהר, אַז ער פיהלט ניט קיין זאַך. ער פיהלט נאָר, ווי סע שמאַרצט. ס'וועט באַלד איבערגעהן. ער האָט פיינט רעדען פון אַזעלכע זאַכען. ער רעדט בעסער מיט די אידען. ער פרעגט זיי, וואוהין זיי פאָהרען. אַ סך פון זיי פאָהרען קיין אַמעריקע. דערהערט, אַז קיין אַמע־ריקע, ווערד אויף אונז אַ גדולה.

— סטייטש, וואָס־זשע האָט איהר געשוויגען ביז אַהער? מיר פאָהרען דאָך אויך קיין אַמעריקע!

אַזוי זאָגט זיי פּיני, און מיר ווערען גיך באַקאַנט. מיר ווייסען אַלע, פון וואָסער אַ שטאָדט איטליכער פאָהרט און צו וועמען.

— איהר קיין ניו־יאָרק? מיר קיין פילאַדעלפיע!

— וואָס איז דאָס פילאַדעלפיע?

— אויך אַ שטאָדט, ווי ניו־יאָרק.

— פּאַוואָלי, האַלט זיך איין! פילאַדעלפיע קעגען ניו־יאָרק איז אַזוי ווי איישישאָק קעגען ווילנע, דראַזשנע קעגען אַדעס, אָט־וואָצק קעגען וואַרשעוו, סעמיאָנעווקע קעגען פּעטערבורג, קאָזעלעץ קעגען כאַרקאָוו...

— טע־טע־טע! איהר זענט דאָך עפּיס אויסגעוועזען אַ וועלט, קיין עין־הרע!

— לאָם איך עס פאַרמאָגען! אויב איהר ווילט, וועל איך אייך אויסרעכענען אַלע שטעדט, וואָס איך בין דאָרט געווען...

טעל! מאַטעל?" און עפּיס איינער אַ פּריצ'על מיט בלויע ברילען קרימט איהר איבער און זאָגט איהר נאָך מיט'ן אייגענעם נגון: „מאַטעל! מאַטעל?" אַלע כריסטען לאַכען. די אידען מאַכען זיך ניט וויסענדיג. די מאַמע הערט זיי אודאי ווי דעם פּאַר־אַ־יאָהריגען שניי. זי הערט ניט אויף צו שרייען: „מאַטעל! מאַ־טעל?" וואָס וויל זי וויטער? זי וויל, איך זאָל עפּיס נעמען אין מויל אַריין. מיר פּיהרען מיט זיך פון כל טוב: רעטאַך, און ציבעלעס, און קנאָבעל, און גרינע אוגערקעס, און האַרטע אייער, אויף יעדען איינציגען איין איי. איך האָב שוין לאַנג נישט אזא הנאה געהאט פון'ם עסען. אַ ביסעל האָט אונז פאַרשטערט די סעודה טאַקי פּיני אַליין. ער דאַרף זיך אָננעמען דעם אידענ'ס קריוודע. ער קאָן ניט ליידען, לֹמאי די כריסטען לאַכען, וואָס מיר עסען ציבעלקעס מיט קנאָבעל. ער ציהט זיך אויס, ווי לאַנג ער איז, און רופט זיך אָן צום פּריצ'על, וואָס מיט די בלויע ברילען, אויף זיין רוסישער שפּראַך:

— אַ קאַק ווי קושאַיעטע סווינינאַ? (און אַז איהר עסט חזיר?)

די דאָזיגע ווערטער האָבען דערלאַנגט די כריסטען ביז'ן ביין אַריין. איינעם פון זיי האָט דאָס, אַפּנים, אָנגענומען ביי דער לעבער. ער האָט זיך אויפגעחאַפּט און האָט אַראָפּגעלאָזט אונזער חבר פּיני'ן אַ פּאַטש, אַז עס האָט געגעבען אַ קלונג. פּיני האָט פיינט אָפּשווייגען. ער האָט איהם געוואָלט געבען צוויי צוריק. איז ער דאָך אָבער בלינד. טרעפט ער אין איין אַנדער כריסט. אַ גליק, וואָס עס קומט אַריין דער קאָנדוקטאָר מיט'ן אָבער־קאָנ־דוקטאָר, און עס ווערד אַ טומעל, אַ מהומה. אַלע רעדען. די אידען קלאָגען זיך אויף די כריסטען. איינעם האָט מען אָפּגע־קוועטשט אַ פינגער פון פוס מיט אַ טשעמאָדאַן. איינעם האָט מען אַרויסגעוואָרפען דאָס היטעל דורכ'ן פענסטער. די כריסטען שרייען: ס'אַ ליגען! ס'אַ בלבול! די אידען שטעלען עדות, און דוקא צוויי כריסטען. איינער פון זיי איז אַ גלח. אַ גלח וועט

גוט אויסגעהערט, אָנגעקוקט און אָפּגעשווינגען. אַפּנים, אַז פּיני האָט איהם גוט דערלאַנגט! פון דעסטוועגען, האָט דאָס אויך ניט געהאָלפען. מע האָט געמוזט אוועקגעבען דאָס גאַנצע בעטגעוואַנט אין באַגאַזש און ארויסנעמען אַ קוויטאַנציע. די מאַמע איז גע־ װען אויסער זיך: אויף וואָס וועלען מיר שלאָפען?

## ב.

די מאַמע האָט זיך אומזיסט געזאָרגט: אויף וואָס וועלען מיר שלאָפען? איך בין אייך שוין מוחל דאָס שלאָפען. איך וואָלט אַ בעלן געוועזן, ס'זאָל חאָטש זיין וואו צו זיצען. ווי אויף צו־להכעיס, איז אין וואַגאָן אַזוי ענג, אַז מע קאָן דערשטיקט ווערען. אחוץ אונז, פאָהרען נאָך אַ סך פאַרשוינען, אידען און קריסטען, און מע שלאָגט זיך פאַר די ערטער. איבער'ן בעטגעוואַנט האָבען מיר פאַרשפּעטיגט אַלע בעסטע ערטער. מיר האָבען קוים באַ־ זעצט די ווייבער מיט די פּעקלעך אויף דער ערד. די מאַמע אין איין זייט וואַגאָן, ברכה און טייבעל אין דער אַנדערער זייט וואַגאָן. אַז זיי ווילען רעדען, מוזען זיי שרייען הויך איבער'ן גאַנצען וואַגאָן. לאַכט מען פון זיי. מיין ברודער אליהו און אונזער חבר פּיני זענען געבליבען הענגען, ווי אין דער לופטען, ניט אהין, ניט אהער. פּיני איז בלינד, חאַפּט ער אַלע מאָל אַ קלאַפּ אין שטערן. און איך? פאַר מיר זאָרגט אייך נישט. מיר איז גוט. מיר איז אויס־ געצייכענט. מע קוועטשט מיך טאַקי פון אַלע זייטען. איך שטעה אָבער ביי אַ פענסטער. דאָס, וואָס איך זעה, האָט איהר געוויס קיינמאָל ניט געזעהן. פאַר מיינע אויגען פליהען שטיבער, וויאָרס־ טען, בוימער, מענטשען, פעלדער, וועלדער — ס'איז ניט צו באַ־ שרייבען! און ווי אַזוי פליהט די באַהן! און ווי אַזוי קלאַפּען די רעדער! ווי אַזוי טראַסקעט דאָס! ווי אַזוי פייפט דאָס! ווי אַזוי קוויטשעט דאָס! די מאַמע האָט מורא, איך זאָל ניט ארויס־ פאַלען דורכ'ן פענסטער, שרייט זי אַלע מינוט אויף אַ קול: „מאַ־

און קישעלעך, פאר וועלכע מיר געבען דיר א טרונק בראנפען — און שווייג, חזיר!

אודאי האט איהם דער גוי ניט אפגעשוויגען. ער האט איהם אנגערופען מיט אלערליי נעמען: „זשיד חאלאמייז", „הינטישע מארדע", „חזיר'שער אויהער", „פאהאנער גלויבען". מיר האבען מורא געהאט פאר א סקאנדאל, פאר פאליציע. מיין מאמע האט שוין געבראכען די הענט, געוויינט פאר פיני'ן:

— ווער האט דיך געבעטען, זאלסט ארוים מיט דיין צונג, באווייזען, אז דו קענסט?

— האט קיין מורא ניט, דער ערל וועט נעמען א חצי רו"כ, און מע וועט זיך איבערבעטען.

כך הוה. זיי האבען זיך טאקי איבערגעבעטען. פיני האט ניט אויפגעהערט צו שיטען מיט רוסיש. דער ערל האט ניט אויפגעהערט צו שעלטען און האט איבערגעטראגען אלע פעקלעך מיט אלע קישענס אין א גרויסע שטוב מיט הויכע פענסטער, וואס מע רופט דאס „וואקזאל". און ערשט דא הויבט זיך אן די רעכטע חתונה. וואס איז שוין ווייטער? דער גוי זאגט, אז מע וועט אונז ניט ארייגלאזען אין וואגאן אריין מיט אזוי פיעל קישענס און מיט אזוי פיעל שמאטעס (דאס מיינט ער, אפנים, די קאלדרעס: א ביסעל צעריסען דער אונטערשלאג, זעהט זיך ארוים די וואטען, הייסט דאס שוין ביי איהם שמאטעס!). עס בלייבט, מע זאל געהן צום „נאטשאלניק". ווער זאל געהן? גע-וויינטליך, פיני! פיני געהט מיט'ן גוי צום „נאטשאלניק". איך געה זיי נאך. מיט'ן „נאטשאלניק" שטעלט זיך אוועק פיני אוים-טענה'ן שוין גאר מיט איין אנדער לשון. ער בייזערט זיך שוין ניט אזוי שטארק, נאר ער רעדט און מאכט מיט די הענט. ער זאגט איהם עפים מאדנע ווערטער, וואס איך האב זיי קיינמאל ניט געהערט: „קאלומבוס"... „ציוויליזאציע"... „אלעקסאנדער פאן הומבאלד"... „סלאנימסקי"... „מאטעמאטיקע"... די איבעריגע ווערטער האב איך שוין פארגעסען. דער „נאטשאלניק" האט איהם

און דאָס האָט אַלץ געטהאָן לייזער. ער איז טאַקי אַ בייזער איד און שעלט מיט טוידטע קללות. ער איז אָבער איין עהרליכער, אַ געטרייער בעל־עגלה. איין עבירה, וואָס ער האָט אונז אָפּגע־וואָרפען מיט די פּעקלעך און מיט׳ן בעטגעוואַנט אויף דער סטאַנ־ציע פון דער באַהן, און אַליין איז ער אוועק זוכען פּארשוינען אויף צוריק. מיר זענען געבליבען אָהן איהם עלענד, ווי אויפ׳ן וואַסער. ערשטענס, האָט אונז דער גוי פון דער באַהן אָנגע־טהאָן צרות. ער האָט זיך געטשעפּעט צו אונז פאַר די פּעקלעך. און ניט אַזוי פאַר די פּעקלעך, ווי פאַר׳ן בעטגעוואַנט. זיין עסק, וואָס מיר פיהרען אַ סך קישענס. די מאַמע רעדט צו איהם מיט גוטען. זי זאָגט איהם, אַז מיר פאָהרען קיין אַמעריקע. ווערד ער גזלן און זאָגט אונז, אַז מיר זאָלען פאָהרען אין אַזאַ איין אָרט, וואָס איך שעם מיך אויסצוזאָגען.

— מע דאַרף מיט׳ן ערל שלאָגען בלאַט, איהם עפּיס נתנ׳ען אויף דער יד...

אַזוי זאָגט מיין ברודער אליהו צו אונזער חבר פּיני. אונזער חבר פּיני איז אונזער פיהרער, אונזער קאָפּ. ער קאָן רעדען גוט רוסיש. אַ חסרון, וואָס ער איז אַ ביסעל צו אַ היציגער. מיין ברודער אליהו איז אויך אַ גוטער כעסן, אָבער ניט אַזוי היציג, ווי פּיני. באַלד צינדט ער זיך אָן, ווי אַ פייער, און זידעלט זיך. ער געהט־צו צום גוי און טהוט מיט איהם אַ שמועס אויף רוסיש. איך געב עס אייך איבער מיט זיין רוסישער שפּראַך און זעץ עס אייך באַלד איבער אויף אונזער לשון:

— סלוחאַי נאָ, טשעלאָוויקו! טשאָרט טאָבי נע וויזיאָוו קאַק מי פּאָיעחאַלי וו׳אַמעריקו איז מנאָזשעסטווענע טשיסלאָ פּאָ־דושקי אי פּאָדושעטשקו קאַטאָרע מי טאָבי דאַל נאַ וואָדקע אי מאַלטשי סווינייאַ!

אויף אידיש קומט דאָס אויס אַ סך שענער:

— הער נאַר, דו מענטשעל! דער שוואַרץ־יאָהר וועט דיך ניט נעמען, וואָס מיר פאָהרען קיין אַמעריקע מיט אַ סך קישענס

XIII

# מיר גנב'ענען די גרעניץ

## א.

פאָהרען מיט דער באהן איז א גן־עדן! מיט דער פוהר איז אויך ניט שלעכט, נאָר סע טרייסעלט, און די זייטען טהוען נאָכדעם וועה סכנות. לייזער'ס פערד פליהען טאקי ווי די אָדלערס, פון דעסטוועגען האָבען מיר זיך גענוג געשלעפּט, ביז מיר זענען געקומען צו דער סטאנציע. און אז מיר זענען געקומען צו דער סטאנציע, האָבען מיר נישט געקאָנט ארויס. מיר איז געווען גרינגער פון אלעמען. איך בין דאָך געזעסען מיט לייזער'ען אויף דער קעלניע. האַרט איז טאקי געווען, און די ביינער האָבען גוט וועה געטהאָן. דערפאר האָט מען אָבער געקאָנט אראָפּשפּרינגען אין איין מינוט. זיי האָבען שוין ניט געקאָנט שפּרינגען. איהר ווייסט דאָך ווער: מיין ברודער אליהו מיט מיין שוועגערין ברכה, אונזער חבר פּיני מיט זיין ווייב טייבעל, און די מאמע מיינע. ערגער פון אלע איז געווען די ווייבער. זיי זענען אריין און פאַרהרוזנעט געוואָרען! מע האָט פריהער באַדאַרפט ארויסוואַרפען פונ'ם וואָגען אלע פעקלעך מיט'ן גאַנצען בעטגעוואַנט, און ערשט נאָכדעם שלעפּען די ווייבער איינציגווייז.

— לאָזט גערי֜סען משה׳ן, מיט בתיה׳ן, מיט מאיר׳ען, מיט זלאַטען, מיט חנה־פערלען, מיט שרה־רחל׳ען, מיט זייערע קינדער.

— גאָר פריינדליך! זייט געזונט! זייט געזונט!

אזוי שרייען מיר אלע בונ׳ם וואָגען ארויס, און איך וואָלט געמעגט שווערען, אז מיר פאָהרען שוין. לייזער האָט געשענקט אלע דריי אָדלערם צו רעכטע שמיץ. איינעם האָט ער מכבד געווען מיט׳ן שטעקען אחוץ. די רעדער קאַטשען זיך. מיר שאָקלען זיך און העצקען זיך. איך שפרינג־אונטער אויף דער קעלניע און פאַל שיער נישט אראָפּ פאַר פרייד. עס קיצעלט מיך, עס גענזעלט מיך אין האלז. עס גלוסט זיך מיר זינגען. מיר פאָהרען, מיר פאָהרען, מיר פאָהרען קיין אמעריקע!

אונטער זיינע ברייטע פלייצעס. פלוצים ווערד א קושעריי מיט א געוויין, א יללה. ערגער ווי תשעה־באָב. מעהר פון אַלע וויינט די מאַמע. זי פאַלט אונזער שכנה פעסי אויפ'ן האַלז און זאָגט: „איהר זענט מיר געווען אַ שוועסטער. געטרייער פון א שוועס־טער!"... אונזער שכנה פעסי וויינט ניט, נאָר איהר גראָבער גיידער טרייסעלט זיך, און גרויסע טרערען, ווי באָב, קייקלען זיך איבער איהרע פעטע גלאַנצענדיגע באַקען. אַלע האָבען זיך שוין צעקושט, נאָר פיני נאָך נישט. זעהען פיני'ן קושען זיך — דאַרף מען נישט קיין טהעאַטער. מחמת ער האָט א נידעריגע ראיה, טרעפט ער ניט וואו מע דאַרף. אָדער ער קושט אין באָרד אריין, אָדער אין שפּיץ נאָז, אָדער ער טהוט זיך גאָר א בוצקע אין שטערן. דערצו האָט ער א טבע, אַז ער געהט, שפּרינגט ער אונטער און פאַרטשע־פעט זיך ביי זיינע אייגענע פיס. איך זאָג אייך, פון פיני'ן קאָן מען בלייבען אָהן א בויך לאַכענדיג. דאַנקען השם יתברך, מיר זיצען שוין אין וואַגען. דאָס הייסט, איך האָב געוואָלט זאָגען: אויפ'ן וואָגען. אויבען־אָן, אויף די קישענס און צווישען די קי־שענס, זיצען: די מאַמע, ברכה און טייבעל. פּאָריטש (אַקעגען) — מיין ברודער אליהו און אונזער חבר פיני; איך מיט לייזער'ען — אויף דער קעלניע. די מאַמע וויל אפילו, איך זאָל מיך אוועקזעצען ביי איהר צופוסענס. זאָגט אָבער מיין ברודער אליהו, אַז אויף דער קעלניע וועט מיר זיין בעסער. געוויס וועט מיר זיין בעסער! אויף דער קעלניע זעה איך פאַר זיך די גאַנצע וועלט, און די גאַנצע וועלט זעהט מיך. לייזער נעמט זיך צו דער בייטש. דער עולם געזעגענט זיך נאָך. די ווייבער וויינען.

— זייט געזונט!

— פאָהרט געזונט!

— שרייבט אונז פון אייער געזונט!

— זייט מצליח!

— פאַרגעסט אונז ניט!

— שרייבט אַלע וואָך! למען השם, יעדע וואָך א בריעף!

— אין אמעריקע איז נישטאָ קיין גנבים.

אזוי זאָגט מיין ברודער אליהו און טאַפּט זיך ביי דער קעשענע, וואָס די מאַמע האָט איהם איינגענייהט אין אזא אָרט, וואָס קיין גנב אין דער וועלט וועט ניט איינפאלען, אז דאָרט זאָל זיין א קעשענע. דאָרט ליגט דאָס גאנצע געלט, וואָס מיר האָבען אפּגעלייזט פאר אונזער האַלבע דירה. אפּנים, ס'איז דאָרט א היבשע פּויטיקע. וואָרום אלע פרעגען איהם, צי האָט ער חאָטש גוט באהאלטען דאָס געלט?

— גוט! גוט! האָט קיין יסורים ניט! — זאָגט מיין ברודער אליהו. עס איז איהם שוין פּשוט נמאס געוואָרען איטליכען באַזונדער אָפּגעבען דין־וחשבון פאר'ן געלט. דער עולם הויבט אָן זאָגען, מע זאָל זיך געזעגענען. אלע הויבען אָן זיך גרייטען צום געזעגענען. מע טהוט זיך א חאַפּ — נישטאָ די מאַמע! וואו איז די מאַמע? קיינער ווייסט ניט, וואו איז די מאַמע! מיין ברודער אליהו איז אויסער זיך. אונזער חבר פּיני האָט איינגאנצען פארלאָרען דאָס האלזטיכעל. לייזער טרייבט האלז און נאַקען. ער זאָגט, אז מיר קאָנען פארשפּעטיגען די באַהן. שאַט! אָן געהט די מאַמע. דאָס פּנים איז איהר רויט. די אויגען פארשוואָלען. מיין ברודער אליהו פאַלט־צו צו איהר.

— וואָס איז מיט דיר? וואו ביזט דו געוועזן?

— אויפ'ן הייליגען אָרט, זיך געזעגענען מיט'ן טאַטען...

מיין ברודער אליהו קערעווועט זיך אָפּ אָן א זייט. אלע בלייבען שטעהן אָהן לשון. זינט מיר פאָהרען קיין אַמעריקע איז דאָס דאָס ערשטע מאָל, וואָס דער טאַטע קומט מיר אויפ'ן זינען. עס טהוט מיר א צופּ ביי'ם הארצען. איך טראַכט מיך: „אלע פאָהרען קיין אַמעריקע, און דער טאַטע נעבאַך בלייבט דאָ, אויפ'ן הייליגען אָרט, איינער אליין"... לאַנג טראַכטען לאָזט מען מיך ניט. מע טהוט אויף מיר א הוק און מע הייסט מיר קריכען אויפ'ן וואָגען. ווי אזוי קאָן איך קריכען אויף אזא הויכען וואָגען מיט אזא בארג מיט בעטגעוואַנט? ס'איז דאָ איין עצה: לייזער שטעלט מיר

„ושתי”, דערפאַר וואָס ער האָט אַ גאָלי אויפ’ן שטערן. ער לאָזט פון מיר קיין אויג ניט אראָפּ. ער זיפצט און זאָגט צו מיר: „דו וועסט זיך עס אָנזעהן אַ וועלט!”

יאָ, איך וועל זיך אָנזעהן אַ וועלט! ווי דערלעבט מען שוין!...

## ה.

שוין געקומען לייזער מיט די „אָדלערס”. דריי ברענענדיגע פערד! זיי קאָנען ניט איינשטעהן אויף איין אָרט. אָדער זיי טופּען מיט די פיס, אָדער זיי פּאָרשקען מיט די נאָזלעכער און באַשפּריצען מיר דאָס פנים. איך וויים ניט, וואָס איך זאָל טהון פריהער: צי איך זאָל קוקען אויף די פערד, צי איך זאָל העלפען טראָגען די פעקלעך מיט די קישענס אין וואָגען אריין? איך קאָן באַשטעהן ביידע זאַכען: איך שטעה ביי די פערד און זעה, ווי מע טראָגט די פעקלעך מיט די קישענס. אַ פולער וואָגען מיט פעקלעך און מיט קישענס. אַ גאַנצער באַרג מיט בעטגעוואַנט. שוין צייט אויפצוזעצען זיך און פאָהרען. מיר האָבען פינף און בערציג וויאָרסט צו דער באַהן. אַלע זענען שוין דאָ: איך, און מיין ברודער אליהו, און מיין שוועגערין ברכה, און אונזער חבר פּיני, און זיין ווייב טייבעל, און די גאַנצע משפחה זייערע: פּיני’ס טאַטע, הערש־לייב מעכאַניק, שניאור דער זייגערמאַכער, פּיני’ס שוועהר און שוויגער, דער מילנער מיט דער מילנערקע, און דער מוהמע קריינע’ס טאָכטער מיט’ן פויגעלש פנים, און אפילו דער אַלטער זיידע רב העשי איז אויך געקומען אָנזאָגען פּיני’ן, ווי אַזוי ער זאָל זיך פיהרען אין אַמעריקע. פון אונזער משפחה זענען גע־וועזען נאָר אונזערע מחותנים, יונה דער בעקער מיט זיינע בנים. איין עבירה, וואָס איך האָב אייך ביז אהער נאָך נישט באַקענט מיט זיי. איצט איז ניט די צייט. מיר פאָהרען קיין אַמעריקע. אַלע דרעהען זיך אַרום אונז, קוקען אויף אונז, געבען אונז עצות, מיר זאָלען זיין געהיט פאַר גנבים.

אלטע הייסט זי. איך האָב אייך שוין אַמאָל דערצעהלט פון איהר. זי איז עלטער פון מיר מיט א יאָהר און טראָגט צוויי צעפּלעך, צונויפגעדרעהט פון אונטען ווי א בייגעל. מע האָט זי מיר אַמאָל גערעדט פאר א כלה. פון דעמאָלט אָן, אז מע זעהט אונז ביידען, רופט מען אונז: „די חתן־כלה". פון דעסטוועגען, שעמען מיר זיך ניט רעדען צווישען זיך. זי פרעגט ביי מיר, אויב איך וועל נאָך איהר בענקען? — געוויס וועל איך נאָך איהר בענקען! נאָכ־דעם פרעגט זי מיך, אויב איך וועל איהר שרייבען בריוולעך פון אמעריקע? — געוויס וועל איך שרייבען בריוולעך פון אמעריקע!

— ווי אזוי וועסט דו שרייבען? דו קאָנסט דען שרייבען?

— א טייערע מציאה אין אמעריקע זיך אויסלערנען שריי־בען! — זאָג איך און האלט די הענט אין די קעשענעס. אלטע קוקט אויף מיר און שמייכעלט. איך וויים, וואָס זי שמייכעלט. זי מאכט זיך א הארץ. זי איז מיר מקנא, וואָס איך פאָהר און זי ניט. אלע זענען מיר מקנא, אפילו יאָסי דעם נגיד'ס יונגעל, העניך מיט'ן אויגעל, זאָל מיך קאָנען דערטרינקען אין א לעפעל וואסער! ער שטעלט מיך אָפּ און מאַכט צו מיר מיט'ן אויגעל:

— הער נאָר, דו, דו פאָהרסט קיין אמעריקע!

— יאָ, איך פאָהר קיין אמעריקע.

— וואָס וועסט דו דאָרטען טהון? געהן איבער די הייזער?

זיין גליק, וואָס מיין ברודער אליהו איז דערביי נישטאָ. ער וואָלט איהם געגעבען א „געהן איבער די הייזער"!... איך וויל זיך מיט איהם ניט אָנהויבען, מיט אזא לאָבוס. איך ווייז איהם נאָר א צונג און לויף־אַוועק צו אונזער שכנה פּעסי זיך געזעגענען מיט איהר חאליאסטרע. א היבשע חאליאסטרע. איך האָב אייך שוין אַמאָל דערצעהלט פון זיי. אכט שטיק, איינס אין איינס. אלע אכט רינגלען מיך ארום. זיי פרעגען מיך, צי בין איך צופריעדען, וואָס איך פאָהר קיין אמעריקע? א שעהנע מעשה, נאָר א קורצע! וואָס טויג מיר גרוים — זיי זענען מיר גוט מקנא. מעהר פון אלע איז מיר מקנא הערשעל. אָט דער, וואָס מע רופט איהם

וועגען אַמעריקע. הערש־לייב דער מעכאַניק ווינטשט זיך אַזאַ שטיק גאָלד, ווי מיר וועלען אַלע, אם ירצה השם, קומען צוריק פון אַמעריקע. ווען ניט דער „פּריזיוו”, וואָלט ער זיין פּיני'ן, זאָגט ער, ניט געלאָזט פאָהרען קיין אַמעריקע. אַמעריקע, זאָגט ער, איז פּע! פרעגט איהם זילי דער שניידער: ער זאָל קיין פּאַראיבעל ניט האָבען, מיט וואָס איז אַמעריקע פּע? ענטפערט איהם הערש־לייב: דערפאַר, ווייל אַמעריקע איז אַ פּאַסקודנע לאַנד. פרעגט איהם ווידער אַ מאָל זילי דער שניידער: ער זאָל קיין פּאַראיבעל ניט האָבען, פון וואַנען ווייסט ער, אַז אַמעריקע איז אַ פּאַסקודנע לאַנד? ענטפערט איהם הערש־לייב, אַז ער פאַרשטעהט דאָס על־פּי שכל. זאָגט איהם זילי, ער זאָל איהם געבען צו פאַרשטעהן דעם שכל. הויבט אָן הערש־לייב מעכאַניק צו שטאַמלען מיט דער צונג, געבען צו פאַרשטעהן על־פּי שכל. נאָר עס קלעפּט זיך ניט אַ וואָרט צו אַ וואָרט, מחמת ער איז שוין אַ ביסעל אונטער'ן גלעזעל. אַלע זענען אונטער'ן גלעזעל. אַלע פיהלען זיך גוט, אויסגעצייכענט גוט. איך אויך. נאָר די מאַמע מיינע באַהאַלט אַלע מינוט דאָס פּנים אין פאַרטוך און ווישט די אויגען. מיין ברודער אליהו קוקט אויף איהר און זאָגט צו איהר שטילערהייד:

— גזלנ'טע! דו האָסט קיין רחמנות ניט אויף די אויגען! דו קוילעסט אונז!...

## ד.

איצט האָט זיך אָנגעהויבען אַ נייע־חתונה — געזעגענען זיך. פון שטוב צו שטוב געהען מיר זיך געזעגענען. מיר זענען שוין געוועזען ביי אַלע אונזערע קרובים, שכנים און באַקאַנטע. ביי אונזער מחותן, יונה דעם בעקער, האָבען מיר פאַרבראַכט אַ גאַנצען טאָג. אונזערע מחותנים האָבען געמאַכט פאַר אונז אַ וואַרמעס, צונויפגערופען די משפּחה, געשטעלט ביער צום טיש. מיך האָט מען אַוועקגעזעצט באַזונדער מיט מיין שוועגעריג'ס שוועסטערעל.

לאָזען. הערש־לייב טהוט צוליעב. ער באַטראַכט אונזער האַלבע דירה פון אַלע זייטען. ער הויבט־אויף דעם קאָפּ ווי הויך ער איז, פאַרקאַטשעט דאָס היטעל, טהוט זיך אַ קראַץ אונטער׳ן האַלז און אַ זאָג:

— אָט די דירה קאָן שטעהן, בלי גוזמא, אַ יאָהר הונדערט, אויב נישט מעהר.

חאַפּט זיך אַרויס איינער אַ שניידער, פון זילי דעם שניידער׳ס מבינים.

— געוואַלד! אבי מע זאָל זי נאָר איבערשיטען מיט ציגעל, אונטערשאַפּרען מיט אַ פּאָר גוטע אַבּאַפּאָלקעס, אַריינחמאַליען פיער נייע ווענט און אַרויפצימבלען אַ בלעכענעם דאַך, וועט זי שטעהן און שטעהן, אם ירצה השם, ביז משיח וועט קומען!

מע זאָל געוועזן הערש־לייב דעם מעכאַניק, אַשטייגער, אויס־שעלטען אין טאַטען אריין, אָדער אָפּגיסען מיט אַ טאָפּ זודיג וואַ־סער, וואָלט ער ניט באַדאַרפט ווערען מעהר אין כעס. ער האָט נאָר געוואָלט וויסען איין זאַך: „ווי האָט דאָס אין זיך אַ איד אַ פּאַרך, אַ שניידער, אַ גנב, אַ פּאַליגע, אַזאַ פּאַטעפּאַלנאַסט צו רעדען מיט איהם, מיט הערש־לייב דעם מעכאַניק, אַזעלכע ווערטער, מיט אַזעלכע רעד, מיט אַזעלכע דבורים, מיט אַזאַ שפּראַך, און מיט אַזאַ לשון?!” איך בין אומזיסט געווען פריילעך: איך האָב גע־מיינט, אָט־אָט פליהען פּעטש. צום סוף האָבען זיך אַריינגעלעגט מענטשען (אומעטום וואַכסען־אויס „מענטשען”!) און מע האָט זיי צענומען, און מע האָט געמאַכט שלום, און מע האָט זיך אָנגע־הויבען דינגען, און מע האָט זיך אויסגעגלייכט מיט׳ן מקח, און מע האָט געשיקט נאָך בראָנפען, און מע האָט געטרונקען לחיים. מע האָט אונז געווינשעוועט, מיר זאָלען פּאָהרען געזונט, און קומען געזונט, און מאַכען גוטע געשעפטען, און פּאַרדיענען אַ סך געלט, און קומען צוריק, אם ירצה השם...

— פּאַוואָלי! ניט אַזוי גיך קומט מען צוריק פון אַמערי־קע! — זאָגט מיין ברודער אליהו, און עס פּאַרבינדט זיך אַ שמועס

לע — וואָס קאָן זיין נאָך בעסער פֿון דעם? אונזער חבר פּיני עסט אויך מיט אונז. ער איז דאָך פֿון תמיד אַ פּאַרטראַגענער. דער קאָפּ פֿליהט ביי איהם. נאָר פֿון זינט מיר פֿאָהרען קיין אַמעריקע, איז ער גאָר צעדולט. אַזוי זאָגט אויף איהם די מאַמע. איין הויז איז ביי איהם פּאַרקאַטשעט ארויף, איין זאָק אראָפּ. דאָס האַלזטיכעל שפּאַרט שוין אָן אויף יענער זייט. און קומט ער אריין צו אונז אין שטוב, אַזוי מוז ער חאַפּען אַ זעץ אין שטערן. אַלע מאָל האָט צו איהם די מאַמע די זעלבע טענה:

— דו זעהסט דאָך, אַז דו ביזט הויך אויסגעוואַכסען, בויגט מען זיך איין אַ ביסעל.

— ער האָט אַ נידעריגע ראיה, מאַמע!

אַזוי פֿאַרענטפֿערט איהם מיין ברודער אליהו, אוןביידע געהען זיי מאַכען איין עק מיט אונזער האַלבער דירה. מע דאַרף זיך צעשרייבען. מיר האָבען אונזער האַלבע דירה שוין לאַנג פֿאַרקויפֿט. אונזער האַלבע דירה האָט אָוועקגעקויפֿט זילי דער שניידער. אַזוי גיך קויפֿט אַ שניידער אַ דירה! אַ גרויסער נוד־ניק אָט דער זילי דער שניידער! פֿריהער איז ער דריי מאָל אַ טאָג געקומען אָנקוקען אונזער האַלבע דירה איינער אַליין. געשמעקט די ווענט, געטאַפּט דעם קוימען, געקראַכען אויפֿ׳ן בוידעם, באַ־טראַכט דעם דאַך. נאָכדעם האָט ער געבראַכט דאָס ווייב. מעני הייסט זי. ווען איך קוק אויף איהר, מוז איך מיך צעלאַכען. אונזער שכנה׳ס קעלבעל האָט אויך געהייסען „מעני“. ביידע „מענים“ האָבען איין פּנים. מעני דאָס קעלבעל האָט געהאַט אַ ווייסע מאָרדע מיט קיילעכיגע אויגען. מעני דעם שניידער׳ס אויך אַזוי... שפּעטער האָט זילי דער שניידער אָנגעהויבען פֿיהרען מבינים אָנקוקען די דירה. צום מייסטען, שניידערס. יעדער האָט געפֿונען אויף אונזער האַלבער דירה איין אַנדער חסרון. ביז ס׳איז געבליבען, מע זאָל אראָפּברענגען פּיני׳ס טאַטען, הערש־לייב דעם מעכאַניק. הערש־לייב דער מעכאַניק איז אַ מבין אויף דירות. ער איז איין עהרליכער מענטש. אויף איהם קאָן מען זיך פֿאַר־

— לעגען קנייטלעך? זעת נאר, א גאנצער חכם פון דער מה־נשתנה! ער פאהרט קיין אמעריקע זיך מוטשען און מאכען א לעבען! ווי לאנג האב איך דיך געהאלטען אויף די הענט, זיך געניאנטשעט, געהאט צו טהון? אנו, פרעג נאר די מאמע דיינע, וואס איך האב געהאט מיט'ן ביינדעל, וואס דו האסט קינדווייז איינגעשלונגען איינמאל פרייטאג צו־נאכטס ביי די פיש. ווען ניט איך טהו דיך א חאפ פון הינטען איינס־צוויי־דריי, וואלסט דו שוין איצטער ניט געפאהרען קיין אמעריקע זיך מוטשען און מאכען א לעבען!...

אונזער שכנה פעסי וואלט נאך גערעדט און גערעדט. א גליק, וואס די מאמע מישט זיך אריין און הויבט אן צו איהר מיט גוטען:

— איך בעט אייך, פעסיניו, נשמה'ניו, הארצעניו, ליובעניו, זאלט איהר מיר זיין געזונט און שטארק!...

מעהר קאן די מאמע ניט רעדען. זי צעוויינט זיך. דער־זעהט מיין ברודער אליהו, אז זי וויינט, ווערד ער אנגעצונדען. ער טהוט א ווארף די ארבייט און לויפט־ארויס פון שטוב מיט א קלאפ די טהיר:

— לאז דאס געהן אין דר'ערד אריין!

## ג.

אין שטוב איז שוין ביי אונז פוסט — א חורבה. דער אלקיר איז פול מיט פעקלעך און מיט בעטגעוואנט. דאס בעט־געוואנט פארנעמט כמעט ביז דער סטעלי. אז קיינער איז נישטא, דראפע איך מיך ארויף אויף אלע קישענס און גליטש מיך אראפ, ווי אויף א שליטען. מיר דאכט זיך, אז אזוי גוט, ווי איצט, איז מיר נאך קיינמאל נישט געווען. קאכען קאכט מען שוין ניט ביי אונז פון לאנג. מיין ברודער אליהו ברענגט פון מארק א גע־טריקענט פישעל, עסען מיר דאס מיט ציבעלע. פישעל מיט ציבע־

— ווידער אַ מאָל געוויינט? ווילסט אונז, אפנים, אַלעמען אומגליקליך מאַכען?!...

ב.

טאָמער איז קאַרג, טראָגט עס אָן אונזער שכנה פעסי. דער־זעהען אונז ביי דער אַרבייט, ווי מיר שיטען איבער די קישענס, שטעלט זי זיך אַוועק אונז אויסרעדען אַ ביסעל דאָס האַרץ. זי לייענט אונז אַ גאַנצע תחינה:

— פאָהרט איהר, הייסט עס, טאַקי קיין אַמעריקע? הלואי דער אויבערשטער זאָל געבען, איהר זאָלט קומען געזונטערהייד און זאָלט דאָרט באַגליקען. ביי גאָט איז אַלץ מעגליך. אָט איז פאַראיאָהרען אַוועקגעפאָהרען מיינע אייגענע, ריוועל הייסט זי, מיט איהר מאַן הילי. שרייבען זיי, אַז זיי מוטשען זיך, נאָר זיי מאַכען אַ לעבען... וויפיעל מע בעט זיך ביי זיי, זיי זאָלען שרייבען ווי מענטשען: וואָס און ווען און ווי אַזוי? ענטפערען זיי: אַמעריקע איז אַ לאַנד פאַר אַלעמען. יעדער מוטשעט זיך און מאַכט אַ לעבען... האָט איהר עפּיס צו זיי? נאָך גוט, וואָס זיי שרייבען חאָטש. די ערשטע צייט האָבען זיי גאָרניט גע־שריבען, פאַרגעסען דעם זיי־געזונט. מיר האָבען שוין געמיינט, אַז זיי זענען חלילה אַריינגעפאַלען אין ים אריין. ערשט העט ווייס איך ווען, קומט־אָן אַ ידיעה, אַז זיי זענען שוין, אַ דאַנק גאָט, אין אַמעריקע. זיי מוטשען זיך און מאַכען אַ לעבען!... אודאי, זאָג איך אייך, איז כדאי דער גאַנצער טאַרעראַם, מיט'ן ברעכען זיך, מיט'ן איבערשיטען דאָס בעטגעוואַנט, מיט'ן פאָהרען איבער'ן ים, מיט נאָך אַזעלכע זאַכען!

— איך בעט אייך, איהר וועט אַמאָל אויפהערען לעגען קנייטלעך?

אַזוי פאַלט־אָן מיין ברודער אליהו אויף אונזער שכנה פעסי און באַקומט פון איהר אַ פאַרציע:

אזוי טענה'ט מיט איהר מיין ברודער אליהו, און זי ענט־פערט איהם:

— נאריש קינד וואס דו ביזט! איך וויין דען? עס וויינט זיך אליין, אהן מיר!...

אזוי זאגט די מאמע, ווישט די אויגען אין פארטוך און נעמט זיך צום בעטגעוואנט, צו די קישענס. מע דארף איבערשיטען אלע קישענס. אמעריקע איז א לאנד, וואו ס'איז ניטא קיין קישענס. אלסדינג איז דארט דא, נאר ניט קיין קישענס. ווי אזוי שלאפען דארט די מענטשען — פארשטעה איך ניט. עס דארף זיי זיין הארט צוקאפענס! מיין שוועגערין ברכה העלפט איהר איבערשיטען די קישענס. מיר האבען, ניט צו פארזינדיגען, היבשע עטליכע קישענס. דריי גרויסע איבערבעטען מיט זעכס קישענס מיט פיער קליינע קישעלעך. ממזרים'לעך הייסען זיי. פון אלע פיער ממזרים'לעך מאכט די מאמע איין קישען. איין עבירה. איך האב ליעב די קליינע ממזרים'לעך בעסער פון די גרויסע. איך שפיעל זיך מיט זיי אמאל אין דער פריה. איך מאך פון זיי א המן־טאש, א ספאדיק...

— מיר וועלען קומען, אם ירצה השם, געזונטערהייד אהין, וועלען מיר זיי צוריק איבערשיטען אין קליינע ממזרים'לעך.

אזוי זאגט די מאמע צו מיר און צו מיין שוועגערין ברכה און גיט איהר אנצוהערעניש, אז זי זאל אויך אזוי טהון. מיין שוועגערין ברכה טהוט אויך אזוי, האטש זי איז פון דער נסיעה ניט צופריעדען. ס'איז איהר שווער זיך שיידען מיט איהר טאטע־מאמע. מע זאל איהר געווען, זאגט זי, זאגען פאראיאהרען אין דער צייט, אז זי וועט פאהרען קיין אמעריקע, וואלט זי יענעם, זאגט זי, אנגעשפיגען א פולען פנים.

— מע זאל מיר געווען זאגען פאראיאהרען, אז איך וועל זיין איין אלמנה...

אזוי זאגט די מאמע און צעוויינט זיך. דערזעהט מיין ברודער אליהו און מאכט א גוואלד:

XII

# שאַט, מיר פאָהרען קיין אַמעריקע!

---

## א.

— שאַט, מיר פאָהרען קיין אַמעריקע! וואו איז אַמעריקע? ווייס איך ניט. איך ווייס נאָר, אז ס'איז ווייט, שרעקליך ווייט. מע דאַרף אַהין פאָהרען און פאָהרען אַזוי לאַנג, ביז מע קומט. און אַז מע קומט, איז פאַרהאַן אַ „קעסטעל־גאַרטעל“. דאָרט, אין „קעסטעל־גאַרטעל“, טהוט מען אייך אויס נאַקעט און מע קוקט אייך אין די אויגען. האָט איהר געזונטע אויגען, איז גוט. אַלאַ ניט, פאָהרט, זייט מוחל, צוריק! דאַכט זיך, איך האָב געזונטע אויגען. איינמאָל נאָר האָב איך געהאַט צו טהון מיט די אויגען. יונגלעך פון דער שקאָלע האָבען מיך דערטאַפּט, אָוועקגעלעגט און אַריינגעבלאָזען מיר אין די אויגען אַריין טאַבאַק. אַי, האָט זיי מיין ברודער אליהו געפּאַטשט! איצט זענען ביי מיר די אויגען לויטער, ווי קרישטאָל. זעהט איהר, מיט מיין מאַמען איז ניט פריילין. אַזוי זאָגט מיין ברודער אליהו. ווער איז שולדיג? אַז טאָג ווי נאַכט וויינט זי. זינט דער טאַטע איז געשטאָרבען האָט זי נאָך גאָרניט אויפגעהערט צו וויינען.

— אום גאָטעס ווילען! דו האָסט קיין רחמנות ניט אויף אונז! איבער דיר וועלען מיר חלילה אַלע דאַרפען פאָהרען צוריק!

דעם טעם. איך בין אמאָל זיך דורכגעפאָהרען אויף אונזער שכנ'ס ציעג, האָט דאָס מיך געקאָסט טייער. אחוץ וואָס איך בין גע־פאַלען און צעבלוטיגט די נאָז, האָב איך נאָך געחאַפּט אַ פּאָר פּעטש אויך. דערפאַר רעכען איך ניט די נסיעה.

איך בין דעם גאַנצען טאָג ווי אַ צעמישטער. איך האָב פאַר־לאָרען דעם אַפּעטיט צום עסען. בייננאַכט חלומ'ט זיך מיר, אַז איך פאָהר. ניט איך פאָהר, נאָר איך פליה. איך האָב פליגעל, ווי אַ טויב, און איך פליה. לעבען זאָל אונזער חבר פּיני! ער באַקומט אין מיינע אויגען טויזענד מאָל מעהר חן, ווי פריהער. איך זאָל מיך ניט שעמען, וואָלט איך איהם געקושט און געהאַלזט. אַ טייערער פּיני דאָס איז!

נו, האָב איך אייך נישט געזאָגט, אַז ער האָט אין זיך גוטע געדאַנקען?

פ י נ י: אויף אויסצאָהלען. מיר וועלען זיי אַמאָל אויס־צאָהלען. דערווייל האָבען מיר זיי אומזיסט.

א ל י ה ו: נו, און ביז'ן שיף? הוצאות? היינט בילעטען? באַהן?

פ י נ י: וויפיעל בילעטען דאַרפען מיר דען האָבען, נאַרעלע?

א ל י ה ו: אדרבא, וויפיעל דאַרפען מיר האָבען?

פ י נ י: רעכען אויס: איך און מיין טייבעל איז ניט צוויי. דו און דיין ברכה צוויי, איז ניט פיער.

א ל י ה ו: און די מאַמע איז ניט פינף.

פ י נ י: איז פינף.

א ל י ה ו: נו, און מאָטעל?

פ י נ י: פאַר איהם איז גענוג א האַלבער בילעט. און אפשר קיין האַלבער אויך ניט... מיר וועלען זאָגען, אז ער איז נאָך ניט אַלט קיין דריי יאָהר.

א ל י ה ו: ביזט משוגע?

* * *

וואָס זאָל איך טהון? איך קאָן מיך מעהר נישט איינהאַלטען. פאַר גרויס פרייד לאָז איך ארויס א קוויטש. ביידע דרעהען זיך אוים צו מיר.

— אוועק, דו שייגעץ! וואָס פאַר א תנועה זיך אונטער־הערען, אז גרויסע רעדען צווישען זיך?

איך לאָז מיך לויפען, שפּרינג־אונטער און פּאַטש מיך מיט ביידע הענט אין די ליטקעס פון די פיס. א קליינינקייט — איך פאָהר!... שיף!... באַהן!... בילעט!... א האַלבער בילעט!... וואוהין, אשטייגער, פאָהרען מיר? איך וויל גאַרניט וויסען וואו־הין. וואָס גערהט עס מיך אָן וואוהין? איך פאָהר — און גענוג! איהר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגען? אז מיר זאָלען זיך וועלען גוט אויסרעכענען, בין איך דאָך נאָך קיינמאָל אויף מיין לעבען אין ערגיץ נישט געפאָהרען. איך ווייס אפילו נישט דעם טעם. וואָס הייסט דאָס פאָהרען? א ביסעל האָב איך יאָ פאַרזוכט

## ד.

איינמאָל קומט צו אונז פיני און רופט־ארויס מיין ברודער אליהו אויף א סוד. ווײַבאַלד א סוד, מוז איך וויסען. איך האָב ליעב וויסען אַלע סודות. איך געה זיי נאָך פון הינטען און הער זיך איין און חאַפּ ווערטער. פיני רעדט, און מיין ברודער אליהו רעדט. איך געב אייך איבער זייערע ביידענ'ס ווערטער:

**פיני:** וואָס ווילען מיר דאָ אויסזיצען?

**אליהו:** איך זאָג אויך דאָס אייגענע.

**פיני:** אָט האָב איך געלייענט, אז איינער איז אוועקגע־פאָהרען אהין מיט פינף פינגער, א האַלב יאָהר געשלאָפען אין דרויסען, געקעהרט די גאַסען פאר'ן שטיקעל ברויט.

**אליהו:** נו, און היינט?

**פיני:** אויף אונז ביידען געזאָגט געוואָרען.

**אליהו:** אַזוי?

**פיני:** אַזוי! אַזוי! וואָס זשע? איך וועל דיך אָפּנאַרען? איך האָב שוין גערעדט מיט מיין טייבלען.

**אליהו:** וואָס זשע זאָגט זי?

**פיני:** וואָס זאָל זי זאָגען? זי פאָהרט.

**אליהו:** זי פאָהרט? נו, און דער שוועהר?

**פיני:** ווער הערט איהם? אז איך וועל אוועקפאָהרען אליין, וועט איהם זיין בעסער? ער זעהט דאָך, אז דער קאָפּ טראָגט מיך, איך קאָן דאָ ניט זיין!

**אליהו:** און איך, מיינסט דו, קאָן דאָ זיין?

**פיני:** טאָ לאָמיר זיך אויפהויבען און לאָמיר פאָהרען.

**אליהו:** אויפהויבען און פאָהרען? מיט וואָס?

**פיני:** שיפסקארטען גיט מען דאָך אונז אומזיסט, נארעלע.

**אליהו:** וואָס הייסט, אומזיסט?

שולדיג, אז ער קאָן ניט זיצען אין קלייט? ער קאָן ניט, זאָגט ער. דער קאָפּ טראָגט איהם, דער קאָפּ פליהט. ס'איז ביי זיי, זאָגט ער, אזא משפחה פון פליהענדיגע קעפּ...

אזוי זאָגט פיני און וויל ניט געהן אין קלייט אריין. ער וועט בעסער, זאָגט ער, זיצען איבער א ביכעל, וועט ער מעהר הנאה האָבען. זיין שוועהר, דער מילנער, איז דערפאַר גוט ברוגז, נאָר ער מוז שווייגען. ער האָט מורא פאַר'ן איידעם, ער זאָל איהם ניט באַשרייבען, און אויסער דעם איז די טאָכטער ביי איהם זעהר ציטעריג. זי איז א בת־יחידה. טייבעל הייסט זי. זי איז א ביסעל קאַסאָקע אויף איין אויג, נאָר זעהר א גוטע. מיין מאַמע זאָגט אויף איהר, אז זי איז אָהן א גאַל. איך פאַרשטעה ניט, וואָס הייסט, זי איז אָהן א גאַל? וואו איז אהינגעקומען איהר גאַל?... גאַנצע טעג זיצט זי אין קלייט, און פיני איז אין דער היים. מיר קומען צו איהם מיט מיין ברודער אליהו כמעט אַלע טאָג. ער רעדט זיך אויס פאַר אונז דאָס האַרץ. אַלע מאָל, ווען מיר קומען צו איהם, זיפצט ער און קרעכצט און באַקלאָגט זיך אויף זיין פינסטער מזל. ס'איז איהם דאָ ענג, זאָגט ער, און דושנע. ער פיהלט, זאָגט ער, אז ער ווערד דערוואָרגען. ער זאָל זיין, זאָגט ער, איז איין אנדער שטאָדט, וואָלט געווען גאָר אַנדערש. ווען מע לאָזט איהם, זאָגט ער, ארויס פון דאַנען חאָטש אויף איין יאָהר, קעהרט ער איבער די וועלט! אזוי זאָגט ער צו מיין ברודער אליהו. קיינעם פאַרגלויבט ער נישט אזוי פיעל, וויפיעל מיין ברודער אליהו. ער ווייזט איהם בריעף, וואָס ער האָט. די בריעף זענען פון גרויסע מענטשען. די „גרויסע מענטשען" שרייבען איהם, אז ער האָט אין זיך עפּיס אינוועניג. פיני זאָגט, אז ער אַליין פיהלט אויך, אז ער האָט אין זיך עפּיס אינוועניג. איך קוק אויף איהם און טראַכט מיר: „רבונו של עולם! וואָס האָט ער אזעלכעס אין זיך אינוועניג?"...

**זי איז קליג,**
**ווי דעם רבינ'ס ציג —**
**חאפט דער רוח זיי ביידען...**

די גאנצע שטאָדט האָט געקאָכט מיט די דאָזיגע גראמען. איינער האָט צוגעמאַט צו דעם א ניגון פון זמירות. די גאנצע שטאָדט האָט זיך ארומגעטראָגען מיט'ן ליעדעל, ביז ס'איז אָנגעקומען צום גבאי מיט דער גבאי'טע. האָבען זיי געשיקט רופען צו זיך דעם פאָטער, הערש-לייב דעם מעכאניק, און האָבען גע-וויינט פאר איהם מיט טרערען. זיי האָבען איהם געפרעגט: וואָס האָט צו זיי זיין פיני?... געקומען אהיים, האָט דער פאָטער, הערש-לייב דער מעכאניק, אריינגערופען פיני'ן אין שטוב אריין, פארשלאָסען טהיר און טהויער און האָט איהם גוט אריינגעצימ-בעלט. ער האָט איהם אזוי לאנג געשמיסען, ביז פיני האָט איהם געמוזט געבען תקיעת-כף, אז ער וועט שוין מעהר קיין גראמען ניט שרייבען, ווייל ער וועט לעבען.

**ג.**

פון דעמאָלט אָן שרייבט שוין פיני מעהר ניט קיין גראמען. עס קריכען איהם שוין ניט אין קאָפּ קיין גראמען. ער איז אויף גרויסע צרות. אזוי זאָגט אויף זיך פיני אליין. עס האָט זיך איהם פארגלוסט חתונה האָבען. דאָס הייסט, ניט איהם, זיין טאַטען הערש-לייב האָט זיך פארגלוסט, אז פיני זאָל חתונה האָבען און זאָל ווערען א „מענטש". פיני האָט חתונה געהאט פאר א מילנער'ס א טאָכטער. דער מילנער האָט איהם געפּענט א קלייטעל פון מעהל. מיין ברודער אליהו איז איהם מקנא, וואָס ער האָט א געשעפט. פיני לאַכט פון איהם. ער זאָגט: ס'איז א געשעפט, נאָר ניט פאר איהם. וואָס איז דאָס, זאָגט ער, פאר איין עובדא פאטשקען זיך מיט מעהל? דאָס פּאסט, זאָגט ער, פאר א גראָבען יונג, פאר א מילנער... וואָס איז ער, זאָגט ער,

א לאַנגען האַלז, ווי אַ גאַנער, און אַ נידעריגע ראיה דערצו. וואו ער זאָל ניט גען, מוז ער זיך מיט עמיצן צעבוצקען. שטעלט ער זיך אַוועק, מוז ער עמיצן אַנטרעטן אויפֿ'ן פוס. איין הויז מוז ביי איהם זיין פאַרקאַטשעט. איין זאָק מוז זיין אַראָפּגע־לאָזט. דאָס העמד מוז זיין צעשפּיליעט. דאָס שניפּסעל מוז זיין פון יענער זייט. און אַז ער רעדט, כאָרכעלט ער, און האָט ליעב צוקערקעס. ווען איהר זאָלט איהם נישט באַגעגענען, האַלט ער עפּים אין מויל און סמאָצקעט. דערפאַר איז ער אָבער אַ געראָ־טענע כלי. ניטאָ איין זאַך אויף דער וועלט, וואָס ער זאָל ניט קאָנען. מיט זיין לערנען האָט ער, זאָגט מען, אַריבערגעיאָגט דעם רב. מיט זיין שרייבען וועט ער פאַרשטעקען אין גאַרטעל אַלע קענערס. אחוץ וואָס ער האָט אַ זעלטענע האַנטשריפט, איז ער אַ גרויסער בריה אויף גראַמען. וואָס ער זאָל ניט שרייבען, שרייבט ער מיט גראַמען. ער האָט שוין באַשריבען די גאַנצע שטאָדט: דעם רב, דעם שוחט, די גבאים, די יאַטקעס, זיין אייגענע משפחה — אַלעמען האָט ער שוין באַשריבען, און אַלעמען אין גראַמען. פיני'ס גראַמען זענען אַ צייט אַרומגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט און מע האָט זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער. אַנדערע האָבען זיי אויסגעלערנט אויף אויסענווייניג. למשל, איך געדענק אַ פּאָר פון זיינע גראַמען:

אונזער גבאי,
רב שמואל־אבא,
האָט אַ גרויסען בויך;
זיצט ביי'ם טישעל,
לקח'ענט פון דער שיסעל,
אַזש עס געהט אַ רויך!

זיין ווייב נחמה,
אַ כשר'ע נשמה —
איך וויל פון איהר ניט ריידען.

פון די בעסטע, נאָר ער נעמט נישט טייער און מאַכט גיך. מיין ברודער אליהו האָט ביי איהם שוין וויפיעל מאָל צו־רעכט גע־מאַכט דעם זייגער. כמעט א וואָך איבער א וואָך פארריכט ער איהם דעם זייגער. א מאָדנער זייגער ביי מיין ברודער אליהו: אָדער ער לויפט משוגע'נערווייז, אָדער ער געהט איינגעהאַלטען מיט א שעה פיער, אָדער ער שטעלט זיך גאָר אוועק — און טהוט איהם עפּיס! מיין ברודער אליהו וואָלט אפשר געגאַנגען צו איין אַנדער זייגערמאַכער, פּאַסט איהם ניט פאַר זיין חבר פּיני. זיין חבר פּיני זאָגט, אז שולדיג איז מסתמא דער זייגער, ניט דער פעטער שניאור. וואָרום ממה־נפשך: איז דער זייגער א זייגער, וועט דאָך איהם יעדער זייגערמאַכער קאָנען צו־רעכט מאַכען. אָלא וואָס דען? דער זייגער אליין איז קיין זייגער ניט, הייסט וואָס וועט איהם העלפען דער זייגערמאַכער?

געהט זאָגט, אז ער איז אומגערעכט!

## ב.

מיין ברודער אליהו'ס חבר פּיני איז אויך א קאָמפּמענטש, אזוי ווי זיין טאַטע הערש־לייב דער מעכאַניק און אזוי ווי זיין פעטער שניאור דער זייגערמאַכער. א נאָז האָט ער אויך א לאַנגע, אזוי ווי זיי. נעזעריג זענען זיי אַלע, די גאַנצע משפּחה זייערע. זיי האָבען א מוהמע קריינע, האָט זי א טאָכטער מלכּה, האָט זי א נאָז, וואָס מע דאַרף געהן קוקען אויף חדושים. און ניט אזוי די נאָז, ווי דאָס פּנים. ס'איז גאָרנישט קיין מענטשליך פּנים. זעהט־אויס ווי א פויגעל, אָדער ווי א חיה. זי שעמט זיך ארויס־געהן אויף דער גאַס. ס'איז אויף איהר א גאָט'ס רחמנות! פּיני איז א ביסעל אין איהר געראָטען, נאָר ער איז א מאַנסביל. א מאַנסביל מאַכט נישט אויס. ער זעהט אפילו אויס מאָדנע. אז איהר טהוט אויף איהם א קוק, מוזט איהר זיך צעלאַכען. נישט געננוג, וואָס ער איז דין און הויך, האָט ער א פּאָר לאַנגע אויהערען,

העכער פון איהם, און האָט אויך אַ לאַנגע נאָז, און איז אַ זייגער־מאַכער. געזאָלט האָט ער גאָר זיין אַ רב, אָדער אַ שוחט, אָדער אַ מלמד. אַזאַ קאָפּ האָט ער געהאַט צום לערנען! האָט ער בע־סער געוואָלט זיין אַ זייגערמאַכער. ווי קומט צו איהם זייגער־מאַכעריי? ווערט איהר הערען.

אַז ער איז נאָך געווען אַ יונגעל און האָט געלערענט אין חדר, אַזוי דערצעהלט שניאור אליין, האָט איהם דער קאָפּ גע־טראָגען אויף גרויסע זאַכען. למשל, דערגעהן דעם שכל פון אַ שלאָס. פאַר וואָס, אַז מע טהוט אַ דרעה רעכטס, עפענט עס זיך, און אַז מע טהוט אַ דרעה לינקס, פאַרשליסט עס זיך? אָדער ווי אַזוי געהט אַ זייגער? פאַר וואָס שלאָגט ער אַקוראַט דעמאָלט, ווען דער גרויסער ווייזער קומט־צו צום צוועלף? דאָס ערשטע מאָל, אַז ער האָט, זאָגט ער, דערזעהען אַ זייגער מיט אַ פויגעל, איז ער שיער ניט אַראָפּ פון זינען. דעם זייגער מיט׳ן פויגעל האָט דער אַלטער רב העסי באַקומען אַ מתנה פון איין אויסגע־דיענטען פּאָלקאָווניק, וואָס פלעגט איהם געבען אַרבייט. אַלע שעה, אַז דער זייגער האָט באַדאַרפט קלינגען, האָט זיך אויפגע־עפענט אַ טהירעל, און ס׳איז אַרויס אַ פויגעל מיט אַ קו־קו! דער פויגעל איז געווען נאַטירליך, ווי לעבעדיג. איהר קאָנט פאַר־שטעהן, אַז אפילו די קאַץ האָט געהאַט אַ טעות. אַלע מאָל ווען דער פויגעל איז אַרויס מיט אַ קו־קו, פלעגט זיך די קאַץ אָנבלאָזען און פלעגט איהם וועלען האַפּען. שניאור האָט זיך געגעבען דאָס וואָרט, אַז ער מוז דערגעהן דעם שכל פון׳ם פויגעל. ואיינמאָל, אַז קיינער איז ניט געווען אין דער היים, האָט ער זיך צוגעחאַפּט צום זייגער. ער האָט איהם אַראָפּגענומען פון וואַנט, אָפּגעדרעהט אַלע שרייפלעך און אַרויסגענומען די געדערים. איז אָנגעקומען דער פאָטער, האָט ער איהם אַזוי געשלאָגען, אַז מע האָט שוין נישט געהאַלטען פון זיין לעבען. עד היום, זאָגט ער, שטעהען ביי איהם סימנים אויפ׳ן לייב. ער האָט אָבער אויסגעפיהרט זיינס — ער איז אַ זייגערמאַכער. איך ווייס ניט, צי ער איז

דערט יאָהר, און איז נאָך ביי אַלע געראַנקען. ס'איז אַ סברה, אַז ער האָט נאָך היינט אויך מעהר שכל ווי זיינע צוויי זיהן: הערש־ליב דער מעכאַניק און שניאור דער זייגערמאַכער. הערש־ליב דער מעכאַניק איז אויך אַזוי דין און הויך, ווי רב העסי. ער האָט אויך אַ גרויסע נאָז, נאָר ער שמעקט ניט קיין טאַבעקע. אפשר וועט ער אַמאָל שמעקען. דערוויילע נאָך ניט. ער איז אַ מעכאַניק פון אויוועגס. ער מאַכט אויוועגס. אַלע זאָגען אויף איהם, אַז ער איז אַ קאָפּמענטש. ער האָט טאַקי אַ גרויסען שטערן. מע זאָל איהם געווען, זאָגט ער, לעהרנען אַ מלאכה, וואָלט ער זיין איינער אין דער וועלט. עס איז גאָר ניטאָ קיין זאַך אויף דער וועלט, וואָס ער זאָל עס ניט פאַרשטעהן מיט'ן שכל. אַזוי זאָגט ער אַליין אויף זיך. אַלסדינג חאַפּט ער מיט'ן קוק. אויוועגס מאַכען האָט ער זיך אויסגעלערענט פון זיך אַליין. ער האָט געזעהען אַ פּאָר מאָל, ווי איוואַן פּיטשקור מאַכט אויוועגס, האָט ער זיך געהאַלטען ביי די זייטען פון געלעכטער. ער האָט געזאָגט, אַז דער גוי הויבט ניט אָן צו פאַרשטעהן, וואָס הייסט איין אויוועןן. איז ער געקומען אהיים און האָט צעוואָרפען דעם אויוועןן און האָט אוועקגעשטעלט, טאַקי פון די זעלבע ציגעל, איין אַנדער אויוועןן. די ערשטע צייט האָט דער אויוועןן געברויכערט, מע האָט געקאָנט דערשטיקט ווערען. האָט ער צעוואָרפען דעם אויוועןן און געשטעלט אַ נייעם אויוועןן. אַזוי עטליכע מאָל, ביז ער איז געוואָרען דער באַריהמטער מעכאַניק. ער האָט מיט זיין אייגענעם שכל דערקלערט אַזאַ מין אויוועןן, וואָס ס'איז גענוג, מע זאָל איהם הייצען איין מאָל אין אַכט טעג. דער גאַנצער חסרון, ער האָט נאָך ניט די ציגעל, זאָגט ער, וואָס מע דאַרף דערצו האָבען. ווען מע גיט איהם, זאָגט ער, „קאַבליאָווע" ציגעל, שטעלט ער אייך אויף איין אויוועןן, וואָס מע דאַרף איהם געהן זעהען אויף חדושים! ער זאָגט, אַז אין איין אויוועןן ליגט מעהר שכל, ווי אין אַ זייגער. דאָס זאָגט ער שוין אויף צו־להכעיס זיין ברודער שניאור. זיין ברודער שניאור איז יונגער פון איהם און

# XI

# אונזער חבר פּיני

## א.

געדענקט איהר, איך האָב אייך אמאָל געזאָגט, אז איך וועל אייך באַקענען מיט מיין ברודער אליהו׳ס חבר פּיני? איך האָב אייך צוגעזאָגט באַקענען, ווייל ער האָט אין זיך גוטע געדאַנקען. נאָר איידער איך וועל אייך דערצעהלען פון פּיני׳ן, מוז איך אייך דערצעהלען פריהער פון זיין זיידען, נאָכדעם פון זיין טאַטען, נאָכדעם פון זיין פעטער, און ערשט נאָכדעם שוין פון פּיני׳ן אליין.

שרעקט אייך נישט — איך וועל דאָס אייך מאַכען בקיצור. איך הויב אָן פון זיידען.

פון רב העסי דעם גלעזער האָט איהר אמאָל געהערט? דאָס איז פּיני׳ס זיידע. ער איז אַ גלעזער, און אַ שפּיגעל־מאַכער, און אַ פאַרבער, און קאָן מאַכען טאַבעקע. היינט האָט ער אוועק־געוואָרפען אַלע ארבייט און פאַרנעמט זיך נאָר דערמיט, וואָס ער רייבט טאַבעקע און פאַרקויפט. כל זמן, זאָגט ער, אַ מענטש לעבט, דאַרף ער ארבייטען, נישט אָנקומען צו קיינעם. ער איז אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט רויטע אויגען און מיט אַ מורא׳דיגער נאָז, אונטען ברייט, אויבען שמאָל, און אויסגעבויגען ווי אַ שופר. איך האָב מורא, אויב עס איז איהם ניט געקומען פון דעם, וואָס ער שמעקט טאַבעקע. ער איז אַלט אפשר הונ־

מיין ברודער אליהו נעמט־ארוים דאָס בוך פון בוזעם־קעשענע און גיט דאָס איבער צו זיין חבר פיני. זיין חבר פיני לייענט־איבער דאָס אויבערשטע בלעטעל: „פאר איין רובעל — הונדערט רובעל! אַ סגולה ווי אַזוי פון גאָרניט, מיט די פינף פינגער, מאַכען הונדערט רובעל אַ חודש און מעהר“... ער נעמט דאָס בוך און טהוט דאָס אַ וואָרף־אריין אין אויוועז אריין גלייך אויפ׳ן פייער. מיין ברודער אליהו טהוט זיך אַ לאָז מיטביידע הענט צום פייער. זיין חבר פיני שטעלט איהם אָפּ:

— פּאַוואָלי, נישט געחאַפּט!

נאָך אַ פּאָר מינוט — און פון מיין ברודער אליהו׳ס בוך, וואָס לעהרענט, ווי אַזוי צו מאַכען הונדערט רובעל אַ חודש און מעהר, איז געבליבען ניט מעהר ווי אַ בערגעל אויפגעבלאָזענע אַש. פון איין זייט איז פארבליבען אַ שטיקעל ניט־פארברענט פּאַפּיער, קוים־קוים וואָס מע האָט געקאָנט איבערלייענען: ש־ע־מ־ע־ר־י־צ־י.

אונזער שכנה מאכט מיטביידע הענט. עס קומט־ארויס איהר מאן, דער איינבינדער. דער איינבינדער קוקט אויף אונז און לאכט.

— וואס איז דאס אויף אייך אנגעפאלען פלוצים פאר א גיסעריי?

— זייט זיך מטריח אהי — טשחי! טשחי! טשחי! — זאגען מיר צו איהם און ווייזען איהם אלע אהין, אין שטוב אריין. דער איינבינדער געהט אריין צו אונז אין שטוב אריין, און שפרינגט־ארויס צוריק מיט א געלעכטער:

— איך וויים שוין וואס דאס איז! איך האב א שמעק גע־טהאן! דאס איז שעמע — טשחי! טשחי!

און ער חאפט זיך מיט ביידע הענט ביי די זייטען און ניסט געשמאק. נאך יעדען נים טהוט ער א שפרונג־אונטער, בלייבט שטעהן אויף די שפיץ פינגער און טהוט א נים, און וויעדער א שפרונג־אונטער, און וויעדער א נים, און אזוי ווייטער. אין איין האלבע שעה ניסען שוין אלע אונזערע שכנים און שכנות מיט זייערע פעטערס און מוהמעס און גליעדשוועסטער־קינדער און זייערע באקאנטע — די גאנצע גאס, פון איין עק ביז'ן אנ־דערען, האלט אין איין ניסען!

וואס האט זיך מיין ברודער אליהו אזוי דערשראקען? אפנים, ער האט מורא, מע זאל נים אויסלאזען דעם כעס צו איהם פאר'ן ניסען, וואס מע ניסט? ער נעמט מיך פאר א האנט, און ניסענדיג לאזען מיר זיך ביידע געהן בארג־אראפ, צו זיין חבר פיני. עס נעמט גוטע אנדערהאלבען שעה, ביז מיר זענען אימשטאנד צו רעדען אזוי ווי מענטשען. מיין ברודער אליהו דערצעהלט זיין חבר פיני'ן די גאנצע מעשה. זיין חבר פיני הערט איהם אוים מיט קאפ, אזוי ווי א דאקטאר הערט־אוים א חולה. אז מיין ברודער אליהו האט געענדיגט, מאכט צו איהם זיין חבר פיני:

— אנו, ווייז נאר אהער דאס בוך.

— ווינד איז מיר, וואו האסט דו גענומען אזא קאטער? — זאגט צו מיר די מאמע און ברעכט די הענט. איך הער ניט אויף צו ניסען און ווייז איהר מיט דער האנט אהין, אין שטוב אריין. זי געהט אריין און לויפט ארויס צוריק נאך מיט איין ערגערער ניסעריי, ווי איך. קומט־אן מיין ברודער אליהו און דערזעהט אונז ביידע ניסען. פרעגט ער: וואס איז דאס? ווייזט איהם די מאמע מיט דער האנט אהין, אין שטוב אריין. ער חאפט זיך אריין און לויפט־ארויס צוריק מיט א גוואלד:

— ווער האט דאס צע — טשחי! טשחי! טשחי!...

איך האב שוין לאנג ניט געזעהען מיין ברודער אליהו אין כעס, אזוי ווי אצינד. ער לאזט זיך מיט ביידע הענט גלייך אויף מיר. א גליק, וואס ער ניסט, אניט — וואלט איך פון זיינע הענט ארויס א קאליקע. מיין שוועגערין ברכה קומט־אן, טרעפט זי אונז אלע דריי האלטען זיך מיט די הענט ביי די זייטען און ניסען.

— וואס איז מיט איך? וואס האט איהר זיך פלוצים צעניסט?

וואס זאלען מיר איהר זאגען? מיר קאנען רעדן אויסרעדען א ווארט? ווייזען מיר איהר מיט דער האנט אהין, אין שטוב אריין. חאפט זי זיך אריין, און לויפט באלד ארויס צוריק רויט, ווי העליש פייער, און פאלט־אן אויף מיין ברודער אליהו:

— וואס האב איך דיר גע — טשחי! טשחי! טשחי!...

קומט־אן אונזער שכנה, פעסי די גראבע. זי רעדט צו אונז, נאר קיינער קאן איהר ניט ענטפערען קיין ווארט. מיר ווייזען איהר מיט דער האנט אהין, אין שטוב אריין. זי געהט־אריין און לויפט־ארויס צוריק:

— וואס האט איהר אזעלכעס גע — טשחי! טשחי! טשחי!...

אָדער „קבצנישע קישקע". איצט האָט זי מיך פאַרצויגען. איך הייס שוין ביי איהר „מאַטעלע":

— מאַטעלע! דערלאַנג מיר די שיך.

— מאַטעלע! נעם מיר אָן א קוואָרט וואַסער.

— מאַטעלע! טראָג ארויס דאָס מיסט.

אז מע פאַרדיענט געלט, איז גאָר אַנדערע ווערטער.

## ה.

דער חסרון פון מיין ברודער אליהו — וואָס ער האָט ליעב א סך. קוואַס — א דייזשקע. טינט — טויזענד פלעשער. א פּראָשעק פון מייז — א פולער זאַק. אונזער שכנה'ס מאַן, דער איינבינדער, האָט איהם אָבער געזאָגט: „וואָס דאַרף מען אזוי פיעל?" — האָט איהם נאָך מיין ברודער אליהו גוט מכבד געווען. וואָלט מען האָטש דעם זאַק פאַרשלאָסען ערגיץ אין א שאַפע. געהען זיי אלע אוועק און לאָזען מיך איבער איינעם אליין מיט'ן זאַק. וואָס קומט מיר דערפאַר, וואָס איך האָב מיך אוועקגע־זעצט אויף איהם אויף א ווייל רייטענדיג? עלעהיי ס'איז א פערדעל! זאָל איך זיין א נביא, אז דער זאַק וועט פּלאַצען, און עס וועט זיך געבען א שאָט־אוים פון איהם עפּיס א גלעלע זאַך! דאָס איז טאַקי דער פּראָשעק, וואָס מיין ברודער אליהו פאַר־טרייבט מיט איהם מייז. ער האָט אזא שאַרפען ריח, אז מע קאָן חלש'ען! איך בויג מיך אָן, איך וויל צונויפנעמען דאָס, וואָס האָט זיך צעשאָטען, פאַלט אָן אויף מיר א ניסעריי. איך זאָל אריינציהען אין נאָז אריין א גאַנצע פּושקע מיט שמעקטאַבעקע, וואָלט איך ניט באַדאַרפט אזוי שטאַרק ניסען. איך ניס אזוי לאַנג, ביז איך חאַפּ מיך ארויס אין דרויסען. טאַמער וועל איך אויפהערען ניסען. ווער־וואָס? עס קומט אָן די מאַמע און דער־זעהט, איך ניס. פרעגט זי מיך: וואָס איז? איך קאָן איהר ענטפערען נאָר טשחי! און טשחי! און ווידער א מאָל טשחי!

מיין ברודער אליהו האָט פיינט דינגען זיך. ער זאָגט, אז פאר'ן פראָשעק קומט איהם אזוי פיעל, און פאר דער טרחה אזוי פיעל און אזוי פיעל. געוויינטליך, זאָגט ער אַלע מאָל טייערער. אַלע טאָג העכערט ער דעם פרייז. דאָס הייסט, ניט ער העכערט, נאָר מיין שווענעריז העכערט.

— ממה־נפשך, — זאָגט זי — עסט מען חזיר, זאָל רינען איבער'ן באָרד. אז דו ביזט שוין יאָ געוואָרען א מייזענטרייבער, נעם חאָטש געלט.

— נו, און יושר וואו איז? וואו איז גאָט? — אזוי מישט זיך אריין די מאמע. און מיין שווענעריז ברכה ענטפערט איהר אָפּ:

— יושר? אָט איז יושר! (זי ווייזט איהר אָן אויפ'ן אוי־וועז). גאָט? אָט איז גאָט! (זי טהוט זיך א פאטש איבער דער קעשענע).

— ברכה! וואָס האָסט דו געזאָגט?! גאָט איז מיט דיר!!!

אזוי שרייט־אויס די מאמע און טהוט א בראָך מיט די הענט.

— וואָס רעדסט דו מיט א בהמה?! — זאָגט מיין ברודער אליהו, שפּאַציערט איבער דער שטוב און ציפּעט זיך דאָס בערדעל. ער האָט שוין א היבש בערדעל. סע וואַכסט ביי איהם מיט רוחות. ער ציפּעט דאָס, און סע וואַכסט. מאָדנע וואַכסט דאָס בערדעל. אויפ'ן האלז גאָר האָט זיך עס ביי איהם צעוואַכסען. דאָס פּנים איז גלאַט, נאָר דאָס האלז איז פול מיט באָרד. איהר האָט געזעהען אמאָל אזא באָרד?

איין אנדערם מאָל וואָלט איהם מיין שווענעריז ברכה פאר'ן וואָרט „בהמה" אָפּגעשפּיעלט א פריהמאָרגען, אז עס וואָלט איהם פינסטער געוואָרען אין די אויגען. איצט האָט זי איהם פאר־שוויגען, ווייל ער פאַרדיענט געלט. אַלע מאָל, ווען מיין ברודער אליהו פאַרדיענט געלט, ווערד ער ביי איהר א מיוחס. איך ווער אויך ביי איהר טייערער, וואָרום איך העלף מיין ברודער פאַר־דיענען געלט. אזוי רופט זי מיך „שלעפּער" אָדער „שלים־מזל",

א ווייבען אָרט. אגיט, וואָלט ער זיך צעשלאָגען דעם קאָפּ. מיין ברודער אליהו הערט־אויס די מעשה, און די ברעמען ביי איהם שמייכלען. דאָס הייסט, ער אליין לאַכט ניט, נאָר די ברעמען לאַכען. א מאָדנער געלעכטער. בערע דער שוסטער באַמערקט דאָס ניט. ער הערט ניט אויף צו דערצעהלען זיינע וואונדער־ליכע מעשיות. איין מעשה איז מורא'דיגער פון דער אַנדערער. גאָט אזוי זענען מיר אָפּגעזעסען ביז טאָג. און שטשערעס? איהר זאָלט זאָגען — איין שטשער אפילו.

— איהר זענט א כישוף־מאַכער! — זאָגט בערע דער שוס־טער צו מיין ברודער אליהו. און ער געהט ארויס אין שטאָדט און דערצעהלט זיך אָן חדושים, ווי אזוי מיר האָבען ביי איהם מיט א שפּרונג צעטריבען אַלע שטשערעס אין איין נאַכט. ער שווערט, אז ער האָט אליין געזעהען, ווי אזוי מיין ברודער אליהו האָט עפּיס געשעפּטשעט, זענען ארויס די שטשערעס פון די נאָ־רעס און האָבען זיך געלאָזט לויפען באַרג־אראָפּ, אהין, צום טייך צו, אריבערגעשוואומען דעם טייך און אוועק ווייטער. ער ווייסט ניט וואוהין...

## ד.

— דאָ טרייבט מען מייז? — אזוי קומט מען אַלע מאָל צו אונז מיט א נייעס און מע רופט אונז, מיר זאָלען זיך מטריח זיין קומען ארויסטרייבען די מייז מיט אונזער שפּרונג...

מיין ברודער אליהו איז אָבער איין אמת'ער מענטש. ער האָט פיינט „ליגינים". ער זאָגט, אז טרייבען טרייבט ער מייז ניט מיט קיין שפּרונג, נאָר מיט א פּראָשעק. ער האָט א פּראָשעק אזעלכען, וואָס אז די מייז דערשמעקען איהם, צעלויפען זיי זיך.

— לאָז זיין א פּראָשעק, לאָז זיין א שוואַרץ יאָהר, אבי איהר זאָלט מיר ארויסטרייבען די מייז!... וויפיעל וועט דאָס קאָסטען?

ווייטען האָט ער זיי געטריבען, געפּייפט אויף זיי, געטופּעט מיט די פיס, געשריגען: קיש־קיש־קיש־קיש! עס האָט גישט געהאָלפען קיין זאַך. ער האָט זיי אַ וואָרף געטהאָן אַ קאַפּיטע פון אַ שטי־וועל, האָבען זיי אַ קוק געטהאָן אויף איהם און געטהאָן זייערס. גאָכדעם האָט ער זיי אַ שמיץ געטהאָן אין פּנים די קאַץ. זענען זיי אָנגעפאַלען אויף דער קאַץ און האָבען זי אויך אויפגעגעסען. קיינער האָט איהם נישט געוואָלט גלויבען, נאָר אַז אַ מענטש שווערט!

— לאָזט מיך קאָרשט אויף איין נאַכט, — זאָגט צו איהם מיין ברודער אליהו, — וועל איך אייך ארויסטרייבען אַלע שטשערעס!

— אַך, מיט'ן גרעסטען כבוד! — זאָגט בערע דער שוס־טער. — איך וועל אייך נאָך זאָגען אַ דאַנק!...

ג.

אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר אויסגעזעסען ביי בערע דעם שוס־טער. בערע אַליין איז אויך געזעסען מיט אונז. אַך, וואָסערע שענע מעשיות ער דערצעהלט זיך אָן! ער דערצעהלט פון דער טערקישער מלחמה (ער איז איין אויסגעדיענטער סאָלדאַט). ער איז געווען אין אַזאַ איין אָרט, וואָס סע הייסט „פּלעוונע“. האָט מען דאָרט געשאָסען מיט הארמאַטען. איהר ווייסט, וויפיעל אַ הארמאַט האַלט די גרוים? זייט זיך משער, אַז איין קויל איז גרעסער פון דער גאַנצער שטוב, און וואַרפען וואַרפט זי אַרוים אין אַ מינוט אפשר טויזענד אַזעלכע קוילען. זענט איהר צו־פריעדען? די קויל, אַז זי פליהט, שרייט זי אַזוי, אַז מע ווערד טויב. איינמאָל איז ער געשטאַנען אויף דער וואַך — אַזוי דער־צעהלט בערע דער שוסטער. פּלוצים דערהערט ער אַ קנאַק, און סע טראָגט איהם אין דער לופטען, הויך טראָגט דאָס איהם, ביז אַריבער דער חמאַרע, און דאָרט צערייסט זיך די קויל אויף טוי־זענד שטיקלעך. אַ גליק, זאָגט ער, וואָס ער איז געפאַלען אויף

## ב.

די ערשטע נאַכט איז אונז ניט געראָטען. נישט געחאַפּט איין מויז אפילו! מיין ברודער אליהו זאָגט אפילו, אז ס'איז א גוטער סימן. די מייז, זאָגט ער, האָבען דערשמעקט דעם פּראָשעק, זענען זיי זיך צעלאָפען. דער איינבינדער דרעהט מיט'ן קאָפּ און שמייכעלט מיט איין ליפּ. אפּנים, ער גלויבט נישט. פונדעסט־וועגען, איז ארויס א קלאַנג אין שטאָדט, אז מיר פּאַרטרייבען מייז. דער קלאַנג האָט זיך גענומען פון אונזער שכנה פּעסי. זי איז אוועק גאַנץ פריה אין מאַרק און האָט צעפּויקט איבער דער גאַנצער שטאָדט, „אז אזוי ווי מיר פּאַרטרייבען מייז, פּאַרטרייבט קיינער ניט". זי האָט אונז געמאַכט א נאָמען. פריהער מיט'ן קוואַס האָט זי אויך געפּויקט איבער דער גאַנצער שטאָדט. נאָכדעם האָט זי אויסגעפּויקט, אז מיר מאַכען אזא טינט, וואָס סע עקט זיך די וועלט. וואָס האָט אָבער געהאָלפען איהר פּויקען, אז קיינער דאַרף ניט קיין טינט? מייז איז נישט דאָס, וואָס טינט. מייז זענען פאַרהאַן אומעטום, כמעט אין יעדער שטוב. יעדער בעל־הבית האָט א קאַץ. נאָר וואָס העלפט איין קאַץ קעגען אזוי פיעל מייז? ובפרט שטשע־רעם! שטשערעם הערען א קאַץ, ווי המן דעם גרייגער. א סברה, אז פאַר שטשערעם האָט א קאַץ אליין אויך מורא. אזוי זאָגט בערע דער שוסטער. ער דערצעהלט זיך אָן פון שטשערעם אזעלכע מעשיות, אז א שרעק! מע האַלט איהם אפילו פאַר א שטיקעל בעל־מגזם. נאָר לאָז זיין, אז ס'איז נאָר האַלב אמת, איז דאָס אויך שען. ער זאָגט, אז די שטשערעם האָבען ביי איהם אויפ־געגעסען א פּאָר נייע שטיוועל. ער שווערט מיט אזעלכע שבועות, אז מע מעג גלויבען א משומד. ער זאָגט, אז ער האָט אליין גע־זעהען, ווי צוויי גרויסע שטשערעם זענען ארויס פון זייערע נאָרעס און האָבען פאַר זיינע אויגען אויפגעגעסען א פּאָר שטיוועל. ביי־נאַכט איז דאָס געוועזען. צוגעהן נאָהענט האָט ער מורא געהאַט — צוויי מורא'דיגע שטשערעם, ווי קעלבלעך די גרויס. פון דער־

אזוי זאָגט צו מיר מיין ברודער אליהו. ער האָט פיינט, אז מע פרעגט איהם קשיות סאַמע ביי דער רעכטער ארבייט. איך קוק און שווייג. איך זעה, אז חוץ דעם רויטען פּראָשעק, איז דאָ ביי איהם נאָך א פּראָשעק. אויך גוט צו מייז. נאָר מע דאַרף זיין מיט דעם געהיט!

— סם־המות! — זאָגט מיין ברודער אליהו אפשר הונדערט מאָל דער מאַמען, ברכה'ן און מיר. דער עיקר — מיר, איך זאָל מיך חלילה צו דעם ניט צוריהרען — ס'איז סם!

די ערשטע פּרוב האָבען מיר געמאַכט אויף אונזער שכנה פּעסי'ס מייז. דאָרט האַלטען זיך מייז אָהן א שיעור. איהר ווייסט דאָך, אז איהר מאַן איז איין איינבינדער. משה רופט מען איהם. תמיד איז ביי איהם א פולע שטוב מיט ספרים. מייז האָבען ליעב ספרים. און ניט אזוי ספרים, ווי פּאַפּ. פּאַפּ איז דאָס, וואָס מע קלעפּט מיט דעם ספרים. צוליעב דעם פּאַפּ עסען זיי שוין ספרים אויך. טהוען איהם אָן גרויסע שאָדענס. אגנר־מעלטען האָבען זיי איהם דורכגעלעכערט א מחזור. א שפּאָגעל־נייעם מחזור. סאַמע דאָרט, וואו ס'איז מיט גרויסע אותיות גע־ווען אָפּגעדרוקט דער „המלך". זיי האָבען זיך דאָס א ביסעל צו־געחאַפּט צום „המלך"! איבערגעלאָזט נאָר דאָס אויבערשטע קע־פּעל פון דעם למ"ד.

— לאָזט מיך אויף איין נאַכט! — בעט זיך מיין ברודער אליהו ביי'ם איינבינדער. דער איינבינדער וויל נישט. ער זאָגט:

— איך האָב מורא, זאָלסט מיר ניט איבערפיהרען די ספרים.

— מיט וואָס וועל איך אייך איבערפיהרען די ספרים? — פרעגט איהם מיין ברודער אליהו.

— איך וויים אַליין ניט מיט וואָס, נאָר איך האָב מורא. ס'איז פרעמדע ספרים.

נו, געהט רעדט מיט איין איינבינדער! קוים גע'פועל'ט, ער זאָל אונז צולאָזען אויף איין נאַכט.

# X

# אַ גאַס ניסט

## א.

— ווייסט איהר, וואָס פּאַר אַ סדרה עס געהט ביי אונז היינט ?
מייז! מיין ברודער אליהו האָט אַ גאַנצע וואָך געלערענט דאָס בוך, וואָס מע מאַכט דורך דעם געלט, „פּאַר אַ רובעל — הונדערט". ער האָט זיך שוין אויסגעלערענט, זאָגט ער, אַרויסטרייבען מייז, טאַראַקאַנעס און אַנדערע מיאוסקייטען. שטשערעס אויך. לאָז מען איהם נאָר אַריינלאָזען ערגיץ מיט זיין פּראָשעק — אַזוי בלייבט נישט איין מויז. זיי צעלויפען זיך. אַ סך פּגר'ען אַוועק. נישטאָ מעהר קיין מייז! ווי אַזוי ער מאַכט דאָס — ווייס איך נים. ס'איז אַ סוד. פון'ם סוד ווייס נאָר דאָס בוך און ער, ווייטער קיינער נים. דאָס בוך האַלט ער אין בוזעם־קעשענע. דעם פּראָ־שעק אין אַ פּאַפּיער. דער פּראָשעק איז רויטליך און צעריבען דין, ווי שמעק־טאַבאַק. רופען רופט זיך עס „שעמעריצי".
— וואָס הייסט דאָס שעמעריצי ?
— טערקישער פּעפּער.
— וואָס הייסט דאָס טערקישער פּעפּער ?
— איך וועל דיר געבען אַ „וואָס־הייסט־דאָס", וועסט דו ביי מיר עפּענען מיט'ן קאָפּ די טיר!

מיר זיך אָנגעהאָרעוועט, ווי די אָכסען. אַנשלאָפען געוואָרען זענען מיר, ווי די גע׳הרג׳עטע. אויפגעוועקט האָט אונז די מאַמע מיט אַ געוויין:

— פאַרפינסטערט בין איך געוואָרען און וועה איז מיין וועלט! וואָס האָט איהר געטהאָן אַזעלכעס מיט׳ן טייך?...

עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז מיר האָבען אומגליקליך געמאַכט אַ גאַנצע שטאָדט: די וועשערינס האָבען ניט וואו צו וואַשען גרעט. די בעלי־עגלות האָבען ניט וואו אָנצוטרינקען די פערד. די וואַסער־פיהרער . . . אָט וועלען זיי זיך צונויפנעמען אַלע אינאיינעם און וועלען קומען זיך רעכענען מיט אונז. אַזוי זאָגט אונז אָן די מאַמע אַ בשורה. מיר אָבער ווילען אויף זיי ניט וואַרטען. מיר ווילען ניט זעהען, ווי אַזוי וואַסערפיהרערס וועלען זיך מיט אונז רעכענען. איך און מיין ברודער אליהו נעמען די פיס אויף די פּלייצעס און — מאַרש צו זיינעם אַ חבר פיני.

— דאָרט לאָזען זיי אונז זוכען, אַז זיי באַדאַרפען!...

אַזוי זאָגט מיר מיין ברודער אליהו, נעמט מיך פאַר אַ האַנט, און מיר לאָזען זיך גיך און געשווינד באַרג־אַראָפּ, צו זיין חבר פיני. אַז מיר וועלען זיך זעהען, וועל איך אייך אַמאָל באַקאַנט מאַכען מיט מיין ברודער אליהו׳ס חבר פיני. ס׳איז כדאי, איהר זאָלט זיך מיט איהם באַקענען: ער האָט אויך אין זיך גוטע געדאַנקען.

ג.

— איצט וועל איך שוין זיין קלינער. — מאכט צו מיר מיין ברודער אליהו. — לאָז נאָר ווערען נאכט, אזוי טראָגען מיר אָפּ די פלעשער צום טייך.

גערעכט, ווי איך בין א איד! וואָס קאָן זיין נאָך קליגער דערפון? סאַי ווי סאַי גיסט מען אין טייך אריין כל הפּאסקוד־סטוועס! דאָרט וואשט מען גרעט, דאָרט באָדט מען פערד, דאָרט פּאָליאָסקען זיך חזירים. איך בין מיט'ן טייך א נאָהענטער מחותן. איך האָב אייך שוין אמאָל באשריבען, ווי איך חאַפּ דאָרטען פיש. דערפון וועט איהר לייכט פאַרשטעהן, ווי איך האָב ארויסגעקוקט אויף דער מינוט, ווען מיר וועלען געהן צום טייך. עס איז נאָר געוואָרען נאכט, האָבען מיר אָנגעפּאקט פולע קוישען מיט פלעשער און גענומען טראָגען זיי צום טייך. אויסגעגאָסען די טינט, אָפּ־געטראָגען די לעדיגע פלעשער אהיים און אָנגענומען ווידער א מאָל פולע פלעשער. א גאנצע נאכט האָבען מיר אזוי געארבייט. איך האָב שוין לאנג נישט געהאט אזא גוטע פריילינבע נאכט. שטעלט אייך פאָר: די שטאָדט שלאָפט. דער הימעל איז אויסגעשטע־רענט. די לבנה שיינט־אראָפּ אין טייכעל אריין. ס'איז שטיל־מחיה. דאָס טייכעל איז א לעבעדיג טייכעל. קומט נאָך פּסח, אז עס צעגעהט דאָס אייז, ארבייט דאָס מעשים! בלאָזט זיך אָן, צעשפּרייט זיך און צעגיסט זיך. וואָס ווייטער ווערד דאָס קלענער, שמעלער און פלאטשיגער. צום סוף זומער ווערד דאָס גאָר אָנ־שווינען. עס חאפּט א דרימעל. עמיצער אויפ'ן דנאָ אין בלאָטע מאכט: בול־בול־בול. א פּאָר זשאבקעס רופען זיך אָפּ פון יענער זייט: קרוא־קרוא! ס'איז א בזיון, ניט קיין טייך! איהר קאָנט פאַרשטעהן, אז איך קאָן איהם איבערגעהן צופוס פון ברעג צו ברעג, נישט אויסגעטהאָן די הויזען!

פון אונזער טינט איז דאָס טייכעל געוואָרען א ביסעל גרעסער. א קלייניגקייט, אפשר טויזענד פלאש טינט! דערפאַר אָבער האָבען

מיך אויף און טהו זיך אָן אויף גיך. מיין מאַמע איז פאַרווינט (ווען איז זי ניט פאַרווינט?). מיין שוועגערין ברכה א־ז אין כעס (ווען איז זי ניט אין כעס?). און מיין ברודער אליהו שטעהט אין מיטען שטוב, דעם קאָפּ אראָפּ, חאַטש מעלק איהם אוים. וואָס איז די מעשה? ניט איין מעשה, נאָר עטליכע מעשיות! אונזערע שכנים זענען אויפגעשטאַנען אין דער פריה, האָט זיך אָנגעהויבען א חתונה — מע האָט זיי געקוילעט. איינעם האָט מען אָפּגע־שפּריצט די גאַנצע וואַנט מיט טינט. דעם אַנדערען האָט מען אָפּגעגאָסען דעם פּאַרקאַן, א נייעם פּאַרקאַן. דער דריטער האָט געהאַט צוויי ווייסע ציעגען. האָט מען זיי איהם געמאַכט שוואַרץ, נישט צו דערקענען. דאָס אַלץ וואָלט נאָך געווען צו דערליידען, ווען ניט דעם שוחט'ס זאָקען. א נייע פּאָר זאָקען, ווייסע זאָקען, האָט די שוחט'קע אויסגעהאָנגען ביי אונזער שכנה אויפ'ן פּאַרקאַן, האָט מען פון זיי געמאַכט א תל. עמיצער האָט זי געבעטען, זי זאָל אויסהענגען זאָקען אויף א פרעמדען פּאַרקאַן. די מאַמע האָט איהר צוגעזאָגט אָפּקויפען א פּאָר נייע זאָקען, אבי ס'זאָל זיין שטיל. וואָס זשע וועט זיין מיט דער וואַנט? מיט'ן פּאַרקאַן? ס'איז געבליבען, אַז מיין מאַמע מיט מיין שוועגערין ברכה זאָלען מחילה זיך אָוועקשטעלען מיט צוויי בערשטלעך און מיט ווייסער לייהם און פאַרשמירען די פלעקען.

— אייער גליק, וואָס איהר האָט אָנגעטראָפען אויף עהרליכע שכנים. ווען איהר טרעפט מיט אייער טינט אויף מנשה דעם רופא'ס גאָרטען, וואָלט איהר געוואוסט וואָס פאַר א גאָט מיר האָבען!

אַזוי זאָגט אונזער שכנה פעסי צו מיין מאַמען.

— וואָס זשע מיינט איהר? צו שלים־מזל באַדאַרף מען אויך האָבען מזל! — ענטפערט איהר די מאַמע און קוקט אויף מיר.

וואָס מיינט זי, אשטייגער?...

איצט איז זי דאָ. מע האָט געשיקט נאָך איהר!... אַזוי זאָגט מיין ברודער אליהו, און מיר טראָגען־ארויס אַ פלאַש נאָך אַ פלאַש — און פליוך אין דרויסען ארויס. פון גיסען אויף איין אָרט ווערד אַ טייך. מע דאַרף נישט גיסען כסדר אויף איין אָרט. אַזוי זאָגט צו מיר מיין ברודער אליהו, און איך פאָלג איהם. איך זוך אויס אַלע מאָל אַ פריש אָרט. יעדע פלאַש האָט ביי מיר איין אנדער אָרט. דער שכנה'ס וואַנט — פליוך! דעם שכנ'ס פאַר־קאַן — פליוך! צוויי ציעגען ליגען אַקעגען דער לבנה און מעלה־גרה'ן — פליוך!

— היינטיגס מאָל געננג! — זאָגט מיין ברודער אליהו, און מיר געהען שלאָפען. שטיל און פינסטער. עס לאָזט זיך הערען דער טשירקון. פון אונטער'ן אויווען הערט זיך אַ מרוקען פון דער קאַץ. אַ גרויסע פעפערין: טאָג ווי נאַכט וואָלט זי זיך נאָר גע־וואַרעמט און געדרימעלט. אין הויז אויף יענער זייט טיהר הערען זיך שטילע טריט. אפשר אַ ניט־גוטער?... די מאַמע שלאָפט נאָך ניט. זי שלאָפט, דאַכט זיך, קיינמאָל ניט. איך הער זי שטענדיג, ווי זי קנאַקט די פינגער, זיפצט און קרעכצט און רעדט צו זיך אַליין. אַזאַ טבע ביי איהר. אַלע נאַכט טענה'ט זי זיך אויס אַ ביסעל. זי דערצעהלט איהרע גרויסע צרות. מיט וועמען רעדט זי דאָס? מיט גאָט?... אַלע מינוט לאָזט זי אויס מיט אַ קרעכץ:

— אוי, גאָט! גאָט!...

## ב.

איך ליג נאָך אויף מיין געלעגער, אויף דער ערד, און הער פונ'ם שלאָף אַ הו־האַ. עס לאָזען זיך הערען אַלערליי באַקאַנטע קולות. ביסלעכווייז עפען איך אויף די אויגען — ס'איז שוין גרויסער טאָג. די שיין פון דער זון האָט זיך אריינגעריסען דורכ'ן פענסטער. רופט מיך אין דרויסען ארויס. איך וויל מיך דער־מאַנען, וואָס איז געווען נעכטען — אהאַ! טינט!... איך האָב

IX

# נאָכוועהענישען פון דער טינט־פאַרפלייצונג

## א.

מיין ברודער אליהו געהט־ארום אין איינע צרות. וואָס טהוט מען מיט דער טינט?

— ווידער אמאָל טינט? — זאָגט איהם די מאמע.

— איך רעד נישט פון קיין טינט! — ענטפערט איהר מיין ברודער אליהו. — האפט דער רוח די טינט! איך רעד פון די פלעשער! עס ליגט א קאפּיטאל אין די פלעשער! מע דארף זעהען אויסלעדיגען די פלעשער און מאכען פון זיי געלט!...

פון אלסדינג מאכט ער געלט! און עס בלייבט, אז מע דארף די טינט אויסגיסען צו אלדי שווארצע יאָהר! שלעכט איז נאָר איין זאך: וואוהין גיסט מען אויס אזוי פיעל טינט? עס איז פשוט א בזיון!...

— עס וועט זיך ניט העלפען. — זאָגט מיין ברודער אליהו. — מע וועט מוזען צו־ווארטען ביז ביינאכט. ביינאכט איז פינסטער, וועט קיינער ניט זעהען.

קוים דערלעבט נאכט. אויף צו־להכעיס, שיינט די לבנה, ווי א לאנטערן. דעמאָלט ווען מע דארף, וועט זי זיך באהאלטען.

אזוי האָט איהם געזאָגט אונזער שכנה'ס מאַן, משה דער איינבינדער. א מאָדנער איד אָט דער איינבינדער! ער האָט אייך אַ טבע זאָלצען יענעם אויף די וואונדען. אזוי איז ער, דאכט זיך, נישקשה פון אַ מענטש, נאָר אַ ביסעל אַ נודניק. האָט ליעב זיך איינעסען יענעם אין דער גרגרת. מיין ברודער אליהו האָט איהם אָבער גוט געגעבען! ער האָט איהם געזאָגט, אז ער זאָל בעסער אַכטונג געבען אויף זיך אַליין, ער זאָל ניט פאַרבייטען די יוצרות. גיט בינדען אַ הגדה מיט אַ סליחה אינאיינעם... משה דער איינבינדער ווייסט שוין, וואָס דער שטאָך באַדייט! ער האָט אַמאָל גענומען אַ שטיקעל ארבייט ביי אַ אידען אַ בעל־עגלה. אַ הגדה האָט איהם דער בעל־עגלה געגעבען איינבינדען. האָט זיך געטראָפען איין אומגליק: על־פּי טעות, האָט דער איינבינדער אריינגעבונדען אין דער הגדה אַ שטיק פון אַ פרעמדער סליחה. דער בעל־עגלה וואָלט זיך אפשר ניט חאַפּען, האָבען די שכנים דערהערט, אז אָנשטאָט „שפוך חמתך על הגויים" האָט דער בעל־עגלה געגעבען אַ זינג־אויס מיט אַ וויינענדיגען ניגון פון סליחות „הנשמה לך והגוף פּעלך"... ס'איז געוואָרען זעהר אַ גרויס געלעכטער. אויף מאָרגען איז דער בעל־עגלה געקומען צו אונזער שכן דעם איינבינדער און האָט איהם געוואָלט צערייסען אויף צווייען.

— גזלן, וואָס האָט איהר געהאַט צו מיר? למאי האָט איהר אריינגעהאַקט אין מיין פּסח'דיגער הגדה אַ חמצ'דיגע סליחה? אָט רייס איך אייך אַרויס די קישקעס פון בויך!...

יאָ, מיר האָבען געהאַט דעמאָלט אַ פריילינכען פּסח.

נאָר האָט קיין פאַראיבעל ניט, וואָס איך בין אריין מיט אַ פרעמדער מעשה. איך קעהר מיך באַלד אום צוריק צו אונזערע גאָלדענע געשעפטען.

— איך האָב געוואָלט אַ ביסעל טינט.

— וויפיעל דאַרפסט דו טינט?

— גיט מיר פּאַר אַ קאַפּיקע טינט.

מיין ברודער אליהו איז אויסער זיך. ער זאָל זיך ניט שעמען פאַר דער מאַמען, וואָלט ער אַט דעם חתן קאַפּעל פריהער דורכ־געפּאַטשט און נאָכדעם אַרויסגעוואָרפען פון שטוב. ער האַלט זיך איין און גיסט איהם אָן פּאַר אַ קאָפּיקע טינט. עס געהט ניט אַוועק קיין פערטעל שעה, קומט אַריין אַ מיידעל. דאָס מיידעל קען איך ניט. זי קאַלופּעט מיט'ן פינגער די נאָז און רעדט צו מיין מאַמען:

— דאָ מאַכט מען טינט?

— יאָ, וואָס איז דען?

— די שוועסטער האָט געבעטען, טאָמער קאָנט איהר איהר לייהען אַ ביסעל טינט? זי דאַרף אָוועקשרייבען אַ בריוועל קיין אַמעריקע צו איהר חתן.

— ווער איז דיין שוועסטער?

— בתיה די נייהטאָרין.

— אַ? זעה נאָר, ווי זי איז אויסגעוואַכסען! קיין עין־הרע! איך האָב דיך גאָרניט דערקענט. אַ טינטורעל האָסט דו?

— ווי קומט צו אונז אַ טינטורעל? מיין שוועסטער האָט געבעטען, טאָמער האָט איהר אַ פּען, זי וועט נאָר אָנשרייבען דאָס בריוועל קיין אַמעריקע, גיט זי אייך אָפּ צוריק די טינט און פּען.

מיין ברודער אליהו איז נישטאָ ביי'ם טיש. ער איז אין אַלקיר. ער געהט אַרום מיט שטילע טריט, קוקט אַראָפּ און בייסט די נעגעל.

ז.

— וואָס האָסט דו אָנגעמאַכט אַזוי פיעל טינט? האָסט, אַפּנים, געוואָלט פאַרזאָרגען די וועלט מיט טינט, טאָמער וועט זיין אַ הונגער אויף טינט?

מיך דאַרף מען לאַנג ניט בעטען. איך שטעל מיך אוועק ביי דער טיר און הער זיך צו, וואָס זאָגט מען: ווער עס שטעלט זיך אָפּ און וואָס מע רעדט. אָפּגעשטאַנען אַקעגען אַ האַלבע שעה, קום איך אַריין צוריק אין שטוב. מיין ברודער אליהו גענהט־צו צו מיר און פרעגט מיך שטיל:

— נו?

— וואָס נו?

— וואָס האָבען זיי געזאָגט?

— ווער?

— די מענטשען, וואָס זענען געגאַנגען פאַרביי.

— זיי האָבען געזאָגט, אַז ס'איז שען אָנגעשריבען.

— און מעהר גאָרנישט?

— מעהר גאָרנישט.

מיין ברודער אליהו זיפצט. וואָס זיפצט ער? די מאַמע פרעגט איהם אויך דאָס זעלבע.

— וואָס זיפצסט דו, נאַרעלע? וואַרט אוים אַ קאַפּ. אין איין טאָג, ווילסט דו, זאָל אויספאַרקויפט ווערען די גאַנצע סחורה?

— האָטש אַ פּעטשאַטעק!... — זאָגט איהר מיין ברודער אליהו מיט טרערען אין האַלז.

— ביזט אַ גרויסער נאַר, זאָג איך דיר. וואַרט אוים, מיין קינד, דו וועסט, אם ירצה השם, האָבען אַ פּעטשאַטעק אויך.

אזוי זאָגט צו איהם די מאַמע און גרייט צום טיש. מיר וואַשען זיך און געהען עסען. מיר שפּאַרען זיך צונויף אַלע פיער אינאיינעם. איבער די פלעשער איז ענג אין שטוב — סכנות. נאָר־וואָס מיר האָבען געמאַכט המוציא, לויפט אַריין אַ בחור'על. אַ ציקאָווע בחור'על. ער איז שוין אַ חתן. איך קען איהם. קאַפּעל הייסט ער. דער טאַטע זיינער איז אַ שניידער. אַ דאַמסקי שניידער.

— דאָ פאַרקויפט זיך טינט לאַחדים?

— יאָ, וואָס איז דען?

זאָגט איהם יודעל דער שרייבער: „פלעשער? איך האָב געקויפט א פלאַש טינט, וועל איך האָבען און האָבען, ביז ס'וועט אויסגעהן, וועל איך קויפען נאָך א פלאַש"... אָט האָסט דו דיר א געשעפט! א שרייבערוק קאָן! פריהער האָט ער געזאָגט, אז אויף טינט געהט ביי איהם אוועק א פּאַרמעגען; איצט קויפט ער א פלאַש טינט, וועט ער האָבען און האָבען!... מיין ברודער אליהו איז נעבאך אוים מענטש. ער ווייסט ניט, וואָס זאָל ער טהון מיט אזוי פיעל טינט? פריהער האָט ער געזאָגט, אז לאחדים פאַרקויפט ער ניט קיין טינט, נאָר הורט. איצט איז ער בעסער געוואָרען. ער וועט שוין אָנהויבען, זאָגט ער, פאַרקויפען לאחדים. איך וואָלט שוין א בעלן זיין וויסען, וואָס הייסט „לאחדים"?

אָט וואָס „לאחדים" הייסט. איהר מעגט דאָס האָרכען.

## ח.

מיין ברודער אליהו האָט געבראַכט צו טראָגען א גרויסען בויגען פּאַפּיער. ער האָט זיך אוועקגעזעצט און אָנגעשריבען מיט גרויסע סדור־אותיות:

### דאָ פאַרקויפט מען טינט הורט און לאחדים גוט און וואָלוועל.

די צוויי ווערטער „לאחדים" און „וואָלוועל" זענען געווען אזוי גרויס, אז זיי האָבען פאַרנומען כמעט דעם גאַנצען בויגען. אז דאָס אָנגעשריבענע האָט זיך אויסגעטריקענט, האָט ער דאָס פּאַפּיער אויסגעהאַנגען ביי אונז אויף דער טהיר פון יענער זייט. א סך מענטשען זענען דורכגעגאַנגען און האָבען זיך אָפּגעשטעלט קוקען. איך האָב עס געזעהען דורכ'ן פענסטער. מיין ברודער אליהו קוקט אויך אין פענסטער אריין און ברעכט די פינגער. א סימן, אז ער איז צעטראָגען. ער מאַכט צו מיר:

— ווייסט דו וואָס? געה אומיסטנע, שטעל זיך אוועק ביי דער טיר און הער זיך צו, וואָס זאָגט מען?

ברודער אליהו, און עס קומט פאר צווישען די צוויי א מאדנער שמועס. איך געב אייך איבער דא דעם שמועס וואָרט ביי וואָרט:

אליהו: וואס האט איהר זיך אזוי דערשראקען?

איינבינדער: וואס איז ביי דיר אין די פלעשער?

אליהו: וואס זאל זיין? וויין!

איינבינדער: וואסער וויין? ס'דאך טינט!

אליהו: היינט וואס זשע פרעגט איהר?

איינבינדער: וואס וועסטו דו טהון מיט אזוי פיעל טינט?

אליהו: טרינקען.

איינבינדער: ניין, איך מיין אהן קאטאוועס. וועסט פארקויפען לאחדים אויך?

אליהו: וואס בין איך, א משוגענער? אז פארקויפען, וועל איך פארקויפען צעהן פלעשער, צוואנציג פלעשער, פופציג פלעשער. דאס ווערד אנגערופען „הורט". איהר ווייסט, וואס הייסט „הורט"?

איינבינדער: איך וויים, וואס הייסט הורט. וועמען וועסט דו פארקויפען?

אליהו: וועמען? דעם רב!

און מיין ברודער אליהו געהט־אוועק צו די קרעמער. געקומען צו איינעם, א גרויסען הורטאווניק, הייסט ער זיך ברענגען א פלע־שעל. ער וויל עס אנקוקען. דעם אנדערען האט ער געבראכט א פלאש טינט, וויל ער ניט נעמען אין די הענט אריין, ווייל ס'איז אהן א קוויטעל. אויפ'ן פלעשעל דארף זיין, זאגט ער, א שען קוויטעל מיט א צאצקע. זאגט איהם מיין ברודער אליהו: „איך מאך ניט קיין צאצקעס, איך מאך טינט". ענטפערט ער איהם: „מאכט געזונטערהייד". האט ער זיך א ווארף געטהאן צו יודעל דעם שרייבער. האט איהם יודעל דער שרייבער געזאגט עפים זעהר א מיאוס ווארט. ער האט שוין, זאגט ער, זיך אנגעקויפט מיט טינט אויף א גאנצען זומער. פרעגט איהם מיין ברודער אליהו: „וויפיעל פלעשער טינט האט איהר דאס איינגעהאנדעלט?"

אוים א געלעכטער. ווערד ער אין כעס און רופט אוועק די מאמע אויפ׳ן זעלבען סוד. די מאמע געהט אוועק קויפען פלעשער, און מיר נעמען זיך גיסען וואסער אין פאס אריין. פארשטעהט זיך, ניט מיט א מאל — ביסלעכווייז. נאך יעדען עמער וואסער טהוט ער א הויב־אויף די האנט און א זאג צו זיך אליין: „גענוג!״ נאכדעם טהוט ער א טונק־איין די פען אין פאס און א שרייב־אריין אין ווייסען פאפיער אריין און א זאג צו זיך אליין:

— סע שרייבט!

און אזוי עטליכע מאל, ביז די מאמע קומט צו געהן מיט א נייעם טראנספארט פלעשער. מיר נעמען זיך ווידער צו דער פריהעריגער ארבייט: גיסען טינט פון פאס אין פלאש. ביז מיר בלייבען ווידער אהן פלעשער.

— ביז וואנען איז דער שיעור? — טהוט א זאג מיין שווע־גערין ברכה.

— קיין עין־הרע ניט! — מאכט די מאמע, און מיין ברודער אליהו טהוט אויף ברכה׳ן א בייזען קוק, ווי איינער רעדט:

— ביזט מיר טאקי א ווייב, נאר א בהמה ביזט דו, זאל זיך גאט דערבארעמען!

## ד.

וויפיעל טינט מיר האבען — קאן איך אייך ניט זאגען. איך האב מורא, אויב ניט טויזענד פלעשער! נאר וואס קומט ארוים — ס׳איז ניטא זיי וואו אהינצוטהון. מיין ברודער אליהו איז געווען שוין אומעטום. פארקויפען לאחדים, פלעשלעכווייז — איז נישט קיין פלאן. אזוי זאגט מיין ברודער אליהו צו אונזער שכנה׳ס מאן, משה דעם איינבינדער. אז ער איז אריינגעקומען צו אונז און דערזעהען, קיין עין־הרע, אזוי פיעל פלעשער, האט ער זיך דער־שראקען און זיך נעגעבען אזש אווארף צוריק. דערזעהט מיין

און אַ „לייקע" האָט ער געקויפט אַ נייע, און אַ קווערטעל אַ בלעכענס, אויף צו גיסען די טינט פון פאַס אין די פלעשער. דאַ האָט ער ווידער איינגערוימט דער מאַמען אַ סוד, זי זאָל פאַרקייטלען די טהיר. נאָכדעם האָט מען זיך אַלע פיער גענומען צו דער אַרבייט. די אַרבייט איז געווען איינגעטיילט דוקא גוט. מיין שווענגערין ברכה האָט די פלעשער דורכגעשווענקען און איבערגעגעבען צו דער מאַמען. די מאַמע האָט אַריינגעקוקט אין יעדער פלאַש און איבערגעגעבען צו מיר אין די הענט אַריין. איך האָב נאָר באַדאַרפט אַריינשטעקען אין פלאַש אַריין די „לייקע" און צוהאַלטען מיט איין האַנט די לייקע, מיט דער אַנדערער די פלאַש. און מיין ברודער אליהו האָט געהאַט איין אַרבייט: אָננעמען מיט'ן קווערטעל פון פאַס און גיסען צו מיר איבער דער „לייקע". איין אַרבייט איז דאָס זעהר אַ וואוילע, אַ פרייליכע. איין חסרון נאָר: ס'איז טינט — עס פלעקט די פינגער, די הענט, די נאָז, דאָס גאַנצע פנים. מיר ביידע, איך און מיין ברודער אליהו, האָבען זיך געמאַכט שוואַרץ ווי די שדים. דאָס ערשטע מאָל זעה איך, מיין מאַמע זאָל לאַכען. פון מיין שווענגערין ברכה שמועסט מען ניט: יענע איז שיער צעזעצט געוואָרען פאַר געלעכטער. מיין ברודער אליהו האָט פיינט, אַז מע לאַכט פון איהם, בייזערט ער זיך אויף מיין שווענגערין ברכה, און פרעגט זי, וואָס זי לאַכט. לאַכט זי נאָך שטאַרקער. ווערד ער נאָך מעהר אין כעס, לאַכט זי נאָך מעהר. אַלע מינוט חאַפט זי אָן אַ ספאַזמע. ממש זי נעמט איין אַ מיתה משונה! ביז די מאַמע הויבט זיך אָן בעטען, עס זאָל האָבען אַ סוף, און אונז זאָגט זי, מיר זאָלען זיך איינוואַשען. מיין ברודער אליהו האָט אָבער קיין צייט ניט. איהם קריכט ניט אין קאָפּ וואַשען זיך. איהם ליגט דער קאָפּ אין פלעשער. אויסגעגאַנגען אַלע פלעשער. ניטאָ קיין פלעשער! וואו קריגט מען נאָך פלעשער? ער רופט־אָפּ מיין שווענגערין ברכה אויף אַ זייט, גיט איהר געלט און רוימט איהר איין אַ סוד, זי זאָל געהן נאָך פלעשער. הערט זי איהם אויס, טהוט איהם אַ קוק אין פנים אַריין און שיסט

א ווייסען בויגען פּאַפּיער. „וואָס מע שרייבט פּראָשעניעס" — האָט ער אַ זאָג געטהאָן שטילערהייד דער מאַמען אויפ'ן אויהער. איינגעטונקען די פען אין פאַס און געגעבען אַ שרייב עפּיס אויפ'ן ווייסען בויגען פּאַפּיער מיט אַ דריידעל און מיט אַ צוק. דאָס אָנ־געשריבענע האָט ער צוגעטראָגען פריהער צו דער מאַמען, נאָכדעם צו מיין שוועגערין ברכה. דיביידע האָבען געגעבען אַ קוק־אריין און אַ זאָג צו איהם:

— סע שרייבט!

באַלד נאָכדעם האָט מען זיך גענומען ווידער צו דער פריהע־ריגער ארבייט. אָנגעגאָסען נאָך אַ פּאָר עמער וואַסער, האָט מיין ברודער אליהו אויפגעהויבען די האַנט: „גענוג!" ווידער אַ מאָל איינגעטונקען די פען אין פאַס, ווידער אַ מאָל געגעבען אַ שרייב־אַריין אין ווייסען פּאַפּיער אריין און ווידער אַ מאָל צוגעטראָגען דאָס אָנגעשריבענע פריהער צו דער מאַמען און נאָכדעם צו מיין שוועגערין ברכה. די ביידע האָבען ווידער געגעבען אַ קוק־אַריין אין פּאַפּיער אריין און אַ זאָג:

— סע שרייבט!

אָט אזוי עטליכע מאָל, ביז דאָס פאַס איז געוואָרען פול, ווי איין אויג. עס איז שוין ניט געווען וואוהין צו גיסען וואַסער. דעמאָלט האָט מיין ברודער אליהו געגעבען אַ הויב־אויף די האַנט: „גענוג!" — און מיר אַלע פיער האָבען זיך געזעצט עסען.

## ג.

נאָכ'ן עסען האָבען מיר זיך גענומען צום צעגיסען די טינט אין פלעשער. פלעשער האָט מיין ברודער אליהו צוגויפגעבראַכט פון דער גאַנצער וועלט. אַלערליי פלעשער און פלעשלעך. גרויסע און קליינע. פלעשער פון ביער, פלעשער פון וויין, פלעשער פון קוואַס, פלעשער פון בראָנפען. און גלאַט פלעשער. אויך פּראָב־קעס האָט ער איינגעהאַנדעלט אַלטע, ס'זאָל קאָסטען וועלוועלער.

טינט, האָט מען, זאָגט ער, באַהאַרפט קויפען גאַליש־עפּעלעך, די גאַליש־עפּעלעך צעקלאַפּען, נאָכדעם קאָכען זיי אויפ'ן פייער, ווייס איך וויפיעל, נאָכדעם אריינוואַרפען קופּערוואַסער; און בכדי די טינט זאָל גלאַנצען, האָט מען נאָך געמוזט צוגעבען אַ שטיקעל צוקער — אַ גאַנצער טאַרעראַם! היינט, זאָגט ער, איז אַזאַ חיות! איך קויף מיר, זאָגט ער, אין דער אַפּטייק אַ „פּראָשעק" אַזעלכען מיט אַ פלעשעל „גליצערינע", מיש דאָס אויס מיט וואַסער, אַ זיד אויפ'ן פייער — און פאַרטיג טינט. אַזוי זאָגט מיין ברודער אליהו. ער איז אַוועק אין דער אַפּטייק און האָט געבראַכט אַ גוזמא „פּראָשקעס", און „גליצערינע" אַ גאַנצע פלאַש. נאָכדעם האָט ער זיך פאַרשפּאַרט אין אַלקיר און האָט עפּיס געטהאָן. וואָס — ווייס איך ניט. ס'אַ סוד. אַלסדינג איז ביי איהם אַ סוד. אַז ער דאַרף זאָגען דער מאַמען, למשל, זי זאָל איהם געבען דאָס אויבערשטע פונ'ם שטויסעל, רופט ער זי אָפּ אויף אַ זייט און זאָגט איהר שטילערהייד: „מאַמע! דאָס אויבערשטע פונ'ם שטויסעל". די „פּראָשקעס" מיט דער „גליצערינע" האָט ער אויסגעמישט אין אַ גאַנץ גרויסען טאָפּ (אַ נייעם טאָפּ געקויפט). דעם טאָפּ מיט'ן געמישעכץ האָט ער פאַררוקט אין אויווען און האָט געבעטען די מאַמע שטילערהייד, זי זאָל פאַרקייטלען די טיר. מיר אַלע האָבען געמיינט, מי יודע וואָס. די מאַמע האָט אַלע מינוט געהאַפּט אַ קוק צום אויווען. אפנים, זי האָט מורא געהאַט, דער אויווען זאָל ניט צעפּאַלען ווערען אויף שטיקלעך. נאָכדעם האָט מען אַריינגעקאַטשעט אין שטוב אריין דאָס פּעסעל פון קוואַס. נאָכדעם האָט מען פאַוואָלינקע אַרויסגענומען דעם טאָפּ פונ'ם אויווען און מע האָט פאַוואָלינקע אריינגעגאָסען דאָס געמישעכץ אין פּעסעל אריין. נאָכדעם האָט מען אָנגעהויבען גיסען אין פּעסעל אריין וואַסער. אַז דאָס פּעסעל איז געוואָרען אָנגעפּילט העבער האַלב, האָט מיין ברודער אליהו אַ זאָג געטהאָן: „גענוג!" און האָט זיך גענומען צום בוך וואָס „פּאַר אַ רובעל — הונדערט". געקוקט און געהייסען שטילערהייד זיך ברענגען אַ פרישע פּען מיט

דערע מיאוסקייטען. ער רעכענט, קודם כל, זיך נעמען צו טינט. טינט, זאָגט ער, איז אַ גוטער אַרטיקל. אַלע לערנען זיך שרייבען. ער איז אַ בעלן געווען פרעגען ביי יודל דעם שרייבער, וויפיעל געהט אוועק ביי איהם טינט? זאָגט ער: אַ פאַרמעגען! יודל דער שרייבער האָט אפשר זעכציג מיידלעך, וואָס ער לעהרענט זיי שרייבען. יונגלעך לערנען ניט ביי איהם. מע האָט פאַר איהם מורא. ער שלאָגט זיך. ער שלאָגט מיט אַ ווירע איבער די הענט. מיידלעך קאָן מען ניט שלאָגען. שמייסען אודאי ניט. עס טהוט מיר באַנג, וואָס איך בין ניט געבוירען געוואָרען בעסער אַ מיידל. ערשטענס, וואָלט איך פאַרשפאָרט דאַוונען יעדען טאָג. ס'איז מיר נמאס געוואָרען. אַלע טאָג איין זאַך. היינט וואָלט איך נישט געוואוסט פון קיין תלמוד־תורה. אַ האַלבען טאָג געה איך אין תלמוד־תורה. לערנען לערען איך אויפ'ן שפּיץ מע־סער, נאָר פּעטש חאַפּ איך אָהן אַ שיעור. איהר מיינט, פון'ם רבין? דווקא פון דער רביצין. איהר עסק, וואָס איך האָדעווע די קאַץ! איהר זאָלט אָנקוקען ביי איהר אַ קאַץ — אַ גאָט'ס רחמנות! תמיד איז זי הונגעריג. ניאַווקען ניאַווקעט זי שטילערהייד, מיט אַ געוויין, ווי להבדיל אַ מענטש. עס רייסט־אויס אַ שטיק האַרץ! ביי זיי איז אָבער ניטאָ קיין קאַפּ רחמנות. וואָס האָבען זיי צו איהר? לאָז זי צוגעהן צו עמיצען אַ שמעק טהון — טהוט מען אויף איהר אַ געשריי: אַ טפּרוסס! פליהט זי אַוועק וואו דער שוואַרצער פּעפער וואַכסט. קיין קאַפּ לאָזט מען איהר ניט אויפ־הויבען. אַנומעלטען איז זי גאָר פאַרפאַלען געוואָרען אויף עטליכע טעג. איך האָב געמיינט, אַז זי איז חלילה גע'פּגר'ט. צום סוף האָט זי זיך געקעצעלט... איך קעהר מיך אום צו מיין ברודער אליהו'ס טינט.

## ב.

מיין ברודער אליהו זאָגט, אַז די וועלט איז געוואָרען גאָר נישט דאָס, וואָס אַמאָל. אַמאָל, אַז מע פלעגט וועלען מאַכען

VIII

# מיר פאַרפלייצען די וועלט מיט טינט

## א.

אוי, בין איך געווען א נאר! דערפאר, וואָס איך האָב פאר־
קויפט ניט אזא גוטען קוואס, האָב איך געמיינט, אז מע וועט מיך
קעפען! צום סוף — גאָרנישט. אומזיסט איבערגעשראָקען. יענ־
טע מעג פארקויפען חלב פאר גענזענשמאלץ? און גדליה דער קצב
האָט ניט געהאָדעוועט די שטאָדט א קיילעכיג יאָהר מיט טרפה
פלייש? אזוי האָט אונזער שכנה פעסי אויסגערעדט מיין מאמע
דאָס הארץ. איין אקציע מיט מיין מאמען! אלסדינג נעמט זי
זיך צום הארצען. דערפאר האָב איך ליעב מיין ברודער אליהו.
מיין ברודער אליהו פאלט ניט אראָפ ביי זיך דערמיט, וואָס מיר
האָבען זיך אָפגעבריהט אויפ׳ן קוואס. אבי ער האָט דעם בוך, איז
איהם גוט. ער האָט געקויפט א בוך פאר א רובעל. דאָס בוך
הייסט „פאר א רובעל הונדערט!״ ער זיצט און לערענט איהם
אויף אויסענוועניג. דאָרטען זענען דאָ אָהן א שיעור רעצעפטען,
ווי אזוי מע מאכט געלט. ער קען שוין כמעט אלע רעצעפטען.
ער ווייסט שוין, ווי אזוי מע מאכט טינט, ווי אזוי מע מאכט שוה־
וואכס, ווי אזוי מע טרייבט־ארויס מייז און טאראקאנעס און אנ־

רעש, א מהומה. אלע מינוט קומען־צו נייע מענטשען. דער יון· האלט מיך פאר א האנט און וויל אונז אפפיהרען (מיך מיט'ן געטראנק) גלייך אין פאליציע אריין. דער טומעל ווערד נאך גרעסער: „א יתום! נעבאך, א יתום!" — הער איך פון אלע זייטען. דאס הארץ זאגט מיר, אז איך האלט שמאל. איך קוק אויפ'ן עולם, וואס ארום מיר: „אידען, האט רחמנות!"... מע וויל ארייגרוקען דעם יון א מטבע. דער יון נעמט נים. רופט זיך אן צו מיר איינער, איין אלטער איד מיט גנבה'שע אויגען, פארשטעלט, אויף לשון־קודש:

— מאטעל! ריים ארוים דעם יד פונ'ם יון און הויב אויף די רגלים און מאך פליטה!

איך טהו זיך א רייס־ארים, נעם די פיס אויף די פלייצעס און מארש אהיים! ניט טוידט, ניט לעבעדיג, פאל איך אריין אין שטוב אריין.

— וואו איז דער קרוג? — פרעגט מיך מיין ברודער אליהו.

— אין פאליציע! — ענטפער איך איהם און פאל־צו צו דער מאמען מיט א געוויין.

— יונגעלע! וואָס איז דאָס ביי דיר פאַר אַ געטראַנק?

איך האָב אים אין טראָק. עס שטעהען נאָך צוויי אידען און וואַרטען, און איך זאָל זיי שווין אָנגיסען. איינער זופּט־אָפּ אַ האַלבע גלאָז, דער אַנדערער אַ דריטעל. זיי באַצאָהלען, שפּייען־אויס און געהען אַוועק. נאָך איינער טראָגט צו דאָס גלאָז צו די ליפּען. ער פאַרזוכט און זאָגט, אַז סע שמעקט מיט זייף און ס׳איז, דאַכט זיך, געזאַלצען. נאָך איינער טהוט אַ קוק אויפ׳ן גלאָז און גיט מיר אָפּ צוריק מיט די ווערטער:

— וואָס איז דאָס ביי דיר?

— אַזאַ געטראַנק. — זאָג איך.

— אַ געטראַנק? — מאַכט ער צו מיר. — אַ געשטאַנק, נישט קיין געטראַנק!

איינער געהט־צו, פאַרזוכט און טהוט אַ פּאָליאַסקע־אויס דאָס גלאָז גלייך מיר אין פּנים אַריין. און אַ מינוט אַרום שטעהען אַרום מיר אַ גאַנץ רעדעל מיט אידען, ווייבער און קינדער. אַלע רעדען, מאַכען מיט די הענט, קאַכען זיך. דערזעהט אַ יון, אַז מע קלייבט זיך, געהט ער צו און פרעגט, וואָס איז דאָ? דערצעהלט מען איהם. געהט ער און קוקט אַריין צו מיר אין קרוג אַריין און הייסט זיך געבען פאַרזוכען. גיט איך איהם אָן אַ גלעזעל מיט קוואַס. דער יון טהוט אַ טרונק־אָפּ און שפּייט־אויס און ווערד מלא רציחה.

— וואו האָסטו גענומען אַזעלכע פּאָמאָיעס? — פרעגט ער מיך.

— דאָס איז פון אַ בוך, זאָג איך איהם, מיין ברודער׳ס מלאכה. מיין ברודער אַליין מאַכט דאָס.

— ווער איז דיין ברודער? — פרעגט ער מיך.

— מיין ברודער אליהו. — זאָג איך איהם.

— וואָסער אליהו? — פרעגט ער מיך.

— דבר נישט, דו נאַרישער יאָלד, אויף דיין אָחי! — זאָגען צו מיר עטליכע אידען אַלע מיט אַ מאָל. עס ווערד אַ טומעל, אַ

הכלל, עס געהט ניט חסר קיין טראָפּען, און מיר מאַכען, קיין עין־הרע, פיין געלט. די מאַמע האָט זיך ארומגעצאָהלט מיט א סך חובות. אויסגעלייזט א פּאָר נויטיגע משכונות, דאָס בעט־געוואַנט. אין שטוב האָט זיך באוויזען א טישעל, א בענקעל. אויף שבת האָבען מיר פיש און פליישׁ און ווייסע קוילעטשען. מיר האָט מען צוגעזאָגט, אם ירצה השם, אויף ימים־טובים א פּאָר שטיוועלעך נייע. מיר דאַכט, אז קיינעם איז ניט אזוי גוט, ווי מיר!

## ה.

געהט זייט א נביא און טרעפט, אז ס'וועט זיך טרעפען אזא מין אומגליק, און אונזער געטראַנק וועט ווערען פּסול, חאָטש נעמט גיסט איהם ארוים אין פּאָמעניצע! נאָך א גליק, וואָס מע האָט מיך ניט פארנומען אין פּאָליציע. הערט א מעשה! איינ־מאָל האָב איך פארבלאָנזעט מיט'ן קרוג קוואַס צו אונזער שכנה פּעסי. דער גאַנצער עולם האָט גענומען צו גלעזלעך קוואַס, און איך אליין אויך מיט זיי. אויסגערעכענט, אז עס פעהלט מיר א גלעזלעך צוועלף־דרייצעהן געטראַנק, האָב איך מיך ארייגעחאַפּט אין הויז, דאַרטען וואו דאָס וואַסער שטעהט ביי זיי. אַנשטאָט דער דייזשע מיט וואַסער האָב איך, אפנים, געטראָפען צו דער באַליע, וואו מע וואַשט גרעט, און ארייגעפּליאָסקעט א פופצעהן־צוואַנציג גלעזער צו מיר אין קרוג אריין, און בין אוועק אין גאַס אריין מיט א נייעם ניגון, וואָס איך אליין האָב צוגעטראַכט:

אידען, א געטראַנק!
טעם גן־עדן!
אזא יאָהר אויף מיר,
אויף אייך און אויף אונז ביידען!

שטעלט מיך אָפּ א איד, באַצאָהלט מיר א קאָפּיקע און ער הייסט זיך אָנגיסען א גלעזעל קוואַס. ער טרינקט־אויס דאָס גאַנצע גלאָז און פארקרימט זיך.

## ד.

עס גענעם אונז, קיין עין־הרע, דורך טיר און דורך טויער. איין טאָג איז הייסער פונ'ם אנדערען. עס ברענט! מענטשען געהען־אויס פאר היץ, קינדער פאַלען אזוי ווי פליעגען. ווען ניט דאָס גלעזעל קוואס, וואָלט מען פארברענט געוואָרען. איך קעהר מיך אום מיט'ן קרוג, בלא גוזמא, צעהן מאָל א טאָג! מיין ברודער אליהו קוקט אריין אין פאַס אריין מיט איין אויג און זאָגט, אז עס טאָגט שוין. פאַלט ער אויף איין עצה און גיסט־צו נאָך א פּאָר עמער וואסער. אויף דער עצה בין איך געפאַלען נאָך פריהער פון איהם. איך מוז מיך מודה זיין פאר אייך, אז איך האָב אָפּ־געטאָן א שפּיצעל שוין עטליכע מאָל. כמעט אַלע טאָג חאַפּ איך מיך אריין צו אונזער שכנה פּעסי און געב איהר פארזוכען א גלעזעל פון אונזער אייגענעם געטראַנק. איהר מאַן, משה דעם איינבינדער, געב איך צוויי גלעזלעך. ער איז א גוטער מענטש. די קינדער אַלע געב איך אויך צו גלעזלעך קוואס. לאָזען זיי אויך וויסען, וואָס פאר א געטראנק מיר קאָנען מאכען. דעם בלינדען פעטער געב איך אויך א גלעזעל קוואס אויף צו פאר־זוכען. א רחמנות, ער איז נעבאך א קאַליקע. אַלע מיינע באַ־קאַנטע געב איך קוואס. אומזיסט, אָהן א קאָפּיקע געלט. און בכדי ס'זאָל ניט זיין קיין שאָדען, דערגיס איך דעם קרוג מיט וואסער. אויף איטליכם גלעזעל קוואס, וואָס איך געב־אוועק אומ־זיסט, דערגיס איך צוויי גלעזער וואסער. דאָס אייגענע טהוט מען אין דער היים אויך. למשל, מיין ברודער אליהו טרינקט־אויס א גלעזעל קוואס, דערגיסט ער באַלד מיט וואסער. ער איז גע־רעכט. ס'איז איין עבירה א קאָפּיקע. מיין שוועגערין ברכה טרינקט־אויס א פּאָר גלעזלעך קוואס (זי האָט ליעב מיין ברודער אליהו'ס קוואס — סכנות!), דערגיסט זי באַלד מיט וואסער. די מאַמע פארזוכט אמאָל א גלעזעל קוואס (זי דארף מען בעטען. אליין וועט זי ניט נעמען!), דערגיסט מען באַלד מיט וואסער.

קאָנען אויסדרעהען אזוי פינף-זעכס מאָל דורכ'ן טאָג, וועלען מיר האָבען פאַרדיענט פּונקט הונדערט רובעל א חודש. איצט רעכענט, זייט מוחל, אראָפּ די פיער טעג שבת, וואָס אין חודש, וועט איהר שוין אליין וויסען, וויפיעל דאָס געטראַנק קאָסט אונז און וואָס פאַר א פּראָצענט מיר פאַרדיענען ביי איהם? דאָס געטראַנק קאָסט אונז זעהר וואָלוועל. מע קאָן זאָגען, כמעט גאָרניט. דאָס גאַנצע געלט געהט-אַוועק אויפ'ן אייז. דעריבער דאַרף מען זעהען, וואָס גיכער אויספאַרקויפען דעם קרוג מיט'ן געטראַנק, בכדי דאָס שטיקעל אייז זאָל צוניץ קומען אויפ'ן צווייטען קרוג, און אויפ'ן דריטען קרוג, און אזוי ווייטער. דעריבער דאַרף מען מיט'ן געטראַנק געהן גיך, טאַקי לויפען. נאָך מיר לויפען-נאָך יונגלעך, שקצים, א גאַנצע טיטשקע. זיי קרימען מיך איבער, ווי איך זינג. איך הער זיי אָבער מיט'ן קאָטער. איך זעה וואָס גיכער אויסברענגען דעם קרוג און לויפען אהיים נעמען נאָך א קרוג. וויפיעל איך האָב געמאַכט דעם ערשטען טאָג — ווייס איך אליין ניט. איך ווייס נאָר, אז מיין ברודער אליהו מיט מיין שוועגערין ברכה מיט מיין מאַמען האָבען מיך שטאַרק געלויבט. וועטשערע האָט מען מיר געגעבען א שטיק דיני מיט א שטיק קאַווענע מיט צוויי פלוימען איינגערשע. פון קוואַס שמועסט מען ניט. קוואַס טרינקען מיר אלע אזוי ווי וואַסער. פאַר'ן שלאָף בעט מיר אויס די מאַמע אויף דער ערד און פרעגט מיך, צי עס טהוען מיר ניט וועה חלילה די פיס. מיין ברודער אליהו לאַכט פון איהר. ער זאָגט אויף מיר, אז איך בין אזא יונגעל, וואָס מיר טהוט קיינמאָל ניט וועה קיין זאַך.

— געוויס! — זאָג איך. — א סימן, אויב איהר ווילט, געה איך באַלד מיט א קרוג אין מיטען האַלבע נאַכט.

אלע דריי צעלאַכען זיך פון מיין בריה'שאַפט. נאָר אויף דער מאַמע'ס אויגען זעה איך טרערען. נו, דאָס איז דאָך איין אלטער כלל — א מאַמע דאַרף וויינען! איך וואָלט וועלען וויסען: אלע מאַמעס וויינען אזוי שטענדיג, ווי מיין מאַמע?

ניט איך? מיין ברודער אליהו'ן פּאַסט ניט. ער איז דאָך שוין א באַווייבטער. דער מאַמען — אודאי ניט. מיר וועלן גאָר ניט דערלאָזן, אַז די מאַמע זאָל ארומגעהן מיט א קרוג איבער'ן מארק און שרייען: „קוואַס! קוואַס! אידען, קוואַס!“ אלע האָבן גע'פּסק'ענט, אַז דאָס דאַרף זיין מיין ארבייט. איך אליין האָב אויך אַזוי געדענקט. איך האָב מיך מחיה געווען, אַז איך האָב דערהערט דאָס נייעס. מיין ברודער אליהו האָט גענומען מיך לערנען, ווי אַזוי איך זאָל טהון. דעם קרוג זאָל איך האַלטען אין איין האַנט אויף א שטריקעל, דאָס גלאָז אין דער אַנדערער האַנט, און בכדי דער עולם זאָל זיך אָפּשטעלען, זאָל איך זינגען הויך, און מיט א ניגון, אָט אַזוי:

אידען, א געטראַנק!
א קאָפּיקע א גלאָז!
קאַלט און זיס —
א דערקוויקעניש!...

א קול, האָב איך אייך שוין לאַנג געזאָגט, אַז איך האָב א שענס. א סאָפּראַנאָ־שטימע, בירושה פון מיין טאַטען, עליו השלום. איך האָב געגעבען א זינג־ארויס אויף א קול און האָב איבערגע־דרעהט דעם פּסוק מיט די פּיס ארויף:

זיסער קוואַס א גלאָז!
א קאָפּיקע א איד!
א קוויק און א קאַלט —
א דערטרינקעניש!...

איך ווייס ניט: צי מיין געזאַנג איז אַזוי געפעלען געוואָרען? צי דאָס געטראַנק איז טאַקי געווען אַזוי גוט? צי אפשר ווייל דער טאָג איז געווען זעהר א הייסער? איך האָב דעם ערשטען קרוג אויספאַרקויפט אין איין האַלבע שעה און בין געקומען אהיים מיט כמעט פינף גילדען פדיון. מיין ברודער אליהו האָט אָפּ־געגעבען דאָס געלט דער מאַמען, און מיר האָט ער באַלד אָנגע־זאָגט א פרישען קרוג. ער האָט געזאָגט, אַז אויב איך וועל מיך

קיינער ניט. דאָס איז ברוכ'ס סוד. מע זאָגט, אַז ער לעגט אַריין אינוועניג עפּיס אַזעלכעס, וואָס שיסט. אַנדערע זאָגען — אַ ראָזינקע. אַנדערע זאָגען — האָפּען. קומט דער זומער, האָט ער ניט קיין הענט. אַזוי פיעל לייזט ער געלט!

אונזער קוואַס, וואָס מיין ברודער אליהו מאַכט נאָכ'ן רעצעפּט, איז ניט קיין בוטעל־קוואַס און שיסט ניט. אונזער קוואַס איז איין אַנדער מין געטראַנק. ווי אַזוי ער ווערד געמאַכט — קאָן איך אייך ניט זאָגען. מיין ברודער אליהו לאָזט קיינעם נישט צו, בשעת ער מאַכט איהם. אַז ער גיסט וואַסער — זעהען אַלע. נאָר אַז ער האַלט אין רעכטען מאַכען, פאַרשליסט ער זיך אין דער מאַמע'ס אַלקיר. נישט איך, נישט די מאַמע, נישט מיין שוועגערין ברכה — קיינער האָט ניט די זכיה צו זיין דערביי. נאָר אויב איהר זאָגט מיר צו, אַז ס'וועט זיין אַ סוד, קאָן איך אייך זאָגען, וואָס אין דעם געטראַנק געפינט זיך. איך ווייס דאָך וואָס ער גרייט צו. דאָרטען געפינט זיך שאָלעכץ פון לימענע, שיטערער האָניג (מעלים), אַ זאַך וואָס מע רופט דאָס קרימעטאַר־טערום און וואָס איז זויערער פון עסיג, און דאָס איבעריגע — וואַסער. וואַסער איז דאָרטען דאָ מעהר פון אַלסדינג. וואָס מעהר וואַסער — מעהר קוואַס. דאָס אַלץ ווערד גוט אויסגעמישט מיט אַ פּראָסטען שטעקען, אַזוי שטעהט געשריבען אין בוך, און דאָס געטראַנק איז פאַרטיג. נאָכדעם ווערד ער אַריינגעגאָסען אין אַ גרויסען קרוג, און מע וואַרפט אַריין אַהין אַ שטיק אייז. אייז איז דער עיקר! אָהן אייז טויג דאָס גאַנצע געטראַנק אויף תשעה נייענציג כפּרות. דאָס זאָג איך אייך ניט פונ'ם בוך, נאָר איך האָב איינמאָל אַליין פאַרזוכט אַ ביסעל קוואַס אָהן אייז, האָב איך געמיינט, אַז ס'איז איין עק פון מיין לעבען!

## ג.

געמאַכט דאָס ערשטע פּעסעל קוואַס, איז געבליבען, אַז אַרויס־טראָגען פאַרקויפען איהם אויף דער גאַס זאָל איך. ווער דען, אַז

## ב.

שאַט, שוין דאָ אַ בוך! מיר האָבען דאָס נאָר אויסגעפּאַקט, האָט מיין ברודער אליהו זיך אוועקגעזעצט לייענען דאָס בוך. וועה־וועה, וואָס ער האָט דאָרטען אויסגעלייענט! וויפיעל סגולות אויף צו מאַכען געלט דורך פאַרשיעדענע רעצעפּטען! אַ רעצעפּט אויף צו פאַרדיענען הונדערט רובעל אַ חודש דורך מאַכען די בעסטע טינטען. אַ רעצעפּט אויף צו פאַרדיענען הונדערט רובעל אַ חודש דורך מאַכען גוטע שוואַרצע שוהוואַכס. אַ רעצעפּט אויף צו פאַרדיענען הונדערט רובעל אַ חודש דורך אַרויסטרייבען מייז, טאַראַקאַנעס און אַנדערע מיאוסקייטען. אַ רעצעפּט אויף צו פאַרדיענען הונדערט רובעל אַ חודש און מעהר דורך מאַכען ליקערען, זיסע בראַנפּענס, לימאָנאַד, סאָדע־וואַסער, קוואַס און אַנדערע נאָך מעהר ביליגע געטראַנקען.

מיין ברודער אליהו האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפ׳ן לעצטען רעצעפּט. ערשטענס, ווייל דורך איהם קאָן מען פאַרדיענען נאָך מעהר פון הונדערט רובעל אַ חודש. אַזוי שטעהט דאָך בפירוש געשריבען אין בוך. צווייטענס, מע דאַרף זיך ניט פּאַטשקען מיט טינט און מיט שוהוואַכס און ניט האָבען צו טהון מיט מייז, טאַראַקאַנעס און אַנדערע מיאוסקייטען. די פראַגע איז נאָר, צו וואָסער אַ געטראַנק זאָל מען זיך נעמען? צו ליקערען און זיסע בראַנפּענס דאַרף מען האָבען רויטשילד׳ס פאַרמעגען. צו לימאָנאַד און סאָדע־וואַסער דאַרף מען האָבען אַ מאַשינע אַזעלכע, עפּיס אַ מין שטיין, וואָס קאָסט מי יודע וויפיעל! בלייבט איבער נאָר איין זאַך: קוואַס! קוואַס איז אַזאַ מין געטראַנק, וואָס קאָסט וואָלוועל און עס געהט אַ סך. ובפרט נאָך אין אַזאַ הייסען זומער, ווי היינט. פון קוואַס, דאַרפט איהר וויסען, איז ביי אונז ברוך דער קוואַסניק געוואָרען אַ גביר. ער מאַכט „בוטעל־קוואַס“. זיין קוואַס האָט אַ שם אויף דער וועלט. ער שיסט פון די פלעשער, ווי פון אַ האַרמאַט. וואָס איז דער שכל, וואָס סע שיסט, ווייסט

געטראנק, וואָס מיין ברודער אליהו מאַכט איהם אַליין מיט זיינע אייגענע הענט. ער האָט זיך אויסגעלערענט מאַכען דאָס פון א בוך, וואָס קאָסט סך הכל איין רובעל, און פאַרדיענען קאָן מען מיט דעם הונדערט רובעל א חודש און מעהר. מיין ברודער אליהו, ווייבאַלד ער האָט נאָר איבערגעלייענט, אז ס'איז דאָ אַזא בוך אויף דער וועלט, אַזוי האָט ער באַלד אַוועקגעשיקט אויף דער פּאָסט א קערבעל (דאָס לעצטע קערבעל) און האָט אָנגעזאָגט דער מאַמען א בשורה, זי זאָל ניט זאָרגען מעהר.

— מאַמע! דאַנקען גאָט, מיר זענען געהאָלפען. מיט פּרנסה זענען מיר שוין פאַרזאָרגט אָט אַזוי ווייט (ער ווייזט מיט דער האַנט אויפ'ן האַלז).

— וואָס איז דען? — פרעגט די מאַמע. — האָסט גע־קריגען א שטעלע?

— נאָך בעסער פון א שטעלע! — ענטפערט איהר מיין ברודער אליהו, און די אויגען ביי איהם לייכטען. אַפּנים, פון גרויס שמחה. ער הייסט איהר וואַרטען נאָך עטליכע טעג, ביז דאָס בוך וועט איהם אָנקומען.

— וואָסער בוך? — פרעגט איהם די מאַמע.

— ס'איז שוין איין מאָל א בוך! — זאָגט איהר מיין ברודער אליהו און פרעגט זי, אויב זי וועט זיין צופריעדען מיט הונדערט רובעל א חודש? לאַכט פון איהם די מאַמע און זאָגט איהם, אז זי וואָלט געווען צופריעדען מיט הונדערט רובעל א יאָהר, אבי זיכערע. ענטפערט איהר דערויף מיין ברודער אליהו, אז ביי איהר איז צו א קליינע השגה, און ער לאָזט זיך געהן אויף דער פּאָסט. אַלע טאָג געהט ער אויף דער פּאָסט און פרעגט זיך נאָך אויפ'ן בוך. שוין העכער א וואָך, אז ער האָט אַוועקגעשיקט דאָס קערבעל, און קיין בוך איז נישטאָ! דערווייל דאַרף מען לעבען. „די נשמה אויסשפּייען קאָן מען ניט". אַזוי זאָגט די מאַמע. איך פאַרשטעה ניט, ווי אַזוי שפּייט מען דאָס אויס א נשמה?

VII

# מיין ברודער אליהו׳ס געטראַנק

א.

„פאר איין רובעל — הונדערט רובעל! הונדערט רובעל א מאָנאט און מעהר קאָן פאַרדיענען יעדער איינציגער, ווער עס וועט זיך באַקענען מיט׳ן אינהאַלט פון אונזער בוך, וואָס קאָסט סך הכל איין רובעל מיט פּאָרטאָ. לויפט, קויפט! סטאַפּט, חאַפּט — איהר וועט פאַרשפּעטיגען!“

אָט אַזאַ מין זאַך האָט אויסגעלייענט ערגיץ אויף די בלעטער מיין ברודער אליהו באַלד ווי ער איז אַראָפּ פון קעסט. און אַראָפּ פון קעסט איז מיין ברודער אליהו ניט דערפאַר, ווייל עס איז איהם „אויסגעגאַנגען די יאָהרען“. צוגעזאָגט האָט מען איהם, איינגענטליך, קעסט גאַנצע דריי יאָהר, און געהאַלטען האָט מען איהם אפילו נישט קיין דריי פערטעל יאָהר. עס האָט זיך מיט זיין רייכען שוועהר געטראָפען איין אומגליק. יונה דער בעקער האָט אָנגעזעצט און איז געוואָרען פון א נגיד א קבצן. פון וואַנען דער בראָך איז געקומען — האָב איך אייך שוין דערצעהלט. צוויי מאָל איין זאַך דערצעהל איך קיינמאָל נישט, סיידען מע בעט מיך. איצטיגס מאָל וועט זיך ניט העלפען קיין בעטען אויך, ווייל איך בין זעהר פאַרנומען. איך פאַרדיען געלט. איך טראָג ארום א

האָט דאָס געטראָפֿען, זאָגט זי, מעהר פון אַלעמען. אַ שמאַלץ-גרוב האָט זיך איהר פֿאַרגלוסט!

— די שמאַלץ רינט-אויס, די גרוב בלייבט איבער. זיי דערוויייל ביי מיר, מיין קינד, ביז גאָט וועט רחמנות האָבען...

אַזוי זאָגט די מאַמע און טרעט-אָפּ דער שנור איהר בעט, דאָס איינציגע שטיקעל מעבעל, וואָס ביי אונז אין שטוב.

זעצט הייסט דאָס ביי אונז. זענען געקומען די בעלי־חובות און האָבען איהם אָפּגעשריבען פון קאָפּ ביז פיס. זיי האָבען צוגע־נומען ביי איהם ביז א פאָדעם. אַלץ וואָס אין שטוב, און אפילו די שטוב אַליין אויך, נאָך מיט וואָסערע בזיונות! מע האָט איהם געבעטען מחילה, ער זאָל אָפּרייניגען די שטוב. דאָס הייסט, מע האָט איהם אַרויסגעוואָרפען, זאָגט ער, אויף דריי שפּענדלעך.

— וועה איז מיר! — זאָגט די מאַמע און ברעכט די הענט.— וואו איז אהינגעקומען זיין געלט? ער איז דאָך געווען אזא נגיד!

ענטפערט איהר מיין ברודער אליהו, אז, ערשטענס, איז ער גאָר ניט געווען אזא נגיד. און צווייטענס... דאָ מישט זיך אריין מיין שוועגערין ברכה, אז איהר טאַטע איז דוקא יאָ געווען א נגיד. חוץ זיין שאָדען אויף איהר געזאָגט געוואָרען האַטש האַלב. נאָר וואָס דען? איהר חתונה האָט איהם אָפּגעקאָסט איין אוצר! זי האָט ליעב רעדען פון איהר חתונה. אַלעמאָל, ווען זי קומט צו אונז, הערט איהר נאָר פון איהר חתונה. אזא חתונה, ווי איהר חתונה, איז ניט געווען, זאָגט זי, אויף דער גאַנצער וועלט. דאָס געבעקס וואָס אויף איהר חתונה, די געבראָטענס וואָס אויף איהר חתונה, די טאָרטען מיט די לעקאַכער, מיט די שטרודלען, מיט די מלכות־ברויטלעך, מיט די איינגעמאַכטסען וואָס אויף איהר חתונה!... דערווייל איז זי געבליבען ווי זי שטעהט און געהט, מיט א פוטערען קעלנערעל און מיט א פאַרעווען דורכשלאָג. דאָס נדן, וואָס איהר פאָטער האָט צוגעזאָגט, שמועסט מען ניט, אז ס'איז פאַרפאַלען. מיין ברודער אליהו האָט נאָך געהאַט רווחים: מע האָט איהם אָפּגעשריבען זיינע שבת'דיגע מלבושים, מיט'ן טלית, מיט'ן בעטגעוואַנט. דעם זייגער אויך. ער איז געבליבען ווי אויפ'ן וואַסער. מיין מאַמע האָט איינגעלעגט די וועלט. סטייטש, אזא־נ־אומגליק! ווער האָט זיך געקאָנט ריכטען? איהר האָבען דאָך אַלע מקנא געווען אויפ'ן שידוך! אפנים, לייט האָבען איהר א גוט אויג געגעבען, אָדער זי אַליין האָט איהם דעמאָלט מיט איהר מויל פאַרשאָלטען?... ווי אזוי די מעשה איז, איהר

אויף וואַרעמעס און אויף וועטשערע. און אַ קאַוועגע, זאָגט זי, איז אַ נאַשעריי: פּויזשעט נאָר אָן אַ פּולען בויך מיט וואַסער. איך מיין, אַז זי האָט אַ טעות. איך זאָל זיין אַ קייסער, וואָלט איך אַ גאַנץ יאָהר געגעסען קאַוועגע מיט ברויט. עס מאַכט ניט אויס, וואָס ס׳איז דאָ אין זיי אַ סך קערלעך. אַ גוטע קאַוועגע אַז מע טהוט אַ רעכטען טרייסעל, טהוען די קערלעך אַ פּאַל־אַרויס — און דעמאָלט עסט וויפיעל איהר ווילט אַליין! אָהאָ! זעהט נאָר, איך האָב מיך אַזוי פאַררעדט פון די קאַוועגעס, אַז איך האָב פאַרגעסען פון וואָס איך האָב אָנגעהויבען. איך האַלט ביי מיין ברודער אליהו׳ס שוועהר, יונה דעם בייגעלבעקער. ס׳איז געקומען אויף איהם אַ רעכטע מפּלה. קיינער האָט זיך אויף אַזעלכעס ניט געריכט. שטעלט אייך פאָר, מיר זיצען מיט מיין מאַמען ביי׳ם טיש און עסען וואַרעמעס: דיני מיט ברויט. עפענט זיך די טהיר און עס קומט אַריין מיין ברודער אליהו מיט אַ חומש אין האַנט, דעם טאַטענ׳ס חומש. נאָך איהם שלעפּט זיך נאָך זיין ווייב ברכה. אין איין האַנט האַלט זי אַ פּוטערנעס קאָלנער מיט ווידעלעך, אין דער אַנדערער האַנט — אַ פאַרעוועץ „דורכשלאָג". איהר ווייסט ניט, וואָס הייסט אַ דורכשלאָג? אַזאַ כלי, וואָס מע זייעט־אָפּ אויף דעם די לאָקשען. מיין ברודער אליהו איז טוידט, ווי די וואַנט. מיין שוועגערין ברכה איז רויט, ווי אַ העליש פייער.

— שוויעגער, מיר זענען געקומען צו אייך. — זאָגט מיין שוועגערין ברכה.

— מאַמע, מיר זענען קוים אַרויס מיט׳ן לעבען. — זאָגט מיין ברודער אליהו.

און ביידע זעצען זיך אַוועק וויינען. און די מאַמע העלפט זיי אונטער. וואָס האָט זיך געטראָפען? אָפּגעברענט געוואָרען? אַרויסגעטריבען? עס הויבט זיך גאָר ניט אָן! מיין ברודער אליהו׳ס שוועהר, יונה דער בעקער, האָט זיך געשטעלט. אָנגע־

נאָך ניט געטראָפּען, אַז אַ בעל־מלאָכה זאָל גאָר זאָגען אַ דעה, ווי אַזוי צו שלאָגען זיך! פון העכערען דעם פּרייז איז גאָר ניטאָ וואָס צו רעדען. ער קאָן קריגען צעהן אַנדערע אויף זייער אָרט. אַ טייערע מציאה ארבייטער! קארג מענטשען שטארבען פון הונגער? ער איז אוועק זוכען בעקערם. ניטאָ קיין בעקערם. קיינער וויל ניט געהן. וואָס איז די מעשה? אַלע בעקערם האָבען זיך געמאַכט יד־אחת. זיי וועלען צו איהם ניט געהן, ביז ער וועט ניט צונעמען אַלע פריהעריגע בעקערם, און ביז ער וועט ניט מקיים זיין אַלע דריי זאַכען: 1) אַ קערבעל אַ וואָך. 2) ביי־נאכט אהיים שלאָפען. 3) ניט שלאָגען זיך מיט די הענט אין די צייהן... שען געוועזען אַנצוקוקען, ווי יונה האָט זיך געקאָכט, געפינעט, געקלאָפּט מיט די הענט אין טיש און געשאָלטען זיך. אי, האָב איך געהאַט אַ נקמה! נאָר דאָס איז נאָך גאָרניט אַקעגען דעם, וואָס ס'איז געווען ווייטער.

## ד.

אַ הייסער זומערטאָג. נאָר וואָס זענען אויפגעקומען דיגים מיט קאווענעס (ארבוזעס). דאָס איז די בעסטע צייט אין יאָהר. שפּעטער אַ ביסעל הויבען זיך אָן די ווייענדיגע טעג. גאָט זאָל מיך ניט שטראָפען פאר די רעד — איך האָב פיינט די ווייענדיגע טעג. איך האָב בעסער ליעב, אַז ס'איז פריילעך. און וואָס קאָן זיין פריילעכער פון אַ פולען מארק מיט דיגים און מיט קאַווענעס? אומעטום, וואו איהר טהוט זיך אַ קעהר, איז אָדער דיגים, אָדער קאווענעס. די דיגים זענען געל און שמעקען ווי אתרוגים. די קאווענעס זענען רויט (אינווייניג), ווי פייער, און קערלעך האָבען זיי שווארצע, און די זיסקייט זייערע איז ווי אַ גוטער האָניג. מיין מאַמע האַלט ניט פון קאווענעס. זי זאָגט, אַז דיגים זענען שפּאָרעוודיגער. אַז זי קויפט, זאָגט זי, אַ דיני, האָט זי אויף צוויי טעג פאר אונז ביידען — אויף אָנבייסען.

קיין שום רבונו־של־עולם. מע האָט נישט געוואָלט נעמען זיין געבעקס אין די הענט אריין! חאַטש וואַרף עס אַרויס פאַר די הינט! אַ מצוה אויף איהם!

ג.

יונה דער בעקער איז אָבער אַ יונג מיט ביינער. ער האָט צעטריבען די בעקערס, די אידען מיט די ווייבער, און האָט צו־גענומען אַנדערע בעקערס. שבת האָט ער געלאָזט אויסרופען אין אַלע שוהלען, אַז ער האָט צוגענומען נייע בעקערס, און אַז פון היינט אָן און ווייטער גיט ער אַכטונג אַליין, ס׳זאָל זיין ריין און ציכטיג. ער איז ערב מיט צעהן רובעל שטראָף, טאָמער גע־פינט מען ביי איהם אין דער חלה איין האָר אפילו. פון דע־מאָלט אָן האָט ער אָנגעהויבען לייזען געלט. דער עולם האָט געזוכט האָר ביי איהם אין די געבעקס און מע האָט דוקא נישט געפונען. אפילו אַז מע האָט יאָ עפּיס געפונען און מע האָט איהם געבראַכט, האָט ער אַרויסגעטריבען. ער האָט געזאָגט, אַז דאָס האָט מען אומיסטנע אַריינגעלעגט, בכדי צו באַקומען די צעהן רובעל שטראָף. מע ווייסט די מעשות!... אַ רעכטער חברה־מאַן אַט דער יונה דער בעקער! גאָט האָט אָבער געוואָלט זיך אָפּרעכענען מיט איהם, האָט ער איהם צוגעשיקט אַ נייעם אומ־גליק. איינמאָל אין אַ שענעם פריהמאָרגען זענען אַלע זיינע בעקערס אויפגעשטאַנען, צונויפגענומען די קלומקעס און זענען אַוועק. זיי ווילען מעהר ניט באַקען ביי איהם פאַר קיין געלט. סיידען ער וועט זיי העכערן דעם פּרייז אויף אַ קערבעל אַ וואָך, און וועט זיי לאָזען אויף ביינאַכט אַהיים שלאָפען, און וועט זיי נים שלאָגען מיט די הענט גלייך אין די ציינער אַריין. ביי יונה דעם בעקער איז אַזאַ טבע: באַלד עפּיס — גיט ער מיט די הענט אין די צייהן אַריין. יונה איז געוואָרען אָנגעצונדען. ער איז שוין אַ בעל־הבית פון היבשע עטליכע יאָהר, האָט זיך איהם

הערט איהר, אַפּנים, אז מיט גאָט טאָר מען זיך טאַקי ניט שפּיעלען! איהר וואָלט ווייסען וואָסער א סוף יונה דער בעקער האָט געהאט! איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אז ער אליין באַקט ניט. באַקען באַקען אַנדערע. עפּיס צוויי אידען שווארצע מיט דריי ווייבער פּרעמדע, אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע, מיט רויטע ווארעמע פּאַטשיילקעס אויפ'ן קאָפּ (חאָטש אין דרויסען איז א היץ — סכנת נפשות!). האָט זיך געטראָפען א מעשה. ניט איין מעשה, נאָר עטליכע מעשיות. דער עולם האָט זיך געקלאָגט, אז מע געפינט אין די בולקעלעך פּאָדעם, און טאַשמעס, און טאַראַ־קאַנעס, און שטיקלעך גלאָז. איינער א כריסט האָט געבראַכט צו טראָגען צו דעם בעקער א גאַנצען זשמוט מיט האָר, שווארצע האָר. פּאר א כריסט האָט זיך יונה דער בעקער איבערגעשראָקען, ובפרט דער כריסט האָט געסטראַשעט מיט פּאָליציע. מע האָט זיך גענומען צו די בעקערס, פּארגלייכען וועמענ'ס האָר. די מאַנסבילען האָבען געזאָגט אויף די ווייבער. די ווייבער האָבען געזאָגט אויף די מאַנסבילען. די ווייבער האָבען גע'טענה'ט, אז זיי האָבען אַלע געלע האָר. די מאַנסבילען האָבען גע'טענה'ט: וואו האָט איהר געזעהען ביי מאַנסבילען אַזעלכע לאַנגע האָר? ביז די ווייבער האָבען זיך צעקריעגט. און אז די ווייבער האָבען זיך צעקריעגט, איז מען געוואָהר געוואָרען שענע זאַכען: איינע האָט פארלוירען א זאָקענבענדעל אין דער חלה. איינע האָט פארקנאָטען אין טייג א זאַניטעצע פון א קראַנקען פינגער. נאָך איינע פלעגט זיך לעגען אַלע ביינאַכט צוקאָפּענס די אויפגעוויירענע חלה. זי האָט געשוואָרען מיט כל השבועות שבעולם, אז ס'איז שקר וכזב. סך הכל האָט זיך דאָס געטראָפען איין מאָל, אָדער, העכסטענס, צוויי מאָל. זי האָט ניט געהאַט קיין קישען...

די גאַנצע שטאָדט האָט זיך געוויעגט. יונה דער בעקער האָט נעבאָך געהאַט דאָס לויפעניש. עס האָט נישט געהאָלפען

זאָלט געווען זעהען זיין רציחה'דיג פּנים מיט זיינע גזל'עוואַיע אויגען! פון דעמאָלט אָן געה איך ניט מעהר אהין. מיין פוס וועט שוין דאָרט ניט זיין מעהר, איך זאָל וויסען גאָלד! א איד זאָל האָבען א טבע אָננעמען פאַר'ן קאָלנער און ארויסוואַרפען אויף יענער זייט טהיר, און נאָך געבען גוטע דריי סטוסאַקעס פון הינטען! איך האָב עס דערצעהלט דער מאַמען, איז זי באַלד אוועקגעלאָפען אהין — זי האָט איהם געוואָלט אָפּשפּיעלען א חתונה, ווי איהם קומט. האָט אָבער מיין ברודער אליהו ניט דערלאָזט. ער האָט איהם אָפּגעגעבען דעם גערעכט. ער האָט גערדרונגען דער מאַמען, אז ער האָט דורך מיר בזיונות. אַלע מאָל, ווען איך קום צו איהם, עס איך, זאָגט ער, בייגעל. ער וועט מיר בעסער געבען, זאָגט ער, א קאָפּיקע און לאָם איך געהן ערגיץ אַנדערש זיך קויפען א בייגעל. זאָגט איהם די מאַמע, אז ער האָט אויף מיר קיין קאַפּ רחמנות ניט, אז עס אהרט איהם ניט, וואָס דאָס קינד איז א יתום. זאָגט איהר מיין ברודער אליהו, אז מע קאָן זיין א יתום און מע טאָר ניט חאַפּען קיין בייגעל פון א פרעמדען אויוועז. זאָגט איהם די מאַמע, ער זאָל רעדען א ביסעל שטילער. זאָגט איהר מיין ברודער אליהו, אז ער וועט דוקא שרייען הויך, בכדי אַלע זאָלען וויסען. אז איך בין א גנב. דאָס וואָרט „גנב" קאָן די מאַמע נישט הערען. זי ווערד אַלערליי פאַרבען און זאָגט צו מיין ברודער אליהו, ער זאָל ניט פאַרגעסען, אז ס'איז דאָ א גאָט אויף דער וועלט. מיט גאָט שפּיעלט מען זיך ניט. גאָט וועט ניט שווייגען. ער איז איין אבי־יתומים. ער וועט זיך אָננעמען פאַר'ן יתום. נישקשה, ער איז א גרויסער גאָט. ער קאָן. אז גאָט וויל, קאָן יונה דער בעקער ניט פאַר־מאָגען וואָס א בייגעל איז ווערטה!... אזוי זאָגט־אָפּ די מאַמע צו מיין ברודער אליהו. זי נעמט מיך פאַר א האַנט, טהוט א קלאַפּ מיט דער טהיר, און מיר געהען אהיים.

## VI

# אַ שמאַלץ־גרוב

---

### א.

דאָס איינציגע שטיקעל גליק, וואָס האַלט מיין מאַמען אויף די פּיס, איז דאָס, וואָס מיין ברודער אליהו איז, דאַנקען גאָט, גוט. ער האָט זיך אריינגעחאַפּט אין אַ שמאַלץ־גרוב. אַזוי זאָגט די מאַמע מיינע, און פאַר גרויס נחת חאַפּט זי אַ וויש די אויגען, ווי איהר שטייגער איז. זי האָט איהם שוין פאַרזאָרגט, זאָגט זי, איהר שנור, זאָגט זי, איז אַפּילו ניט קיין אי־אי־אַי אויף אייביג. איהר שנור, זאָגט זי, איז אַפּילו ניט קיין אי־אַי־אַי (איך מיין אויך אַזוי !). האָט איהם אָבער גאָט צוגעשיקט דער־פאַר אַ רייכען שווער. ער איז אַ בעקער. יונה רופט מען איהם, יונה דער בעקער. דאָס הייסט, ער אַליין באַקט ניט. באַקען באַקען אַנדערע. ער קויפט נאָר מעהל און פאַרקויפט ברויט. פּסח באַקט ער מצות פאַר דער גאַנצער שטאָדט. ער איז צו בעקעריי אַ ברען, און דערצו איז ער אַ בייזער איד — סכנות. איך מעג זאָגען, אַז ער איז אַ רוצח. ער האָט מיך איינמאָל גע־חאַפּט, בשעת איך בין געווען צוגאַסט ביי מיין ברודער אליהו און האָב מיך מכבד געווען מיט איין אייער־בייגעל. דער בייגעל איז געווען אַ פרישער, אַ ווארעמער, נאָר־וואָס פון׳ם אויווען. האָט דער רוח באַדאַרפט אָנטראָגען יונה דעם בעקער. איהר

איך שטופּ אָן ביידע באַקען, שטעל זיך אַוועק אַקעגען זיי מיט די הענט אין די טיעפע קעשענים פון מיינע הילצערנע הויזען און קיי און שלינג און טאַנץ־אונטער אויף מיינע באָרוויסע פיס אָהן ווערטער, ווי איינער רעדט:

— עך, קבצנ׳ישע טאַרבעס וואָס איהר זייט! אַ טייערע מציאה פוטערגעבעקס, חאַ־חאַ־חאַ! איהר זאָלט נאָך פּראָבירען מיט קאַווע, וואָלט איהר ערשט דעמאָלט געוואוסט וואָס הייסט טעם גן־עדן אויף דער וועלט!...

זיך און גיט מיר פון איהר פּוטערגעבעקסעל העכער האַלב. דער־זעהט חנה די קעכין און מאכט אַ גוואַלד, גלייך ווי מע האָט זי געקוילעט:

— וואָס טהוט איהר דאָס? עסט, עסט, ס'איז דאָ גענוג!

און חנה די קעכין גיט מיר נאָך אַ פּוטערגעבעקסעל. האָב איך שוין צוויי מיט אַ האַלבען. איך הער מיך צו צו זייער שמועס. דער שמועס איז מיר באַקאַנט. די מאַמע קלאָגט זיך אויף איהר מזל. איין אַלמנה, צוויי קינדער, איינער איז אַ שמאַלץ־גרוב, דער אַנדערער נעבאַך אַזוי. איך וואָלט וועלען וויסען, ווי אַזוי איז דאָס מיין ברודער אליהו אין אַ שמאַלץ־גרוב? אַ גרוב מיט שמאַלץ? תמיד פלייִשיג? חנה הערט־אויס די מאַמע, שאָקעלט מיט'ן קאָפּ. נאָכדעם הויבט אָן חנה רעדען. זי קלאָגען זיך אויף איהר מזל, וואָס זי דאַרף זיין ביי יענעם. זי איז אַ טאַטענ'ס אַ קינד. איהר טאַטע איז געוועזען אַ איד אַ בעל־הבית, איז ער אָפּגעברענט געוואָרען. נאָכדעם האָט ער אָנגע־הויבען קרענקען. נאָכדעם איז ער געשטאָרבען. איהר טאַטע, זאָגט זי, זאָל אַצינד אויפשטעהן און געבען אַ קוק אויף זיין חנה, ווי זי שטעהט ביי אַ פרעמדען אויווען! זי קאָן זיך ניט באַקלאָגען. דאַנקען גאָט דערפאַר. זי האָט אַ גוטע שטעלע. איין חסרון — דער אַלטער בעל־הבית איז אַ ביסעל...

וואָס „אַ ביסעל" — ווייס איך ניט. חנה ווייזט עפּיס מיט'ן פינגער אויפ'ן שטערן. די מאַמע הערט־אויס חנה'ן, שאָקעלט מיט'ן קאָפּ. נאָכדעם הויבט־אָן וויעדער די מאַמע רעדען. חנה הערט־אויס די מאַמע, שאָקעלט מיט'ן קאָפּ. אויפ'ן וועג גיט זי מיר מיט נאָך אַ פּוטערגעבעקסעל, און איך ווייז די יונגלעך אין תלמוד־תורה. זיי רינגלען מיך אַרום און קוקען אין די אויגען, ווי איך עס. אפּנים, ביי זיי איז דאָס אַ גאַנצער אַנטיק? איך גיב זיי אַלעמען צו קליינע שטיקעלעך. זיי לעקען די פינגער.

— וואו האָסט דו גענומען אַזאַ מאכל?

ער זאָל מיך ניט דערזעהען און ווידער וועלען עסען. באהאלט איך מיך צוריק צווישען וואנט און צווישען סאָפע און שווייג. עס עפענט זיך די טהיר מיט א קלונג פון יענער זייט. עס קומט־אריין אלץ יענע, וואָס געהט אָנגעטהאָן ווי א פּריצה. נאָך איהר געהט נאָך די קעכין, וואָס מע רופט זי חנה, מיט א גרויסען בעקען. אויפ'ן בעקען שטעהען קריגעלעך מיט קאווע, הייסע מילך און פּוטערבולקעס פרישע.

— וואו איז דאָס בחור'על? — פרעגט חנה און קוקט זיך ארום אויף אלע זייטען. זי דערזעהט מיך צווישען וואנט און צווישען סאָפע.

— ביזט א רעכטער שייגעץ, ווי איך זעה! וואָס טהוסט דו דאָ? קום אראָפּ מיט מיר אין קיך. דאָרט וואַרט אויף דיר די מאמע.

איך טהו א שפּרונג־ארוים פון מיין באהעלטעניש און לויף־אראָפּ איבער די אויסגעבעטע טרעפּ מיט די באָרוויסע פיס און זינג מיר אונטער צום טאקט: ראמבאָם, בים־באָם! בים־באָם, ראם־באָם! — ביז איך קום אין קיך אריין.

— חאַפּט זיך נישט! — זאָגט חנה די קעכין צו דער מאַ־מע. — לאָז ער אויסטרינקען חאָטש א גלעזעל קאווע מיט א פּוטער־געבעקסעל! און איהר אליין, נישקשה, מעגט אויכעט נע־מען א גלעזעל קאווע. דער גוטער יאָהר וועט זיי ניט נעמען. זיי האָבען גענוג.

אזוי זאָגט חנה די שווארצע, און די מאמע דאנקט איהר און זעצט זיך אוועק, און מע דערלאנגט אונז הייסע שמעקעדיגע קאווע מיט פרישע פּוטער־געבעקס.

איהר האָט אמאָל געגעסען אייער־קיכלעך מיט צוקער? — אָט דאָס זענען די נגיד'ישע פּוטער־געבעקסלעך. און אפשר נאָך בעסער. דעם טעם פון דער קאווע קאָן איך אייך ניט באשרייבען. טעם גן־עדן! די מאמע האלט דאָס גלאָז און זופּט און קוויקט

## ה.

אַ גוטע בשורה האָט ער מיר אָנגעזאָגט, אָט דער אַלטער לוריא. ער מוז מיך אויפעסען! וואָס וועט די מאַמע זאָגען? עס פאַלט־אָן אויף מיר אַ פּחד. עס ציטערט אויף מיר דאָס לייב. די סאָפע, וואָס איך ליג אויף איהר, איז אָפּגערוקט פון דער וואַנט. בּיסלעכווייז רוק איך מיך צו דער וואַנט און גליטש מיך אַראָפּ אויף דער ערד, צווישען סאָפע און צווישען וואַנט. עס קלאַפּט מיר אַ צאָהן אָן אַ צאָהן. איך הער מיך איין און וואַרט, ווען וועט ער מיך עסען. און ווי אַזוי? שטילערהייד רוף איך די מאַמע און פיהל, ווי נאַסע טראָפּענס קאַטשען זיך מיר איבער די באַקען, פון די באַקען אין מויל אַריין. די טראָפּענס זענען געזאַלצען. איך האָב קיינמאָל אַזוי ניט געבענקט נאָך דער מאַמע, ווי אַצינד. נאָך מיין ברודער אליהו בענק איך אויך, נאָר ניט אַזוי. און אָן דעם טאַטען דערמאָן איך מיך, וואָס איך זאָג נאָך איהם קדיש. ווער וועט נאָך מיר זאָגען קדיש, אַז דער אַלטער לוריא וועט מיך אויפעסען?...

. . . . . . . . . . . . . . . .

אָפּנים, איך בין גוט געשלאָפען? וואָרום אַז איך חאַפּ מיך אויף, קוק איך מיך אַרום, וואו בין איך אין דער וועלט? איך טאַפּ די וואַנט. איך טאַפּ די סאָפע. איך שטעק אַרויס מיין קאָפּ — אַ גרויסער, אַ ליכטיגער אַלקיר. סאַמעטענע קאָלדרעס אויף דער ערד. די ווענט אויסגעקלעפּט מיט מענטשעלעך. די סטעלי — ווי להבדיל אין בית־המדרש. דער אַלטער לוריא זיצט נאָך אַלץ איבער יענעם גרויסען ספר, וואָס ער רופט איהם רמב"ם. מיר געפעלט דער נאָמען „רמב"ם". עס קומט אויס ביי מיר ווי „בימבאָם". פּלוצים דערמאָן איך מיך, אַז דער אַלטער לוריא האָט מיך ערשט נעכטען געוואָלט אויפעסען. איך האָב מורא,

אַפּלאָזען, וואָרום איך דאַרף שוין שלאָפֿען. זי נעמט מיך צו פון זיינע הענט און באַלעגט מיך אויף אַ סאָפע מיט „שפּרינזינעס“. דאָס בעטגעוואַנט איז ווייס אַזוי ווי שניי. אַ קאָלדרע אַ זיידענע, אַ ווייכע — טעם גן־עדן! די וואָס געהט פּריציש אַנגעטהאָן דעקט מיך איין, געהט אַוועק און פאַרשליסט די טהיר פון יענער זייט. דער אַלטער לוריא געהט־אַרום איבער דער שטוב, די הענט פאַרלעגט אַהינטער, קוקט־אַראָפּ צו זיך אויף די שענע שטעק־שיך, און ברומט, און באַמקעט, און מאַכט עפּים מאָדנע מיט די ברעמען. מיר קלעפּען זיך די אויגען. איך וויל שלאָפֿען. פּלוצים געהט־צו צו מיר דער אַלטער לוריא און זאָגט מיר:

— דו ווייסט? איך וועל דיך אויפעסען.

איך קוק אויף איהם און פאַרשטעה ניט וואָס ער זאָגט.

— שטעה אויף, איך וועל דיך אויפעסען.

— וועמען? מיך?

— דיך! דיך! איך מוז דיך אויפעסען! אַנדערש קאָן דאָס ניט זיין!

אַזוי זאָגט דער אַלטער לוריא. ער געהט אַרום איבער דער שטוב, האַלט דעם קאָפּ אַראָפּ, די הענט אַרונטער, דעם שטערן פאַרקנייטשט. ער רעדט אָבער אַלע מאָל שטילער, צו זיך אַליין. איך הער זיך צו צו איטליכם וואָרט. קוים וואָס איך חאַפּ דעם אָטהעם. ער אַליין פרעגט ביי זיך און ענטפערט זיך אַליין. אַט וואָס דער אַלטער לוריא זאָגט:

— דער רמב"ם זאָגט, אַז די וועלט איז ניט קיין קדמון. פון וואַנען איז געדרונגען? ווייל אַ סבה מוז האָבען אַ מסבב! מיט וואָס קאָן איך דאָס באַווייזען? מיט מיין רצון. ווי אַזוי? אַט וויל איך איהם אויפעסען, עס איך איהם אויף. אי וואָס? רחמנות? עס קעהר זיך גאָר ניט אָן. איך טהו מיין רצון. דער רצון איז ניט דער תכלית. איך עס איהם אויף. איך וויל איהם אויפעסען. איך מוז איהם אויפעסען!...

צי ער זעהט מיך ניט? ווייזען ווייזט אויס, אַז ניין. וואָרום קוקען קוקט ער ניט, און געזאָגט האָט מען איהם גאָרניט. מע האָט מיך נאָר אריינגעלאָזט אהער און מע האָט פארשלאָסען די טהיר פון יענער זייט. פּלוצים רופט זיך אָן דער אַלטער לוריא, און קוקען קוקט ער אַלץ נאָך ניט אויף מיר:

— קומט אהער, וועל איך אייך ווייזען אַ שטיקעל רמב"ם.

צו וועמען רעדט ער דאָס? צו מיר? מיר זאָגט ער „איהר"? איך קוק מיך אום אויף אַלע זייטען. אחוץ מיר איז נישטאָ דאָ קיינער. דער אַלטער לוריא ברומט אוים נאָך אַ מאָל אויף זיין גראָבער שטים:

— קומט אהער, וועט איהר זעהען, וואָס דער רמב"ם זאָגט!

איך בין אַ בעלן צוצוגעהן צו איהם נאָהענט.

— מיך רופט איהר?

— אייך, אייך, וועמען דען?

אזוי מאַכט צו מיר דער אַלטער לוריא און קוקט אין גרויסען בוך אריין און נעמט מיך פאַר אַ האַנט און טייטעלט מיט איין פינגער און גיט מיר צו פארשטעהן וואָס דער רמב"ם זאָגט. און וואָס ווייטער, רעדט ער העכער און מיט אַלץ מעהר היטץ. ער צעקאָכט זיך אזוי שטאַרק, אַז ער ווערד אַזש רויט. ער דרעהט מיט'ן גראָבען פינגער, און מיט'ן עלענבויגען דערלאַנגט ער מיר אַלע מינוט אין זייט אריין און מאַכט צו מיר:

— נו, וואָס זאָגט איהר? איאָ, עס איז גוט?

ס'זאָל זיין שטאַרק גוט — זעה איך ניט. דעריבער שווייג איך. איך שווייג, און ער קאָכט זיך. ער קאָכט זיך, און איך שווייג. עס הערט זיך אַ קלונג פון אַ שליסעל פון יענער זייט. עס עפענט זיך די טהיר און עס קומט אריין די זעלבע וואָס געהט פריציש אָנגעטהאָן. זי געהט-צו צום אַלטען לוריא און רעדט איהם גלייך אין אויהער אריין. אפּנים, ער איז אַ טויבער. אַניט — וואָס דאַרף זי שרייען? זי זאָגט איהם, ער זאָל מיך

א וויש די אויגען. מאָרגען וועט זי קומען נאָך מיר און וועט מיך אָפּפיהרען, זאָגט זי, אין חדר אַריין. מע גיט מיר עסען. יויך מיט קוילעטש (אין דער וואָכען קוילעטש!) און פלייש — א גוזמא פלייש! אָפּגעגעסען, הייסט מען מיר געהן אַרויף. וויים איך ניט, וואָס הייסט „אַרויף“? פיהרט מיך אָפּ די קעכין. חנה הייסט זי. זי איז אַ שוואַרצע מיט אַ לאַנגער נאָז. מע פיהרט מיך אַרויף אויף טרעפּ. די טרעפּ זענען אויסגעבעט מיט ווייכען. מיט באָרוויסע פיס איז אַ מחיה צו געהן. ס'איז נאָך ניט רעכט נאַכט, און ביי זיי ברענען שוין לאָמפּען. אָהן אַ שיעור לאָמפּען. די ווענט זענען אויסגעקלעפּט מיט צאַצקעס און מיט מענטשעלעך. די שטוהלען זענען באַדעקט מיט לעדער. די סטעלי איז צע־מאָהלט, ווי להבדיל אין בית־המדרש. נאָך שענער ווי אין בית־המדרש. מע האָט מיך אַריינגעפיהרט אין אַ גרויסען אַלקיר. דער אַלקיר איז אַזוי גרויס, אַז ווען איך זאָל זיין איינער אַליין, וואָלט איך געלאָפען פון איין וואַנט ביז דער אַנדערער, אָדער איך וואָלט מיך גאָר אַנידערגעלעגט און געקאַטשעט זיך אויף דער סאַמעטענער קאָלדרע, וואָס איז אויסגעשפּרייט איבער דער גאַנ־צער ערד. אויף אַזאַ קאָלדרע דאַרף זיין ניט שלעכט צו קאַטשען זיך. שלאָפען דאַרף זיין אויך נישקשה'דיג.

## ד.

א שענער איד, אַ הויכער, מיט אַ גרויען באָרד, מיט אַ ברייטען שטערן, אַ זיידענער חאַלאַט, אַ יאַרמעלקע פון גאָלע סאַמעט, שטעקשיך אויף די פיס, אויך פון סאַמעט מיט בליטשקע אויסגע־נייהט, — אָט דאָס איז דער אַלטער לוריא. ער זיצט איבער אַ גרויסען גראָבען ספר. זאָגען זאָגט ער גאָרניט, נאָר ער קייט די שפּיצען פון'ם באָרד, קוקט־אַריין אין ספר, שאָקעלט מיט אַ פוס און ברומט שטילערהייד צו זיך אַליין. אַ מאָדנער איד אָט דער אַלטער לוריא. איך קוק אויף איהם און טראַכט: ער זעהט מיך,

אין זייט אריין. איך קאָן ניט זעהען, ווי מע שלאָגט אַ קאַץ. לאַכען זיי פון מיר. ביי זיי איז ניטאָ קיין צער בעלי־חיים. איך רעד פון די קינדער, וואָס מיט מיר אין דער תלמוד־תורה. זיי זענען רוצחים. פון מיר לאַכען זיי. זיי רופען מיך: „די היל־צערנע הויזען“, און מיין מאַמע — „די קלאָגעדיגע“, ווייל זי וויינט שטענדיג.

— אָן געהט דיין קלאָגעדיגע מאַמע! — זאָגען זיי צו מיר.

דאָס איז זי געקומען מיך אָפּנעמען פון חדר און אָפּפיהרען אויף מיין רייכע שטעלע.

## ג.

אויפ'ן וועג באַקלאָגט זיך די מאַמע, אַז איהר איז ביטער און פינסטער (ביטער אליין איז קארג). גאָט האָט איהר גע־געבען צוויי קינדער, און זי דארף זיין אליין. מיין ברודער אליהו האָט, זאָגט זי, חתונה געהאַט, קיין עין־הרע, זעהר גוט, אריין אין אַ שמאַלץ־גרוב. איז אָבער דער חסרון, וואָס דער שווער איז אַ גראָבער יונג. אַ בעקער, משטיינס געזאָגט. וואָס קאָן מען פארלאַנגען פון אַ בעקער? אזוי טענה'ט מיט מיר די מאַמע, און מיר קומען אויף מיין רייכער שטעלע, צום אַלטען לוריא. דער אַלטער לוריא זיצט אין אַ קייזערליכען פּאַלאַץ. אזוי זאָגט די מאַמע. אין אַ קייזערליכען פּאַלאַץ בין איך אַ בעלן זיין. דער־ווייל זענען מיר אין קיך. איך און די מאַמע. אין קיך איז אויך ניט מיאוס. דער אויווען איז ווייס און גלאַנצט, און די כלים גלאַנצען, און אַלסדינג גלאַנצט. מע בעט אונז זיצען. עס קומט ארוים אַ ווייבעל, אָנגעטהאָן ווי אַ פּריצה. זי רעדט מיט דער מאַמע און ווייזט אויף מיר. די מאַמע שאָקעלט צו מיט'ן קאָפּ, ווישט אַלע מאָל די ליפּען און וויל ניט זיצען. איך זיץ דוקא יאָ. די מאַמע געהט אוועק, זאָגט מיר אָן, איך זאָל זיך האַלטען ווי אַ מענטש. דערביי האָט זי דערוויייל אַ וויין און

זאָגט מיר די מאַמע מיינע). אַ גוטע וועטשערע, אַ נגיד׳ישע. וואָס ביי זיי פאַלט אַראָפּ קאָן עס זיין גענוג פאַר אונז אַלע. געה, מיין קינד, אין חדר, פאַרנאַכט וועסט דו קומען, וועל איך דיך אָפּפיהרען אַהין. וועסט נישט האָבען קיין שום אַרבייט. אַ נגיד׳ישע וועטשערע און אַ געלעגער אויף אַ גוטען. און פינף רובל אַ וואָך. איך וועל דיר מאַכען אַ פּאָר מלבושים׳לעך, שטי־ וועלעך דיר קויפען.

דאַכט זיך, גוט — איאָ? וואָס זשע דאַרף מען וויינען? קאָן זי אָבער אַנדערש ניט, די מאַמע מיינע. וויינען מוז זי!

ב.

אין תלמוד־תורה געה איך דערווייל אַזוי. לערנען לערען איך ניט. נישטאָ פאַר מיר קיין כתה. העלף איך דער רביצין אין שטוב און שפּיעל מיך מיט דער קאַץ. דער רביצינ׳ס אַרבייט איז ניט קיין שווערע אַרבייט. אויסקעהרען די שטוב, העלפען אַריינטראָגען האָלץ, געהן אַ גאַנג — ס׳איז בלאָטע, ס׳איז ניט קיין אַרבייט. אַבי ניט לערנען. לערנען איז ערגער. דערפאַר אָבער די קאַץ — אַ סך מעהר איינגענעהם. אַ קאַץ, זאָגט מען, איז אַ טמא. איך זאָג: ס׳אַ ליגען. אַ קאַץ איז אַ ריינע חיה. אַ קאַץ, זאָגט מען, איז אַ מזיק. איך זאָג: ס׳אַ ליגען. אַ קאַץ איז אַ צוגעלאָזטע זאַך. אַ הונט האָט אין זיך חניפה, אַ הונט דרעהט מיט׳ן עק. אַ קאַץ לאַשצעט זיך, און אַז מע גלעט זי איבער׳ן קעפּעל, מאַכט זי צו די אויגלעך און הויבט־אָן מורקען. איך האָב ליעב אַ קאַץ, — וואָס קומט מיר דערפאַר? רעדט־זשע אָבער מיט זיי, מיט מיינע חברים, וועלען זיי אייך דערצעהלען טויזענד מעשיות. אַז מע האַלט אַ קאַץ, דאַרף מען וואַשען די הענט. אַז מע האַלט אַ קאַץ, שאַדט צום זכרון. זיי ווייסען שוין ניט וואָס אויסצוטראַכטען. זיי האָבען אַ טבע — לאָז צו־ געהן צו זיי די קאַץ, דערלאַנגען זיי איהר אַ שנייד מיט׳ן פּוס

# V

# איך האָב אַ רייכע שטעלע

## א.

די מאַמע האָט מיר אָנגעזאָגט אַ בשורה, אַז איך האָב שוין אַ שטעלע. נישט חלילה ביי אַ בעל־מלאָכה — איהרע שונאים, זאָגט זי, וועלען דאָס ניט דערלעבען, אַז פּייסי דעם חזנ'ס זוהן זאָל זיין אַ בעל־מלאָכה. מיין שטעלע, זאָגט זי, איז אַ רייכע שטעלע, אַ גרינגע שטעלע. אַ גאַנצען טאָג וועל איך געהן אין חדר, אין תלמוד־תורה הייסט עס, און ביינאַכט וועל איך געהן שלאָפען צום אַלטען לוריא. דער אַלטער לוריא איז אַ גרויסער גביר, זאָגט זי. ער איז נאָר אַ קראַנקער, דאָס הייסט, אַזוי איז ער געזונט, עסט און טרינקט און שלאָפט, נאָר ניט ביינאַכט. ביינאַכט קאָן ער ניט שלאָפען. קיין איין אויג מאַכט זיך איהם ניט צו. האָבען די קינדער מורא איהם לאָזען איינעם אַליין ביינאַכט. דאַרף מען האָבען אַ מענטש זאָל זיין מיט איהם. עס מעג זיין אַ קינד, אַבי אַ מענטש. אוועקזעצען צו איהם איין אַלטען אידען פּאַסט נישט. אַ קינד — גאָרנישט, עלעהיי אַ קעצעל. פינף רובעל אַ וואָך האָבען זיי צוגעזאָגט, און וועטשערע פאַר דיר אַלע פאַרנאַכט, ווען דו קומסט פון תלמוד־תורה (אַזוי

זי. זי איז עלטער פון מיר סך־הכל מיט איין יאָהר און טראָגט צוויי צעפּלעך, צונויפגעבונדען פון אונטען מיט אַ סטענגעלע און זעהען־אויס, ווי אַ געפלאָכטענער בייגעל. איך און אלטע עסען פון איין טעלער ניט ווייט פון חתן־כלה. דער חתן, מיין ברודער אליהו, קוקט אויף מיר, איך זאָל זיצען ווי אַ מענטש, איך זאָל עסען מיט אַ גאָפּעל און זאָל ניט חאַפּען, און זאָל אכטונג געבען אויף דער נאָז. איהר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגען? איך האָב קיין הנאה ניט פון דער וועטשערע. איך האָב פיינט, אַז מע קוקט אויף מיר. צו די אַלע זאַכען טראָגט אָן דער גוטער יאָהר אונזער שכנה פּעסי.

— זאָלט איהר זיין געזונט! — שרייט זי מיט אַלע כחות צו דער מאַמע. — טהוט נאָר אַ קוק אהער. פאַר וואָס זאָל ניט זיין קיין שידוך?... אַ זיווג מן השמים!

אויף איהר הייזעריגען געשריי קומט אָן דער מחותן, יונה דער בעקער, אָנגעטהאָן שבת׳דיג, און עס ווערד אַ שמועס, אַז איך און אַלטע זענען חתן־כלה. יונה דער בעקער לאַכט מיט אַ האַלבען מויל. דאָס הייסט: די אויבערשטע ליפּ ביי איהם לאַכט, די אונטערשטע וויינט. דער גאַנצער עולם קוקט אויף אונז. מיר ביידע, איך און אַלטע, לאָזען אַראָפּ די אויגען אונטער׳ן טיש און שטיקען זיך פאַר געלעכטער. בכדי איך זאָל ניט אויסשיסען, האַלט איך מיך צו ביי דער נאָז און בלאָז מיך אָן ווי אַ פּאָחיר. נאָך אַ מינוט וועט דער פּאָחיר פּלאַצען, און ס׳וועט זיין אַ סקאַנדאַל. אַ גליק, וואָס די כלי־זמר טהוען אַ זעץ אַ שענעם ניגון, אַ וואָלאַך. דער גאַנצער עולם ווערד פאַרטראַכט. איך הויב־אויף דעם קאָפּ און דערזעה די מאַמע מיט׳ן געלען פרעמדען מלבוש און מיט דער זיידענער פאַטשיילע. זי טהוט דאָס, וואָס אַלע מאָל: זי וויינט! איהר ווייסט ניט, זי וועט אַמאָל אויפהערען צו וויינען?...

איבער די הענט, אָדער דרעהען אייך אָן אויף אויהער. דער רוח האָט זיי אוועק, טאָמער ריהרט איהר זיך צו מיט א פינגער! איהר וועט זיי אָפּבייסען! אַך, ווען די מאַמע זאָל זיין א גוטע מאַמע, וואָלט זי מיך געמאַכט פאַר א כלי־זמר. איך ווייס אָבער, אַז זי וועט דאָס ניט וועלען. ניט מחמת זי איז א שלעכטע, נאָר מחמת די וועלט וועט ניט דערלאָזען, אַז פּייסי דעם חזנ'ס יונגעל זאָל זיין א כלי־זמר. ניט קיין כלי־זמר און ניט קיין בעל־מלאָכה. מע האָט שוין גערעדט דערפון ניט איין מאָל, וואָס וועט זיין פון מיר דער תכלית. די מאַמע, מיין ברודער אליהו, אונזער שכנה פּעסי און איהר מאַן, משה דער איינבינדער. ער האָט חשק מיך נעמען צו דער אַרבייט. דערלאָזט נישט פּעסי. זי זאָגט, אַז פּייסי דער חזן, עליו השלום, האָט ניט פאַרדיענט, אַז זיין זוהן זאָל זיין א בעל־מלאָכה... איך האָב מיך פאַררעדט און גאָר פאַרגעסען פון דער חתונה. ס'איז שוין לאַנג נאָך דער חופּה. מע גרייט שוין צום טיש. ווייבער און מיידלעך טאַנצען א קאַדריל. איך האָב מיך אַריינגעפּלאָנטעט מיט מיינע הילצערנע הויזען אין מיטען. די וואָס קוקען ווי מע טאַנצט האָבען מיך גענומען וואַר־פען איינער צום אַנדערען, ווי א מיאַטש. „וואָס איז דאָס פאַר א פּריטשעפּע?" זאָגט איינער. „עפּיס א שלים־מזל!" זאָגט דער אַנדערער. „א רעשטעל צו די צרות!" זאָגט א דריטער. דער־זעהט אונזער שכנה און צעשרייט זיך (זי איז שוין הייזעריג ווי די וואַנט):

— צי איהר זענט משוגע, צי חסר־דעה, צו מוטייר, צי גע־ריהרט, צי פונ'ם זינען, צי ניט ביי אַלע געדאַנקען? דאָס איז דאָך דעם חזנ'ס ברודערל!!!...

אהאָ! עס האָט זיי גענומען! אודאי האָט מען מיך אוועק־געזעצט ביי'ם טיש גלייך מיט כלה'ס צד. און ווייסט איהר, מיט וועמען מע האָט מיך באַזעצט? אַז איהר וועט זיין מיט אכצעהן קעפּ, וועט איהר אויך ניט טרעפען! מיט דער כלה'ס שוועסטערל. יונה דעם בעקער'ס קליין טעכטערל. אַלטע הייסט

קאָן זאָגען רויז — עס ווענדט זיך אָן דער צייט. בייטאָג איז דאָס העל־רויז, פאַרנאַכט קוקט דאָס אויס געלבליך, און ביינאַכט — ווייס. גאַנץ פריה מאָהלט זיך עס אויס גרינליך, און אַמאָל, אז מע קוקט זיך שטאַרק איין, פאַלט דאָס גאָר אריין אין „אַנטיק־מאָרע", דאָס הייסט: העל־רויטליך־בלוי־טונקעל־גרין־פּאָפּעליאַטע. זאָגען אויף דער פאַטשיילע אַ חסרון קאָן מען ניט, וואָרום ס'איז אַ זעלטענע פאַטשיילע. נישט מעהר, אויף דער מאַמע זעהט זי אויס פרעמד, שטאַרק פרעמד. עפּיס קלעפּט זיך ניט די פאַטשיילע צום פּנים. די פאַטשיילע איז פאַר זיך, און דאָס פּנים איז פאַר זיך. אַ ווייבערשע פאַטשיילע איז ווי, להבדיל, אַ מאַנסבילש היטעל. דאָס היטעל מיט'ן פּנים באַדאַרפען זיך פּאָרען, זיין ווי צונויפגעגאָסען. אָט, למשל, מיין ברודער אליהו. ער געהט אָנגעטהאָן אַ קאַרטוזעל, איז דאָס ווי אויסגעוואַכסען ביי איהם אויפ'ן קאָפּ. די פּאות האָט מען איהם אינגאַנצען אָפּגעשאָרען. און ניט נאָר אָפּגעשאָרען, נאָר אָפּגעגאָלט. אַ מאַנישקע האָט ער אָנגעטהאָן אַ ווייסע מיט אַ האַרטען קאָלנער, מיט אָפּגעלעגטע שפּיצען. און אַ שניפּסעל האָט ער געקויפט אַ ווייס מיט רויטע, גרינע און בלויע פּינטעלעך. אַ רייכער שניפּס! שטיוועל מיט'ן גלאַנץ און מיט'ן סקריפּ און אויף שטאַרק הויכע אָבצאַסען — ער זאָל אויסזעהען אַ ביסעל העכער. עס ווערט איהם אָבער העלפען, ווי אַ טוידטען באַנקעס: ער איז זעהר קליין געוואַכסען. ער איז ניט אַזוי קליין, ווי זי איז גרויס און הויך און מאַנסבילדיג, און רויט און האַבעטיני, און אַ שטימע האָט זי אַ מאַנסבילשע. איך רעד פון דער כלה, פון יונה דעם בעקער'ס טאָכטער. ברכה הייסט זי. אַ פאַרגעניגען געווען צו זעהען דאָס פּאָרעל אונטער דער חופּה. איך האָב קיין צייט ניט צו קוקען אויף חתן־כלה. איך בין פאַרנומען. איך דאַרף זעהען די כלי־זמר. און ניט אַזוי די כלי־זמר, ווי זייערע כלים. מעהר ווי אַלץ — דעם קאָנטערבאַס מיט'ן קעסעל־פּויק. שענע צוויי כלים! דער חסרון, וואָס מע קאָן ניט צוגעהן נאָהענט אַ פּרוב טהון די כלים. באַלד עפּיס געבען זיי

די מאַמע וואַשט מיך אָרום, טהוט מיר אָן אַ פּאָר נייע הויזלעך מיט אַ קאַשקעטעל צו דער חתונה. די הויזלעך זענען געמאַכט געוואָרען איך ווייס ניט פון וואָסער אַ מאַטעריע: אַז מע שטעלט זיי אַוועק, שטעהען זיי, און אַז מע געהט, שרייען זיי. מאָדנע הויזלעך!

— אַז דו וועסט צערייסען אָטאָ די הויזלעך, איז שוין עק וועלט!

אַזוי זאָגט די מאַמע, און איך מיין אויך אַזוי. אַזעלכע הויזען קאָנען זיך שוין ניט צערייסען. סיידען מע זאָל זיי צעהויזען און אַ דאַברעכען. דאָס קאַשקעטעל איז גאָר פון די אַנטיקען, און אַ שעקעל האָט דאָס אַ שוואַרצס, אַ גלאַנצענדיגס. אַז עס הערט אויף צו גלאַנצען, באַשפּייט מען דאָס, הויבט עס אָן אויפס־ניי צו גלאַנצען. די מאַמע קוקט אויף מיר און קוועלט, און טרערען קייקלען זיך אויף איהרע געקנייטשטע באַקען. איהר ווילט זיך זעהר, אַז איך זאָל אויף דער חתונה אויסנעמען. זי זאָגט צום חתן:

— אליהו! ווי מיינסט דו? איך וועל מיט איהם ניט פאַרשעמט ווערען? ער געהט אָנגעטהאָן, קיין עין־הרע, ווי אַ מאָנאַרכ'ס אַ קינד.

מיין ברודער אליהו באַטראַכט מיך, גלעט זיך דאָס בערדעל און קוקט אויף מיינע פּיס. איך ווייס, וואָס באַדייט זיין קוקען. ער קוקט, וואָס דעם „מאָנאַרכ'ס קינד” געהט באָרוויס... די מאַמע פאַרשטעהט אויך זיין קוק, נאָר זי מאַכט זיך ניט וויסענדיג... אַליין געהט זי אָנגעטהאָן אין אַ מאָדנע געל מלבוש, וואָס איך האָב עס אויף איהר קיינמאָל נישט געזעהען. דאָס מלבוש איז אויף איהר מגושם ברייט. איך וואָלט געמעגט שווערען, אַז איך האָב עס אַמאָל געזעהען אויף אונזער שכנה פעסי... דערפאַר טראָגט זי אויפ'ן קאָפּ אַ זיידענע פאַטשיילע, אַ שפּאָגעל־נייע, נאָך מיט אַלע קנייטשען. דעם קאָליר פון דער פאַטשיילע איז שווער צו באַשרייבען. מע קאָן זאָגען ווייס, מע קאָן זאָגען געל, מע

אפילו אוגערקעלעך קליינינקע, קאַרטאָפעל יונגעטשקע, ציבעלקע־לעך, קנעבעלעך — אַלץ וואָס קליין איז ליעב. א חוץ חזירים׳לעך. חזירים האָב איך פיינט אפילו קליינערהייד... איך קעהר מיך אום צו די פערדלעך. די פערד לויפען. די לאָשעקלעך לויפען נאָך די פערד. איך לויף נאָך די לאָשעקלעך. אַלע לויפען מיר. אויף לויפען בין איך א פייער. איך האָב זעהר גרינגע פיס. דערצו געה איך באָרוויס און זעהר לייכט אָנגעטהאָן: א העמדעל, איין הויז, און פון אויבען א סיצען ארבע־כנפות׳על. אז איך לויף אראָפּ א באַרג און ס׳איז א ווינטעל און די ציצית צעלאָזען זיך, מאָהלט זיך מיר אויס, אַז איך האָב פליגעל און איך פליה.

— מאָטעל! גאָט איז מיט דיר! שטעה א ווײַלע!

אַזוי שרייט צו מיר פעסי׳ס מאַן, משה דער איינבינדער. ער לויפט פונ׳ם יאַריד אהיים מיט א פּאַק באַבולע פּאַפּיער. איך האָב מורא, ער זאָל מיר ניט צושטעלען א בענקעלע פּאַר דער מאַמען, און איך זאָל ניט האַפען קיין פּסק פון מיין ברודער אליהו. איך הער־אויף צו לויפען, געה־צו פּאַמעליך, מיט אראָפּגעלאָזטע אויגען, צו אונזער שכנה׳ס מאַן. ער לעגט־אָפּ דאָס פּעקעל פּאַפּיער, ווישט זיך מיט דער פּאָלע דעם שוויים און זאָגט מיר מוסר:

— ווי שעמט זיך דאָס ניט א יונגעלע א יתום דרעהען זיך צווישען ציגיינערס און לויפען משוגענערהייד מיט אַלע פערד? און נאָך אין אזא טאָג! שוין באַלד די חופּה ביי דיין ברודער — דאָס ווייסט דו? קום אהיים!

ד.

— וואו ביזט דו געוועזן? א דונער איז מיר!

אזוי זאָגט צו מיר די מאַמע מיט א פּליעסק מיט די הענט און באַטראַכט מיין צעריסען הויזעל, מיינע צעבלוטיגטע פיס און מיין פאַרפלאַמט, פאַרשוויצט פּנים. לאַנג לעבען זאָל משה דער איינבינדער. קיין וואָרט האָט ער ניט דערצעהלט פּאַר קיינעם.

אליהו האָט חתונה. גאַנץ פּריה האָט זיך אויסגעשטעלט אַ יריד אין שטעדטעל. ווייבאַלד אַ יריד, מוז איך דאָרטען זיין. איך האָב ליעב אַ יריד דאָס חיות. אידען לויפען־אַרום, ווי פאַר׳סמ׳טע מייז. שוויצען, שרייען, פּילדערען זיך, רייסען די גויים פאַר די פּאָלעס, געהען אויס לייזען געלט — אַ טהעאַטער מיט זיי! און די גויים האָבען צייט; זיי געהען דוקא פּאַוואָלי, די היטלען אַרויף, קוקען, טאַפּען, קראַצען זיך, דינגען זיך, ווילען האַנדלען מציאות. גויעס מיט משונה מאָדנע שלייערס, מיט ברייטע אָפענע פּאַזוכעס, מע זעהט אַרוים די בריסט. אין די פּאַזוכעס האַפּען זיי אַריין אַמאָל, אַז מע זעהט ניט, אַ שטיקעל סחורה. אידען ווייסען שוין, קוקען מיט אויגען. אַז מע דערזעהט, טרייסעלט מען אוים, און עס ווערד אַ חתונה. אַמאָל מאַכט זיך, אַז איין ערלית קויפט אַ ליכטעל אין קלויסטער אריין און פאַרשטעקט דאָס אין שלייער. יונגע לייט האָבען ניט וואָס צו טהון, ווילען זיך מאַכען אַ שטיקעל יום־טוב, צינדען זיי איהר אָן שטילערהייד דאָס ליכטעל. אַלע קוקען אויף דער ערלית און לאַכען. די ערלית ווייסט ניט וואָס די אידען לאַכען. הויבט זי אָן צו שעלטען אַלע אידען מיט טוידטע קללות. לאַכט מען נאָך מעהר. אַמאָל ווערד דערפון אַ געשלעג צווישען גויים און אידען. איך זאָג אייך — מע דאַרף נישט קיין טהעאַטער!... שענער פון אַלץ איז די „קאָננע”. ווייסט איהר, וואָס דאָס הייסט? דאָס איז דער פערד־מאַרק. דאָרט קויפט מען און מע פאַרקויפט פערד. דאָרט זעהט איהר פערד, ציגיינער, בייטשען, אידען, גויים און פּריצים. דער טומעל איז דאָ חוץ לדרך הטבע, מע קאָן טויב ווערען. די ציגיינער שווערען זיך, אידען פּאַטשען איבער די הענט, פּריצים קנאַקען מיט די בייטשען און פערדלעך לויפען אהין און אהער פייל אויס׳ן בויגען. איך האָב ליעב צו קוקען, ווי פערדלעך לויפען, און ווער שמועסט לאָשעקלעך! איך געהאוים, איך שטאַרב נאָך אַ לאָשעקעל! און נישט נאָר קליינע לאָשעקלעך האָב איך ליעב — אַלסדינג וואָס איז קליין: קליינע הינטלעך, קליינע קעצלעך. איהר ווייסט?

געפיהרט? מיר! דער מחותן האָט געקויפט דעם חתן (מיין ברודער אליהו) אַ נייעם זייגער, אויך אַ זילבערנעם. נאָך אַ בעסערען פון יענעם. דער מחותן האָט איהם אליין געבראַכט צו טראָגען. אוי, ווען איך האָב אַזאַ זייגער! וואָס מיינט איהר, וואָלט געווען? קודם וואָלט איך אַרויסגענומען די געדערים און דערגאַנגען דעם שכל, פאַר וואָס אַ זייגער געהט. און נאָכדעם? נאָכדעם ווייס איך שוין וואָס ס'וואָלט געווען. די מאַמע ווינשעוועט איהם, דעם מחותן, ער זאָל דערלעבען איהם קויפען אַ גאָלדענעם זייגער. דער מחותן ווינשעוועט איהר אָפּ צוריק, זי זאָל דערלעבען חתונה מאַכען דעם מיזיניק. דאָס מיינט מען מיך. איך בין צופריעדען אפילו היינטיגען טאָג, אַבי אַ זייגער. די מאַמע גלעט מיך און זאָגט, אַז עס וועט נאָך געגוג וואַסער איבערלויפען, און בשעת מעשה זענען איהר די אויגען נאַס. איך פאַרשטעה ניט, וואָס דאַרף לויפען אַזוי פיעל וואַסער איידער איך געה חתונה האָבען, און וואָס דאַרף מען דערביי וויינען? וויינען איז ביי איהר אַ וואָכעדיגער גאַנג, און דאָס מוז זי אַלע טאָג. וויינען איז ביי איהר, ווי, למשל, ביי אייך דאַוונען, אָדער עסען. דער שניידער האָט אָפּגעבראַכט דעם חתן די מלבושים, וואָס דער מחותן האָט באַשטעלט — דאַרף זי וויינען. פּעסי האָט איהר אָפּגעבאַקען לעקאַך צו דער חתונה — דאַרף מען וויינען. מאָרגען אין דער צייט איז די חופה — ווידער געוויינט! איך פאַרשטעה ניט, פון וואַנען נעמען זיך ביי מענטשען אַזוי פיעל טרערען?...

ג.

עס גיט זיך אוים אַ מאָל אַ טאָג — אַ גן־עדן! אין דרויסען איז חצי־אלול, און טאַקי חצי־אלול'דיג. די זון בראָט ניט אויף צו שוויצען, אויף צו וועלען באָדען זיך. זי וואַרעמט און גלעט און קושט אַזוי ווי אַ מאַמע. דער הימעל איז אויסגעצוואָגען שבת'דיג. דער גאַנצער אינדרויסען פרעהט זיך, וואָס מיין ברודער

פרעגט, וואָס געהער זיך אָן אַ פרעמדער טאַטע צו זיין זייגער? ער איז ניט מחויב, זאָגט ער, מיט זיינע זייגערס אויסצוהאַלטען פרעמדע טאַטעס. פונ'ם זייגער איז שוין ביי איהם געוואָרען „זייגערס" און פונ'ם טאַטען — „טאַטעס"! פעסי זאָגט, אַז פון אַ חזיר'שען עק קאָן מען קיין שטריימעל ניט מאַכען!... דאָס מיינט זי אונזער מחותן. ער איז אַ פּראָסטער נפש. אַ בעקער איז ער און הייסט יונה דער בייגעלבעקער. ער באַקט בייגעל. „איהר מעגט שוין ליגען אין דער ערד און באַקען בייגעל". אַזוי זאָגט איהם פעסי, מסתמא אויף קאַטאָוועס. און אפשר מיינט זי טאַקי אויף דער אמת'ען? איך פארשטעה ניט, ווי אַזוי קאָן מען ליגען אין דער ערד און באַקען בייגעל: ווער וועט זיי דאַרטען קויפען?... ער איז אַ איד אַ נגיד, אונזער מחותן. פעסי דרינגט, אַז ער איז איין אדיר! זי זאָגט איהם אין די אויגען, אַז ווען זי פארמאָגט האַלב פון איהם, טהוט זי מיט איהם קיין שידוך ניט. זי האָט פיינט אַ חזיר. ער מוז אָפּשווייגען, וואָרום צו איהר אַז מע פאַלט אריין, איז דאָס בעסטע — שווייגען. ער איז שוין מוחל דעם חתן דעם זייגער, אבי לאָז דאָס האָבען אַ סוף. זאָגט אָבער פעסי, אַז זי איז ניט מוחל. זי וויל, ער זאָל קויפען דעם חתן אַ נייעם זייגער. עס פּאַסט ניט, זאָגט זי, אַ חתן זאָל געהן צו דער חופּה אָהן אַ זייגער. טענה'ט ער: וואָס פּאַר אַ שייכות האָט זי מיט זיין חתן? זאָגט זי: עס האָט אַ שייכות. דערפאַר, וואָס דער חתן איז פּייסי דעם חזנ'ס אַ זוהן, און ער, יונה דער בייגעלבעקער, איז ביידע זאַכען: אי אַ נגיד, אי אַ חזיר. פאַר־דריסט דאָס איהם, טהוט ער אַ קלאַפּ מיט דער טיר און זאָגט: „לאָז דאָס געהן אין דער ערד אריין!" זאָגט איהם פעסי: „אויף געהן אין דער ערד אריין זענט איהר בילכער — איהר זייט אַ בעקער!"...

די מאַמע האָט שטאַרק מורא, טאָמער חלילה שיקט ער אָפּ די תנאים. זאָגט איהר פעסי, זי זאָל שלאָפען רוהיג: אַ יתום שיקט מען נישט אָפּ קיין תנאים. איהר מיינט, ווער האָט אויס־

שעמט זיך, גלעט זיך דאָס בערדעל, ווי א גרויסער, ווי א מאַנסביל. ער איז שוין א מאַנסביל. ערשט אָט דאָ ניט לאַנג האָט זיך איהם אָנגעהויבען שיטען א בערדעל. געווים איז דאָס איהם געקומען פון רויכערען. פון זינט דער טאַטע איז געשטאָרבען, האָט ער אָנגעהויבען רויכערען. די ערשטע צייט האָט ער זיך געמוטשעט, פלעגט זיך פארהוסטען. איצט פארציהט ער זיך שוין און קאָן ארויסלאָזען דעם רויך דורך דער נאָז. א טייערע מציאה! איהר מיינט, אז איך קאָן דאָס ניט? די גאַנצע צרה, וואָס איך האָב ניט קיין טיטון! רויכער איך פאַפּיער, רויכער איך שטרוי, רויכער איך דער רוח ווייסט וואָס. איז געוואָהר געוואָרען דערפון מיין ברודער אליהו. האָט ער מיר געגעבען! ער מעג, און איך טאָר ניט! באשר איך בין נאָך ניט אַלט קיין גאַנצע נייען יאָהר, אם כן וואָס בין איך שולדיג? איך האָב איהם געגעבען דאָס וואָרט, איך האָב איהם געשוואָרען ביי א חומש, אז איין עק, מעהר רויכער איך ניט. ווי מיינט איהר, לאַנג האָב איך געהאַלטען וואָרט? איך בעט אייך, ווער רויכערט ניט היינטיגע צייטען?

## ב.

באלד וועט זיך איבערקעהרען די וועלט. אזוי זאָגט פּעסי, אונזער שכנה. זי איז געקומען צו געהן פונ׳ם מחותן א געקאָכטע. ס׳איז א מיאוסע מעשה. דער מחותן איז געוואָהר געוואָרען, אז דער חתן (מיין ברודער אליהו) האָט ניט דעם זייגער. דער זייגער איז געווען א גוטער זייגער, איין אמת׳ער א זילבערנער זייגער. דאָס האָט איהם דער מחותן געקויפט א מתנה. וואו איז אהינ־געקומען דער זייגער? ער האָט איהם, חלילה, ניט פארשפּיעלט אין קאָרטען. ער האָט איהם פארקויפט און דאָס געלט אויס־געגעבען אויף דאָקטוירים און רפואות. ער האָט געוואָלט ראַטע־ווען דעם טאַטען — וואָס קומט איהם דערפאַר? אזוי האָט גע׳־טענה׳ט פּעסי. דער מחותן איז אָבער א פּראָסטער איד. ער

IV

# מיין ברודער אליהו האָט חתונה

---

## א.

מזל טוב! איהר ווייסט? מיין ברודער אליהו האָט חתונה!

וועה-וועה, וואָס סע טהוט זיך! עס קאָכט די שטאָדט. די וועלט וויעגט זיך! אזוי זאָגט אונזער שכנה, פּעסי די גראָבע. זי זאָגט, אַז עס וועט זיין אַ געהויבענע חתונה. אזא חתונה, זאָגט זי, איז שוין לאַנג ניט געווען ביי אונז אין שטאָדט!

וואָס איז די מעשה? נאָר מצד רחמנות. מחמת די מאַמע איז איין אלמנה און דער חתן איז אַ יתום. און אַ ביסעל איז טאַקי צוליעב זכות אָבות. דעם טאַטענ'ס נאָמען! דער טאַטע, עליו השלום, האָט איבערגעלאָזט אַ שענעם נאָמען! פאַר'ן לעבען האָט מען עפּיס ניט געהערט, עמיצער זאָל פון איהם אַזוי שטאַרק רעדען. איצט, נאָכ'ן טויט, איז פּייסי דער חזן געהויכט און גע־קרוינט. סכנת נפשות! איך הער, וואָס מענטשען זאָגען דער מאַמע מיינער. זיי זאָגען איהר, אַז דער מחותן איז ניט קראַנק צו נעמען אויף זיך אַלע הוצאות און נאָך עפּיס צוצאָהלען אויך. ער טאָר ניט פאַרגעסען, זאָגען זיי, אַז ער נעמט פּייסי דעם חזנ'ס זוהן פאַר אַ חתן! מיין ברודער אליהו הערט דאָס. ער פאַר־

זיין! זי שווערט איהר מיט כל השבועות שבעולם, אז דאָס איז דאָס לעצטע מאָל, אניט — זאָל זי אָדער אליין שטאַרבען, אָדער זי זאָל חלילה מיך ביזגראָבען!...

— לאָז ער שווערען, אז ער וועט שוין מעהר אפילו ניט ארייננקוקען צו מיר אין גאָרטען אריין! — פאָדערט די רופא׳טע מיט איהר מאַנסבילשער שטים אָהן א קאַפּ רחמנות צו א יתום.

— לאָז מיר אָפּדאַרען די הענט! לאָז מיר ארויס די אויגען! — זאָג איך, און געה מיט דער מאַמען אהיים און הער־אויס איהר מוסר מיט איהר וויינען, און צעוויין מיך אליין אויך גאַנץ געשמאַק.

— איך פרעג דיך נאַר, וואָס וועט פון דיר זיין? — פרעגט מיך די מאַמע מיט טרערען, און שטעלט מיר צו א בענקעלע פאַר מיין ברודער אליהו. מיין ברודער אליהו הערט־אויס די מעשה מיט די עפּעל און ווערד בלאָס. אפּנים, פאַר כעס. די מאַמע דערזעהט, אז ער איז אויסער זיך. זי האָט מורא, ער זאָל מיך ניט שלאָגען. זי רוימט איהם איין א סוד, ער זאָל מיך ניט שלאָגען, וואָרום איך בין א יתום.

— ווער טשעפּעט איהם? — זאָגט מיין ברודער אליהו. — איך בין נאָר א בעלן צו וויסען, וואָס וועט זיין פון איהם? וואָס וועט זיין פון איהם?!!

אזוי זאָגט מיין ברודער אליהו און קריצט מיט די צייהן און קוקט אויף מיר, איך זאָל איהם זאָגען, וואָס וועט זיין פון מיר? איך וויים, וואָס וועט זיין פון מיר? אפשר ווייסט איהר, וואָס וועט זיין פון מיר?

נעמט זיי אַלע דריי מיט זיך און קלעטערט מיט זיי אַרויף צו אונז אויפ׳ן בוידעם (אַ מכשפה קאָן!). פונ׳ם בוידעם איז זיי שוין געווען ניט שווער צו זעהען דורכ׳ן פענסטערל, ווי אַזוי איך אַר־בייט מיט׳ן שטעקען.

— נו? וואָס זאָגט איהר אויף אייער תכשיט? אצינד גלויבט איהר שוין?

די ווערטער האָבען געהערט צו דער רופא׳טע. איך האָב דערקענט איהר מאַנסבילשע שטים. איך האָב אויסגעדרעהט דעם קאָפּ צום בוידעם און האָב דערזעהען אַלע פיער ווייבער. איך האָב דעם שטעקען מיט׳ן עפּעל ניט אַוועקגעוואָרפען. זיי זענען אַליין אַרויסגעפאַלען. אַ גליק, וואָס איך אַליין האָב מיך גע־האַלטען אויף די פיס. איך האָב נישט געקאָנט קוקען קיינעם אין די אויגען אַריין. דער הונט זאָל ניט ליגען אין גאַרטען, וואָלט איך זיך דער׳הרג׳עט פאַר בזיון. ערגער פון אַלע איז מיר געווען דער מאַמע׳ס טרערען. זי האָט ניט אויפגעהערט צו קלאָ־גען און צו יאָמערען און צו באַוויינען מיך:

— וועה יאיז מיר! ווינד איז מיר! צו וואָס איך האָב מיך דערלעבט! איך האָב געמיינט, אַז מיין יתום געהט אין שוהל אַריין זאָגען קדיש נאָכ׳ן טאַטען, צום סוף ליגט ער גאָר אויף אַ בוידעם, אַ דונער איז מיר, און רייסט עפּעל פון אַ פרעמדען גאָרטען!...

און די מכשפה שטעהט איבער איהר און לעגט־צו מיט איהר מאַנסבילשער שטים:

— שמייסען דאַרף מען איהם, אַט אַזאַ משומד! קאַטעוועןן! גנאָטעוועןן, בלוט זאָל געהן! אַ יונגעל זאָל וויסען דאָס אַנדערע מאָל, ווי אַזוי צו זיין אַ ג...

די מאַמע דערלאָזט נישט אַרויסזאָגען דאָס וואָרט „גנב“.

— ער איז אַ יתום! נעבאַך אַ יתום! — טענה׳ט די מאַמע צו דער רופא׳טע און קושט איהר אין די הענט אַריין און בעט ביי איהר, אַז זי זאָל מיר מוחל זיין, אַז מעהר וועט דאָס שוין ניט

זאָלען געהן צו מיר!... איך קלער אזוי לאַנג, ביז איך דערקלער. נישט קיין שפּרוך און נישט קיין כישוף, נאָר איין אנדער זאַך. א שטעקען, א לאַנגען שטעקען מיט א צוויאַק ביי׳ם שפּיץ. מיט דעם שטעקען אבי איהר טרעפט נאָר מיט׳ן צוויאַק ביי׳ם הענגערל פונ׳ם עפּעל און טהוט א ציה צו זיך — איז דער עפּעל אייערער. איהר דאַרפט נאָר זעהען האַלטען דעם שטעקען אזוי, אז דער עפּעל זאָל חלילה ניט אראָפּפאַלען אויף דער ערד. און טאָמער פאַלט דער עפּעל אראָפּ, איז אויך אָהן איין אומגליק. זי וועט מיינען, אז דאָס האָט איהם דער ווינט אראָפּגעשליידערט. פאַר־שטעהט זיך, איהר דאַרפט דעם עפּעל ניט אָנריהרען מיט׳ן צוויאַק, זי זאָל זיך ניט שטויסען... איך שוועהר אייך בנאמנות, אז איך האָב איין עפּעל נישט צעשלאָגען. און אראָפּגעפאַלען איז ביי מיר אויך ניט. ביי מיר פאַלען נישט קיין עפּעל. איך ווייס, ווי אזוי מע דאַרף האַלטען א שטעקען, אז מע רייסט עפּעל. דער עיקר איז, מע זאָל זיך ניט חאַפּען. וואָס האָט איהר קיין צייט ניט? איהר האָט דערטאַפּט איין עפּעל? עסט איהם אויף שטילערהייד, רוהט זיך אָפּ א ביסעל און רייסט ווייטער. איך בין אייך ערב, אז קיין פויגעל וועט נישט וויסען!

געהט זייט א נביא, אז די מכשפה וועט גאָר וויסען דעם חשבון פון די עפּעל נאָך אויפ׳ן בוים! אפנים, זי האָט זיי איבער־געצעהלט בייטאָג און האָט זיך געחאַפּט אויף מאָרגען, אז עס פעהלען איהר עטליכע שטיק. האָט זי זיך באַהאַלטען ביי זיך אויפ׳ן בוידעם און גענומען אונטערקוקען זיך, טאָמער וועט איהר געראָטען חאַפּען דעם גנב. אזוי דענק איך. מחמת פון וואַנען דען האָט זי געקאָנט דערוויסען זיך, אז איך ליג ביי מענדעל דעם שוחט׳ס אויפ׳ן דאַך און ארבייט מיט׳ן שטעקען? נעהיי וואָלט זי מיך חאָטש געהאַפּט אליין אָהן עדות, וואָלט איך מיך געקאָנט אָפּבעטען ביי איהר. פּאַרט א יתום — טאָמער וועט זי האָבען אויף מיר רחמנות? איז זי זיך אָבער מיישב און געהט־אוועק צו מיין מאַמען און צו אונזער שכנה פעסי און צו דער שוחט׳קע און

מיט זיינע גוטע שמייכלענדיגע אויגען. — דאָס קאָן זיך טרעפען מיט א נגיד נאָך גיכער ווי מיט איין אָרעמאַן, ווייל א נגיד האָט מיט וואָס צו קרענקען.

— איהר זענט א איד א חכם! — ענטפערט איהם מנשה'כע מלא גזלן. — נאָר א מענטש, וואָס ווינטשט דעם אַנדערען זיך אויסברעכען א פוס, קאָן איהם אָפּדאַרען די צונג אַזוי, אז ער זאָל גאָרניט וויסען, פון וואַנען ס'איז צו איהם געקומען.

— פאַר וואָס ניט? — זאָגט זיך ראובן אָלץ מיט'ן זעלבען שמייכעלע. — פאַר נויט איז א צונג אויך נישקשה, אבי נישט חלילה ביי'ם קבצן...

## ח.

איין עבירה, וואָס דער גאָרטען איז ניט אריבער צו ראובן דעם עפּעל־איד אין רשות אריין. מיר וואָלט דאָס געווען א סך מעהר ניחא, ווי ביי דער מכשפה'טע. איהר האָט נאָך אַזא צרה ניט געזעהען. לאָז אראָפּפאַלען איין עפּעלע א ווערעמדיגס, איין איינגעדאַרטס, איין איינגעקנייטשטס, ווי ביי איין אַלטער באַבעצי דאָס פּנים, וועט זי זיך ניט פוילען זיך אָנבויגען, אויפהויבען, אריינלעגען אין פאַרטוך אריין און אוועקטראָגען. וואוהין טראָגט זי זיי? אפּנים, אויפ'ן בוידעם, און אפשר אין קעלער? עס ווייזט אויס, אז אין קעלער. מחמת איך האָב געהערט דערצעהלען, אז פאַראַיאָהרען איז ביי איהר פאַרפוילט געוואָרען א קעלער מיט עפּעל. איז נישט א מצוה, מע זאָל ביי איהר רייסען עפּעל? יאָ, אָבער ווי אַזוי רייסט מען זיי? אריינחאַפּען זיך אין גאָרטען ביי־דערנאַכט, ווען אַלע שלאָפען, און אָנשטופּען פולע קעשענעס, וואָלט אודאי געווען א שכל. וואָס־זשע וועט אָבער זאָגען דער כלב? און ווי אויף צו־להכעים וואַכסען היינטיגען זומער עפּעל איינס אין איינס. זיי בעטען זיך, זיי חלש'ען, מע זאָל זיי אָפּרייסען! וואָס טהוט מען? ס'זאָל זיין אַזא שפּרונג, א מין כישוף, די עפּעל

איז ראובן שוין איין מאָל א מבין. ער, אז ער טהוט א קוק מיט איין אויג אויף א בוים, וועט ער אייך באלד זאָגען, וויפיעל פרנסה דער בוים קאָן געבען. ער וועט אייך קיינמאָל נישט האָבען קיין טעות אויף אָט אזוי פיעל. סיידען עס וועלען זיין גרויסע ווינטען, און די עפּעל וועלען אָפּפאלען פאר דער צייט, אָדער א וואָרעם וועט זיך אריינחאפּען, א „האָסעניצע" וועט זיך זעצען. דאָס איז אלץ אזעלכע זאכען, וואָס א מענטש קאָן ניט וויסען. א ווינט איז דאָך פון גאָט, און „האָסעניצעס" אויך. חאָטש אפילו איך וויים ניט, אויף וואָס דאַרף גאָט ווערעם מיט „האָסעניצעס"? סיידען צוליעב דעם, זיי זאָלען צונעמען ביי ראובן דעם עפּעל־איד דאָס שטיקעל ברויט?... ראובן זאָגט, אז ער פארלאנגט נישט מעהר פון א בוים, ווי א שטיקעל ברויט. ער האָט, זאָגט ער, א ווייב און קינדער און זוכט פאר זיי א שטיקעל ברויט. מנשה'כע זאָגט איהם צו נישט נאָר א שטיקעל ברויט, נאָר ברויט מיט פליישׁ. זי ווינשט זיך אזא מזל, וואָס פאר בוימער זי גיט איהם. ס'איז דען בוימער? ס'איז גאָלד, ניט קיין בוימער.

— איהר ווייסט, אז איך בין אייך, חלילה, נישט קיין שונא'טע. — זאָגט איהם מנשה'כע. — וואָס איך ווינטש אייך, מעג עס מיר אָנקומען.

— אָמן! — מאכט צו איהר ראובן מיט א שמייכעל אויף זיין גוט רויט פּנים, וואָס סע שיילט זיך פון דער זון. — איהר גיט מיר ארויס א כתב פאר ווינטען, ווערעם און האָסעניצעס, געב איך אייך נאָך מעהר וויפיעל איהר ווילט.

מנשה'כע טהוט אויף איהם א מאָדנעם קוק פון אונטען ארויף און מאכט צו איהם מיט איהר מאנסבילשער שטים:

— גיט מיר ארויס א כתב, אז איהר געהט אוועק פון דאנען און גליטשט זיך ניט אויס אויפ'ן גלייכען וועג און ברעכט זיך ניט אויס א פוס.

— פון אויסגליטשען זיך און אויסברעכען זיך א פוס איז קיינער ניט באוואָהרענט! — זאָגט ראובן און קוקט אויף איהר

בערקעס. זי מאַכט בעסער פון די פלוימען פּאָווידלע אויפ'ן ווינ־טער. ווען וועט זי אויפעסען אַזוי פיעל פּאָווידלע?

## ז.

אראָפּגעפּטר'ט די וויינשעל מיט די פערשקעס מיט די פלוי־מען, הויבט זיך אָן פּאַר מיר אַ סדרה עפּעל. עפּעל, דאַרפט איהר וויסען, איז ניט קיין בארען. בארען, זיי מעגען זיין די בעסטע בארען אין דער וועלט („בערגאַמאָטען"), וויבאַלד זיי זענען ניט רעכט פּאַרטיג, קאָנט איהר מיט זיי גאָרניט מאַכען. געהט קייט האָלץ! עפּעל מעגען זיין ווי גרין, די קערעלעך מעגען זיין ווי וויים, האָבען זיי שוין אַ טעם פון עפּעל. איהר שטעקט אריין די צייהן אין אַ גרינעם עפּעל, ווערד אייך זויער אין מויל. ווייסט איהר, וואָס איך וועל אייך זאָגען? איך וועל אייך ניט אוועקגעבען קיין האַלבען גרינעם עפּעל פאַר צוויי צייטיגע. אויף צייטיגע דאַרף מען וואַרטען ביז העט־העט, און גרינע עפּעל קאָנט איהר האָבען תיכף, נאָכדעם ווי דאָס בוימעלע האָט אָפּגעבליהט. עס וועגדט זיך נאָר אין דער גרויס. וואָס ווייטער איין עפּעל וואַכסט, ווערד ער גרעסער, ווי, להבדיל, אַ מענטש... עס איז ניט קיין ראיה, אַז אַ גרויסער עפּעל דאַרף זיין גוט. אַמאָל מאַכט זיך, אַ קליין עפּעלע זאָל זיין בעסער פונ'ם גרעסטען עפּעל. למשל, נעמט „ארץ־ישראל־עפּעלעך". זיי זענען וויניג, אָבער געשמאַק. צי, אַשטייגער, קיסליצעס, אָדער קוואַסעפּעלעך, וואָס געהט זיי אָפּ? היינטיגען זומער איז אויף זיי אַ מורא'דיג געראָטעניש. עס וועט זיין אַזוי פיעל, אַז מע וועט זיי פיהרען מיט וועגען. אַזוי האָב איך גע־הערט פון מנשה'כע דער רופא'טע'ם מויל. זי האָט דאָס געזאָגט צו „ראובן דעם עפּעל־איד", בשעת די עפּעל זענען נאָך געווען אין רעכטען בליהען. ראובן דער עפּעל־איד איז געקומען צו געהן אָנ־קוקען דעם גאָרטען. ער האָט געוואָלט אָפּהאַנדלען ביי איהר די עפּעל מיט די בארען אויפ'ן בוים. אויף עפּעל און אויף בארען

ביגע שמעקענדיגע פירות. מיין ברודער אליהו האָט קיין צייט
ניט. ער מאַכט אַ ברכה, הויך אויף אַ קול, „בורא פּרי העץ",
און האַפּט־אַריין די גאַנצע פרי אין מויל אַריין. איך קאָן באַ־
שטעהן פריהער זיך צושפּיעלען, זיך אָנשמעקען, אָנשפּיעגלען, און
נאָכדעם שוין וועל איך זי עסען. אי דאָס — נישט אויף איין
מאָל, נאָר שטיקלעכווייז, און מיט ברויט. פערשקעס זענען גוט
מיט ברויט. פון דעמאָלט אָן האָב איך מעהר קיין פערשקעס נישט
פאַרזוכט, נאָר דעם טעם פון יענער ערשטער פערשקע קאָן איך
גיט פאַרגעסען! איצטער שטעהט פאַר מיר אַ גאַנצער בוים מיט
פערשקעס, און איך ליג ביי מענדעל דעם שוחט'ס אויפ'ן דאַך און
קוק און קוק און זעה, ווי עס פּאַלט אַ פערשקע נאָך אַ פערשקע.
איינע אַ געלע, אַזש אַ רויטליכע, האָט זיך פאַרשפּאָלטען און גע־
עפענט. עס זעהט זיך אַרויס פון איהר דאָס בייכיגע קערעל.
וואָס וועט זי טהון, די רופא'טע, מיט אַזוי פיעל פערשקעס? זי
וועט זיי אָפּטרייסלען מן הסתם און וועט פרעגלען פון זיי איינגע־
מאַכטס. דעם איינגעמאַכטס וועט זי פאַררוקען ווייט אין דער
הרובע. ווינטער וועט זי איהם אוועקשטעלען אין קעלער אַריין,
און דאָרטען וועט ער שטעהן אַזוי לאַנג, ביז ער וועט ווערען גע־
צוקערט און האַפּען אַ שימעל.

נאָך די פערשקעס קומען־אויף פלוימען. נישט אַלע פלוימען
מיט אַ מאָל. איך האָב צוויי סאָרטען פלוימען ביי מנשה דעם רופא
אין גאָרטען. איין בוים האָב איך מיט „טשערקינעס". דאָס איז
אַ מין קיילעכיגע, זיסע, האַרטע, שוואַרצע פלוים. דער אַנדערער
בוים איז אַ בוים פון פּראָסטע פלוימען. דאָס איז אַ מין פלוימען,
וואָס מע רופט זיי „עמערפלוימען". מע פאַרקויפט זיי אויפ'ן
עמער. זיי האָבען אַ דין הייטעל, זענען גליטשיג און קלעפּעדיג
און וואַסעריג אויפ'ן טעם. פון דעסטוועגען זענען זיי ניט אַזוי
שלעכט, ווי איהר מיינט. הלואי וואָלט מען זיי נאָר וועלען גע־
בען. מנשה'כע די רופא'טע איז אָבער ניט פון די איבעריגע גע־

מע שפּיעלט זיך מיט זיי אַזוי לאַנג, ביז מע ווייסט ניט, וואו זיי זענען אַהינגעקומען...

**ז.**

וויפיעל שטערען אין הימעל — אַזוי פיעל ווײַנשעל ביי מנשה דעם רופא אין גאָרטען. איהר קאָנט פאַרשטעהן, אַז איך בין אַ בעלן געווען אויף איין צוויינעלע איבערצעהלען די ווײַנשעל. האָב איך געצעהלט, און נישט געקאָנט איבערצעהלען!... ווײַנשעל האָבען אַ טבע, זיי האַלטען זיך שטאַרק אויף די ריטלעך. זעל־טען־זעלטען ווען עס פאַלט אַראָפּ אַ ווײַנשעל אויף דער ערד — ער מוז שוין זיין איבערצייטיג, שוואַרץ אַזוי ווי אַ פלוים. זעהט איהר, פערשקעס — די פאַלען אָפּ, וויבאַלד נאָר זיי ווערען רעכט געל. אָך, פערשקעס! פערשקעס! איך האָב זיי ליעב מעהר פון אַלע פּירות. איך האָב אויף מיין לעבען געגעסען נישט מעהר ווי איין פערשקע, ליגט זי מיר נאָך אין טעם. דאָס איז געווען מיט עטליכע יאָהר פריהער, איך בין דעמאָלט נאָך נישט אַלט געווען קיין פינף יאָהר. מיין טאַטע האָט נאָך געלעבט, און אין שטוב איז נאָך געווען ביי אונז אַלסדינג: די גלעזערנע שאַפע, מיט דער קאַנאַפּקע, מיט די ספרים, מיט'ן גאַנצען בעטגעוואַנט. קומט צו געהן איינמאָל דער טאַטע פון שוהל אַהיים און מאַכט צו מיר און צו מיין ברודער אליהו, און לעגט אַריין די האַנט אין דער הינטער־שטער קעשענע, דאָרט וואו מע האַלט די נאָזפאַטשיילע:

— קינדער! פערשקעס וועט איהר עסען? איך האָב אייך געבראַכט פערשקעס. אַ פּאָר פערשקעס.

און ער נעמט אַרויס די האַנט פון דער הינטערשטער קע־שענע, דאָרט וואו מע האַלט די נאָזפאַטשיילע, און טראָגט אונז אונטער, מיר און מיין ברודער אליהו, צוויי גרויסע געלע קיילע־

בען די ברכות, וואָס גרינערהייד זענען זיי אַ סך מעהר באַ'טעמ'ט און געשמאַק. איהר וועט זאָגען, זיי זענען זויער? עס ווערד פון זיי הייליג די ציינהן? נו, וואָס־זשע איז? אַ זויערם קוויקט דאָס האַרץ, און צו הייליגע ציינהן איז דאָ אַ סגולה: זאַלץ. מע שיט אַרויף זאַלץ אויף די ציינהן און מע האַלט אָפען דאָס מויל אַ קערגען אַ האַלבע שעה, קאָן מען נאָכדעם עסען ווידער אַ מאָל דיזעלבע אַגרעסען. נאָך די אַגרעסען קומען־אויף די ווייינפּערלעך. רויטינקע, מיט שוואַרצע פּיסקעלעך, מיט געלע קערעלעך, און צעהנדליגער־צעהנדליגער אויף איין צווייגעלע. איין צווייגעלע אַז איהר פיהרט דורך צווישען די ליפּען, באַקומט איהר אַ פולע מויל מיט ווייינפּערלעך, וויינינגע, שמעקענדיגע, מחיה נפשות! אַז זיי קומען־אויף, קויפט מיר די מאַמע פּאָר אַ גראָשען אַ קווערטעלע ווייינפּערלעך אויף שהחיינו — עס איך זיי מיט ברויט. ביי מנשה'כע דער רופא'טע אין גאָרטען זענען דאָ צוויי רייהען קליינע בוימעלעך, האַרט ביי דער ערד, אָנגעזעצט מיט ווייינפּערלעך. אויף דער זון ברענען זיי און פינקלען אָפּ, און עס גלוסט זיך חאָטש איין צווייגעלע, חאָטש איין ווייינפּערעל מיט צוויי פינגער געבען אַ ריס־אָפּ און גלייך אין מויל אַריין! איהר וועט מיר גלויבען? אַז איך רעד פון גרינע אַגרעסען מיט רויטע ווייינפּערלעך, ווערד מיר שוין הייליג די ציינהן. לאָמיר בעסער רעדען פון ווייינשעל. ווייינשעל האַלטען זיך ניט לאַנג גרין. ווייינשעל ווערען גיך פאַרטיג. איך קאָן אייך שווערען ביי וואָס איהר ווילט, אַז איך אַליין האָב באַמערקט, ליגענדיג ביי מענדעל דעם שוחט'ס אויפ'ן דאַך, עטליכע ווייינשעלעך זענען אין דער פריה געוועז גרין אַזוי ווי גראָז. איך האָב זיי גוט באַמערקט, געמאַכט אויף זיי אַ סימן. ביי טאָג האָבען זיי פון דער זון באַקומען רויטע בעקעלעך. דעם זעלבען טאָג פאַר־נאַכט זענען זיי שוין געוועזן רויט ווי פייער! ווייינשעל פלעגט מיר אויך די מאַמע ברענגען אויף שהחיינו. אָבער וויפיעל ווייינשעל? איין שטיק אויף אַ פּאָדעם. וואָס טהוט מען מיט איין ווייינשעל?

## ח.

מענדעל דעם שוחט'ס קענט איהר, צי ניין? קענט איהר דאָך מענדעל דעם שוחט'ס דירה אודאי נישט. זי איז די אַנדערע פון מנשה דעם רופא'ס און קוקט גלייך צו איהם אין גאָרטען אריין. ביי מענדעל דעם שוחט'ס אז מע זיצט אויפ'ן דאך, קאָן מען זעהען אלסדינג, וואָס ביי מנשה דעם רופא אין גאָרטען טהוט זיך. די גאַנצע קונץ איז, ווי אזוי קלעטערט מען ארויף צו מענדעל דעם שוחט'ס אויפ'ן דאך? מיר איז דאָס גאָרנישט. ווייסט איהר, פאר וואָס? ווייל מענדעל דעם שוחט'ס דירה איז די אַנדערע פון אונז און איז א סך נידעריגער פון אונזער דירה. אז מע דראפעט זיך ארויף צו אונז אויפ'ן בוידעם (איך טהו דאָס אָהן א לייטער; איך וועל אייך אפשר אַמאָל זאָגען, ווי אזוי), און שטעלט איהר ארויס א פוס פונ'ם קליינעם פענסטערעל, אזוי זענט איהר שוין ביי מענדעל דעם שוחט'ס אויפ'ן דאך. דאָרטען לעגט איהר זיך אוועק ווי אזוי איהר ווילט: אָדער מיט'ן פנים ארויף, אָדער מיט'ן פנים אראָפּ. יעדענפאלס, לעגען זיך מוזט איהר, אניט — קאָן מען אייך חלילה דערזעהען: וואָס טהוט איהר ביי מענדעל דעם שוחט'ס אויפ'ן דאך? איך האָב אויסגעקליבען תמיד א צייט פארנאכטליך, צווישען מנחה און מעריב, ווען איך בין געגאַנגען אין שוהל אריין קדיש זאָגען. דעמאָלט איז ניט טאָג און ניט נאכט, די בעסטע צייט. פון דאָרטען אראָפּגעקוקט אין גאָרטען אריין, שווער איך אייך, אז ס'איז א גן־עדן שבגן־עדן!...

אז דער זומער הויבט זיך אָן און די ביימער הויבען אָן צו בליהען, זיך באדעקען מיט ווייסע פעדערלעך, קאָנט איהר האָפען, אז ניט היינט איז מאָרגען — וועלען זיך באווייזען אין די קורצע שטעכעלדיגע ביימעלעך גרינע אגרעסען. דאָס איז די ערשטע פרי, וואָס עס גלוסט זיך אייך פארזוכען. פארהאַן מענטשען, וואָס וואַרטען ביז די אגרעסען ווערען רויט. נאַראָנים! איך זאָל האָ־

ביי מנשה'כע דער רופא'טע! אמת, די ווי־נטרוּיבען אז מע פאַר־זוכט, דערזעהט מען קראַקע מיט לעמבערג. אַזוי שטאַרק זוייער זענען זיי! פון דעסטוועגען, נעמט זי אָפּ פאַר זיי גוט געלט! פון אַלסדינג מאַכט זי געלט. אפילו פון די סאָנישניקעס. גאָט זאָל אייך היטען, איהר זאָלט ביי איהר בעטען אויסרייסען א סאָ־נישניק! זי וועט אייך ניט געבען! א צאָהן זיך אויסרייסען פונ'ם מויל איז ביי איהר גרינגער, ווי אויסרייסען א סאָנישניק ביי איהר פונ'ם גאָרטען. היינט ווער רעדט פון איין עפּעל, א באַר, א ווײַנשעל, א פלוים? חיות ניט זיכער! איך בין באַקאַנט מיט'ן דאָזיגען גאָרטען, ווי א איד אין אשרי. איך ווייס אפילו, וואו איטליכס בוימעלע געפינט זיך, און וואָס עס וואַכסט אויף דעם, און צי ס'איז היינטיגס יאָהר געראָטען אָדער ניט אַזוי גע־ראָטען. פון וואַנען ווייס איך דאָס? שרעקט אייך ניט, איך בין דאָרטען נאָך קיינמאָל ניט געוועזען. ווי אַזוי האָב איך געקאָנט זיין, אז דער גאָרטען איז אַרומגעצוימט מיט א הויכען פּאַרקאַן, איבערגעדעקט מיט מורא'דיגע שטעכעלקעס? זענט איהר שוין פאַרטיג? איז אינוועניג דאָ א הונט. נישט קיין הונט, נאָר א וואָלף! אויף א לאַנגען שטריק שטעהט ער צוגעבונדען — אָט דער דאָזיגער כלב שבכלבים, און אנו, לאָז נאָר עמיצער דורכגעהן פאַרביי, אָדער לאָז זיך איהם דאַכטען, אז עמיצער געהט פאַרביי, הויבט ער אָן צו רייסען זיך, שפּרינגען און בילען מיט אזא כעס, גלייך ווי דער רוח חאַפּט איהם אַוועק! פרעגט זיך א קשיא: ווײַבאַלד אַזוי, ווי קום איך אין גאָרטען אריין? הערט־זשע, וועל איך אייך דערצעהלען.

אַ מאַנסביל, טראָגט מאַנסבילשע שטיוועל און אַז זי רעדט, דאַכט זיך אייך אויס, אַז זי בייזערט זיך. זי האָט אַ שענעם שם אויף דער וועלט. זינט זי לעבט, האָט נאָך קיין אָרעמאַן ביי איהר קיין שטיקעל ברויט ניט אויפגעגעסען. און אַ שטוב איז ביי איהר פון כל טוב. ביי איהר קאָנט איהר געפינען איינגעמאַכטסען פון פאַר־אַ־יאָהרען, פון פאַר דריי יאָהרען און פון פאַר צעהן יאָהרען. וואָס דאַרף זי, למשל, אַזוי פיעל איינגעמאַכטס? פרעגט זי, אַשטייגער, ווייסט זי אַליין ניט. אָט אַזאַ טבע איז ביי איהר. אַ פאַרפאַלענע זאַך, איהר וועט זי שוין ניט איבערמאַכען. זי ווייסט, אַז עס קומט דער זומער, האַלט זי אין איין פרעגלען איינגעמאַכטס. איהר מיינט, זי פרעגעלט אויף קויהלען? ווער־וואָס? זי קאָן באַשטעהן אויף שטעכעלקעס, שישקעס, אָפּגעפאַלענע בלעטלעך. זי מאַכט אָן אַזאַ רויך אויף דער גאַנצער גאַס, אַז מע קאָן דערשטיקט ווערען. טאָמער וועט זיך אייך מאַכען אַמאָל קומען צו אונז זומער־צייט און איהר וועט דערפיהלען אַ רויך פון „סמאַלינע“, זאָלט איהר זיך ניט שרעקען, ס’איז ניט קיין שרפה. דאָס פרעגעלט מנשה’כע די רופאַ’טע איינגעמאַכטס, אַליין, מיט איהרע אייגענע הענט, פון איהרע אייגענע פירות, אין איהר אייגענעם גאָרטען. און אָט אַזוי קומען מיר צו צום גאָרטען, וואָס כ’האָב אייך צוגעזאָגט.

ד.

וואָס פאַר אַ פירות געפינט איהר ניט אין’ם דאָזיגען גאָרטען? עפּעל, און בארען, און וויינשעל, און פלוימען, און קאַרשען, און אַגרעסען, און ווייםפערלעך, און פערשקעס, און שפּאָנקעס, און מאַרעלען, און מאַלינעס, און אָזשעניצעס, און שאָלקאָוויצעס, און וואָס ניט? וואָס דאַרפט איהר מעהר — אפילו וויינטרויבען ערב ראש־השנה אויף שהחיינו וואו קריגט מען? — ביי איהר,

געזעהען זיך מיט'ן טוידט... די איבעריגע פינף פּראָשקעס, האָט ער אָנגעזאָגט דער מאַמען, זאָל איך איינגעמען אַלע צוויי שעה א פּראָשעק. געפונען א בעלן אויף איינגעמען גאל! די מאַמע האָט זיך נאָר אָפּגעקערעוועט אויף א מינוט, געגאַנגען אָנזאָגען מיין ברודער אליהו, אַז איך בין קראַנק, האָב איך אַלע פינף פּראָשקעס אויסגעשאָטען אין פּאָמעניצע און אָנגעשאָטען אין די פּאַפּיערלעך א ביסעל מעהל. א גוט שטיקעל ארבייט האָט אויף זיך געהאט די מאַמע: אַלע צוויי שעה האָט זי געמוזט לויפען צו אונזער שכנה פּעסי קוקען אויפ'ן זייגער. נאָך יעדען פּראָשעק, וואָס איך האָב איינגענומען, האָט זי באַמערקט, אַז עס ווערד מיר בעסער. נאָך דעם זעכסטען פּראָשעק בין איך אויפגעשטאַנען א געזונטער מענטש.

— אָט דאָס הייסט א דאָקטאָר! — האָט זי געזאָגט און נישט געלאָזט מיך געהן אין חדר, געהאַלטען א גאַנצען טאָג אין שטוב און געגעבען מיר זיסען טיי מיט ווייסער בולקע.

— מנשה איז מעהר דאָקטאָר פון אַלע דאָקטוירים, געבען זאָל איהם גאָט געזונט און א סך יאָהרען! ער האָט אַזעלכע פּראָשקעס, וואָס זענען מחיה מתים, מאַכען פון טוידט לעבעדיג...

אַזוי האָט זיך די מאַמע נאָכדעם באַריהמט פאַר דער גאַנצער וועלט, בשעת־מעשה זיך געווישט די אויגען, ווי איהר שטייגער איז.

## ג.

מנשה דעם רופא'ס וויב רופט מען אויף איהר מאַנ'ס נאָמען: „מנשה'כע די רופא'טע". זי איז א טרפה אידינע. אַזוי זאָגען אַלע. ווייסט איהר, פאַר וואָס? ווייל זי איז א רשע'טע. א פּנים האָט זי, ווי אויף צו־להכעיס, א מאַנסבילשען, א קול פון

ביי מיר פון יענער זייט פלייצעס. איך רעכען, אז ס׳איז נאר א רגילות, ווי אזוי מע געוועהנט זיך איין. אט, למשל, פארהאן ביי מיר א חבר בערעל, פינטעלט ער מיט די אויגען. נאך א חבר האב איך, וועלוועל, זופט ער לאקשען מיט יויך ווען ער רעדט. אלסדינג אויף דער וועלט איז א רגילות. און חאטש דאס מויל איז איהם אויף א זייט, פון דעסטוועגען מאכט מנשה בעסער פון אלע דאקטוירים. ערשטענס, איז ער ביי זיך ניט אזא פריץ, ווי אנדערע דאקטוירים. אז מע רופט איהם, קומט ער באלד צו לויפען א פארשוויצטער. און צווייטענס, איז ביי איהם נישט קיין מאדע שרייבען רעצעפטען. רפואות מאכט ער אליין. אנו־מעלטען האט מיך א חאפ געטהאן א מין שטעכעניש מיט א קעלט מיט א ציטערניש (אפנים, פון צופיעל ליגען אין טייך?), איז די מאמע באלד אוועקגעלאפען און האט אראפגעבראכט מנשה דעם רופא. האט ער מיך באטראכט און א זאג געטהאן מיט׳ן קרומען מויל צו דער מאמען:

— איהר האט זיך ניט וואס צו שרעקען. ס׳איז א געלעכ־טער. דער שייגעץ האט זיך צוגעקיהלט די לונג.

און מיט די ווערטער נעמט ער ארויס פון קעשענע א בלוי פלעשעלע און שיט אויס אין זעקס שטיקלעך פאפיער עפיס א ווייסע זאך. דאס ווערד אנגערופען „פראשקעס”. איין פראשעק הייסט ער מיר, איך זאל איינעמען באלד. דרעה איך מיך און קנייטש מיך אויף אלע זייטען. דאס הארץ זאגט מיר, אז עס דארף זיין ביטער, ווי דער טוידט. כך הוה. איך האב דאך טאקי געטראפען! ביטער צו ביטער איז ניט גלייך. פרישע קארע פון קליינע בוימעלעך האט איהר אמאל פארזוכט? אט אזא טעם האבען זיינע פראשקעס. איהר זאלט האבען א כלל: וויבאלד פראש־קעס, מוזען זיי זיין ביטער. עס האט מיר ניט געהאלפען קיין שום רבונו־של־עולם. איך האב דעם פראשעק איינגענומען און

הויפענס. זענט איהר שוין פארטיג? קומט צו געהן א איד איין אײנבינדער און טהוט זיך א זאָג, אז דער אמת'ער גן־עדן איז נאָר פרייטאָג אין באָד. איך האָב עס אליין געהערט פון אונזער שכנה'ס מאַן, משה דעם איינבינדער, איך זאָל אזוי הערען אלדאָס גוטס! היינט געהט דערגעהט איין עק! מע זאָל, אשטייגער, פרעגען מיך, וואָלט איך געזאָגט, אז דער גן־עדן — דאָס איז מנשה דעם רופא'ס גאָרטען. זינט איהר לעבט, האָט איהר נאָך אזא גאָרטען ניט געזעהען. דאָס איז דער איינציגער גאָרטען ניט נאָר אויף אונזער גאַס, ניט נאָר ביי אונז אין שטאָדט, — איך האָב מורא, אז אויף דער גאַנצער וועלט איז ניטאָ נאָך אזא גאָרטען. נישט געוועזען און סע וועט ניט זיין! דאָס וועלען אייך אלע זאָגען. וואָס ווילט איהר, זאָל איך אייך באשרייבען פריהער: מנשה דעם רופא מיט זיין ווייב מנשה'כע די רופא'טע? צי איך זאָל אייך מאָהלען פריהער דעם גן־עדן, מיין איך דעם גאָרטען זייערען? איך רעכען, אז פריהער פון אלץ זאָל איך אייך דערצעהלען פון מנשה'ן מיט מנשה'כען. זיי זענען דאָך די בעלי־בתים, קומט זיי פריהער דער כבוד.

## ב.

מנשה דער רופא טראָגט סאַי ווינטער סאַי זומער א הענג־קאָלנער. ער טהוט נאָך דעם שווארצען דאָקטאָר. איין אויג האָט ער א קליינס, און דאָס מויל איז איהם, ניט אין מיין מאָס, א ביסעל אויף א זייט. דאָס הייסט, ניט א ביסעל, נאָר א סך, טאַקי גאָר א סך. פון א ווינטעל איז דאָס איהם געקומען. אזוי זאָגט מנשה דער רופא אליין. איך פארשטעה ניט, ווי אזוי ווערד דאָס פון א ווינטעל דאָס גאַנצע מויל אויף א זייט? וויפיעל ווינ־טען, גרויסע און קליינע, בין איך, אשטייגער, אויסגעשטאַנען אין מיין לעבען! דער גאַנצער קאָפּ וואָלט שוין אצינד באדאַרפט זיין

III

# וואָס וועט זיין פון מיר?

---

א.

אנו, טרעפט, וואו איז דער גן־עדן? איהר וועט ניט טרעפען. ווייסט איהר, פאַר וואָס? ווייל ביי איטליכען איז ער אויף איין אנדער אָרט. למשל, די מאַמע זאָגט, אז דער גן־עדן איז דאָרטען, וואו מיין טאַטע, פייסי דער חזן, געפינט זיך. דאָרטען, זאָגט זי, געפינען זיך אַלע עהרליכע נשמות, וואָס זענען נעבאַך אָפּגעקומען אויף דער וועלט; דערפאַר וואָס זיי האָבען ניט די וועלט, קומט זיי יענע וועלט. דאָס איז דאָך קלאָר, ווי דער טאָג. דער בעס־טער באַווייז איז טאַקי דער טאַטע מיינער. וואָרום וואו דען זאָל ער זיין, אז ניט אין גן־עדן? קאַרג האָט ער זיך אָנגעמוטשעט אויף דער וועלט?... אַזוי זאָגט די מאַמע מיינע און ווישט זיך בשעת מעשה די אויגען, ווי איהר שטייגער איז, אז זי רעדט פונ׳ם טאַטען. פרעגט־זשע אָבער ביי מיינע חברים, וועלען זיי אייך דערצעהלען מעשיות, אַז דער גן־עדן געפינט זיך ערגיץ אויף אַ באַרג פון סאַמע קרישטאָל, הויך ביז׳ן הימעל. יונגלעך לויפען דאָרט אַרום פראַנק און פריי, לערנען לערענט מען ניט, נאָר מע באָדט זיך גאַנצע טעג אין מילך און מע עסט האָניג מיט פולע

מיך דוקא אזוי. איינגעגעסענע ברואים — איהר האָט נאָך אַזעל־כע ניט געזעהען! פריהער האָב איך ביי זיי געהייסען: „מאָטעל מיט די לעפּצען". נאָכדעם: גלאָט „מיט די לעפּצען". שפּע־טער: „די לעפּצען". גאָר שפּעטער: „לעפּצען".

— לעפּצען! וואו זענט איהר געוועזן?

— לעפּצען! ווישט אָפּ די נאָז!

עס פאַרדריסט מיך און עס ברענט מיך, און איך וויין. דער־זעהט דער פּאָטער זייערער, פּעסי'ס מאַן, משה דער איינבינדער, אַז איך וויין, פרעגט ער מיך: וואָס וויין איך? זאָג איך איהם: ווי אַזוי זאָל איך ניט וויינען, אַז איך הייס מאָטעל און מע רופט מיך „לעפּצען"! פרעגט ער: ווער? זאָג איך: „ושתי". וויל ער שלאָגען „ושתי'ן", זאָגט „ושתי": ס'איז ניט איך, ס'איז „קלעצעל". וויל ער שלאָגען „קלעצלען", זאָגט „קלע־צעל": ס'איז ניט איך, ס'איז „קאָטער".

איינער אויפ'ן אַנדערען, דער אַנדערער אויפ'ן דריטען — אַ מעשה אָהן איין עק! איז זיך מיישב דער פּאָטער, משה דער איינ־בינדער, און לעגט זיי אַוועק אַלע איינציגווייז און שמייסט זיי אָפּ מיט אַ טאָוועל פון אַ „קרבן־מנחה" און זאָגט זיי:

— ממזרים! איך וועל אייך ווייזען, ווי אַזוי צו לצ'עווען פון אַ יתום! עס וועט אַ רוח אין אייער טאַטענ'ס ערד אַריין!...

אָט אַזוי. יעדער נעמט זיך אָן מיין קריוודע. אַלע, אַלע שטעלען זיך איין פאַר מיר.

מיר איז גוט — איך בין אַ יתום...

האָט מען א נאָמען געגעבען פּיטלען דערפאַר, ווייל ער קאָן ניט רעדען. בערעל איז א גרויסער נאַשער: אז מע גיט איהם א שטיקעל ברויט מיט שמאַלץ, זאָגט ער: „געב מיר נאָך". זרח'ען האָט מען געגעבען א מיאוסען נאָמען „שמיר־מיט־פּוטער" איבער א מיאוסען חסרון, וואָס ניט ער איז שולדיג. שולדיג קאָן זיין איז די מוטער, וואָס זי האָט דאָס פאַרלאָזט און קינדווייז ווינציג געצוואָגען. און אפשר איז זי אויך ניט שולדיג? איך וועל זיך ניט געהן שפּאַרען. שלאָגען זיך אודאי ניט! קורץ, ס'איז א שטוב, וואָס יעדער האָט א צונעמעניש. וואָס דאַרפט איהר מעהר — די קאַץ, שוין גאָר א שטומע צונג, שוין געווים גאָט די נשמה שולדיג, הייסט זי ביי זיי: „פייגע־לאה די גבאי'טע". איהר ווייסט, פאַרוואָס? דערפאַר, וואָס זי איז א גראָבע, און פייגע־לאה נחמן דעם גבאי'ס ווייב איז אויך א גראָבע. וויפיעל, מיינט איהר, האָבען זיי שוין געהאַפּט פּעטש דערפאַר, זיי זאָלען ניט רופען קיין קאַץ מיט א מענטשליכען נאָמען? ווי איין ארבעס אין וואַנט! האָבען זיי געגעבען עמיצען א צונעמעניש, איז פאַרפאַלען!

ה.

מיר האָבען זיי א נאָמען געגעבען — טרעפט ווי אזוי? „מאַטעל מיט די לעפּצען"... לעפּצען איז א דייטשעס וואָרט. אויף אונזער לשון הייסט דאָס „ליפּען". אפנים, זיי איז ניט געפעלען מיינע ליפּען. זיי זאָגען, אז איך עס, מאַך איך מיט די ליפּען. איך וואָלט וועלען זעהען יענעם מענטשען, וואָס זאָל עסען און ניט מאַכען מיט די ליפּען! איך בין ניט פון די האָנאָריסטע, וואָס מע טאָר זיי ניט אָנריהרען זייער כבוד. נאָר איך ווייס ניט פאַרוואָס — מיר איז דאָס צונעמעניש שטאַרק נישט געפעלען! און ווייל ס'איז מיר ניט געפעלען, רייצען זיי זיך מיט מיר און רופען

געבראָכען א האַנט מיט א פוס! מעגסט מיר גלויבען אויף נאמנות.

איך גלויב איהם אויף נאמנות. איך ווייס, אז איצט וועט ער מיך ניט אָנריהרען, ווייל איך בין א יתום.

מיר איז גוט — איך בין א יתום.

ד.

אונזער שכנה פעסי, זאָל מיר מוחל זיין, האָט געזאָגט א גרויסען ליגען. צוועלף, האָט זי געזאָגט, געהען ביי איהר צום טיש. לויט מיין רעכענונג, בין איך דער פערצעהנטער. אפנים, זי האָט פארגעסען אריינרעכענען דעם בלינדען פעטער ברוך. און אפשר האָט זי איהם ניט אריינגעשטעלט צווישען די עסערס דער־פאַר, ווייל ער איז שוין זעהר אַלט און האָט קיין צייהן ניט אויף צו קייען. איך וועל מיך ניט שפּארען. קייען קאָן ער נישט, דערפאַר אָבער שלינגט ער, ווי א גאַנז, און האַפּט. אלע האַפּען זיי. זייער האַפּען איז חוץ לדרך הטבע. איך האַפּ אויך. שלאָ־גען זיי מיך. מיט די פיס אונטער'ן טיש שלאָגען זיי מיך. מעהר פון אלע שלאָגט זיך ושתי. ושתי איז א רוצח. הייסען הייסט ער הערשעל, נאָר מחמת ער האָט א גאָלי אויפ'ן שטערן, האָט מען איהם א נאָמען געגעבען „ושתי“. אלע האָבען זיי דאָ נעמען און צונעמען: „קלעצעל“, „קאָטער“, „טשערנאָהוז“, „בופלאקס“, „פעטעלעלע, „געב־מיר־נאָך“, „שמיר־מיט־פוטער“...

האָט קיין יסורים ניט — יעדער נאָמען האָט זיך זיין שורש. פיני הייסט „קלעצעל“ דערפאַר, ווייל ער איז גראָב און קיילעכיג, ווי א קלעצעל. וועלוועל איז א שווארצער, רופט מען איהם „קאָ־טער“. חיים איז א בופלאקס, הייסט ער „בופלאקס“. מענדעל האָט א שפּיצעכיגע נאָז, איז ער א „טשערנאָהוז“. „פעטעלעלע“

פעסי איז נישט קיין גביר'טע. איהר מאן איז איין אײנ־בינדער און הייסט משה. ער האט א שם פאר'ן בעסטען בעל־מלאכה. דאס אליין איז אבער קארג. מע דארף נאך האבען מזל אויך. אזוי זאגט פעסי צו מיין מאמען. מיין מאמע גיט איהר נאך. זי זאגט, אז צום שלים־מזל דארף מען אויך האבען מזל. פאר א סימן נעמט זי מיך. אט בין איך א יתום, און אלע ווילען מיך. פארהאן בעלנים, וואס ווילען מיך צו זיך אויף שטענדיג, נאר ווי לאנג קרענקען איהרע שונאים, ווי לאנג זי וועט מיך אוועקגעבען אויף שטענדיג! אזוי זאגט די מאמע און וויינט. זי האלט זיך איין עצה מיט מיין ברודער אליהו.

— ווי מיינסט דו? זאל ער זיין דערווייל ביי פעסי'ן?

מיין ברודער אליהו איז שוין א גרויסער. אניט, וואלט מען זיך מיט איהם ניט געהאלטען קיין עצה. ער גלעט זיך מיט דער האנט דאס ריינע נאך ניט באוואקסענע פנים, גלייך ווי ער וואלט שוין געהאט א בארד, און רעדט ווי א גרויסער:

— מהיכי תיתי, אבי ער זאל נאר ניט זיין קיין שייגעץ.

און עס בלייבט, אז איך וועל זיין דערווייל ביי אונזער שכנה פעסי, נאר בתנאי, איך זאל ניט זיין קיין שייגעץ. אלסדינג הייסט ביי זיי א שייגעץ! אנהענגען דער קאץ א פאפיער אויפ'ן עק, זי זאל זיך דרעהען — הייסט ביי זיי א שייגעץ. קלאפען מיט א שטעקעל איבער די גראטעס פונ'ם גלח'ס הויף, אלע הינט זאלען זיך צונויפלויפען — הייסט ביי זיי א שייגעץ. אפשטע־קען ביי לייבקע דעם וואסער־פיהרער דעם צאפען פון דעם פאס, ס'זאל אויסלויפען העכער האלב וואסער — הייסט ביי זיי א שייגעץ.

— דיין גליק, וואס דו ביזט א יתום! — זאגט צו מיר לייבקע דער וואסער־פיהרער. — אניט, וואלט איך דיר איבער־

קומען דריי גראָשען, אָנדערהאַלבען קאָפּיקעס. עס געהט נישט צו־פּוס... קיין פּיש זאָלט איהר ניט זוכען. אַמאָל איז געווען פּיש אויך, היינט איז נישטאָ. איך יאָג זיך ניט נאָך קיין פּיש. איך בין צופריעדען, עס זאָל חאַטש זיין פּיאַווקעס. ניט אַלע מאָל איז דאָ פּיאַווקעס. היינטיגען זומער איז ניט געווען איין פּיאַווקע! פון וואַנען האָט זיך דערוואוסט מיין ברודער אליהו, אַז איך חאַפּ פּיש — ווייס איך ניט. ער האָט מיר שיער ניט אָפּגעריסען איין אויהער פאַר די פּיש. א גליק, וואָס פּעסי די גראָבע, אונזער שכנה, האָט דערזעהען. איין אייגענע מאַמע דאַרף זיך אזוי ניט איינשטעלען פאַר איהר קינד.

— אַט אזוי שלאָגט מען א יתום?...

מיין ברודער אליהו האָט זיך פאַרשעמט און האָט מיר אָפּ־געלאָזט דעם אויהער. אַלע שטעלען זיך איין פאַר מיר. מיר איז גוט — איך בין א יתום.

ג.

אונזער שכנה פּעסי די גראָבע האָט זיך אין מיר פאַר־ליעבט. זי האָט זיך צוגעטשעפּעט צו דער מאַמען, ווי א קלעשטש, איך זאָל דערווייַלע זיין ביי איהר, ביי פּעסי'ן הייסט עס.

— וואָס ווערט אייך אהרען? — האָט זי גע'טענה'ט. — עס געהען ביי מיר צום טיש צוועלף, וועט ער זיין א דרייצעהנ־טער. ביי דער מאַמען האָט זי קוים גע'פּועל'ט. האָט זיך אָבער ארויסגעשטעלט מיין ברודער אליהו.

— ווער וועט אויף איהם אכטונג געבען, ער זאָל געהן זאָ־גען קדיש?

— איך וועל אכטונג געבען, ער זאָל געהן זאָגען קדיש. נו, שוין? האָט איהר צו מיר גאָרניט?

## ב.

מזל טוב! איך קאָן שוין גאַנץ קדיש אויף אויסענווענינ. רבנן־קדיש אויך. אין שוהל שטעה איך אויף אַ באַנק און קלאַפּ דעם קדיש, ווי אַ מזיק. אַ קול־נגינה האָב איך אויך, בירושה פון מיין טאַטען, אַיין אמת'ע סאָפּראַנאָ. אַלע יונגלעך שטעלען זיך אוים אַרום מיר און זענען מיר מקנא. ווייבער וויינען. בעלי־בתים שענקען מיר אַ קאָפּיקע. יאָסי דעם נגיד'ם יונגעל, העניך מיט'ן אויגעל (ער איז אַ מורא'דיגער ניט־פאַרגינער!), אַז עס קומט צו רבנן־קדיש, שטעלט ער מיר אַרוים אַ צונג, — ער וויל, ער געהט־אוים, ער חלש'ט, איך זאָל מיך צעלאַכען. איהם אויף צו־להכעים וועל איך ניט לאַכען! האָט דעזעהען אהרן דער שמש, האָט ער איהם גענומען פאַר איין אויהער און האָט איהם צוגע־פיהרט צו דער טיר. אַ מצוה אויף איהם! מחמת איך זאָג קדיש אין דער פריה און אויף דער נאַכט, געה איך שוין מעהר ניט צו הערש־בער דעם חזן און טראָגט מיך ניט אום מיט זיין דאָבצי'ן. איך בין פריי. אַ גאַנצען טאָג געפּין איך מיך ביי'ם טייך — אָדער איך חאַפּ פּיש, אָדער איך באָד מיך. חאַפּען פּיש האָב איך מיך אויסגעלערענט פון זיך אַליין. אַז איהר ווילט, קאָן איך אייך אויך אויסלעהרנען. מע טהוט־אוים דאָס העמד און מע פאַרקניפּט דעם אַרבעל און מע געהט פּאַוואָלי ביז'ן האַלז אין וואַסער. מע דאַרף געהן לאַנג — לאַנג. אַז איהר פּיהלט, אַז דאָס העמד איז שוועהר, איז אַ סימן, אַז ס'איז פול, געהט איהר אַרוים וואָס גיכער און טרייסעלט־אוים דאָס גאַנצע גראָז מיט דער בלאָטע און קוקט זיך גוט צו. אין גראָז ליגען פאַר־פּלאָנטעט אָפּטמאָל קליינע זשאַבקעלעך — וואַרפט זיי אריין צוריק אין וואַסער אריין, ס'אַ צער בעלי־חיים. אין דער גע־דיכטער בלאָטע קאָנט איהר אַמאָל געפינען אַ פּיאַווקע. פּיאַוו־קעס איז געלט — פאַר אַ צעהנדליג פּיאַווקעלעך קאָנט איהר באַ־

ביז „ויצמח פורקניה" איז נאָך ווי עס איז, און קומט צו „ויצמח פורקניה", פאַרטשעפּעט איך מיך. דערלאַנגט ער מיר מיט'ן עלענבויגען און זאָגט מיר, אַז דער קאָפּ איז מיר, אַפּנים, ערגיץ אין דרויסען (גליַיך ווי געטראָפען), אָדער ערגיץ ביי'ם קעלבעל (גליַיך ווי ער איז געווען דערביי)... ער פוילט זיך ניט און חזר'ט איין מיט מיר נאָך אַ מאָל. איך האָב מיך קוים דער־שלאָגען ביז „לעילא ולעילא מן כל ברכתא ושירתא תושבחתא" — און ווייטער נישט אַ טראָט! ער נעמט מיך אָן פאַר'ן אויהער און זאָגט, אַז דער טאַטע זאָל אויפשטעהן און זעהען, וואָס פאַר אַ זוהן ער האָט!...

— וואָלט איך פאַרשפּאָרט זאָגען קדיש...

אַזוי זאָג איך צו מיין ברודער אליהו און כאַפּ פון איהם אַ געשמאַקען פּאַטש מיט דער לינקער האַנט אין דער רעכטער באַק אריין. דערהערט די מאַמע און גיט איהם אַ פּסק, ער זאָל מיך ניט שלאָגען, וואָרום איך בין אַ יתום.

— גאָט איז מיט דיר! וואָס טהוסט דו? וועמען שלאָגסט דו? האָסט פאַרגעסען, אַפּנים, אַז דאָס קינד איז אַ יתום?!

שלאָפען שלאָף איך מיט דער מאַמען אינ'ם טאַטענ'ס בעט — דאָס איינציגע שטיקעל מעבעל אין שטוב. די קאָלדרע גיט זי אָפּ כמעט אינגאַנצען מיר.

— דעק דיך איין, זאָגט זי צו מיר, און ווער אַנשלאָפען, מיין טייערער יתום. עסען איז ניטאָ וואָס...

דעקען דעק איך מיך איין, אָבער שלאָפען שלאָף איך ניט. איך חזר מיר דעם קדיש, אויף אויסענווייניג. אין חדר געה איך ניט, לערנען לערען איך ניט, דאַווענען דאַווען איך ניט, זינגען זינג איך ניט. פּטור פון אַלסדינג.

מיר איז גוט — איך בין אַ יתום.

II

# מיר איז גוט — איך בין אַ יתום!

א.

פון זינט איך בין צו מיין שכל געקומען, געדענק איך ניט, איך זאָל זיין אַזאַ מיוחס, ווי אַצינד. וואָס איז מיט מיר דער יחוס? — מיין טאַטע, פּייסי דער חזן, ווייסט איהר דאָך, איז געשטאָרבען דעם ערשטען טאָג שבועות, און איך בין געבליבען אַ יתום.

פון דעם ערשטען טאָג נאָך שבועות האָבען מיר אָנגעהויבען זאָגען קדיש — איך און מיין ברודער אליהו. ער טאַקי האָט מיך אויסגעלעהרענט זאָגען קדיש.

מיין ברודער אליהו איז אַ געטרייער ברודער, אָבער נישט קיין גוטער רבי. ער איז אַ כעסן, ער שלאָגט זיך! ער האָט אויפגעעפענט אַ סדור און האָט זיך אַוועקגעזעצט מיט מיר און האָט אָנגעהויבען מיט מיר שטודירען:

— יתגדל ויתקדש שמיה רבה... ער וויל, אַז איך זאָל שוין קאָנען אויסענוועניג. ער חזר'ט־איבער מיט מיר נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, פון אָנהויב ביז'ן סוף, און הייסט מיר, אַז איצט זאָל איך שוין זאָגען אַליין. איך זאָג אַליין, אָבער עס געהט ניט.

און מיט א מאָל ווערד מיר אַלץ קלאָר. און עס טהוט מיר א קלעהם דאָס הארץ, א ציה ביי דער נשמה, און עס גלוסט זיך מיר וויינען, און איך וויים ניט אויף ועמען... און רחמנות האָב איך אויף דער מאמע, און איך קאָן ניט זעהען ווי זי וויינט, און ווי זי חלש'ט, און ווי זי צאַפּעלט ביי מיין ברודער אויף די הענט. און איך פאַרלאָז מיין פּלאַץ, מיט מיין וויינגאָרטען, און איך געה־צו צו איהר פון הינטען, און איך זאָג איהר מיט'ן זעלבען לשון, וואָס מיין ברודער אליהו, און טרערען קאַפּען פון מיינע אויגען:

— מאמע! היינט איז יום־טוב, מאמע, היינט איז שבועות, מאמע! מאמע, מע טאָר ניט וויינען, מאמע!...

יאָסי מאַכט מיט די הענד, בײזערט זיך אויף דער מאַמע און טענה'ט:

— סטייטש, סטייטש! וואָס האָט מען מיר ניט געזאָגט, אַז פּייסי דער חזן איז אַזוי סלאַף? (ער קאָן ניט אויסרעדען קיין שין). וואָס האָט איהר געסוויגען?

— וואָס זאָל איך שרייען? — פאַרענטפערט זיך פאַר איהם די מאַמע און גיסט מיט טרערען. — די גאַנצע שטאָדט האָט געזעהען, ווי איך מוטשע מיך, געוואָלט איהם ראַטעווען... און ער אַליין האָט אויך געבעטען זיך, מע זאָל איהם ראַטעווען...

און די מאַמע קאָן נישט רעדען ווייטער, פאַרברעכט מיט די הענט, פאַרוואַרפט מיט'ן קאָפּ. מיין ברודער אליהו חאַפּט זי אונטער:

— מאַמע! וואָס דאַרפסט דו זיך פאַרענטפערען? מאַמע! פאַרגעס ניט, מאַמע, ס'איז יום־טוב, ס'איז שבועות, מע טאָר ניט ווײנען, מאַמע!...

און יאָסי דער נגיד הערט ניט אויף צו פייערען אויף מיין מאַמע:

— וואָס דערצעהלט איהר מיר — די גאַנצע סטאָדט! ווער איז די סטאָדט? זאָגען זאָלט איהר מ י ר! למען השם, צו מיר! אַלסדינג אויף מיין חשבון! חברה קדישא, סאַמאָסים, תכריכים — אַלץ אויף מיר, אַלסדינג אויף מיין חשבון!... און טאָמער דאַרף מען עפּיס טהון פאַר די יתומים, זאָלט איהר געהן צו מיר, איהר זאָלט זיך גאָר ניט סעמען!

יאָסי דעם נגיד'ס ווערטער באַרוהיגען אָבער ווינציג־וואָס מיין מאַמע. זי האַלט אין איין יאָמערען און אין איין חלש'ען ביי מיין ברודער אליהו אויף די הענט. און מיין ברודער אליהו, וואָס האַלט אַליין אין ווײנען, הערט נישט אויף צו דערמאָנען איהר, אַז „היינט איז יום־טוב, מאַמע, היינט איז שבועות, מאַמע! מאַמע, מע טאָר ניט ווײנען, מאַמע!"...

קריגעלע — א קנאַק אָן שטערן, נאָך א קריגעלע — א קנאַק אָן שטערן... אַלע זענען מיר מקנא. אפילו יאָסי דעם נגיד׳ס יונגעל, העניך מיט׳ן אויגעל, פאַרגינט מיר ניט מיין גוטס. ער געהט פאַרביי אין זיינע נייע ליוסטרינענע מלבושים׳לעך און ווייזט מיר אויף מיינע הויזען און לאַכט און קרימט דאָס אויגעל און זאָגט צו מיר:

— זעה נאַר, זאָלסט עפּיס ניט פאַרלירען...

— געה בעסער אוועק מיט גוטען, — זאָג איך איהם — אניט, רוף איך אַרוים מיין ברודער אליהו!...

פאַר מיין ברודער אליהו האָבען אַלע יונגלעך דרך־ארץ, און העניך מיט׳ן אויגעל טראָגט זיך אָפּ, און איך בלייב ווידער אַליין, ווידער דער זעלבער פּרינץ ביי זיך אין וויינגאַרטען... איין עבירה נאַר, וואָס „מעני" איז דאָ ניטאָ! אונזער שכנ׳ס קעלבעל איז שוין מעהר קיין קעלבעל, ס׳איז שוין א „סקאַטינאַ" (אַזוי זאָגט אונזער שכנה פּעסי). וואָס הייסט דאָס א סקאַטינאַ? און צוליעב וואָס האָט מען דאָס פאַרקויפט צום קצב? שוין זשע אויף אוועקצוקוילען? צוליעב דעם איז דאָס געבוירען געוואָרען, מע זאָל דאָס נאָכדעם קוילען?... צו וואָס ווערד געבוירען א קעלבעל און צו וואָס ווערד געבוירען א מענטש?...

פּלוצים דערהער איך פון שטוב אַרויס א מאָדנע אויסגעשריי מיט א געוויין... איך דערקען דער מאַמע׳ס קול... איך הויב אויף די אויגען — איין איינגעלויף ביי אונז אין שטוב... אידען און ווייבער... דער אַרוים, דער אַריין... איך ליג אויף א קלאָץ מיט׳ן בויך אַראָפּ. מיר איז גוט!... שאַט־שאַט! אָט געהט יאָסי דער נגיד! יאָסי דער נגיד איז גבאי אין דער קצב׳ישער קלויז, דאָרט וואו מיין טאַטע איז חזן שוין דריי און צוואַנציג יאָהר. יאָסי איז אַליין געוועזן אַמאָל א קצב. היינט האַנדעלט ער מיט אָכסען און מיט פעל און איז א נגיד, א גרויסער נגיד!

וואָס איז שוין געוואָרען א „סקאַטינגע“, ביי׳ם טייכעל, וואָס רוישט דאָרט באַרג־אַראָפּ, אָדער גאָר אין דער הויכער, ברייטער, טיעפער, בלויער יאַרמעלקע, וואָס מע רופט דאָס הימעל...

ח.

דאָס ביסעל „מילכיגס“, וואָס אונזער שכנה, פּעסי די גראָבע, האָט אונז „אויסגעליהען“, איז אונז, נישקשה, צונוץ געקומען. איך און מיין ברודער אליהו האָבען דאָס געמאַכט א מילכיגע סעודה, געטונקען ביידע פון איין שאָל פרישע חלה אין דער קאַלטער סמעטענע, און ס׳איז טאַקי געווען גאָר ניט שלעכט.

„איין חסרון, וואָס אזוי ווינציג“. — האָט באַמערקט מיין ברודער אליהו, וואָס איז דעם טאָג געווען זעהר האָפּערדיג, אזוי האָפּערדיג, אז ער האָט מיר צוליעב געטהאָן, איך זאָל ניט געהן אזוי גיך צוריק צו הערש־בער דעם חזן און איך זאָל זיך נאָך אביסעל שפּיעלען אין דער היים.

— דו ביזט דאָך ביי אונז איין אורח אויף שבועות, — האָט ער מיר געזאָגט און ערלויבט צו שפּיעלען זיך אין דרויסען אויף די קלעצער, נאָר מיט א תנאי, איך זאָל ניט קלעטערען צו פיעל און חלילה ניט צערייסען די איינציגע פּאָר הויזלעך.

האַ־האַ־האַ! נישט צערייסען די איינציגע פּאָר הויזלעך? נישטאָ ווער ס׳זאָל לאַכען, ווי איך בין א איד! איהר זאָלט זעהען א פּאָר הויזלעך — נו־נו! לאָמיר בעסער ניט רעדען פון קיין הויזען!... לאָמיר בעסער רעדען פון יאָסי דעם נגיד׳ס קלעצער. אי, קלעצער, קלעצער! יאָסי דער נגיד מיינט, אז די קלעצער זענען זיינע קלעצער. א נעכטיגער טאָג! די קלעצער זענען מ י י נ ע קלעצער! איך האָב מיר געמאַכט פון זיי א פּאַלאַץ מיט א וויינגאָרטען. איך בין דער פּרינץ. דער פּרינץ שפּאַציערט אַרום פראַנק און פריי ביי זיך אין וויינגאָרטען, רייסט־אָפּ א

— איהר ווילט וויסען, וואו האלט דער זייגער? אהן פיער האלב עלף. וויפיעל איז ביי אייך?

— מיין זייגער שטעהט. — ענטפערט איהם מיין ברודער אליהו און ווערד מאדנע רויט פון דעם שפיץ נאז ביז אויף יענער זייט אויהערען.

די מאמע רוהט ניט. זי וואלט געהרען, מע זאל שוין באטראכטען דעם חולה און איהם עפּיס פארשרייבען... דער דאקטאר האט אבער צייט. ער פרעגט זיך אוים ביי דער מאמען זייטיגע ענינים: ווען איז מיין ברודער'ס חתונה? און וואס זאגט הערש־בער דער חזן אויף מיין שטים? ביי מיר דארף זיין, זאגט ער, א גוטע שטים. א שטים, זאגט ער, געהט בירושה. די מאמע עקט זיך! מיט א מאל מהוט זיך דער דאקטאר א דרעה־אוים מיט'ן בענקעל צום קראנקען טאטען, נעמט איהם אן ביי דער טרוקענער הייסער האנט:

— נו, חזן, ווי אזוי דאוועגט מען עפּיס ביי אונז היינטיגען שבועות?

— א דאנק גאט! — ענטפערט איהם דער טאטע מיט א שמייכעל פון א מת.

— דהיינו? ווינציגער געהוסט? גוט געשלאפען? — פרעגט איהם דער דאקטאר און בויגט זיך איין צו איהם גאנץ נאהענט.

— ניין! — ענטפערט איהם דער טאטע, קוים וואס ער חאפט דעם אטהעם. — אדרבה... הוסטען הוסט מען... און שלאפען שלאפט מען דוקא ניט... נאר דאנקען גאט... ס'איז שבועות... אזא טאג... מקבל געווען די תורה... היינט א גאסט... א גאסט אויף שבועות...

אלעמענ'ס אויגען קוקען אויפ'ן „גאסט", און דער „גאסט" קוקט אראפ אויף דער ערד, און דער קאפ איז איהם אין דרויסען, ערגיץ ביי די קלעצער, ביי די שטעבעלקעס, וואס שטעכען, ביי די קריגעלעך, וואס קנאקען, ביי'ם שכנ'ס קעלבעל דעם בר־דעת,

שטרײכטע, פרעמדע האָר. די שװאַרצע אױגען זיצען טיעף, װי אַרײנגעפּאַסטע, פרעמדע אױגען. די צײהן זעהען־אױס, װי אַרײנגעזעצטע, פרעמדע צײהן. דער האַלז איז אַזױ דין, אַז קוים װאָס דער קאָפּ האַלט זיך אײן אױף איהם. אַ גליק, װאָס ער קאָן ניט זיצען... מיט די ליפּען מאַכט ער עפּים מאָדנע, װי אַ מענטש בשעת ער שװײמט: מפּפּו!... ער לעגט־אַרױף אױף מײן פּנים אַ הײסע האַנט מיט בײנעריגע פינגער, דאָס פּנים מאַכט אַ קרומען שמײכעל, װי אַ מת.

אין דעם קומט־אָן די מאַמע. נאָך איהר דער דאָקטאָר, דער פרײליכער שװאַרצער דאָקטאָר מיט די גרױסע װאָנסעס. ער באַגעגענט מיך, װי אײן אַלטען גוטען ברודער. ער איז מיך מכבד מיט אַ שנעל אין בײכעל און מאַכט צום טאַטען פרײליך:

— איהר האָט אַ גאַסט אױף שבועות? גאָט ליעב אײך מיט אײער גאַסט!

— אַ דאַנק! — זאָגט די מאַמע און װינקט צום דאָקטאָר, ער זאָל באַטראַכטען דעם חולה און זאָל איהם עפּים פאַרשרײבען. דער שװאַרצער דאָקטאָר עפענט דאָס פענסטער מיט אַ רעש און בײזערט זיך אױף מײן ברודער אליהו, פאַר װאָס מע האַלט דאָס פענסטער צו.

— איך האָב אײך טױזענד מאָל געזאָגט, אַז אַ פענסטער האָט ליעב, אַז מע האַלט איהם אָפען!

מײן ברודער אליהו װינקט אױף דער מאַמען, אַז דאָס איז די מאַמע שולדיג: זי לאָזט נישט עפענען קײן פענסטער, האָט מורא פאַר'ן טאַטען, ער זאָל זיך חלילה נישט פאַרקיהלען. די מאַמע װינקט צום דאָקטאָר, ער זאָל שױן באַטראַכטען גיכער דעם חולה און זאָל איהם עפּים פאַרשרײבען... דער שװאַרצער דאָקטאָר נעמט־אַרױס דעם זײגער, אַ גרױסען גאָלדענעם זײגער. מײן ברודער אליהו קוקט זיך אײן מיט בײדע אױגען אינ'ם דאָקטאָר'ס זײגער. דער דאָקטאָר באַמערקט דאָס.

— גאָט איז מיט אייך, פּעסי! וואָס טהוט איהר דאָס? וואָס זענען מיר? חלילה עפּים וויים איך ווער? איהר קענט מיך נישט?

— אדרבה, — פאַרענטפערט זיך פּעסי — טאַקי ווייל איך קען אייך. דאָס בהמה׳לע, קיין עין־הרע ניט, האָט זיך די לעצטע צייט פאַרריכט. פאַרהאַן, קיין עין־הרע, קעז און פּוטער. איך לייה אייך אויס... איהר וועט מיר, אם ירצה השם, אָפּגעבען...

און פּעסי די שכנה רעדט נאָך לאַנג מיט דער מאַמען, און מיר ציהט דאָס הארץ צו די קלעצער, צום קעלבעל, צום קעלבעל, צום קעלבעל!... איך זאָל מיך ניט שעמען, וואָלט איך מיך צעוויינט...

— אז דער טאַטע וועט דיך פרעגען, זאָלסט דו זאָגען: א דאַנק גאָט!

אזוי זאָגט מיר אָן די מאַמע, און מיין ברודער אליהו גיט דאָס מיר צו פאַרשטעהן א ביסעל ברייטער:

— זאָלסט זיך ניט באַקלאָגען, ניט דערצעהלען קיין פּזמונות, נעבטיגע טעג. זאָלסט נאָר זאָגען: א דאַנק גאָט. דו הערסט, וואָס מע רעדט צו דיר?

און מיין ברודער אליהו פיהרט מיך אריין אין קראַנקען חדר. דער טיש איז אָנגעשטעלט מיט פלעשעלעך, פּידעלעך, באַנקעלעך. סע שמעקט אַפּטייק. דאָס פענסטער איז צוגעמאַכט. לכבוד שבועות האָט מען איהם צוגעקליבען דעם חדר מיט גרינס, צו־קאָפּעגס איבער׳ן בעטעל האָט מען איהם אויפגעהאַנגען א מגן־דוד פון „ליוביסטיק״. דאָס איז מיין ברודער אליהו׳ס ארבייט. אויף דער ערד איז אויסגעשפּרייט שמעקענדיג גראָז. דער טאַטע דערזעהט מיך, רופט מיך צו צו זיך מיט א לאַנגען דארען פינגער. מיין ברודער אליהו שטופּט מיך אונטער. איך געה־צו צום טא־טען. איך האָב איהם קוים דערקענט. דאָס פּנים ווי לעהם. די גרויע האָר גלאַנצען, שטאַרצען איינציגווייז, ווי אריינגע־

אַזוי זאָגט די מאַמע צו דער גאַנצער כנופיה װײַבער, און צום שכנ'ס װײַב, צו פּעסין, זאָגט זי עקסטרא, שטילערהייד. בשעת פּעסי שאָקעלט מיט'ן קאָפּ:

— אַ שטאָדט! עמיצער זאָל זיך אפילו אַרומקוקען... דרײַ און צװאַנציג יאָהר אָפּגעקלאָפּט בײַ'ם עמוד... דאָס געזונט אװעק־געלעגט... איך װאָלט איהם אפשר ראַטעװען — נישטאָ מיט װאָס... אַלץ, ברוך השם, פאַרקױפט... דאָס לעצטע קישעלע... דאָס קינד באַשטעלט בײַ אַ חזן... אַלץ צוליעב איהם... אַלץ צו־ליעב'ן קראַנקען...

אַזוי באַקלאָגט זיך די מאַמע פאַר איהר שכנה פּעסי, שטע־הענדיג אין דרױסען. איך דרעה דעם קאָפּ אויף אַלע זײַטען.

— װעמען זוכסט דו? — מאַכט צו מיר די מאַמע.

— װעמען זוכט אַ קונדס? דאָס קעלבעל מן הסתם...

אַזוי זאָגט פּעסי אונזער שכנה און מאַכט צו מיר מיט אַ מאָדנע פרײַנדשאַפט:

— ע, יונגעלע! נישטאָ קײן קעלבעל! געמוזט פאַרקױפען דאָס דעם קצב. אַ ברירה האָט מען? גענוג אז מע דאַרף האָ־דעװען אײן סקאַטינע — נאָך צװײ סקאַטינעס טראָגען אויפ'ן קאָפּ!...

איז שוין בײַ איהר דאָס קעלבעל, דאַנקען גאָט, אויך גע־װאָרען אַ סקאַטינע?...

אַ מאָדנע אידינע אָט די פּעסי. אומעטום שטופּט זי אַרײַן איהר נאָז. זי דאַרף װיסען, צי האָבען מיר אַ מילכיגע סעודה?

— אָקעגען װאָס פרעגט איהר דאָס? — פרעגט בײַ איהר די מאַמע.

— גלאַט אַזוי! — זאָגט פּעסי, הױבט אויף די שאָל און שטופּט דער מאַמען אַ טעפּעל מיט סמעטענע. די מאַמע שטופּט־אָפּ דאָס טעפּעל מיט בײדע הענט.

— גערענק זשע, למען השם, תיכף נאָכ'ן עסען!...

— קום! וועסט זיך זעהן מיט'ן טאַטען! — אזוי זאָגט צו מיר מיין ברודער אליהו, און מיר געהען אהיים אין צווייען. ער געהט, און איך שפּרינג. איך לויף, איך פליה.

— האָב צייט! וואָס פליהסט דו אזוי? — זאָגט צו מיר מיין ברודער אליהו און האַלט מיך צו. איהם ווילט זיך, אפנים, מיט מיר א ביסעל רעדען.

— דו ווייסט? דער טאַטע איז קראַנק, זעהר־זעהר קראַנק!... גאָט ווייסט, וואָס ס'וועט זיין מיט איהם... מע דאַרף איהם ראַטעווען, ניטאָ מיט וואָס... קיינער וויל ניט העלפען... אין „הקדש" וויל די מאַמע איהם נישט לאָזען בשום אופן! זי וועט פריהער שטאַרבען, זאָגט זי, איידער לאָזען איהם אין הקדש!... שאַ, אָט געהט די מאַמע.

ז.

מיט אויסגעשטרעקטע הענט געהט אונז די מאַמע אַקעגען, פאַלט מיר אויפ'ן האַלז, און איך פיהל אויף מיינע באַקען א פרעמדע טרער. מיין ברודער אליהו געהט צום קראַנקען טאַטען, און איך מיט דער מאַמען בלייבען שטעהן אין דרויסען. מע האָט זיך אונז ארומגעשטעלט פון אַלע זייטען: אונזער שכנ'ס ווייב פעסי די גראָבע, און איהר טאָכטער מינדעל, און איהר שנור פערעל, און נאָך א צוויי ווייבלעך.

— איהר האָט א גאַסט אויף שבועות? גאָט ליעב אייך מיט אייער גאַסט!

די מאַמע לאָזט־אראָפּ די אָנגעשוואָלענע אויגען.

— א גאַסט. משטיינס געזאָגט, א קינד. געקומען געוואָהר ווערען דעם קראַנקען טאַטען. פאַרט א קינד...

איך רוים מיר איין דאס געזונט, זי טראגנענדיג. דאבצי האט מיך ליעב. זי חאפט מיך ארום מיט איהרע דארע הענטלעך און טשעפעט זיך אן מיט די דינע פינגערלעך. זי רופט מיך „קיקא". וואס עפיס קיקא, ווייס איך ניט. דאבצי האט מיך ליעב. לאזט מיך ניט שלאפען גאנצע נעכט: „קיקא, קי!" — דאס הייסט, איך זאל זי וויעגען. דאבצי האט מיך ליעב. אז איך עס, רייסט זי ביי מיר פונ'ם מויל: „קיקא, פי!" — דאס הייסט: געב עס מיר!... עס ציהט מיך אהיים. דאס עסען איז דא אויך ניט אי־אי־אי... יום־טוב. שבועות אויף דער נאכט. עס ווילט זיך געהן אין דרויסען זעהן, ווי דער הימעל שפאלט זיך. דאבצי לאזט ניט. דאבצי האט מיך ליעב: „קיקא, קי!" — איך זאל זי וויעגען. איך וויעג זי און וויעג זי און ווער אנשלאפען. און עס קומט צו מיר א גאסט — מעני דעם שכנ'ס קעלבעל, קוקט אויף מיר מיט אויגען, ווי א בר־דעת, און זאגט מיר: קום! און מיר לאזען זיך געהן בארג־אראפ, צום טייך. נישט לאנג גע־טראכט, פארקאטשע איך די הויזלעך: האפ! איך בין שוין אין טייך. איך שווים, און מעני שווימט מיר נאך. אויף יענער זייט איז גוט. ניטא קיין חזן, ניטא קיין דאבצי, ניטא קיין קראנקער טאטע... איך חאפ זיך אויף — ס'איז נאר א חלום. אנטלויפען! אנטלויפען! ווי אזוי אנטלויפט מען? וואוהין? אהיים, געוועהנטליך. הערש־בער דער חזן איז שוין אבער אויפגעשטאנען פריהער פון מיר. ער האט א גרויסען קאַ־מערטאן, פרובט איהם מיט די צייהן, טראגט־צו צום אויהער. ער הייסט מיר אנטהון זיך אויף גיך און געהן מיט איהם אין שוהל. מע וועט היינט צו מוסף זאגען „איין אויסגעשטעלטע זאך". אין שוהל זעה איך מיין ברודער אליהו. ווי קומט ער אהער? ער דאווענט דאך גאר ביי די קצבים, דארט וואו דער טאטע איז חזן! וואס באדייט עס?... מיין ברודער אליהו רעדט עפיס מיט הערש־בער דעם חזן. הערש־בער דער חזן איז ניט צופריעדען. ער זאגט:

ברודער, אז איך האָב אַ „סאַפּראַנאַ". מיין ברודער זאָגט, אַז ניט נאָר אַ סאַפּראַנאַ, נאָר אַ סאַפּראַנאַ שבסאַפּראַנאַ!... מיין ברודער אליהו דינגט זיך מיט איהם, נעמט איין אויפגאַב און זאָגט מיר, אַז איך בלייב שוין דאָ, ביי רב הערש־בער דעם חזן. איך זאָל איהם פאָלגען, זאָגט ער, און איך זאָל ניט בענקען!...

איהם איז גרינג צו זאָגען, איך זאָל נישט בענקען! ווי אַזוי זאָל איך ניט בענקען זומער־לעבען? די זון באַקט, דער הימעל איז ווי אַ קרישטאָל, די בלאָטע האָט שוין לאַנג אויסגעטריקענט. אין דרויסען ביי אונז נעבען שטוב ליגען קלעצער. נישט אונזערע, דאָס איז יאָסי דעם נגיד'ס קלעצער. ער קלויבט זיך בויען אַ שטוב, האָט ער צוגעגרייט קלעצער, האָט ער ניט וואו זיי אָפּצו־לעגען, האָט ער זיי אָפּגעוואָרפען נעבען אונז. לאַנג לעבען זאָל ער, יאָסי דער נגיד! וואָרום פון די קלעצער קאָן איך מיר מאַכען אַ „קרעפּאָסט", און צווישען די קלעצער וואַכסען שטעבעלקעס מיט קריגעלעך. די שטעבעלקעס זענען גוט אויף צו שטעכען, און די קריגעלעך בלאָזט מען אָן און מע טהוט זיי אַ קנאַק אָן שטערן — פּלאַצען זיי.

מיר איז גוט. מעני'ן, אונזער שכנ'ס קעלבעל, איז אויך גוט. איך און מעני זענען די איינציגע בעלי־בתים אָט דאָ, „אינ־ווייניג אין דרויסען", און ווי אַזוי זאָל איך ניט בענקען נאָך מעני'ן, אוזער שכנ'ס קעלבעל?...

## ו.

עס איז שוין באַלד דריי וואָכען, ווי איך בין ביי הערש־בער דעם חזן, און זינגען זינג איך כמעט גאָר ניט. איך האָב איין אַנדער ארבייט. איך טראָג מיך ארום מיט זיין דאָבצי'ן. דאָבצי איז אַ קינד אַ חויקער. קיין צוויי יאָהר אַלט, און פון דעסט־וועגען איז זי, קיין עין־הרע, אַ שווערינקע, שווערער פון מיר.

## 19

## קווינט און יום־טוב — מע טאר נישט וויינען!

— שוין? דו האסט זיך שוין ווידער צונויפגעסקאמפאניעט מיט'ן קעלבעל? קאנסט זיך גאר ניט צעשיידען מיט דיין טייערען חבר?

אזוי זאגט צו מיר מיין ברודער אליהו שוין אהן קללות און נעמט מיך פאר א האנט און זאגט, אז ער געהט מיט מיר צו הערש־בער דעם חזן. ביי הערש־בער דעם חזן, זאגט ער, וועט מיר זיין גוט. ערשטענס, זאגט ער, וועל איך האבען וואס צו עסען. אין דער היים איז ניט גוט, זאגט ער; דער טאטע, זאגט ער, איז קראנק, מע הארף איהם, זאגט ער, ראטעווען. מיר ראטעווען איהם, זאגט ער, ווי ווייט מיר קאנען. און מיין ברודער אליהו צעשפיליעט די קאפאטע און ווייזט מיר אויף זיין זשילעט:

— אט האב איך געהאט א זייגער, א מתנה פון מיין מחותן, האב איך איהם פארקויפט. דער מחותן זאל וויסען, וואלט זיך געטהאן חושך! די וועלט וואלט זיך איבערגעקעהרט!...

איך דאנק און לויב גאט, וואס זיין מחותן ווייסט ניט פונ'ם זייגער און וואס די וועלט קעהרט זיך נאך ניט איבער. וועה! וועה! ווען חלילה, די שעה זאל גאר ניט זיין, עס קעהרט זיך איבער די וועלט, וואס וואלט דעמאלט זיין מיט מעני'ן, מיט'ן שכנ'ס קעלבעל? א שטומע צונג!...

— אט זענען מיר געקומען! — מאכט צו מיר מיין ברודער אליהו, וואס ווערד צו מיר אלע מינוט מעהר צוגעלאזט און פריינדליך.

הערש־בער דער חזן איז א איד א „מנגן". דאס הייסט, ער אליין קאן ניט זינגען; ער האט נעבאך קיין קול נישט. אזוי האב איך געהערט פון טאטען. נאר ער פארשטעהט נגינה. און זינגערלעך האט ער א שטיקלעך פופצעהן, און איז א בייזער מענטש — סכנות! ער פארהערט מיך זינגען. איך זאג איהם א „מגן־אבות" מיט א „דריידעל". ער גלעט מיך און זאגט צו מיין

— געקויפט, איז פארפאלען!

אויסגעבעט אויף דער ערד, האבען מיר זיך אויסגעצויגען ביידע, איך און מיין ברודער אליהו, ווי די גראפען, צוגעדעקט זיך ביידע מיט איין קאלדרע (זיינע האט מען פארקויפט), און ס'איז מיר געווען זעהר איינגענעהם צו הערען פון מיין עלטערען ברודער, אז אויף דער ערד צו שלאפען איז גאר ניט אזוי שלעכט.

איך ווארט־אפ ביז ער לייענט־אפ קריאת־שמע און ווערד אנשלאפען, דעמאלט נעם איך מיך קאטשען איבער דער גאנצער ערד. פלאץ איז היינט דא, ברוך השם, געגוג. א פעלד, א פאר־געניגען, א גן־עדן!...

## ח.

— וואס טהוט מען ווייטער?

אזוי זאגט די מאמע צו מיין ברודער אליהו איינמאל אין א פריהמארגען און באטראכט מיט א געקנייטשטען שטערן די לע־דיגע פיער ווענט. איך און מיין ברודער אליהו העלפען איהר באקוקען די פיער ווענט. מיין ברודער אליהו קוקט אויף מיר פארזארגט און מיט רחמנות.

— געה אין דרויסען! — מאכט ער צו מיר שטרענג. — מיר דארפען דא עפּיס רעדען...

אויף איין פוס שפרינג איך ארויס אין דרויסען ארויס — און, פארשטעהט זיך, גלייך צום שכנ'ס קעלבעל.

די לעצטע צייט האט זיך „מעני" געגעבען א הויב אויף די פיסלעך, קיין עין־הרע אויסגעוואכסען, געווארען שען, דאס שווארצע מארדעלע חנ'עוודיג, די קיילעכיגע אויגען קלוג, מיט פאר־שטאנד, ווי להבדיל א מענטש, א בר־דעת, קוקט־ארויס, מע זאל דעם עפּיס געבען אין מויל אריין, האט ליעב, אז מע קראצט דעם מיט צוויי פינגער אונטער'ן העלזעל.

17

# !חונגע און יום־טוב — מע טאָר נישט וויינען

ד.

די בעסטע שמחה פון אַלע שמחות איז געווען ביי מיר, אַז ס'איז געקומען צו מיין ברודער אליהו'ס קאַנאַפּקע און צו מיין בעטעל. מיין ברודער אליהו'ס קאַנאַפּקע איז פריהער געווען אַ קאַנאַפּע, וואָס מע פלעגט אויף איהר זיצען. נאָר זינט מיין ברודער אליהו איז געוואָרען אַ חתן און האָט אָנגעהויבען צו שלאָפען אויף דער קאַנאַפּע און איך אויף זיין בעטעל, איז די קאַנאַפּע געוואָרען אַ „קאַנאַפּקע". אַמאָל, אין די גוטע יאָהרען, אַז דער טאַטע איז געווען געזונט און געדאַווענט מוספים אין דער קצב'ישער קלויז מיט פיער משוררים, האָט די קאַנאַפּע גע־האַט אין זיך „שפּרינגזינעס". איצט זענען שוין די „שפּרינגזינעס" געווען מיינע. איך האָב פון זיי געמאַכט כל המינים פּאָקוסען שבעולם: צעקאַליטשעט די הענט, שיער ניט ארויסגענומען זיך איין אויג, אָנגעטהאָן זיי איינמאָל אויפ'ן האַלז און געשטאַנען אַ מינוט אויף צו דערוואָרגען ווערען. ביז מיין ברודער אליהו האָט מיך גוט אָנגעבוכעט און פאַרוואָרפען די „שפּרינגזינעס" אויפ'ן בוידעם און צוגענומען דעם לייטער.

אָפּגעהאַנדעלט די קאַנאַפּע מיט'ן בעטעל האָט חנה די אידינע. איידער חנה האָט דאָס מעבעל אָפּגעקויפט, האָט זי די מאַמע נישט צוגעלאָזט אריינקוקען אינוועניג אין תוך אריין: „אָט דאָס, וואָס איהר זעהט, דאָס קאָנט איהר האַנדלען; קוקען איז נישטאָ וואָס!" נאָר אַז חנה האָט זיך אויסגעדרונגען און געגעבען איין אויפגאָב, איז זי צוגעגאַנגען צו דער קאַנאַפּע און צום בעטעל, אויפגעהויבען דאָס בעטגעוואַנט, פּאַוואָלינקע אריינגעקוקט אין אַלע פאַרבאָר־גענע ערטער און האָט שטאַרק געשפּיגען... די מאַמע איז געווען ברוגז פאַר'ן שפּייען, געוואָלט אומקעהרען דעם אויפגאָב, האָט זיך אריינגעמישט מיין ברודער אליהו:

איהר איך די ברייט פון דער שאפע און אט האט איהר די טהיר — אסור אויב זי וועט ארוים!

— ווי אזוי זשע איז זי אריין? — פרעגט איהם מיין ברו־דער אליהו.

— געה פרעג זי! — ענטפערט איהם נחמן מיט כעס. — איך וויים, ווי אזוי זי איז אריין? מע האט זי אריינגעטראגען, איז זי אריין!...

איין מינוט איז געווען אזעלכע, וואס איך האב מורא געהאט פאר דער שאפע. דאס הייסט, איך האב געמיינט, זי בלייבט ביי אונז. עס האט אבער לאנג נישט גענומען, און נחמן דער סטאליער איז געקומען מיט זיינע צוויי בנים, אויך סטאליארעס, און מע האט געגעבען א נעם אונזער גלעזערנע שאפע, טאקי נאר ווי דער רוח דעם מלמד; פריהער איז געגאנגען נחמן, נאכדעםביידע בנים, הינטען — איך. דער פאטער האט געקאמאנדע־וועט: „קאפעל, אן א זייט! מענדעל, רעכטס! קאפעל, נים לויף! מענדעל, האלט!"... איך האב זיי געהאלפען נאכטאנצען. די מאמע און מיין ברודער אליהו האבען נים געוואלט העלפען. זיי זענען געשטאנען, געקוקט אויף דער לעדיגער וואנט, וואס איז געווען באדעקט מיט שפינוועבס, און האבען געוויינט... איין אקציע מיט די צוויי — נאר זיי וויינען!... פלוצים — טרראך! סאמע ביי דער טהיר האט געפלאצט דאס גלאז, און דער סטאליער מיט די בנים האבען גענומען זידלען זיך, ארויפלעגען איינס אויף דאס אנדערע די באד: „א ריהר פון א בלייענעם פוינעל!" „בערישע פים!" „דער רוח חאפט איהם אוועק!" „ברעך דעם קאפ, צו־ב־אלדי שווארצע יאהר!"...

— וואס איז דארטען? — הערט זיך א הייזעריג קול פון'ם קראנקען אלקיר.

— גארנישט! — ענטפערט די מאמע און ווישט די אויגען.

## 15

# קווינט אין יום־טוב — מע טאָר נישט וויינען!

סטען פינגער און גענומען טרענען די עטרה אזוי קונציג, אז ווען איך קאָן אזוי טרענען עטרות, וואָלט איך, דאַכט זיך, געווען איי־נער א גליקליכער! און פון דעסטוועגן, האָט איהר באַדאַרפט אנקוקען דעמאָלט די מאַמע מיינע, ווי אזוי זי האָט זיך עס א ביסעל צעוויינט! אפילו מיין ברודער אליהו, וואָס ער איז שוין א בחור און א חתן, האָט זיך עפּיס אויך מאָדנע אויסגע־בויגען מיט'ן פּנים צו דער טיר, כלומרשט געשנייצט די נאָז מיט איין פינגער, פאַרקרימט דאָס פּנים און אַרויסגעלאָזט א מאָדנעם קוויטש פונ'ם האַלז און געווישט מיט דער פּאָלע די אויגען.

— וואָס איז דאָרטען? — פרעגט דער טאַטע פון זיין קראַנקען אַלקיר.

— גאָרניט! — ענטפערט איהם די מאַמע און ווישט די רויטע אויגען, און די אונטערשטע ליפּ מיט איהר גאַנצען האַלבען פּנים טרייסעלט זיך אזוי, אז מע דאַרף זיין שטאַרקער פון אייזען, מע זאָל ניט פּלאַצען פאַר געלעכטער.

נאָר ווי קומט דאָס צו דער גלעזערנער שאַפע?

ערשטענס, וואָס הייסט מע וועט זי צונעמען? מיר האָט זיך תמיד געדאַכט, אז אונזער גלעזערנע שאַפע איז צונויפגעוואַכסען מיט דער וואַנט, — ווי אזוי וועט מען זי נעמען? צווייטענס, וואו וועט די מאַמע פאַרשליסען דאָס ברויט, מיט דער חלה, מיט די טעלער, מיט די בלייענע לעפעל און גאָפּלען (צוויי זילבערנע לעפעל און איין גאָפּעל א זילבערנעם האָבען מיר געהאַט, האָט זיי די מאַמע שוין לאַנג פאַרקויפט!), און וואו וועלען מיר האַל־טען פּסח די מצה? די געדאַנקען זענען מיר געקומען אויפ'ן קאָפּ, בשעת נחמן דער סטאָליער איז געשטאַנען און געמאָסטען די שאַפע מיט זיין גרויסען רויטען נאָגעל פונ'ם גראָבען פינגער פון דער אויסגעשמירטער האַנט. ער האָט אַלץ געדרונגען, אז די שאַפע וועט ניט אַרויס פון דער טהיר. א סימן: אָט האָט

— האָט איהר דאָך לכתחילה געקאָנט זאָגען, אַז איהר קויפט נור משניות'ען! וואָס זענט איהר געקומען דולען אַ ספּאָדיק און דרעהען אַ מוח?

— לאָז זיין שטיל! — בעט זיך ביי איהם די מאַמע, און עס הערט זיך אַ הייזעריגע שטים פון'ם צווייטען אַלקיר, וואו דער טאַטע ליגט:

— ווער איז דאָרטען?

— קיינער ניט! — ענטפערט איהם די מאַמע און שיקט־אָפּ מיין ברודער אליהו'ן צום קראַנקען, און אַליין האַנדעלט זי מיט מיכל דעם פּאַקענטרעגער, פּאַרהאַנדעלט איהם די ספרים, אָפּנים, פאַר זעהר ווינציג געלט, וואָרום אַז מיין ברודער אליהו קומט־אַרויס פון'ם טאַטענ'ס אַלקיר און פרעגט זי: „וויפיעל?" — שטופּט זי איהם אָפּ און זאָגט איהם: „ס'איז ניט דיין עסק!"... און מיכל חאַפּט די ספרים גיך־גיך, פּאַקט זיי איין אין אַ זאַק אַריין און מאַכט פּליטה.

## ג.

פון די אַלע זאַכען, וואָס מיר האָבען אויספּאַרקויפט פון שטוב, האָט מיר קיינע פון זיי ניט צוגעשטעלט אַזוי פיעל פאַר־געניגען, ווי די גלעזערנע שאַפּע.

אמת, די זילבערנע עטרה פון'ם טאַטענ'ס טלית אַז מע האָט באַדאַרפט אָפּטרענען, איז אויך געווען פאַר מיר אַ שטיקעל יום־טוב. קודם — דאָס דינגען זיך מיט יאָסעל דעם גאָלדשמיעד, אַ בלייכער איד מיט אַ רויטער פּליאַמע אויפ'ן פּנים. דריי מאָל איז ער אַוועקגעגאַנגען צוריק — און אויסגעפיהרט האָט ע ר. נאָכדעם האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אַ פּוס איבער אַ פּוס צום פענסטער מיט'ן טאַטענ'ס טלית, אַרויסגענומען אַ קליין מעסערעל מיט אַ געל קלעצעל פון הירשענביין, אויסגעבויגען דעם מיטעל־

## 13

# קוינט איז יום־טוב — מע טאָר נישט וויינען!

די ספרים האָט אוועקגעקויפט מיכל דער פּאַקענטרעגער, אַ איד מיט אַ שיטער בערדעל, וואָס ער האַלט דאָס אין איין קראַצען. מיין ברודער אליהו איז נעבאַך געגאַנגען צו איהם דריי מאָל, איידער ער האָט איהם אַראָפּגעבראַכט. די מאַמע האָט זיך מחיה געווען, אַז זי האָט איהם דערזעהן, און באַוויזען איהם מיט'ן פינגער, ער זאָל רעדען שטיל, בכדי דער טאַטע זאָל נישט הערען. מיכל האָט פאַרשטאַנען, פאַרריסען דעם קאָפּ אַרויף אויף דער פּאָליצע, זיך געקראַצט אונטער'ן בערדעל און אַ זאָג געטהאָן:

— אַנו ווייזט, וואָס האָט איהר דאָרטען?

מיט אַ וואונק האָט מיר די מאַמע באַוויזען, איך זאָל אַרויף אויפ'ן טיש און דערלאַנגען די ספרים. צוויי מאָל איבער'חזר'ען איז נישט געווען נויטיג. איך בין מיט איין שפּרונג אַרויף מיט אַזאַ גדולה, אַז איך האָב מיך אויסגעצויגען איבער'ן טיש און נאָך געחאַפּט אַ צוגאָב פון מיין ברודער אליהו, איך זאָל ניט שפּרינגען, ווי אַ משוגענער. מיין ברודער אליהו האָט זיך אליין מטריח געווען אויפ'ן טיש און האָט דערלאַנגט מיכל'ען אַלע ספרים. מיכל האָט מיט איין האַנט געבלעטערט די ספרים, מיט דער אַנדערער זיך געקראַצט דאָס בערדעל און געזאָגט חסרונות. יעדער ספר האָט זיין חסרון: דאָרט איז דער בונד געווען נישט גוט. ביי דעם איז דער רוקען שטאַרק צעגעסען. דאָ איז דער ספר אליין קיין ספר ניט. און אַז ער האָט שוין גאַנץ גוט איבער־געקוקט אַלע ספרים, מיט אַלע בונדען, מיט אַלע רוקענס, האָט ער זיך אַ קראַץ געטהאָן אין בערדעל:

— ס'זאָל זיין משניות'ען, אַ גאַנצער גאַנג, וואָלט איך זיי אפשר אוועקגעקויפט.

די מאַמע איז געוואָרען טוידט ווי די וואַנט, און מיין ברודער אליהו איז, פאַרקעהרט, געוואָרען רויט ווי פייער; ער איז אָנ־געפאַלען אויפ'ן פּאַקענטרעגער:

טרייסלען זיך ביי איהר... נאָכדעם ווישט זי אויס די אויגען, רופט אָפּ מיין ברודער אליהו אויף א זייט, און מע סוד'עט זיך שטילערהייד. וואָס זיי רעדען — ווייס איך ניט. נאָר מיר דאַכט, זיי קריעגען זיך. די מאַמע שיקט איהם ערגיץ, ער וויל ניט געהן. ער זאָגט צו איהר:

— איידער אָנקומען צו זיי, וועל איך דיר בעסער געהן אין דער ערד אריין!... איך וועל בעסער שטאַרבען היינטיגען טאָג!...

— ביים דיר אָפּ די צונג, משומד איינער, וואָס רעדסט דו?

אזוי ענטפערט איהם די מאַמע שטיל, ציפּעט צונויף די צייהן, מאַכט צו איהם מיט די הענט, איז גרייט איהם דורס זיין. זי ווערד אָבער באַלד ווייך און מאַכט צו איהם:

— וואָס זאָל איך טהון, מיין זוהן, א רחמנות אויפ'ן טאַטען... מע מוז דאָך איהם ראַטעווען!...

— פאַרקויפט מען עפּיס. — זאָגט מיין ברודער אליהו און חאַפּט א קוק אויף דער גלעזערנער שאַפע. און די מאַמע קוקט אויך אויף דער זעלבער שאַפע, ווישט די אויגען און זאָגט שטיל:

— וואָס זאָל איך פאַרקויפען? די נשמה? שוין נישטאָ וואָס צו פאַרקויפען. סיידען די לעדיגע שאַפע?

— פאַר וואָס ניט? — זאָגט איהר מיין ברודער אליהו.

— רוצח! — ענטפערט איהם די מאַמע מיט רויטע אויגען. — פון וואַנען האָבען זיך צו מיר גענומען אזעלכע רוצחים קינדער?!

די מאַמע פייערט און קאָכט, וויינט זיך אויס, ווישט-אויס די אויגען און בעט זיך באַלד איבער. אזוי איז געוועזען אויך מיט די ספרים, מיט דער זילבערנער עטרה פונ'ם טלית, מיט די צוויי געגילטע בעכערלעך, מיט איהר זיידען מלבוש, און מיט אַלע איבעריגע זאַכען, וואָס זענען פאַרקויפט געוואָרען ביי אונז אייגציגווייז, און אַלע מאָל איין אַנדער קונה.

**אזוי קאָמיש, אַז איך האָב מיך געמוזט צעלאַכען און נאָכמאַכען** פונקט דעם אייגענעם „מע“ מיט'ן זעלביגען נוסח, וואָס מעני. מעני'ן איז דאָס, ווייזט אויס, געפעלען, ווארום עס האָט לאַנג נישט גענומען, האָט דאָס קעלבעל איבערגע'חזר'ט דאָס אייגענע נאָך אַ מאָל, מיט'ן זעלביגען נוסח און מיט'ן זעלביגען שפרונג. זעלבסטפארשטענדליך, אַז איך האָב דאָס באַלד נאָכגעטהאָן מיט אַלע פּישטשעווקעס, מיט'ן קול און מיט'ן שפרונג. אזוי עטליכע מאָל: איך אַ שפרונג, דאָס קעלבעל אַ שפרונג; דאָס קעלבעל אַ „מע“, איך אַ „מע“. ווער ווייסט, ביז וואַנען דאָס שפּיעל וואָלט זיך אזוי געצויגען, ווען ניט אַ שנייד פון הינטען אין האַלז אריין פון מיין עלטערען ברודער אליהו מיט אַלע זיינע פינף פינגער:

— איינגעזונקען זאָלסט דו ווערען! אַ בחור'על פון כמעט נייען יאָהר שטעלט זיך אוועק טאַנצען מיט אַ קעלבעל!... אין שטוב אריין געה, דו הולטיי איינער!... דער טאַטע וועט דיר שוין געבען!...

ב.

בלאָטע! דער טאַטע וועט מיר ניט „געבען“ גאָרניט. דער טאַטע איז קראַנק. ער דאַוועט שוין ניט פאַר'ן עמוד פון שמחת־תורה אָן. גאַנצע נעכט הוסט ער. עס געהט צו אונז דער שוואַר־צער דאָקטאָר, אַ גראָבער מיט שווארצע וואָנסעס און מיט לאַ־בענדיגע אויגען — אַ פריילּיכער דאָקטאָר. מיך רופט ער „פּופּיק“ און שנעלט מיר מיט די פינגער אין בייכעל אריין. ער זאָגט אָן אַלע מאָל דער מאַמען, מע זאָל מיך ניט שטאָפּען מיט קיין קאַרטאָפּליעס, און דעם קראַנקען זאָל מען געבען נאָר בוליאָן און מילך, מילך און בוליאָן. די מאַמע הערט איהם אויס, און אַז ער געהט אוועק, באַהאַלט זי דאָס פּנים אין פאַרטוך און די אַכסלען

סטער, בלאָטיג, פאַרפּאַסקודיגט שטעלעכעל מיט אויסגעקרימטע צעפּליקטע ווענט, וואָס ווינטער בלאָזט־אַריין אַהין דער שניי און זומער שמייסט אַריין דער רעגען.

אַרויסגעחאַפּט זיך אויף גאָט׳ס פרייע ליכטיגע וועלט, האָבען מיר ביידע, איך און מעני, אויס דאַנקבאַרקייט צו דער נאַטור, זיך גענומען אויסדריקען אונזער צופריעדענהייט. איך, פּייסי דעם חזנ׳ס יונגעל, האָב אויפגעהויבען ביידע הענט אַרויף, אויפגעעפענט דאָס מויל און אַריינגעצויגען אין זיך די פרישע וואַרעמע לופט אַזוי פיעל, וויפיעל איך האָב געקאָנט, — און עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז איך וואַכס אין דער הויך, און עס ציהט מיך אַרויף־אַרויף, אין דער טיעפער־טיעפער בלויער יאַרמעלקע אַריין, דאָרט וואו די שיטערע רויכיגע וואָלקענס שוועבען, דאָרט וואו די ווייסע פויגלען טוקען זיך, באַווייזען זיך און ווערען פאַרשוואונדען מיט אַ קוויטש און מיט אַ צוויטשער, און עס רייסט זיך אַרויס פון מיין אָנגעפילטער ברוסט, אַהן מיין וויסען, אַ מין געזאַנג, נאָך שענער ווי יום־טוב מיט׳ן טאַטען ביי׳ם עמוד, אַ געזאַנג אַהן ווערטער, אַהן נאָטען, אַהן אַ שום מאָטיוו, אַ מין נאַטור־געזאַנג פון אַ וואַסער־פאַל, פון יאָגענדיגע חוואַליעס, אַ מין שיר־השירים, אַ געטליכע התפּעלות, אַ הימלישע באַגייסטערונג: אוי־וועה, טאַטע! אוי־וועה, פאָטער! אוי־וועה, לעבעדיגער גאָאָאָאָט!!!

אָט אַזוי האָט אַרויסבאַוויזען זיין צופריעדענהייט מיט׳ן ערשטען פריהלינגס־טאָג פּייסי דעם חזנ׳ס יונגעל. גאַנץ אַנדערש האָט דאָס אויסגעדריקט מעני, דעם שכנ׳ס קעלבעל.

מעני, דעם שכנ׳ס קעלבעל, האָט קודם אַריינגעשטעקט די שוואַרצע נאַסע מאָרדע אין מיסט אַריין, אַ שאַר געטהאָן מיט׳ן פאָדערשטען פיסעל די ערד אונטער זיך אַמאָל דריי, פאַרריסען דעם עק, אויפגעשפּרונגען נאָכדעם אויף אַלע פיער, און אַרויס־געלאָזט אַ טומפּיגען „מע!“ דער „מע“ האָט מיר אויסגעוויזען

# I

# הײנט איז יום־טוב — מע טאָר נישט װײנען!

## א.

איך גײ מיט אײך אין געװעט אויף װיפֿיעל איהר װילט, אז קײנער אין דער װעלט איז נישט געװען אזױ צופֿריעדען מיט׳ן װאַרעמען ליכטיגען נאָך־פּסח, װי איך, פּײסי דעם חזנ׳ס יונגעל, מאָטעל, און דעם שכנ׳ס קעלבעל, װאָס מע רופֿט דאָס „מעני" (דאָס האָב איך, מאָטעל, דעם א נאָמען געגעבען „מעני").

בײדע גלײך האָבען מיר דערפֿיהלט די ערשטע שטראַהלען פֿון דער װאַרעמער זון אינ׳ם ערשטען װאַרעמען נאָך־פּסח׳דיגען טאָג, בײדע גלײך האָבען מיר דערשמעקט דעם ריח פֿונ׳ם ערשטען גרינעם גרעזעלע, װאָס קריכט, שפּראָצט־אַרויס פֿון דער נאָר־װאָס אָפּגעדעקטער ערד, און בײדע גלײך זענען מיר אַרויסגעקראָכען פֿונ׳ם פֿינסטערען ענגשאַפֿט צו מקבל־פּנים זײן דעם ערשטען זיסען ליכטיגען װאַרעמען פֿריהלינגס־מאָרגען. איך, פּײסי דעם חזנ׳ס יונגעל, מאָטעל, בין אַרויס פֿון א טװאַן, פֿון א קאַלטען נאַסליכען קעלער, װאָס שמעקט מיט זױערטײג און מיט רפֿואות פֿון דער אַפּטײק; און מעני, דעם שכנ׳ס קעלבעל, האָט מען אַרויסגעלאָזט נאָך פֿון אײן ערגערען עפּוש: פֿון א קלײן, פֿינ־

# אינהאלט

# מאָטעל פּייסי דעם חזנ'ס

כתבים פון א יונגעל א יתום

## ערשטער טייל: פון דער היים קיין אַמעריקע

געשריבען אין יאָהר 1907

# אַלע ווערק פון שלום-עליכם

## מאָטעל פּייסי דעם חזנ׳ס

ערשטער טייל: פון דער היים קיין אַמעריקע

שלום-עליכם פאָלקספאָנד אויסגאַבע—ניו-יאָרק, 1925